ש. טענענבוים

# דער שׂר פון לעבן



ניו־יאָרק, תשכ"ג, 1963

S. TENENBAUM

# THE ANGEL OF LIFE

מיט דער מיטהילף פון י. ווינעצקי־פּאָנד ביים יידישן פּען־קלוב.

Address of the Author:
SHEA TENENBAUM
45-35 44th Street
Long Island City 4, N. Y.



Printed in U. S. A. by
KNIGHT PRINTING CORPORATION,
382 Lafayette Street, New York 3, N. Y.
96

# לעבנס און ליבעס

צווישן די איבערגעבליבענע פֿאַמיליען־פֿאָטאָגראַפֿיעס פֿון מיין ברודער קאָפּל איז פֿאַראַן אויך דאָס בילד פֿון מיין עלטסטע שוועסטער שרה יערקע וויינטרויב. אַזוי ווי עס איז דער פֿאַל מיט די מערסטע בילדער פֿון די אַמאָליקע צייטן, איז עס היפּש געל געוואָרן. די מאַמע פֿלעגט געוויינלעך זאָגן אַז ווען אַ פֿאָטאָגראַפֿיע ווערט געל, איז דאָס אַ טרויעריקער סימן: אַז די פּערזאָן פֿונם בילד לעבט שוין נישט. אָבער איך האָב שוין געזען אַ סך בילדער פֿון לעבעדיקע מענטשן וואָס זיינען מיט צייט און זון פֿאַרגעלט געוואָרן ווי הערבסטיקע בלעטער, אָדער וואָס זיי זיינען אָפּגעפֿאַרבט געוואָרן ווי ריין גאָלד... שרה׳לע, ווען מען ס׳מיטלסטער נאָמען איז פֿון מיין באָבע יערקע, איז געווען, ווי שוין געזאָגט, מיין עלטסטע שוועסטער. דאָס געלע בילד פֿון איר האָב איך געזען, מיר דאַכט זיך, ווען איך בין נאָך געווען אַ קליינטשיק אינגעלע. און עס איז ווי דאָס שטילע, אידעלע געשטאַלט וואָלט שוין פֿון לאַנג אָן אַריין אין דער טיפֿעניש פֿון מיין האַרץ. איך קוק אויפֿן פּנים פֿון אַ צאַרטע און צעבליטע פֿרוי, מיט אַ כוואַליע זיידענע און בלאָנדע האָר וואָס זיינען ווי אַ קרוין אויף איר קאָפּ. שרה׳לע האָט גאָלדענע אויגן וואָס קוקן אָן די וועלט מיט שטוינונג און וווּנדער. דאָס בילד באַזיצט די גרויסאַרטיקייט פֿון אַ וועלט־דאַמע, געמאָלן דורך דער זיכערער און זוניקער האַנט פֿון אַ פּאָרטרעט־מייסטער פֿון רענעסאַנס־פּעריאָד. זעלבסטבאַוווּסטזיניקער פֿרויען רייץ און רייפֿע פּערזענלעכקייט שטראַלט פֿון דער מילך־בלייכער הויט פֿון איר רונדיקן פּנים און פֿון דעם אומפֿאַרלעשבאַרן פֿייער פֿון די שטאָלצע אויגן. פֿרויאישע גראַציע, נאָבעלער כאַראַקטער און טראַגישער פֿאָרגעפֿיל פֿון פֿריען אונטערגאַנג פֿאַרוואַנדלען די פֿאָטאָגראַפֿיע אין אַ ממש קינסטלערישן פּאָרטרעט. איך ווער קיינמאָל נישט מיד אויפֿדאָסניי אַריינצוקוקן אין דער לאַנדשאַפֿט פֿון מיין שוועסטער׳ס אידעלן פּנים. צו שטודירן לויט די שטריכן איר כאַראַקטער און איר געשיכטע. איך זע און טאַפּ ממש אָן די שאַרפֿע קינביינער אין אירע באַקן. איר מויל איז געצייכנט פֿול מיט אויסדריק פֿון פּאָסיע און שטאָלץ. שוין זיבט יאָרן ווי די דאָזיקע ליפּן זיינען ענג און פֿעסט געשלאָסן, ווי זי וואָלט געליטן אינערלעכע יסורים. איך האָב טיילמאָל דאָס געפֿיל אַז עס

וועט קומען אַ מאָמענט און עס וועט פּלאַצן איר פאַרשטיינערט שווייגן און זי וועט אויסברעכן אין אַ מורא׳דיקן יאָמער. די פרוי אין איר וועט אָנהויבן צו רעדן און צו וויינען. און אימה׳דיק־שווער וועט זיין פאַר מיר צו קענען פאַרטראָגן מיין שוועסטער שרה׳לעס געוויין...

— צי געדענק איך מיין שוועסטער שרה׳לען פּערזענלעך? מיר דאַכט זיך אַז ווען איך בין געווען אַ קליין אינגעלע, כמעט נאָך אַ קינד, אויף מיין מוטער׳ס ליבן שויס, איז צו אונדז אין שטוב אַריין, ערגעץ אין אַ פּוילישן דערפל, געקומען אַ פרוי אין מיין מאַמע׳ס מיטעלן וווקס מיט אַ קינד אויף דער האַנט. די יינגע פרוי איז געווען שיין מיט אַן איידעלער שיינקייט פון אַ ווייבספאַרשוין און דאָס קינד ביי איר ברוסט איז געווען פונקט ווי איר מוטער: אַ שטילינקע מיידעלע, אין אַ לייווענטענעם קלייד און מיט לאַנגע, דינע צעפּלעך. מיין מאַמע האָט זיך מיט דער טאָכטער געקושט און געהאַלדזט. ביידע פרויען האָבן באַלד אָנגעהויבן צו וויינען מיט אַ ביטערן געוויין. דעמאָלט האָב איך צום ערשטן מאָל געהערט וויינען מיין מוטער און מיין עלטסטע שוועסטער. שפּעטער אַביסל האָבן זיך ביידע פרויען אַוועקגעזעצט ביים הילצערנעם טיש אויף נידעריקע טאַבורעטקעס און זיי האָבן צווישן זיך אינטים גערעדט, האַרציק און פאַרטרויט, ווי מוטער און טאָכטער... ווי קליין איך בין געווען, האָב איך דאָך נישט געוואַגט אונטערצוברעכן זייער ערנסטן שמועס, זייער זעל־טענעם צוזאַמענטרעף... איך האָב געהאָט אינסטינקטיוון דרך־ארץ פאַר דער שיינקייט און ערנסטקייט פון ביידע פרויען, וואָס האָבן פאַרגעשטעלט עפּעס רירנדיקס און הייליקס... איך האָב אַוודאי קוים באַגריפן, אַז די מאַמע שטייט דאָ, אין איצטיקן מאָמענט, ביים אָנפאַנג פון איר געוואַלטיקן לעבן אַלס מאַמע — נעבן איר עלטסטן קינד שרה׳לע, און ביים סוף פון איר פרוכטבאַרן לעבן, נעבן מיר, דעם סאַמע יינגסטן פון אירע פערצן קינדער...

דאָס קינד אויף מיין שוועסטער׳ס שויס איז געווען שרה׳לעס צווייטע קינד, חיה׳לע, וואָס איז געווען אפשר איין חודש יינגער פון מיר. וואָרים איך האָב שפּעטער געהערט דערציילן, אַז ביידע פרויען האָבן גלייכצייטיק געשוואַנגערט: שרה׳לע מיט איר פערטן קינד און מיין מאַמע — מיט מיר, איר לעצטן קינד.

מיין שוועסטער טעמעלע האָט מיר איינמאָל דערציילט אין איר פשוטן לשון:

— ווען שרה׳לע איז אַלט געווען בלויז זעכצן יאָר, האָבן מיר געהאַלטן אַ קרעטשמע אויפן וועג וואָס פירט קיין איוואַנגאָראָד, ווו עס האָט געוווינט אונדזער זיידע ר׳ לייבוש יואָל׳קעס. טאָג און נאַכט פלעגן זיצן אין קרעטשמע די פויערים פון די אַרומיקע דערפער, איינגעהילטע אין אַ געדיכטן רויך פון מאַכאָרקע. איך און שרה׳לע פלעגן מיר באַדינען די געסט. פון שרה׳לעס שיינקייט פלעגט מען זיך נישט קענען גענוג אָפּלויבן.

די פויערים פלעגן זאָגן אַז שרה׳לע איז ווי זייערס אַ מאַדאָנע, ווי די „מאַט־קע באָסקע״, אַזוי הערלעך שיין איז זי געווען. אַ טייל פויערים, פרומע קריסטן, און אַפילו פויערטעס, דערזעענדיק שרה׳לען, פלעגן זיי זיך אַזש נעמען צלמ׳ען און קניען פאַר דער געטלעכער דערשיינונג, אין איבעראַשונג און אין אַנטציקונג, ווי להבדיל, אין קאָשטשאָל.

אַרום יענער צייט איז קיין איוואַנגאָראָד, וואָס מען האָט אויך גערופן מאָדזשיץ און דעמבלין, געקומען אַ יינגערמאַן פון ווייטן בוענאָס איירעס, וואָס אין אַרגענטינע. ער איז געווען אַן איינזאַמער בחור, וואָס איז גע־קומען זוכן אַ כלה אין זיין געבורטס־שטעטל. זיינע עלטערן האָבן שוין נישט געהאַט געלעבט און ער האָט אויך נישט געהאַט ביי וועמען צו זיין. ער איז שוין אַלט געווען אַ יאָר דרייסיק און עס איז געשען, אַז איינמאָל אין אַ פרימאָרגן האָט ער פאַרבלאָנדזשעט צו אונדז אין דער קרעטשמע אַריין. דערזעענדיק שרה׳לען, האָט ער באַלד געוואָרפן אַן אויג אויף איר און ער האָט איר אָנגעהויבן נאָכצוגיין אַזוי ווי דער פאַרצייטישער יעקב איז אַ פאַרליבטער נאָכגעגאַנגען רחל׳ען. ער האָט טאַקע געהייסן יעקב אויך. שרה׳לע איז, ווי שוין געזאָגט, דעמאָלט געווען קוים זעכצן יאָר אַלט און זי האָט געבליט אַזוי ווי אַ שטילע און צאַרטע בלום אין פעלד...

שרה׳לע אַליין, ווי אַ מיידל צו יענער צייט, איז געווען צופיל נאַאיוו און שעמעוודיק כדי צו קענען דעצידירן וועגן דער ליבע פונם פרעמדן יינגערמאַן אַזש פון אַרגענטינע. נאָר אונדזער פאָטער האָט געזאָגט, אַז שרה׳לע איז נאָך צו יינג איצט און אַז אויב דער יינגערמאַן וועט האָבן גענוג ווילן און געדולד צו וואַרטן און ער וועט קומען אין עטלעכע יאָר אַרום, דעמאָלט ווען שרה׳לע וועט שוין, אם ירצה השם, זיין אַ דער־וואַקסענע כלה־מיידל, וועט מען קענען רעדן וועגן דעם שידוך...

— איך געדענק איינמאָל אַ סצענע, — דערציילט מיר טעמעלע — ווי אַזוי דער יינגערמאַן פון אַרגענטינע האָט אָנגעריסן אין פעלד אַ גרויסן בוקעט מיט קוויאַטן און, ווען איך און שרה׳לע זיינען מיר געגאַנגען פאַר־נאַכט שפאַצירן אויפן דאָרפישן וועג, איז ער פלוצלינג צוגעלאָפן צו אונדז אַזוי ווי אַ ווילדער מענטש, אין שרעקלעכן פחד און אומבאַהאָלפנקייט. ער האָט דערלאַנגט שרה׳לען דעם בוקעט מיט אָנגעצונדענע בלומען, פון וועמענס צעריסענע שטענגלעך עס האָט גערונען דער מילכדיקער זאַפט, און ער איז אַנטלאָפן. די בלומען האָבן זיך צעשאָטן אויפן פעלד, צופיסנס פון שרה׳לען... שרה׳לע איז געווען צעמישט און רויט־פאַרפלאַמט אויפן פנימ׳ל אירן. די דאָרפישע זון־קוויאַטן, מיט איבערגעשניטענע העלדזלעך, זיינען צוריק געפאַלן צו דער ערד, אַזוי ווי זיי וואָלטן דאָרשטיקע זיך דערפרייט ווידער האַרציק צו באַרירן די אַלטע מוטער־ערד. און מיר האָבן געזען ווי אַזוי יעקב, דער דערשראָקענער יינגערמאַן, אַזאַ דינער און שלאַנקער, איז פאַרכאַפט געוואָרן פון זון־אונטערגאַנג. אָן אַן אָטעם,

ווי אַ ווילד־געיאָגטער דורך שדים און רוחות, איז ער געלאָפן איבער די היימישע פעלדער, אַזוי ווי ער וואָלט אַריינגעלאָפן אין דער זון׳ס גרויסן פייער, ווי אין אַ ברענענדיקן טייך, כדי דאָרטן אַריינצושטעקן זיין בלאָנדן קאָפּ... שרה׳לע האָט עפּעס געזאָגט וועגן דעם יינגערמאַן, וואָס האָט באַוויזן איר טיפע סימפּאַטיע און מיטלייד צו אים...

זינט יענעם פאַרנאַכט איז יעקב נישט צוריקגעקומען צו אונדז אין דער קרעטשמע. ער איז פאַרשווונדן געוואָרן אויף אַ לאַנגער צייט... שרה׳לע פלעגט זיך פּאָעטיש אויסדריקן: „ער איז מיטן קאָפּ פאָרויס אַריינגעלאָפן אין פייער פון זון־אונטערגאַנג. ער איז דאָרט פאַרברענט געוואָרן״.

יאָ, זיין קאָפּ האָט טאַקע מאָדנע געפלאַמט, ווי ער וואָלט געווען אַן אָנגעצונדענער...

עטלעכע יאָר זיינען אַדורך זינט דער דאָזיקער פּאַסירונג און מיר האָבן שוין די גאַנצע זאַך כמעט געהאַט פאַרגעסן. שרה׳לע האָט קיינמאָל נישט אָפּן גערעדט וועגן יעקב׳ן. אָבער איר עקשנות׳דיק שווייגן האָט דווקא פאַראַטן אירע אמת׳ע און ריינע געפילן צום יינגערמאַן...

אָבער איינמאָל אין אַ טאָג איז ערווידער דערשינען ביי אונדז אין קרעטשמע. ער איז פלוצלינג אַראָפּגעפאַלן אַזוי ווי אַ בליץ פון הימל. ווען ער איז אַריינגעקומען, האָט ער זיך געוואַקלט אויף די פיס, ווי ער וואָלט געווען שיכור און צעמישט. באַלד איז ער צוגעלאָפן ווי אַ ווילדער און ער האָט שרה׳לען אַ קוש געטאָן אין שטערן... פאַרשטייט זיך אַז שרה׳לע איז געווען טיף גערירט פון זיין צוריקקומען. מיט דער מאַמע׳ס דערלויבניש זיינען זיי ביידע געגאַנגען אויף אַ שפּאַציר איבער די דאָרפישע פעלדער. פאַרנאַכט־צו איז געקומען דער טאַטע פון איוואַנגאָראָד און אים איז אויך שטאַרק געפעלן וואָס דער אַרגענטינער יינגערמאַן האָט געהאַלטן וואָרט און ער איז צוריקגעקומען. דער טאַטע האָט אים אָפּגעגעבן שלום עליכם און נאָך דעם זעלביקן טאָג איז יעקב אַוועקגעפאָרן קיין מאַדזשיץ...

יעקב איז איצט שוין עלטער געווען מיט עטלעכע יאָר. ער האָט אויך אויסגעזען דורך דער צייט צו האָבן מורא׳דיק געליטן. עפּעס זיינען די יאָרן פון איינזאַמקייט און צווייפל אויף אים געפאַלן שווער. ער איז שוין אַפילו געווען היפּשלעך גרוי ביי די שלייפן. דאָך האָט זיין ליבשאַפט צו אונדזער טייערער שוועסטער שרה׳לע אַלעמען שטאַרק גערירט. צוויי מאָל צוליב איר צו קומען אַזש פון דעם ווייטן בוענאָס איירעס איז דאָך נישט קיין קלייניקייט...

שרה׳לע איז דורך דיזעלבע דריי יאָרן אויסגעוואַקסן צו אַ וווּנדערלעכע כלה־מיידל. זי איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ריפע און רייצנדיקע פרוי... זי איז אויסגעוואַקסן אויף דער דאָרפישער לאַנדשאַפט און זי האָט זיך רייך צעבליט אפילו אין אונדזער אָרעמקייט. זי איז געגאַנגען געקליידעט אַזוי ווי אַ פּראָסטע, דאָרפישע שיקסע. שרה׳לע האָט קיין שום צירונג נישט

געהאַט און אויך נישט קיין פאַרביקע קליידער וואָס שטראַלן. זי איז געווען
ווי אַ בלום פון פעלד. גאָט האָט איר געשאָנקען חן און שיינקייט און דער־
מיט האָט זי שטיל געלויכטן. איר שוינקייט איז געווען איר נאַטירלעכע
צירונג... די זון האָט געפאַרבט איר פּנים און צאַרטע הויט פון איר
לייב מיט גאָלד...

זייענדיק אין מאַדזשיץ האָט דער אַרגענטינער ייִנגערמאַן נישט גע־
האַט ווו איינצושטיין. ער איז דאָך סוף כל סוף געווען אַן איינזאַמער
מענטש. האָט אונדזער פאָטער אים באַזאָרגט אַז ער זאָל שטיין אין דער
סוכה ביי זיין טאַטן, דאָס הייסט ביי אונדזער זיידען ר׳ לייבוש יואל׳קעס,
ער זאָל זיך מיען פאַר אונדז. דאָרט איז דאָך געווען אַ רייך הויז און עס
האָט נישט געשפּילט קיין ראָלע דאָס ביסל עסן פאַר יעקב׳ן, וואָס די באָבע
האָט אים געגעבן...

ביים זיידען אויפן הויף איז געשטאַנען אַ גרויסע סוכה, וואָס איז געווען
דורכן גאַנצן יאָר ליידיק. דאָרט אַהין האָט מען אַריינגעשטעלט אַ נאָפט־
לאָמפּ. מען האָט אויסגעבעט אַ געלעגער אויף אַ הילצערנעם טאַפּטשאַן און
דאָרט האָט דער אַרגענטינער ייִנגערמאַן צייטווייליק געוווינט ביז מען וועט
אם ירצה השם שרייבן תנאים צווישן אים און שרה׳לען...

דער זיידע ר׳ לייבוש יואל׳קעס האָט געהאַט אַ היפּשע צאָל טעכטער.
אַלע זיינען געווען הערלעכע קראַסאַוויצעס. אָבער די מיטלסטע טאָכטער
איז געווען די שענסטע פון די שענסטע און זי האָט געהייסן צלבה. די רוסישע
אָפיצירן פון צאַר׳ס פעסטונג אין מאַדזשיץ פלעגן קוקן אויף צלבה׳ן און
שיעור נישט קריגן די ניכפּה פאַר איר שוינקייט. אַזאַ מין ווייבספאַרשוין,
פלעגן זיי זאָגן, האָבן זיי נאָך ביי קיין אידן נישט געזען. בלויז ביי גוי׳אישע
גראַפן און פירשטן וואַקסן אַזעלכע הויכע און הערלעכע פרויען.

הכלל, צלבה האָט נישט נאָר באַזעסן רייץ און פייער, נייערט אויך אַ
לייטישן קאָפּ אויף די פּלייצעס. דערזעענדיק אין דער סוכה דעם פרעמדן
ייִנגערמאַן, וועלכע איז געקומען אַזש פון אַ וויטער מדינה כדי זיך אויס־
צוזוכן אַ כלה אין פּוילן, און ווי עס פּירט זיך, וועט ער אַוודאי מיטנעמען
קיין בוענאָס איירעס תיכף נאָך דער חתונה זיין יונגע ווייב, האָט צלבה נישט
לאַנג געקלערט און זי האָט גענומען זיך צושאַרן צו יעקבן. זי האָט אים
באַדינט מיט אַלעם גוטן. זי האָט אים אין דער סוכה אַריין געטראָגן גע־
שמאַקפולע מאכלים, וואָס זיינען איבערגעבליבן נאָך די ראָסקאָשנע מאָל־
צייטן אין זיידענ׳ס הויז. צלבה איז דאָך, ווי שוין געזאָגט, געווען אַ
קלוגע און דערצו נאָך אַ פאַרשייטע מויד, וואָס איז אויפגעכאָוועט געוואָרן
אין אַ גבירישן הויז. דערצו האָט זי שוין געהאַט דערפאַרונג ווי אַזוי
אומצוגיין מיט מאַנספאַרשוינען און אַ לערערין האָט זי אויך געהאַט אַ
גאַנץ לייטישע — איר אייגענע מאַמע, דאָס הייסט די באָבע רייזל, זי זאָל
זיך אויך מיען פאַר אונדז אין ליכטיקן גן־עדן...

יעדעס מאָל וואָס צלבה איז געגאַנגען מיט אַ גאַנג צו יעקבן אין דער סוכה, האָט זי זיך איבערגעטאָן אין אַן אַנדער וווּנדערלעכן קלייד, ווי אַן אַקטריסע אין טעאַטער, און זי האָט זיך באַצירט און באַשוינט אין אַ נייעם שטיקל צירונג, וואָס האָט גאָלדיק באַלויכטן איר פרישן און פלאַ־מענדיקן לייב. פון דער נאַטור אויס האָט זי געהאַט, ווי געזאָגט, גענוג שוינקייט וואָס הונדערט אַנדערע מיידלעך וואָלטן זיך געקענט ווויל פאַרטיילן און אַלע זאָלן זיין גענוג שיין. אַ גביר׳ס אַ קינד האָט דאָך מזל... אָבער, זי האָט זיך נישט פאַרלאָזן אַזוי ווי אונדזער שוועסטער שרה׳לע נעבעך, אויף דער נאַטור אַליין. זי האָט זיך געפּודערט און געפּוצט טאָג און נאַכט ווי אַ פּרינצעסין אָדער אַ פּריצה. זי האָט אויך שיין געזונגען סענ־טימענטאַלע רוסישע לידער און דערצו זיינען געקומען ספּעציעלע לערערס אין דעם זיידענ׳ס הויז אַריין און זיי האָבן די טעכטער געלערנט שפּילן אויף דער פּאָרטעפּיאַנאָ און אַפילו צו טאַנצן פאַרשידענע טענץ, פּונקט ווי אין די קעניגלעכע פּאַלאַצן... מיט איין וואָרט: צלבה האָט געהאַט אַלע מעלות וואָס אַ גבירישע טאָכטער קען נאָר באַזיצן. און אַ באַוואָפנטע מיט די דאָזיקע נאַטירלעכע און קינסטלעכע מעלות פון קאָפּ ביז צו די פיס האָט צלבה געזוכט צו ווירקן אויפן האַרץ און בלוט פון יעקב׳ן, ווען יעדער פרוי האָט לייכט געקענט באַווירקן, בפרט נאָך אַזאַ ראַפינירטע ווייבספאַרשוין ווי צלבה איז געווען.

מען קען זיך גאַנץ ווויל פאָרשטעלן אַז דעם יינגערמאַן האָט זיך טאַקע היפּש פאַרדרייט דער קאָפּ פון צלבה׳ן... עטלעכע יאָר צייט האָט ער גע־האַט געוואָרט אויף שרה׳לען אין בחורישער איינזאַמקייט. דערצו איז דאָך שרה׳לע געווען אַן אָרעמע מיידל. זי איז נישט געווען אימשטאַנד צו געבן יעקב׳ן קיין שום נדן. אָנשטאָט גאָלד, בריליאַנטן און זיידענע קליידער האָט זי בלויז געהאַט אַ האַרץ פון גאָלד און אַן איידל פּנים. אָבער דאָ טאַנצט אַרום יעקב׳ן מיט כל־טוב אַזאַ קראַסאַוויצע ווי צלבה... צלבה האָט אַ רייכן טאַטן און ער פאַלט דאָ ממש אַריין אין אַ שמאַלץ־גרוב...

ווען שרה׳לע, דערציילט אַלץ מיין שוועסטער טעמעלע, איז איינמאָל אַנגעקומען קיין מאַדזשיץ, אין דעם זיידענ׳ס הויז, איז זי שטאַרק פאַר־שעמט געוואָרן. דער אַרגענטינער יינגערמאַן האָט זיך די גאַנצע צייט אָפּגעגעבן מיט דער פאַרשייטער און פאַרפּירערישער צלבה... שרה׳לע האָט אויך נישט געקענט מאַכן די אַלע קאָקעטישע שטיק, מיט וואָס צלבה איז געווען באַשאַנקען, זיך האַבנדיק באַזונדערס אָפּגעלערנט פון אירע על־טערע און יינגערע רייצנדיקע שוועסטערן... זי האָט אויך, ווי שוין געזאָגט, געהאַט אַ לייטישע לערערין פון חוה׳ס חכמה און כיטרעקייט אין דער מאַמע רייזל... און ווען שרה׳לע איז אין יענער נאַכט אַהיימגעקומען, איז זי צוגעלאָפן צו איר בעט, האָט פאַרבאָרגן איר קאָפּ אין קישן און האָט לאַנגע שעה׳ן שרעקלעך געוויינט... אירע טרערן האָבן אויסגעווייקט דאָס בעט־

געוואַנט. זי איז געוואָרן גאָר אַן אַנדער מענטש. אַ גרויס אומגליק איז פּלוצלינג אויף איר געקומען. אַלע אין שטוב זיינען געווען פאַרשעמט און דערשלאָגן.

ווען אונדזער פאָטער האָט איינמאָל געפרעגט אַ נאָענטן מענטש פון מאַדזשיץ וואָס ער ווייסט וועגן דעם יינגעמאַן, האָט יענער אים פאַר־טרוילעך איבערגעגעבן אַז יעקב זאָל זיך האָבן אויסגעדריקט:

— איצט ווייס איך נישט מיט וועמען חתונה צו האָבן: צי מיט ר׳ מאָטל׳ס נאַאיווע און קינדישע טאָכטער שרה׳לע אָדער מיט ר׳ לייבוש יואל׳קעס רייצנדיקע טאָכטער צלבה?!...

ווען דער טאַטע האָט דאָס געהערט, איז ער אַריינגעפאַלן אין גרויס צאָרן. ער האָט שנעל איינגעשפּאַנט די בריטשקע מיט בײדע פערד און ער איז אַוועקגעפאָרן צום זיידען. אויפן הויף פון זיידען האָט ער געזען אָנ־קומען צלבה׳ן פון דער סוכה... דער טאַטע איז אַריינגעפאַלן אין אַזאַ גרימצאָרן אַז ער האָט אָנגעהויבן צו זידלען זיין אייגענע שוועסטער... ער איז אויף איר אַפילו אַרויפגעפאָרן מיט דער בריטשקע און מיט בײדע ווילדע פערד, שרייענדיק אַז זי איז אַ זונה און אַז גאָט וועט איר שטראָפן פאַר אירע מעשים... צלבה איז געבליבן ליגן אויפן הויף, אַ פאַר־בלוטיקטע. דער טאַטע האָט זיך אַפילו נישט אָפּגעשטעלט. ער איז גלייך צוריק אַהיימגעפאָרן. אויפן וועג האָט ער געקרוגן אַ בלוטשטורץ. די מאַמע האָט אים צוגעלעגט דריי וואָכן צייט אייז צום ברוסטקאַסטן. דער טאַטע האָט דערנאָך יאָרנלאַנג געשפּיגן מיט בלוט...

פאַרשטייט זיך אַז עס איז געוואָרן אויס שידוך מיט שרה׳לען. איינמאָל אין אַ טאָג האָט געטראָפן אַזאַ געשיכטע:

— אונדזער פעטער משה׳ל, דעם זיידענ׳ס ברודער, וואָס האָט געהאַט אַ וויינהאַנדל אין זוואָלין, האָט איינמאָל גע׳שדכנ׳ט אַ געוויסן בחור צו שרה׳לען. אין איינעם אַ ווינטערדיקן טאָג, ווען אין דרויסן איז געפאַלן אַ געדיכטער, וואַטענער שניי, האָבן זיי זיך געדאַרפט באַגעגענען ביים וואָקזאַל אין דעמבלין. אין איין דראָשקע זיינען געפאָרן דער טאַטע, די מאַמע און שרה׳לע. ווען זיי זיינען פאַרבייגעפאָרן דעם זיידענ׳ס הויז, האָט יעקב אַרויסגעקוקט דורכן פענצטערל פון דער סוכה... פּלוצלינג האָט זיך די דראָשקע איבערגעקערט, שרה׳לע איז שטאַרק צעקלאַפּט גע־וואָרן. זי האָט שוין די רעשט פון אירע ווייניק־פאַרבליבענע יאָרן געליטן אויף אַ שטאַרקן קאָפּ־ווייטיק. אויך דער טאַטע מיט דער מאַמען זיינען שווער צעשלאָגן געוואָרן, פאַלנדיק אונטער די רעדער פון דער דראָשקע. דאָס זעעכץ האָט שוין געמוזט אָפּגעלייגט ווערן. ביים פענצטערל פון דער סוכה איז א מורא׳דיק־בלייכער, ווי אַ גייסטערהאַפט געשפּענסט, געשטאַנען יעקב. אין דעם דאָזיקן מאָמענט איז עפּעס אין אים פאַרגעקומען אַזוינס, וואָס האָט שטאַרק פאַרענדערט זיין צורה און האָט אויסגעקרימט זיין גאַנץ

געשטאַלט. טאַקע באַלד נאָך דער דאָזיקער פּאַסירונג האָט יעקב אָפּגעבראָכן מיט צלבה׳ן, הגם די באָבע רייזל האָט שוין געהאַט געבאַקן געבעקס צו די תּנאָים און צוגעגרייט אַן אויסשטייער פאַר דער כּלה. יעקב איז באַלד פאַרשווונדן געוואָרן פון מאַדזשיץ, אַזוי ווי אין וואַסער אַריין...

אין אַ צייט אַרום, ווען אַלע זיינען שוין געהאַט אַביסל צו זיך געקומען פון דעם פאַל מיט דער דאָראָשקע, האָט מען זיך ווידער געגרייט צו דער באַגעגעניש מיט דעם בחור, וועלכן דער פעטער משה׳ל פון זוואָלין האָט פאָרגעשטעלט.

די דאָזיקע באַגעגעניש איז פאָרגעקומען אין דעם באַרימטן קוראָרט נאַלענטשאָוו. דאָס איז אגב געווען אַ פאַנטאַסטיש שטעטל, ווו די רייכע פּויליש אַריסטאָקראַטיע פלעגט קומען פאַרברענגען זומערצייט. אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן מיר אַ לענגערע צייט געוווינט אין נאַלענטשאָוו. יענעם פּעריאָד אין מיין לעבן וועל איך שוין קיינמאָל נישט פאַרגעסן. שפּעטער מיט צייט און יאָרן בין איך געוווּיר געוואָרן, אַז דאָ האָבן געוווינט פּוילנ׳ס גרויסע קינסטלער, וואָס האָבן קיינמאָל נישט אויסגעטריקנט זייערע פאַרבנאַסע פּענדזלען, מאָלנדיק גאָט׳ס כּישופדיקע לאַנדשאַפטן. פּוילישע שריפטשטעלער פלעגן אָפט פאַרברענגען אין דאָזיקן געטלעך־שיינעם נאַטור־ווינקעל. פּוילנ׳ס וועלט־באַרימטער פּראָזע־מייסטער, זשעראָמסקי, האָט דאָ געהאַט זיין שטענדיקע היים. ווען די ערשטע וועלט־מלחמה האָט אויסגעבראָכן, בין איך געווען אַ קליינטשיק אינגעלע. די הערלעכע נאַטור־שיינקייטן פון נאַלענטשאָוו זיינען צו מיר געווען אַ געוואַלטיקע אַנטפּלעקונג. אַפילו אין די היימישע פּוילישע דערפער און וועלדער, ווו איך בין אויפגעוואַקסן געוואָרן און געטרונקען גאָט׳ס זוניקן שאַמפּאַניער, האָב איך אַזוי פיל שיינקייטן נישט געזען. נאַלענטשאָוו האָט אויף מיר געמאַכט דעם איינדרוק ווי עפּעס אַ פאַרלאָזענע, אַ פאַרשאָלטענע און אַן איינזאַמע קעניגרייך, אָבער געבענטשט פון גאָט אַליין מיט בלענדנדיקער עשירות. די מאַרמאָרנע פּאַלאַצן מיט די צעבראָכענע שויבנפענצטער; די טיפע, פאַרוואָרלאָזטע גערטנער פון אויסערגעוויינלעכער פאַנטאַזיע און קאָליכן־כּישוף; די שטאָלצע סטאַטועס פון שטילע געציגנס פון דער גריכישער מיטאָלאָגיע; די בריליאַנטענע פאָנטאַנען וואָס האָבן געשפּריצט מיט זילבערנע טראָפּנס און מיט שוימענדיקע וואַסערן אויף קילע בייטן בלומען; די פאַרגליווערטע און געררוישלאָזע טייכן, ווערמענס פלאַכן זיינען געווען זשאַווער־ברוינע, ווי אין אַן אייביקן האַרבסט פאַרגליווערטע; די מעטאַליש־קאַלטע און פלעגמאַטישע שוואַנען, מיט די אומגעוויינלעך־דינע העלדזער, וואָס האָבן אַזוי ווי טויטע פייגל זיך רואיקע געטראָגן איבער די ניקלנע שפּיגלען און האָבן געלאָזן שטיין נאָך זיך לאַנגע און דינע שליאַדן, ווי געשניטן מיט קינזשאַלן; די בלעטער וואָס האָבן זיך געוואַלגערט אויף די פּאַרק־וועגן און אַלייען אַזוי ווי צעשאָטענע בלעטער פון אַן אומענדלעכן

נאָוועלנבוך; דאָס אַלץ האָט אויף מיר, דעם פאַרקלערטן און טרוימענדיקן אינגעל, געמאַכט אַן אומפאַרגעסלעכן איינדרוק. די נאַטור האָט מיך דאָ באַהערשט מיט מרה־שחורה׳דיקע אימפּרעסיעס. עפּעס אַ מאָדנער, מידער און אויסמאַטערנדיקער אומעט האָט מיך מורא׳דיק איינגעוויגט, איינגעליולעט און אויף אייביק פאַר׳שיכור׳ט און פאַרשלעפערט מיטן שאַמפּאַניער וואָס איז געגרונען פון דעם בלייערנעם לבנה־קרוג פון הימל. ערגעץ נאָענט קומען פאָר בלוטיקע שלאַכטן. מענטשן פאַלן געראַניעטע און פאַרבלוטיקטע צו דער ערד. נאָר דאָ, איבער דעם דאָזיקן פאַרבאָרגענעם גאָט׳ס ווינקעל, שטייט אַ וואָלקן נידעריק אויפן הימל און מיט זיין גרויער האַנט שפּילט דער וואָלקן אויף דער לבנה־מאַנדאָלין, צופּט אויס מיט כישוף׳דיקע און קאַלטע פינגער פון געלע סטרונעס אַ מעלאַנכאָלישע מעלאָדיע וואָס שלעפערט איין די לאַנדשאַפט. דאָ גייען אָן, אַזוי ווי פון אייביקע צייטן, די יאָר־סעזאָנען מיט אַזאַ מין געוואַלטיקער רייכקייט, ראָסקאָש און עקסטראַוואַגאַנץ. דאָ זאַפּ איך איין אין מיין נשמה די שטילסטע ניואַנסן פון דער נאַטור. איך נעם אין זיך אַריין דאָס זיידענע שאָרכן פון פּלוש, פון סאַמעט און פון בלייכן גאָלד... דאָ ווער איך געזאַלבט און געקרוינט צום קינפטיקן שרייבער.

אין דעם דאָזיקן גרויסאַרטיקן שטעטל נאַלענצאָף האָבן זיך געגרייט צוזאַמענצוקומען אויף א ראַנדעווו פון שיקזאַל שרה׳לע מיט אירע עלטערן און דער פעטער משה׳ל מיטן בחור פון זוואָלין...

מיין שוועסטער טעמעלע דערציילט מיר, אַז דער דאָזיקער בחור איז געווען אַ שטאַרקער און אַ קרעפטיקער מאַנספּאַרשוין, אַ קאָניוך (פּערדסהענדלער). דערזעענדיק די שיינע שרה׳לען, האָט ער זיך אין איר פאַרליבט פון דער ערשטער רגע אָן. דער איינגעבוירענער טרויער פון אַן אָרעם און דערשלאָגן קינד האָט שרה׳לען צוגעגעבן אַ וווּנדערלעכן חן. די פּשוט׳ע קליידער וואָס זי האָט זיך אַליין אויפגענייט, האָבן ווויל געפּאַסט צו איר אויסזען. די מאַמע האָט פאַר איר אויסגעבאָרגט ביי אַ קריסטלעכע פּרוי אַ שנירל קאַרעלן... זי האָט אויך אַראָפּגענומען אירע אויערינגלעך, וואָס זי האָט געקראָגן פון דער באָבען אַ מתנה צו איר חתונה, און האָט זיי אָנגעטאָן שרה׳לען... איך געדענק אונדזער שוועסטער פּונקט ווי זי וואָלט איצט מיר געשטאַנען פאַר די אויגן: אַ יינגע און רייצנדיקע יונגפרוי... כאָטש שוין אַ פאַרטרויערטע מיט עפּעס אַ מאָדנעם און אומפאַרשטענדלעכן טרויער... אָבער ווען זי האָט אַ שמייכל געטאָן, איז געווען פּונקט ווי די זון וואָלט פּלוצלינג אויפגעלויכטן אויף אַ פאַרוואָלקענטן הימל... אַ שטילע און איידעלע איז די שטראַלנדיקע כלה געשטאַנען אויפן הינטערגרונט פון אָנגעצונדענע גערטנער מיט בלומען און ביימער ווי גרויסע קאַנדעלאַבערס פון גאָלד... שרה׳לע איז געשטאַנען אַן איינגעראַמטע אין

דער אַטמאָספערע פון נאַלענצאָף מיט דער שיינקייט און גראַציע פון אַ געבוירענע אידישלעכע פרינצעסין.

אַזוי שילדערט טעמעלע איר שוועסטער, אויסבאַרגנדיק ביים מחבר פון די שורות אַביסל פון זיין פּאָעטישן לעקסיקאָן... מיט ראַסקאָשנעם לשון האָבן זיך אַגב אויסגעצייכנט אַלע מיינע ברידער און שוועסטער...

דער זוואָלינער בחור, וואָס האָט געשמעקט מיט דער געזונטער קרעפּ־טיקייט פון יינגע פערד, האָט געהייסן פּיניע וויינטרויב. זיין אויסערגעוויינ־לעכע צערטלעכקייט אַרום שרה׳לע אין דער ערשטער צייט, ווען ער האָט געוואָלט געווינען איר האַרץ, האָט דערמאָנט אין זיין דעליקאַטן אַרומגיין אַרום אַ ברוינע, גאָלדיקע קאָבילע... פּיניע האָט זיך פשוט נישט פאַר־גינען אָנצורירן די צאַרטע און די שטילע שרה׳לע... און ווען ער האָט פאָרט געוואַגט מיט זיינע אייזערנע ידים איר צוצוהעלפן ביים אָנטאָן איר דעם סאַק, האָט ער אינגאַנצן אויפגעציטערט מיטן מעכטיקן לייב, אַזוי ווי ער וואָלט מורא געהאַט טאָמער טוט ער איר חלילה וויי און טוט שאָדן צו איר פרישן בגד...

אין אַ געוויסן מאָמענט, בשעת זיי האָבן ביידע אַרומגעשפּאַצירט אויף די שטעגן פונם פּאַרק, רופט זיך אָפּ פּיניע צו שרה׳לען מיט אַ זייער גע־פּילפּולן קול און מיט טרערן אין זיינע אויגן:

— „שרה׳לע קרוין! איך ווייס דאָך וויל אַז דו ביסט נישט קיין גבירישע טאָכטער... אָבער מיינע אַלטמאָדישע עלטערן וועלן נישט מסכים זיין צום שידוך אויב דו וועסט מיר נישט געבן קיין נדן... על־כן גיב איך דיר דאָ דריי הונדערט קערבלעך און זאָל דיין טאַטע זיי באַלעגן אַלס דיין נדן פאַר מיר...״

שרה׳לע האָט דערפילט אין איר ציטערנדיקער האַנט דאָס גורל׳דיקע געלט... עס האָט איר זייער גערירט פּיניע׳ס אידעלע האַנדלונג... זי האָט איר קינפטיקן מאַן געדאַנקט פאַר זיין גרויסער מענטשלעכקייט... און אין יענעם מאָמענט האָט שרה׳לע אים געשאָנקען דעם ערשטן קוש וואָס עס שענקט אַ כלה צו איר חתן...

אַ סך יאָרן שפּעטער, נאָכדעם ווי צייט און ערד האָבן שוין לאַנג צוריק געהאַט אויפגעגעסן שרה׳לען און פּיניען, ווי אויך זייערע ביידענ׳ס עלטערן, און שרה׳לעס טאָכטער חיה׳לען מיט איר מאַן און טאָכטער, שרייבט מיר פון פּאַריז דער לעבן־געבליבענער זון פון שרה׳לען, חיים יעקב וויינטרויב:

„מיין מאַמע, לויט דעם ווי מענטשן וואָס האָבן איר נאָענט געקענט, האָבן מיר דערציילט אין די שפּעטערדיקע יאָרן, איז געווען אַן אויסער־געוויינלעך אידל מענטש, אַ זיידענע נשמה. מיין פאָטער האָט זעלטן גע־רעדט וועגן מיין מאַמען. אָבער אַמאָל פלעגט טרעפן אַז אין אַ געוויסן מאָמענט פון זיין לעבן האָט ער געהאַט אַ באַדערפעניש צו רעדן צו עמעצן וועגן זיין ערשטע ווייב, מיין גאָטזעליקע מאַמען, אין וועמען ער איז

דאָס גאַנצע לעבן געווען פאַרליבט. אין אַזאַ מאָמענט, ווען קיינער איז נישט געווען אין שטוב, פלעגט ער אויפשליסן מיט אַן אייזערנעם שליסעלע, וואָס ער האָט תמיד געטראָגן ביי זיך, אַ געהיים שיפלעדל, וואָס ער האָט תמיד געהאַלטן פאַרשלאָסן, גלייך ווי די בריוו וואָלטן געווען טייערע ווערט־פּאַפּירן. די דאָזיקע בריוו, וואָס מיין מאַמע האָט געשריבן צו מיין פאָטער נאָך אַלס כלה־מיידל, ווען זי איז געווען אויף דאַטשע אין אָטוואָצק, פלעגט ער מיר איצט ווייזן. די דאָזיקע בריוו האָט ער מיר קיינמאָל נישט אָנגעטרויט צו האַלטן ביי זיך. און איך בין זיכער אַז ער האָט זיי געהאַלטן מיט זיך ביז צום סוף פון זיין לעבן.

טראַצדעם וואָס מיין מוטער איז נישט געווען קיין דיכטערין, זיינען אירע בריוו געווען, אויף וויפיל איך בין אימשטאַנד זיך איצט צו דערינערן, אַזוי פיל יאָרן שפּעטער, פון אַן אויסערגעוויינלעכער צאַרטקייט און שיינקייט פון וואָרט. מיין מוטער האָט ליב געהאַט איר חתן און זי פלעגט אויס־דריקן איר הייסע ליבשאַפט מיט די איידלסטע ווערטער און רייך אילומי־נירט מיט דעם נאַבעלן פייער פון איר יינג האַרץ און נשמה. זי פלעגט אויך באַשרייבן די נאַטור, די זון־אויפגענג און די וועלדלעך פון אָטוואָצק מיט פיינע אימפּרעסיע. פון די דאָזיקע הייליקע ליב־בריוו איז מיר אויף אייביק פאַרבליבן עפּעס אַ זיסער טעם, אַזוי ווי איך וואָלט פאַרנומען די הערלעכע שורות פון שיר השירים, ווען שולמית רעדט מיט ליבשאַפט וועגן איר קעניגלעכן געליבטן"...

בשעת מיין שוועסטער טעמעלע דערציילט מיר וועגן אונדזער שוועסטער שרה׳לע, הערט זיך שרה׳לע טאַקע צו אינם גרויסן בילד, וואָס הענגט אויפן וואַנט פון זייער היים. מיר דאַכט זיך אַפילו אַז איר רונד און געל פנים איז עפּעס גרעסער געוואָרן און האָט זיך היימלעך און היימיש אָנגע־צונדן מיט אירע גרויסע אויגן... אפשר איז איר נשמה אויף אַ ווײַלע צוריקגעקומען פון גן־עדן און האָט באַלעבט די כמעט שוין פופציק יאָריקע אַלטע פאָטאָגראַפיע...

מיין שוועסטער טעמעלע גייט צו צום גרויסן שפּיגל, וואָס איז איינגע־ראָמט אין אַ מעשענער ראָם. און דאָרט שטייט זי אַ פאַרטראַכטע און זי קוקט אַריין אינם מאַטן קוועקזילבער פונם שפּיגל, ווי אין אַ פרעמדער, ווייטער און פאַנטאַסטישער וועלט... פּונקט ווי טעמעלע וואָלט וועלן פון די געהיימנישפולע טיפענישן פונם שפּיגל אַרויס׳כישוף׳ן איר אַמאָליקע שטראַלנדיקע געשטאַלט... אַרויסמאַניען פון דעם שפּיגל׳ס אָפּגרונט איר בלייכן, איר זילבערנעם פנים מיטן גאָלדיקן שמייכל, מיט דעם בליציקן פינקעל פון אירע שוואַרצאַפּלען, מיט די זוניקע צעפּ וואָס פאַרבייגייער פאַרן פענצטער, ווו זי איז געזעסן ביים מאַשין אין גענייט, האָבן געזען און האָבן שוין קיינמאָל מער נישט געקענט פאַרגעסן... יאָ, דער שפּיגל זויגט אַריין אין זיינע פלעגמאַטישע טיפענישן גאָר די צייט פון די מענטשן

און פאַרוואַנדלט אַלע געשטאַלטן, זאַכן און געשעענישן, אין שטומער און קאַלטער איינזאַמקייט און אייביקייט...

מיין שוועסטער טעמעלע הויבט ווידער אָן צו וועבן די זיידענע פעדים פון איר אידיליש־נאַאיווער דערציילונג, וואָס איך שרייב אַראָפּ דירעקט פון אירע ליפּן:

— שרה׳לע און פּיניע ווײַנטרויב האָבן חתונה געהאַט. זיי האָבן זיך באַזעצט אין דעם חתנ׳ס געבורטסשטעטעלע זוואָלין, דאָרט ווו דער פעטער משה׳ל האָט געהאַט זיין שיינעם ווײַנהאַנדל. און די ערשטע צייט איז אַלץ געגאַנגען ווויל. אָבער איינמאָל איז געשען אַן אומדערקלערלעכע זאַך...

— פּיניע האָט אָנגעהויבן אויסצושטאַטן אַ היים פאַר שרה׳לען, זיין יינגע ווייב. מען האָט געפירט די שענסטע שטיקער מעבל דורך די גאַסן פונם שטעטל צום הויז פון שרה׳לען. און איינמאָל האָט מען געפירט אַ הערלעך־שיינעם שפּיגל אויף אַ וואָגן. דער שפּיגל האָט כמעט פאַרנומען אַ האַלבע וואַנט. און ער איז אויך געווען אומגעוויינלעך הויך, אַזוי הויך אַז ער האָט אין קיין נידעריקע שטוב נישט געקענט אַריינפּאַסן.

דער פעטער משה׳ל האָט מיט יאָרן שפּעטער דערציילט: די מענטשן פון דעם שטעטל זוואָלין, דערזעענדיק פאַרנאַכט־צו דעם מאָדנעם בעל־עגלה פירן דעם שפּיגל אויפן דראַבינאַסטן וואָגן מיט שוואַרצע פערד געשפּאַנט, האָבן זיך שטאַרק דערשראָקן. זיי האָבן זיך געפרעגט ווהין מען פירט דאָס דעם אַנטיטשנעם שפּיגל. און מען האָט זיי געענטפערט אַז דאָס פירט מען דעם שפּיגל אינם ניי־אויסמעבלירטן הויז פון פּיניע דעם פערדסהענדלער. צווישן די מענטשן אין די געסלעך, באַטראַכטנדיק דעם זעלטענעם שפּיגל, וואָס האָט אָפּגעשפּיגלט דעם הימישן און אידילישן זון־אונטערגאַנג פון אונטער זוואָלין, זיינען געווען, ווי דער פעטער משה׳ל האָט דערציילט, עפּעס געהיימנישפולע געשטאַלטן און מאָדנע פּנימער, אַזוי ווי זיי וואָלטן דער־שיינען פונם עולם התוהו. דאָס זיינען עפּעס גאָרנישט געווען קיין בעלי־הבתים פון שטעטל, נייערט פאַנטאַסטישע פאַרשווינען און אויסגעקרימטע ברואים, אַזוי ווי זיי וואָלטן ערשט געהאַט אַרויסגעגאַנגען פון די ליימיקע קברים, נאָך באַקלעפּטע מיט שטיקער רויען ליים אויף זייערע ביינערדיק־נאַקעטע פּנימער. דאָס זיינען געווען מענטשן פון „יענע וועלט״, שוין אָפּ־געשיידטע פון לעבן און אַריינגעוויינטע אין טויט, איינגעריסטע אין טינט פון אייביקער נאַכט און פאַרקאָפּטשעטע מיטן קאָפּעטש פון אייביקייט און פון וועמענס אויגן עס זיינען איצט אַראָפּגעפאַלן די שערבלעך און שטיקלעך צוגעקלעפּטע ערד. אַ טייל פון דעם דאָזיקן קראַנקן געזעמל האָבן גע־פּרעפּלט תפילות. אַ טייל ווידער האָבן באַוועגט מיט זייערע טויטע אברים און געציטערט מיט די בלוטלאָזע ליפּן, ווי זיי וואָלטן עפּעס מורמלען אין פאַרבאָרגעניש. עס איז אַגב געווען די צייט צווישן מנחה און מעריב, און די לעצטע טראָפּנס פונם שטראַלנדיקן שאַמפּאַניער פון זון־אונטערגאַנג

האָבן געטראָפּיעט אויפן פלאַך פונם קרישטאָלענעם שפּיגל. דער שפּיגל האָט איצט ווי געבלוטיקט. יעדנפאַלס האָט די גאַנצע אומפאַרשטענדלעכע און טונקעלע סצענע קיין גוטס נישט אָנגעזאָגט און אויך קיין פרייד נישט געבראַכט . . .

עס זיינע פאַראַן מאָמענטן ווען „יענע וועלט", די הימלישע, רירט אָן אונדזער גרויע און מכלומרשט רעאַלע וועלט. ווען פּלוצלינג דערזעסטו אַ מאָדנע פּובליקום וואָס איז שוין זינט לאַנגע צייטן צוריק געשטאָרבן. דו דערקענסט עפּעס יאָ, ווי דורך אַ נעפּל, פּנימער פון קרובים, פריינט און אייגענע. אָבער זיי רעדן נישט צו דיר. זיי שווייגן מיט אַ מורא'דיקן שווייגעניש. דער מלאך המות האָט פון זייערע טויטע מיילער אַרויסגעפּליקט דאָס לשון צוזאַמען מיט זייערע צונגען. זייערע קאַלטע שאָטנס ציטערן און ווייִנען מיט אַ טויט געוויין. זיי זיינען געקומען מיט עפּעס אַ פאַרבאָרגענע שליחות. זיי זיינען אַ טונקעלער און אַ אומהיימלעכער סימן.

און, ויהי היום, אין איינעם אַ טאָג, נישט לאַנג נאָך שרה'לעס חתונה, איז אויף דער היימישער סצענע ווידער דערשינען יעקב, דער אַרגענטינער יינגערמאַן, איצט איז ער שוין געוועזן אינגאַנצן גרוי ווי אַ טויב. ער איז שוין געוועזן שווער באַלאָדן מיט צייט, מיט ביטערע און פינצטערע צייט, וואָס גרימירט און גריזשעט אויף דאָס פליש פון די מענטשן. עס איז עפּעס געהאַט געשען דורך די יאָרן מיט זיין גוף, מיט זיין נשמה און מיט זיין גאַנץ געשטאַלט. ביים ערשטן אַריינקום אין שטוב אַריין איז ער פּלוצלינג אַוועקגעפאַלן ווי אַ טויטער. ווען ער איז אַביסל צו זיך געקומען, האָט ער אָנגעהויבן צו קושן שרה'לעס פיס און די הענט. ער האָט זיך אַ ווייִנענדיקער ביי איר געבעטן זי זאָל אים מוחל זיין און אַז זי זאָל זיך גט'ן מיט איר מאַן און חתונה האָבן מיט אים, מיט יעקב'ן . . . און אַז אויב זי וועט דאָס נישט טאָן, וועט ער עס נישט מער קענען אויסהאַלטן . . .

שרה'לע האָט אים דווקא געדולדיק אויסגעהערט. זי האָט זיך איצט דערמאָנט ווי אַזוי זי איז געהאַט געקומען אין דעם זיידענ'ס הויז און ער, יעקב, האָט צו איר אַפילו רעכט נישט געוואָלט רעדן, בשעת צלבה מיט איר גאָלד און ברילייאַנטן און מיט איר קאָקעטיש־רייצנדיקן שמייכל האָט זיך אַרום אים פאַרפּירעריש געדרייט. זי האָט אים דאָס איצט דערמאָנט. און וואָס שייך זיין פאָדערונג אַז זי זאָל זיך גט'ן מיט איר מאַן, קען דערפון קיין שום רייד נישט זיין. זי האָט ליב איר מאַן, וואָס באַהאַנדלט איר איידל, וואָס באַדינט איר מיט געטריישאַפט און וואָס ווייזט טאָג און נאַכט אַרויס זיין ליבשאַפט צו איר . . .

אין עטלעכע חדשים אַרום איז אָנגעקומען די נייעס אַז יעקב איז צוריקגעפאָרן קיין בוענאָס איירעס. אַז ער איז דאָרט משוגע געוואָרן און אַז ער איז אין אַ קורצע צייט אַרום געשטאָרבן אין משוגעים־הויז. דאָס איז דער סוף פון יעקב'ן, דעם יינגערמאַן פון אַרגענטינע . . .

שרה׳לע האָט צום ערשט געבוירן צוויי קינדער. אָבער בײדע עופֿה׳לעך זיינען געשטאָרבן פון געהיימנישפולע שלאָפקייטן אין געציילטע חדשים נאָך זייער געבורט. שרה׳לע איז געוואָרן פיזיש אָפּגעשוואַכט. דער טויט פון אירע בײדע קינדער האָט דער יינגער פרוי אַריינגעוואָרפן אין אומהיימלעכער מרה־שחורה. זי איז ווידער שוואַנגער געוואָרן. דאָס דריטע קינד איז געווען אַ יינגל און מען האָט אים אַ נאָמען געגעבן אפרים־יעקב. אין אַ יאָר אַרום איז שרה׳לע אויפדאָסניי שוואַנגער געוואָרן און זי האָט געגעבן געבורט צו אַ טאָכטער וועלכע מען האָט אַ נאָמען געגעבן חיה׳לע. דאָס זיינען געווען צוויי וווּנדערלעכע קינדער, וועלכע האָבן דער יינגער מוטער פאַרשאַפט גליק און פרייד. אָבער בשעת אירע שוואַנגערשאַפטן און נאָכן געבן געבורט צו די פיר קינדער, האָט שרה׳לע שווער געהאָרעוועט אין הויז. זי האָט געוואַשן די פאַדלאָגעס, האָט גענייט אויפן ניי־מאַשין, האָט געזויגן און שפעטער געקאָרמעט אירע קינדער. זי האָט געקאָכט פאַר איר מאַן פיניע. זי האָט אַפילו געאַרבעט אין שטאַל ביים מאַנ׳ס פערד. פון דער נאַטור איז זי געווען אַן אײדעלע, אַ שוואַכע. אין דער היים, ביי אירע עלטערן, האָט זי געאַרבעט פון אירע קינדישע יאָרן אָן אין אַלערליי רעסטאָראַציעס און ביים נייען קליידער. שרה׳לע האָט זיך דערפילט שלאַף. צו יענער צייט, אין אַ קליין שטעטל ווי זוואָלין, האָט זיך אַ יינגע אידישע פרוי פשוט געשעמט צו גיין צום דאָקטאָר... כאָטש זי האָט שוין זינט חדשים געהאָט געשפיגן מיט בלוט און שטאַרק געהוסט. ווען שרה׳לע איז צוזאַמען מיט דער מאַמען ענדלעך געפאָרן קיין וואַרשע צו אַ לונגען־ספעציאַליסט, האָט דער דאָקטאָר געזאָגט צו דער מאַמען אַז איר טאָכטער איז שוין טיף אַריין אין דער דעמאָלט־פאַטאַלער שווינדזוכט־קראַנקהייט, וואָס האָט אַגב זינט דורות געהערשט אין בײדע פאַמיליעס, פון מיין טאַטנ׳ס און פון מיין מאַמע׳ס צדדים...

לאַנגע חדשים איז איצט שרה׳לע געווען ביי אונדז אין דער היים. דער טאַטע, ווי שוין דערציילט, אַליין אַ קראַנקער אויף שווינדזוכט, אַן איינזאַמער און אַ שרעקלעך־פאַרביטערטער מענטש, האָט זיין עלטסטע טאָכטער שרה׳לע נישט גאָר פריינטלעך און פאָטערלעך באַהאַנדלט. שרה׳לעס צוויי טייערע קינדער זיינען אַוועקגעגעבן געוואָרן צו אַ דייטשער פרוי אויף צו האָדעווען. די יינגע מוטער איז ממש אויסגעגאַנגען פון בענקשאַפט נאָך אירע קינדער. און די טויטלעכע שלאָפקייט האָט אויסגעגריזשעט אַלץ טיפערע לעכער אין אירע לונגען. זי האָט געשפיגן מיט דיקע שטיקער בלוט. און ווען שרה׳לען איז שוין נעבעך געוואָרן זייער שלעכט, האָט מען זי אָפּגעפירט אויף „פרישע לופט" קיין נאַלענטשאָף, דאָרטן ווו זי האָט זיך צום ערשטן מאָל באַגעגנט מיט איר צוקונפטיקן מאַן פיניע וויינטרויב. בלויז אַ קורצע צייט איז שרה׳לע דאָרט געווען, אינם זעלבן הויז אַפילו ווו זי האָט זיך געטראָפן מיט פיניען...

איינמאָל אין אַ טאָג איז דער טאַטע אַהינגעקומען כדי צו זען וואָס זיין עלטסטע טאָכטער מאַכט. שרה'לע איז שוין דעמאָלט געווען סטראַשנע קראַנק. דער פיבער האָט געברענט אין אירע ביינער ווי אַ ווילד פייער. פאַרנאַכט־צו, צו זון־אונטערגאַנג, איז דער טאַטע אַהיימגעפאָרן קיין באָבריניק, וואָס ביים טייך וויעפּש, וווּ מיר האָבן דעמאָלט געוווינט, צום לעצטן מאָל זיך געזעגענענדיק מיט זיין טאָכטער. ווי נאָר ער האָט זיך אַרויפגעזעצט אויף דער באַן, איז אונדזער שוועסטער שרה'לען נעבעך נישט גוט געוואָרן. זי איז געזעסן אין דער זעלבער אַלייע אין פּאַרק, און אַפילו אויף דערזעלבער באַנק, ווו פּיניע האָט איר מיט אַ צייט צוריק דערלאַנגט די דריי הונדערט קערבלעך נדן...

שרה'לע איז אויף דערזעלבער באַנק געשטאָרבן. זי איז בלויז אַלט געווען ניין און צוואַנציק יאָר... אומזיסט זיינען די ווייבער געלאָפן צום וואָקזאַל, כדי צוריק־צוברענגען דעם טאַטן צו זיין נאָך וואַרעמער טאָכטער שרה'לען, וועמענס נשמה דער מלאך המות האָט נאָך געהאַלטן אַ ציטערנ־דיקע אין זיינע מורא'דיקע הענט... אַזוי ווי ווילדע וואַלקיריעס זיינען די פאַרצווייפלטע ווייבער נאָכגעלאָפן דעם שוין לויפנדיקן צוג, אין וועלכן דער טאַטע איז געזעסן...

איבער די ליימיקע פּוילישע פעלדער, פאַרביי פייכטע וועלדלעך, אויס־געטרוקנטע טייכלעך און דאָרפישע כאַטקעס מיט גאָלדיק־שטרויענע דעכלעך, איז אין דעם אומהיימלעכן פאַרנאַכט געלאָפן דער פאַטשאָנג. עס איז געווען דאָס יאָר 1912. אין איינעם אַ וואַגאָן איז געזעסן מיין פאָטער. אויף זיין באַק און באָרד האָט נאָך וואַרעם געגליט דער קוש פון זיין עלטסטע טאָכטער שרה'לע, דער סאַמע לעצטער געזעגענונגס־קוש פאַרן טויט פון זיין קינד... די נאַכטיקע איינזאַמקייט האָט אַרומגענומען מיין טאַטנ'ס אויס־געדאַרטע געשטאַלט. האָט געוועבט אַן אייזערנעם שפּינגעוועבס אַרום זיין באָרד. אים האָט איצט יאָמערנדיק באַגלייט שרה'לעס ערשט־באַפרייטע, מיט טרערן־פאַרגאָסענע נשמה, וואָס האָט זיך מיט אַזעלכע ווילד־צעשפּריי־טע אָרעמס געריסן צום טאַטן און האָט הויך געכליפּעט דעם טאַטן אין די אויערן אַריין... די נשמה איז נאָך וואַרעם פון דער וואַרעמקייט פונם דערשלאָגענעם פלייש... פון דער היץ פון אַ גאַנץ לעבן צוזאַמענזיין... דער טאַטע איז איצט, ביים טויט פון זיין עלטסטן קינד, אַלט גאַנצע ניין און פערציק יאָר... יינגער ווי זיין יינגסטער זון וואָס שרייבט איצט די דאָזיקע שורות... אָבער דער טאַטע איז שוין איצט אַ פאָטער פון צוועלף קינדער. וואָס עס זאָל נישט געשען, האָט ער שוין דערפילט זיין חוב צו גאָט. דער טאַטע דערמאָנט זיך די געבורט פון שרה'לען... ווי ער האָט געוויגט דאָס קינד אינם הילצערנעם וויגעלע... אויבן, איבערן שטילן הימל, ציטערט דאָרט דאָס פּנים פון דער לבנה... דער צוג לויפט איבערן פּוילישן לאַנד. אין וואַגאָן זיצט איינער אַ מענטש וועמענס עלטסטע

טאַכטער׳ס גוף איז נאָך וואַרעם פון לעבן און האַלט זיך איצט אין אָפּקילן...

און ווען די איוב־בשורה איז דערגאַנגען צו דער מאַמען, איז זי אַזוי ווי אַ שווערער שטיין אַוועקגעפאַלן אינמיטן שטוב. זי איז געבליבן ליגן אויף דר׳ערד קאַלט, שטום און פאַרשטיינערט — אַ באַרג מיט מאַמעשן ווייטיק. ווען דער טאַטע האָט זי ענדלעך דערמינטערט און אויפגעוועקט מיט קיבלעס וואַסער, וואָס ער האָט געגאָסן אויף איר פּנים, איז אויפגעשטאַנען אַ ווייטע, פרעמדע און בלייכע פרוי. זי איז פאַרקערט געוואָרן צו אַן אַנדערן מענטש. זי איז משוגע געוואָרן פון פינצטערן ווייטיק, כדי צו קענען אויסהאַלטן דעם שטורעם פון טראַגעדיע וואָס איז מבול׳דיק שווער געפאַלן איבער איר איינזאַמען קאָפּ. זי האָט איצט מורא׳דיק און מעכטיק געיאָמערט ווי אַ גרויסער ים יאָמערט אינמיטן וועלט־בעט. זי האָט געהאַלטן אירע ביידע צעבראָכענע הענט ביי אירע ליפּן, ביי אירע ציין. זי האָט זיך פּלוצלינג היסטעריש צעלאַכט און זי האָט גענומען בייסן און גריזשן אירע הענט, די ביינער פון אירע פינגער. זי האָט שיעור נישט פון קריינקונג אויפגעגעסן אירע אייגענע פינגער. אירע שוואַרצע הענט ביז צו די עלנבויגנס, די הענט וואָס האָבן געטראָגן און געוויגט דאָס עלטסטע קינד... פּאַקטיש האָט די דאָזיקע פרוי דורכן גאַנצן אירן לעבן זיך אַליין געגריזשעט. זי האָט געגעסן איר אייגן לייב. איר אייגן בלוט געטרונקען. איר אייגענעם מאַרך אויסגעצערט. פאַרברענט איר אייגענע אידעלע און לויכטנדיקע נשמה וואָס האָט געפלאַמט אַזוי ווי גאָט׳ס ריינע און קלאָרע גאָלד...

שרה׳לע איז באַגראָבן געוואָרן אין שטעטל זוואָלין אויפן בית עולם, נעבן די ליימיקע און נידעריקע קברים׳לעך פון אירע ביידע פאַרשטאָרבענע קינדער...

— יעקב פון אַרגענטינע איז אויסגעגאַנגען פון משוגעת אין משוגעים־הויז! — ציט מיין שוועסטער טעמעלע ווייטער דעם פאָדעם פון דער געשיכטע, אַזוי ווי אַ טרויעריקן מוסר השכל. דער פעטער משה׳ל, וואָס איז געווען דער שדכן און ער האָט גע׳שדכנ׳ט פיניען צו שרה׳לען, איז באַלד נאָכדעם קראַנק געוואָרן אויף דער שווינדזוכט־קראַנקהייט און ער איז יינגערהייט אָפּגעשטאָרבן...

בשעת מיין שוועסטער טעמעלע דערציילט וועגן דעם פעטער משה׳ל, דערמאָן איך זיך אַז איך האָב אים איינמאָל אין מיין לעבן געזען. דאָס איז געווען אין דעם שטעטל פּולאָווי. עס איז געווען אַרום הערבסט־צייט, ווען איך בין געשטאַנען ביי „אַלברעכט׳ס גאָרטן״, וווּ עס האָט געוווינט מיין טאַטנ׳ס יינגסטע שוועסטער, די מומע געניע. איך זע ווי פּלוצלינג קומען אָן די מומע געניע מיטן פעטער משה׳ל. דער פעטער משה׳ל איז אַ הויכער און אַ בלאַסער מאַן. זיין פּנים איז בלייך ווי קרייד. זיינע אויגן זיינען גרויסע, טרויעריקע און פיבערנדיקע. אַזאַ שטערבלעכע איידלקייט איז אויסגעגאָסן אויף זיין גאַנץ געשטאַלט. ער רעדט מיט קוים־

הערבאַרע רייד. ער זעט אויס ווי אַ קאַבאַליסט. איך דערמאָן זיך אַז ווען מיין פאָטער איז לעצטנס געפאָרן קיין זוואָלין צו גאַסט צום פעטער משה׳ל, כדי צו נעמען ביי אים אַ הלוואה, איז ער אַהיימגעקומען מיטן ליידיקן, מחמת זיין ווייב פעשע האָט נישט דערלאָזט איר מאַן געבן עטלעכע זלאָטעס צו זיין עלטסטן ברודער... אָבער ער האָט אַהיימגעבראַכט עטלעכע שמאַכטעס פון זייער הויז. צווישן אַנדערע זאַכן אויך אַ פאָטאָגראַפיע, וואָס האָט פאַרגעשטעלט אַ טונקעלע, מרה־שחורה׳דיקע לאַנדשאַפט פון דעם פוילישן קוראָרט שטשאַווניץ. דאָס בילד איז געווען צוגעקלעפּט צו אַ שטיק מאַסיוון און געשליפענעם גלאָז. תמיד איז עס געשטאַנען אויפן טאַטנ׳ס שרייב־טישעלע. שטענדיק, ווען איך פלעג דערויף וואַרפן אַ בליק, איז אויפגעגאַנגען דער בלייכער פעטער משה׳ל, ווי ער שפּאַצירט זיך אַרום געאַרעמט מיטן מלאך המות אין די טונקעלע אַלייען פון דעם דאָזיקן גע־היימנישפולן קוראָרט, ווו עס הערשט קיינמאָל נישט קיין פולער טאָג און אויך נישט קיין פינצטערע נאַכט, נייערט עס איז געבליבן שטיין עפּעס אַ טויבע און אַ פאַראומערטע שטילקייט.

מיין פאָטער האָט נאָך עפּעס מיטגעבראַכט פון זוואָלין: אַ מעשה, אַז דער פעטער משה׳ל, זייענדיק קראַנק, שלאָפט אַליין אין אַ זייער גרויסער שטוב. אין דער דאָזיקער געררוימער שטוב שטייט גאָרנישט מער ווי אַן אייזערנע בעט, ווייס איבערגעצויגן ווי אין אַ שפּיטאָל, און אויף אַ קליינ־טשיקן טישעלע שטייט אַ גלאָז מיט מילך... קיין איינציקע פליג טאָר זיך נישט געפינען אין דער דאָזיקער ריינער און ווייס־געקאַלעכטער שטוב... ווי נאָר עפּעס אַן אומגליקלעכע פליג ווערט אַנטדעקט, ווערט זי באַלד אומ־געבראַכט... די לופט דאָרט איז קאַלט און פריש זומער און ווינטער. און אַ בוים שטייט ביים פענצטער און ער ציטערט מיט זיינע גרויסע בלעטער. ביינאַכט, ווען די לבנה לויכט קאַלט ווי אייז, וואַרפט דער בוים איבער דער וואַנט אַן אומהיימלעכן און טונקעלן שאָטן... אויפן בעט ליגט אַ שטילער און אַ שווייגנדיקער דער פעטער משה׳ל, בלייך ווי קאַלעך און ער וואַרט מיט געדולד פון אַ הייליקן, אַז דער רבונו של עולם זאָל אים פאָרט צושיקן אַ גענעזונג פאַר זיין שלאָפן פלייש.

איך פלעג זיך אָפט צוהערן ווי אַזוי מיין טאַטע דערציילט צו דער מאַמען וועגן דעם שטאַרבנדיקן פעטער משה׳ל. נאָך איך האָב געגנוי נישט געקענט פאַרשטיין ווי אַזוי די קלוגע פליגן ווייסן אויסצומיידן די דאָזיקע אומעטיקע שטוב... און ווי אַזוי ־דער טייערער פעטער משה׳ל האָט נעבעך דאָס ביסל כוח אויפצהויבן זיך פון זיין בעט און אומצוברענגען אַ געזונטע און אַ סיי ווי צום טויט־פאַראורטיילטע פליג... וואָס שייך זיין פרוי, פעשע, און זייערעביידע קינדער, זיינען זיי תמיד פאַרנומען ביים פאַרקויפן בראָנפן און ווייך צו די פויערים פון די אַרומיקע דערפער...

דער פעטער משה׳ל האָט געהאַט אַ זון און אַ טאָכטער שפרה׳לע. ביידע

קינדער זיינען שוין געווען אויסגעגעבענע און זיי זיינען מיט זייערע טייערע משפחות אומגעקומען בשעת די היטלעריסטישע שחיטות אויף אידן אין פוילן, ווי עס ווערט שוין וועגן דעם געשריבן אין דעם בוך „דער אמת זאָל זיין דיין שטערן". (דעם פעטער משה׳לס אַן איניקל, דער זון פון זיין זון יעקב, האָט זיך געראַטעוועט פון די נאַצישע שחיטות און ער לעבט אין ניו־יאָרק. ער אַליין האָט שוין אויך אַ ליבע פרוי מיט קינדער).

אויף מיין שרייב־טישעלע, וואָס איך האָב גע׳ירש׳נט פון טאַטן, שטייט נאָך דאָס בילד פון דעם קוראַרט שטשאַוניץ, אונטערן געשליפענעם און מאַסיוון גלאָז, בשעת איך שרייב די דאָזיקע שורות. מיר דאַכט זיך אַז צווישן די טונקעלע בוימער, און לבנה׳דיקן ליכט, שפּאַצירן אַרום מיין פעטער משה׳ל מיט זיין ווייב פעשע, מיט זייערע ביידע טייערע קינדער יעקב און שפרה׳לע, מיט זייערע קינדס קינדער... זייערע הייליקע נשמות וואַנדלען אַרום ווי לבנה׳דיקע גייסטער, פאַר׳כישופ׳טע און שיכור׳ע פון דעם וווּנדערלעכן ווין אינם וויהאַנדל, פון די צעבראָכענע ווין פלעשער אויף וועמענס דנאָען עס זיינען נאָך געבליבן שטיין טראָפּנס פלאַמיקע ווין... די מרה־שחורה׳דיקע וואָלקנס אויפן האָריזאָנט פון שטשאַוניץ ציטערן און וואַקלען זיך... אויך זיי זיינען אַביסל שיכור פון דעם פעטער משה׳ל׳ס ליטערע געטראַנקען... און אויך די בוימער אין די אַלייען טענצלען אונטער בגילופינ׳דיקע און באַטרונקענע פון ביר און פון מעד... דער גאַנצער הימל איז שיכור פון קאָניאַק... און מחנות אידן שטייען אין הינטערגרונט און זיי יאָמערן מיט זייער מורא׳דיקן יאָמער...

דאָס בילדל פון שטשאַוניץ איז אַלץ וואָס עס איז איבערגעבליבן פון מיין פעטער משה׳ל מיט זיין גאַנצע משפחה. אין זכרון און אין האַרצן איז געבליבן שטיין לעבעדיק די דערינערונג פון זיין קאַלעך־בלייכן פנים מיט די פיבערישע אויגן און פון זיין שלאַבעריקער פיגור אויפן הינטערגרונט פון „אַלברעכטס גאָרטן", רעדנדיק מיט דער שלאַנקער מומע געניען. אָבער וווּ פאָרט קומען אַהין די דאָזיקע אַלע מענטשן, נאָכדעם ווי זיי שטאַרבן און זיי פאַרלאָזן די היגע וועלט?

מיין שוועסטער טעמעלע לאָזט זיך שטילערהייט נאָכטראַכטן וועגן מענטשן און פּאַסירונגען. אין אַ וויילע אַרום דערציילט זי ווייטער אַלץ נאָך ציענדיק דעם דינעם פאָדעם פון דער מעשה פון אונדזער עלטסטער שוועסטער שרה׳לע...

— יעקב פון אַרגענטינע איז געווען אַ ברודער פון בערל גאָלאָמבעק. בערל איז געווען אַ פּאָדריאַטשיק (צושטעלער) צום דעמבלינער פעסטונג. איינמאָל איז געשען אַז בשעת די צאַרישע סאָלדאַטן האָבן זיך געלערנט שיסן ביי די מאַנעווורעס, איז ער געטראָפן געוואָרן פון אַ קויל אין קאָפּ און ער איז אויפן אָרט געשטאָרבן. זיין זון, איטשע, איז פאַראַיאָרן אויס־געגאַנגען פון אַ ראַק אין זיין רייכער היים, אין ברוקלין...

איך דערמאָן זיך אַז נאָך אין דער הייב. פלעגט פּלוצלינג אַמאָל אין אַ מאַרק־טאָג אַריינפאַלן צו אונדז איינער אַ קרעפּטיקער דעמבלינער איד, מיט אַ רויטן שטערן אַזוי ווי ביי אַ ים־פישער. ער האָט געהאַט אַ פאָלקסטימלעכן הומאָר און ער האָט געשפּרודלט מיט היימישע וויצן. ער איז געווען אַזוי ווי אַ שטיק ברויזנדיק געלעכטער, אַרויסגעריסן פון האַרצן פון פאָלק. עס האָט פון דעם דאָזיקן אידן געשלאָגן מיט אַ מעכ־טיקן אָפּטימיזם, אַזוי טיפיש אייגן צום גרויען פאָלק דורך לאַנגע דורות...

איך בין געווען אַ קליינטשיק אינגעל. נאָר איך האָב שוין דעמאָלט באַ־וואונדערט דעם דאָזיקן קרעפּטיקן איד, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסן און אַ רונדיקן קאָפּ אַזוי ווי די זון. עס איז געווען אַ איד וואָס איז אַזוי ווי אַ בוים אַרויסגעריסן געוואָרן פון דער רויער שוואַרצערד מיט זיינע פינצטערע קאָרזשעניעס, וואָס האָבן אפשר אַדורכגעדרונגען די טיפענישן פון דער גאַנצער ערד.

פאַראַיאָרן, אין אַ ווינטערדיקן אָוונט, בין איך געזעסן ביים בעט פון איטשע גאָלאָמבעק, וואָס איז אַגב אויך געווען אַ הייסער איד און אַ גרויסער בעל־צדקה. איטשע גאָלאָמבעק, וואָס איז רייך געוואָרן פון אַ לעדער־פאַבריק, האָט געהאַט אַ ראַק אויף די לונגען און ער האָט ביטער געקעמפט און זיך ווירדיק געראַנגעלט מיט זיין שרעקלעכער שלאַפקייט. אין אַ געוויסן מאָמענט זאָגט צו מיר איטשע גאָלאָמבעק:

— איר האָט אַוודאי געמוזט קענען מיין גאָטזעליקן פאָטער...

און ער האָט מיר דערציילט ווער עס איז געווען זיין פאָטער. איך האָב ממש אויפגעציטערט: — איז דאָס געווען אייער פאָטער, דער איד מיט דער ברייטער און רויטער באָרד אַזוי ווי אַ פייער אַרום זיין פנים? מיט אַ גוף אַזוי ווי דער שטאַם פון אַ דעמב? מיט געזאַלצענעם הומאָר וואָס האָט געשפּריצט ווי אַ וואַסערפאַל אין די בערג?!...

און, בשעת אויפן בעט איז געלעגן דער שטאַרבנדיקער מענטש, איז פאַר מיר אויפגעגאַנגען אַזוי ווי לעבעדיק דאָס רעאַליסטישע און געוואַל־טיקע געשטאַלט פון זיין טאַטן. און דאָס דעמבלינער פעסטונג מיטן צאַר'ס סאָלדאַטן, וואָס איז שוין לאַנג אַוועק אין דער פאַרגאַנגענהייט צוזאַמען מיטן צאַר און די צאַריצאַ און זייערע צאַרטע טעכטער און דעם קליינעם זון, דעם נאַסלעדניק... און אויך אַ געוואַלטיקע שטיק אידישע געשיכטע האָט אויפגעשטראַלט און אויפגעציטערט אין מיין זכרון...

איטשע גאָלאָמבעק קרעכצט ווייטיקפול אויף אין דער טויטער שטיל־קייט פון זיין גרויסאַרטיקער ברוקלינער היים אויף דער רחבות'דיקער איס־טערן פאַרקוויי. ווי אַזוי פאָרט זיך צוזאַמען זיין געבן צדקה, זיין ברענענדיק אידיש האַרץ, זיינע גרויסע מעשים טובים, זיין מענטשלעכע און נאַציאָנאַלע פערזענלעכקייט, מיט זיינע איצטיקע פינצטערע יסורים פון אַ ראַק אין דער לעבער און מיט זיין מורא'דיקן שטאַרבן? מיטן פאַוואָליעדיקן אַראָפּגריזשן

זיין פלייש פון די צעפייניקטעביינער און קנאָכנס דורך די אייזערנע ציין פון דעם מלאַך המות ?

אַ באַליידיקטער, אַ טיף־געפאַלענער און אַ הילפלאָזער שטיי איך איינ־געקאָרטשעט ביים ראַנד פון זיין אייזערנעם בעט. איטשע גאַלאַמבעק זעט אויס ווי איוב. איוב וואָס ברענגט אַרויס פון זיין ליידנדיקן און לויכטנדיקן פלייש דעם געוואַלטיקן מאַן איוב. איוב וואָס טראָגט איובן אין זיין קרעציקן און פאַרשאָלטענעם לייב. איוב וואָס רעדט אַנטקעגן גאָט מיט פונקט אַזאַ גראַנדיעזן לשון ווי גאָט רעדט צו איובן און ער פאַרענטפערט זיך פאַר אים, פאַרן געשלאָגענעם און מורא׳דיק־געפּרווטן איוב. אָבער איטשע גאַ־לאַמבעק שווייגט. איך זע ווי אַזוי ער קאָרטשעט זיך אין באַליידיקנדיקע יסורים. די מאַסקע פון זיין פּנים איז בלייך און בלוטלאָז און זיינע אויגן זיינען פינצטער ווי די קרעציקע נאַכט. זיין פּנים נעמט אַלץ מער אָן די ענלעכקייט צו זיין טאַטנ׳ס סקולפּטירטן פּנים. וואָס מער ער דערנענטערט זיך צו זיין שטאַרבן, אַלץ ענלעכער ווערט ער צו זיינע אָבות. די שטריכן פון די פאַרגאַנגענע דורות פון זיין פאַמיליע אַנטפּלעקן זיך אויפן פּנים. זיי לויכטן אויף מיט אַ היסטאָרישן עקשנות. ער ווערט צו געשיכטע. ער ווערט צו ריינע אייביקייט. ער ווערט דאָס פּנים און דאָס געשטאַלט פון אַלע אידישע דורות. ער קומט צוריק צום אמת פון לעבן און פון טויט, צו וואָס יעדער איינציק באַשעפעניש מוז דערגיין, אָן חילוק אויף וועלכן וועג אין דער וועלט ער פאַרנעמט זיך. ער זעט שוין איצט אויס ווי יצחק אויף דער עקדה. ווי יוסף הצדיק ווען ער בענטשט זיינע זין און ער גרייט זיך איינגעזאַמלט צו ווערן צו זיין פאָלק. ער ווערט צום געשטאַלט פון אַברהם אבינו, אונדזער גרויסער פּאַטריאַרך...

די ברייטע שרענק אין דער וווינונג זיינען אָנגעפּילט מיט דורות׳דיק־אַלטע, אידישע ספרים. ספרים וואָס זיינען עדות פון דער גרויסער אידישער היסטאָריע. ספרים וואָס זיינען געבליבן שטיין נאָך די אַמאָליקע דורות אידן, נאָך אידישע קולטורן און ישובים. געלע ספרים, מיט פלאַמיק־גאָלדענע אותיות. איטשע גאַלאַמבעק האָט וויל געקענט לערנען. זיין פאָטער האָט אים יינגערהייט געשיקט אין חדרים צו די בעסטע מלמדים און שפּעטער אין די באַרימסטע ישיבות. ער האָט איינגעזאַפּט אין זיין רייכער נשמה די גרויסקייט פון אידישע חכמה און תורה. די עטיק פון תנ״ך און פון תלמוד. די פייערדיקע טיפקייט און די געטלעכע סודות פון קבלה. ער איז געווען אַ גאַנצער, אַ פון לאַנגע דורות־אויסגעקנאָטענער און אויסגעהאַמערטער איד. טאָ פאַרוואָס קומט אים איצט אַזוי פינצטער און גרויזאַם צו ליידן אוממענטשלעכע איוב׳ס יסורים? ווו איז דער זין פון זיין מורא׳דיקן שטאַרבן? און פאַרוואָס הערשט עפּעס אַזאַ בייזע קללה אין דער דאָזיקער משפּחה ? איז עס ריינער צופאַל אָדער האָט דאָס אַ פאַרבאָרגענעם צוזאַמענהאַנג מיט מיין שוועסטער שרה׳לע און מיט איר טראַגישן שיקזאַל ? איז טאַקע פאַראַן אַ

פאַרבינדונג צווישן מענטשלעכע גורלות? זיינען די געשעענישן מיט די מיטגלידער פון אַ משפּחה פאַרבונדן און פון פאַרויס פאַרקניפּט צווישן זיך אַזוי ווי די צווייגן פון אַ בוים זיינען געשלאָסן צווישן זיך דורכן ערדיקן שטאָם פונם בוים?...

אויפן בעט, צופיסנס פון דעם צום טויט־פאַר׳משפּט׳ן איטשע גאָלאַמ־בעק איז געלעגן אַן אָפּענער תנ״ך. איך האָב אַ קוק געטאָן ווו, אין וועלכער שטעלע, דער אומגליקלעכער האָט מיט אַ רגע צוריק אַריינגעקוקט, אוודאי זוכנדיק גייסטיקע טרייסט אין זיין אָפּגרונטיקער פינצטערניש. עס איז גע־ווען אין ספר איוב. איך האָב געטראַכט: איטשע גאָלאָמבעק רעדט צום רבונו־של־עולם מיט די געוואַלטיקע רייד פון איוב, רייד וואָס הויבן זיך אויף אין דער הויך צו גאָט אַזוי ווי אַ שטורעם־ווינט פון פייער:

„איך שריי צו דיר, און דו ענטפערסט מיר נישט,
איך שטיי, און דו קוקסט מיך אָן.
ביזט פאַרקערט געוואָרן אין אַן אַכזר צו מיר,
מיט מאַכט פון דיין האַנט פיינסטו מיך.
הייבסט מיך אויף אויפן ווינט, מאַכסט מיך רייטן דערויף,
און מאַכסט צעגיין מיין קראַפט.
יאָ, איך ווייס, וועסט צום טויט מיך ברענגען,
און צום זאַמעלהויז פון אַלע לעבעדיקע.
אָבער שטרעקט מען נישט אויס די האַנט פון אַ חורבה,
טאָמער וועט דערין זיין אַ הילף פאַרן בראָך?
צי האָב איך נישט געוויינט פאַרן שווער־געדריקטן?
מיין זעל האָט דאָך געקימערט פאַרן אביון.
אָבער איך האָב געהאָפט אויף גוטס,
און שלעכטס איז געקומען;
און איך האָב געהאַרט אויף די ליכט,
און פינצטערניש איז געקומען.
מיינע אינגעווייד קאָכן און רוען ניט;
טעג פון פּיין זיינען געקומען אויף מיר,
פינצטער גיי איך אום, אָן זון;
איך שטיי אויף אין אַ געזעמל און שריי.
איך בין געוואָרן אַ ברודער צו שאַקאַלן,
און אַ חבר צו שטרויספויגלען.
מיין הויט איז שוואַרץ געוואָרן אויף מיר,
און מיין געביין איז צעברענט פון היץ.
און געוואָרן צו טרויער איז מיין האַרץ,
און מיין פלייט צו אַ קול פון געוויין״.

(„ספר איוב״, קאַפּיטל ל׳, יהואָש־איבערזעצונג.)

איך בין שפּעט ביינאַכט אַהיימגעגאַנגען. די וואָלקנס אויפֿן הימל זיינען געווען צעריסענע, ווי פֿינצטערע הענט וואָלטן זיי צעפּליקט מיט צאָרן. די לבֿנה איז געשטאַנען אַזוי ווי אַ פֿאַרבלוטיקט אויג פֿון אַ שיכור׳ן מלאך וואָס האָט זיך צעשלאָגן אין קרעטשמע מיטן מלאך המוות, און האָט אַראָפּ־געקוקט אויף דער ערד, אויפֿן טאָל פֿון מענטשלעכע יסורים. אין גרויער איינזאַמקייט בין איך געגאַנגען דורך די נאַכטיקע גאַסן, אַ צעשלאָגענער פֿון ווינט, פֿון שטורעם בייז געפּאַטשט און פֿון דער קאַלטער נאַכט פֿאַרשעמט און באַליידיקט...

אין עטלעכע טעג אַרום בין איך געזעסן אין אַ געררוימען זאַל פֿון אַ „לוויה־היים" אַרום צענטראַל פּאַרק וועסט, אין ניו־יאָרק. עס איז פֿאַרגע־קומען די לוויה פֿון איטשע גאָלאָמבעק. אין קאַסטן איז געלעגן דאָס אויסגע־לאָשענע פֿלייש און דאָס שטיין־פֿאַרגליווערטע, פֿרעמדע פּנים פֿון איינעם אַ איד וואָס האָט זיכער נישט מיט זיינע מעשים פֿאַרשעמט זיינע עלטערן. עפּעס ווייטע משפּחה־געשיכטעס האָבן געהויערט אין מיין מוח, בשעת דער ראַביי האָט געלייענט דאָס צוויי־און־צוואַנציקסטע קאַפּיטל תּהלים...

---

און צלבה? ווו איז אַהינגעקומען דעם זיידענ׳ס טאָכטער צלבה, אַ באַהאָנגענע מיט צירונג, אַ קאָקעטישע און פֿאַרפּירערישע אַזאַ? וואָס איז מיט איר געשען?

מיט אַרום צען יאָר צוריק איז פּלוצלינג געקומען קיין אַמעריקע די מומע צלבה, דעם טאַטנ׳ס אַן עלטערע שוועסטער. זי איז געקומען קיין ניו־יאָרק פֿון האָנדוראַס, ווו זי האָט געוווינט אַ סך יאָרן. איר מאַן, מאיר־מענדל, וואָס האָט געהאַט אַ הילצערנעם פֿוס, איז שוין זינט לאַנג צוריק געהאַט געשטאָרבן. צלבה איז געווען אַ מאַמע פֿון עטלעכע קינדער וואָס האָבן שוין אויך געהאַט חתונה געהאַט. איר עלטסטער זון האָט גענומען פֿאַר אַ ווייב, אַזוי ווי איר שוועסטער פֿעליציאַ׳ס זון, אַ גוי׳אישע שנור וואָס גייט אין דער קאַטוילישער קירכע יעדן זונטיק און סטרויעט אויס מיט אַ פּייערלעכן כאַינקע־בוים איר שטוב, אין דער קריסטמעס־נאַכט. אָבער זי פּראָוועט פֿונדעסטוועגן אָפּ דעם סדר אויך... צלבה׳ס טאָכטער האָט חתונה געהאַט מיט אַן אָפֿיציר וואָס דינט פֿערמאַנענט אין דער אַרמיי. צלבה זעט קיינמאָל נישט איר טאָכטער און אירע אייניקלעך, ווייל זיי זיינען תּמיד מיטן טאַטן, ערגעץ אין די קאַזאַרמעס. צלבה׳ס ייִנגסטער זון האָט געלערנט אין דער ישיבֿה און איז דווקא געווען אַ פֿאַנאַטיש־פֿרומער ייִנגערמאַן. אָבער פּלוצלינג איז ער עפּעס אויך אַראָפּ פֿון דרך הישר...

די מומע צלבה איז געקומען דאָ זוכן אַרבעט. זי האָט געוואָלט זיין אַ קעכין אין אַ רעסטאָראַציע. זי האָט געוואָלט דאָ באַרגן געלט ביי דער משפּחה און צוריק אויפֿשטעלן אַ רעסטאָראַציע, וואָס זי האָט געהאַט אין האָנדוראַס. זי איז דאָ געקומען וווינען ביי איר מאַנס אַ ברודער, אַ געמב־

לער, ווען זי האָט הונדערט מאָל גערעטעוועט דאָס לעבן, אַזוי האָט זי דערציילט. אָבער, נאָך אַ קורצער צייט אַרומבלאָנזשען אין ניו־יאָרקער דזשאָנגל, האָט זי באַשלאָסן צוריק אַהיים צו פאָרן. די היגע קרובים האָבן קוים צונויפגעשלעפּט פאַר איר אויף אַ טיקעט אַהיים. ווי געווײנלעך, האָבן זיי זי באַרעדט און באַקליידט... פון איר געגנוג מאָדנעם כאַראַקטער איז אויסגעוואַקסן אַ געשטאַלט פון אַן אומהיימלעכער, גראָטעסקער פאַר־שווינטע...

איך בין יעדן טאָג געקומען אין האָטעל־צימערל כדי צו זײַן מיט מײַן מומע צלבה. איך האָב זי צום סוף באַגלייט צו דער שיף אין ניו־יאָרקער האַפן. זי האָט געווײנט און געיאָמערט מיטן אוראַלטן געוויין און געיאָמער פון אונדזערע האַרציקע מאַמעס, מומעס און באָבעס. די גאַנצע צייט וואָס איך בין מיט איר געוועזן, האָב איך געהאַלטן אין איין קוקן אויף מײַן מומען. איך האָב זי אָנגעקוקט פון אַלע זייטן און איך האָב מיט הונגער געזוכט אין איר די שפּורן פון מײַן זיידענ׳ס הויז, דאָס געשטאַלט און כאַ־ראַקטער פון מײַן באָבען... זי איז דאָך געווען מײַן טאַטנ׳ס שוועסטער, און זי האָט געהאַט דעם טאַטנ׳ס בלויע אויגן. איך האָב אין איר געזוכט אַ שטיק היסטאָריע פון מײַן טאַטנ׳ס משפּחה. אין איר אופן רעדן האָב איך טאַקע געהערט ווי עס רעדן אידישע דורות אין פּוילן. אין יעדער וואָרט איז געווען אידישער חן, אידישער פאָלקלאָר און אידישע געשיכטע. אין מײַן טאָג־בוך פון יענער צייט האָב איך יעדער נאַכט פאַרשריבן אַ סך בלעטער מיט שפּריכווערטער און מיט מעשיות... פונדעסטוועגן בין איך ווייניק געוויר געוואָרן פון איר אייגן לעבן. פון זיך אַליין האָט זי דווקא נישט צופיל גערעדט...

איך האָב אין די אַלע יאָרן אין דער היים געהערט דערציילן פון אַ הויכער און אַ בילד־שיינער פרוי וואָס האָט אין איר צייט פאַר׳כישופ׳ט די מענער אין שטעטל; וואָס האָט פאַרפירט יעקב׳ן און אים אָפּגערעדט פון מײַן שוועסטער שרה׳לע. איך האָב געהערט פון אירע ליבעס מיט שרײַבער און גאַיאָוויס אין דעם זיידענ׳ס וועלדער. אויך פון אירע ראָמאַנסן מיט צאַרישע אָפיצירן אין פעסטונג... איך האָב געהערט אַז אין די שפּעטער־דיקע יאָרן, אין וואַרשע, האָט זי געהאַט אַ סאַלאָן, ווו עס האָבן פאַרקערט וויכטיקע סוחרים פון גאַנץ קרוינפּוילן און אויך מענער פון דער וואַר־שעווער אינטעליגענץ. אין איר רײַכער שטוב איז געשטאַנען אַ גרויסע פּאָרטעפּיאַנאָ. אמת, אַלץ וואָס זי האָט באַזעסן אין שטוב און אַפילו אירע שיינע קליידער און צירונג, זײַנען געווען אויסגענאַרטע און אָנגעבאָרגטע. ווען די קרעדיטאָרן און בעלי־חובות פלעגן קומען מאָנען די חובות פאַר קליידער, שפּייז, וויין און אַפילו דירה־געלט, פלעגט די מומע צלבה זיך באַהאַלטן אין דער גרויסער שאַנק און פון דאָרט אַרויסשרייַען צו אירע דינסטן אַז מען זאָל אָנזאָגן אַז זי איז אַוועקגעפאָרן קיין זאַקאָפּאַנע... . זי

האָט אויך איצט, שוין נאָך דער חתונה מיט מאיר־מענדלען און שוין זייענדיק אַ מוטער פון פיצלעך קינדער, ווי מיין טאַטע האָט אַלע יאָרן דערציילט, גע־פירט ליבעס מיט אַ סך מענער הינטערן מאַנס פּלייצעס. זי האָט געפירט ראָמאַנסן און געלייענט ראָמאַנען אויך. נאָך פון דעם זיידענ׳ס הויז האָט זי געגאָלטן אַלס אַ באַלעזענע פרוי, וואָס האָט געלייענט באַלזאַקן און סטענ־דאַלן אין אָריגינאַל...

ווען דער טאַטע פלעגט פאָרן צוגאַסט קיין וואַרשע, פלעגט ער איינ־שטיין ביי דער מומע צלבה און ער, מיט זיין געוויינלעכער נביאישער שטרענגקייט, מיט זיין פאַנאַטישער מאָראַל, פלעגט איר שעלטן און זידלען פאַר אַלעמען אין די אויגן. ער פלעגט אָפן און ברוטאַל אָפּזוגן אירע מעשים און זי געפינען שולדיק אין פאַרשווענדערישקייט און הולטייסטוואָ... דער טאַטע פלעגט אַריינפאַלן אין אַזאַ שרעקלעכן גרימצאָרן אַז ער פלעגט באַ־פאַלן זיין שוועסטער און צערייסן אויף איר דאָס קאָסטבאַרע קלייד, וואָס זי האָט גענומען פון באַרימטע וואַרשעווער קליידער־פירמעס אויף באָרג...

די מומע צלבה האָט מורא געהאַט פאַרן טאַטן ווי פאַרן טייוול. זי פלעגט בלויז שטילערהייט וויינען און בעטן צו דעם וואָס לעבט אייביק אַז דער טאַטע זאָל וואָס גיכער צוריק אַהיים פאָרן אין זיין שטעטל...

ווי געזאָגט, די מומע צלבה האָט באַוויזן צו לעבן אַ רייך און ראָמאַנטיש לעבן אויף יענעמ׳ס חשבון. זי האָט געהאַט קריסטלעכע דינסטן און באַדינער אויך און אירע געליבטע האָבן געצאָלט פאַר די בעלער אין איר הויז; פאַר די באַזוכן אין די טייערסטע קאַבאַרעטן און פאַר בילעטן צו טעאַטער־פאָרשטעלונגען. זי האָט פאַרבראַכט איר לעבן אין דער דאַ־ראָשקע, אין צוקערניעס, אין אָטוואָצקער און פאַלעניצער קור־הייזער. וואַרשע איז געווען נישט נאָר אַ שטאָט פון תורה און אידישקייט, נייערט אויך פון לוסט, לוקסוס און אויסגעלאַסנקייט. די מומע צלבה איז ווי געבוירן גע־וואָרן פאַר דער שטאָט וואַרשע. ווען זי איז געגאַנגען אויף דער גאַס, האָב מענער זיך געמוזט אָפּשטעלן און מיט תּאווה׳דיק־אָנגעצונדענע אויגן נאָכ־קוקן איר פאַרפירערישע פיגור. זיי האָבן זיך נאָכגעפרעגט ביי די פאַרביי־גייערס ווער עס איז די „פאַריזער אַריסטאָקראַטקע״... ווען זי פלעגט גיין ביינאַכט איבער די גאַסן, פלעגט איר צירונג קאָנקורירן מיט די שטערן אין פינצטערן הימל...

אָבער אין דעם אָרעמען און פאַרקאָפּטשעטן האָטעל־צימערל אין מאַנ־העטן איז איצט, אין דעם הערבסט פון איר לעבן, נישט געווען קיין פאַריזער אַריסטאָקראַטקע, נייערט אַן אַלטע און איינזאַמע אידענע. איר פּנים איז געווען שטאַרק געקנייטשט און פאַרוויאַנעט. די הויט פון איר פּנים איז געווען פינצטער פון זינד און פון קריינקונג. אירע אויגן וואָס האָבן אַמאָל געלויכטן „ווי גרויסע בריליאַנטן״, צו רעדן מיט דער שפּראַך פונם נאָוועליסט, זיינען שוין איצט געווען מידע און אויסגעלאָשענע. ווו איז

געווען איר פיל־געליבטע שיינקייט ? ווו איז אַהינגעקומען איר פאַרפירעריש־קייט ? ווער האָט אויסגע׳שרפה׳ט אין איר טרויעריקן פלייש די לוסט און ווער האָט פאַרצערט און איינגעביסן מיט אייזערנע ציין אירע תאוה׳דיקע גלידער, וואָס זיינען געווען דער חלום פון דאָן זשואַנען און לעבע־יינגען ? . . .

איך האָב געטראַכט די אוראַלטע טראַכטעניש : אַלע מענטשן, אַפילו די שענסטע, די העכסטע און די סאַמע שטאָלצטע, ווערן אומ׳ברחמנות׳דיק אויסגעקרימט און איינגעבראָכן. זיי בויגן זיך נידעריק איין און זיי בוקן זיך צו דער ערד, ווי זיי וואָלטן איר אָנרירן מיט די ליפּן און, ציטערנדיקע ווי טונקעלע שאָטנס, קושן זיי דעם שטיין און דעם שטויב פון זייער לעצטן ערדישן געלעגער.

אָבער עס איז פאַר מיר דאָך געווען אַ געוואַלטיקע סענסאַציע און אַ טיפע איבערלעבעניש דאָ צו זיצן אין די נעכט און צו זיין נעבן מיין מומע צלבה, וועמענס גייסט, מיר האָט זיך געדאַכט, איז געקומען פון יענער וועלט כדי מיך צו אַמוזירן . . . איך קען זאָגן אַז איך בין געווען הונגעריק נאָך איר געשטאַלט. זי איז געווען אַזוי ווי דער לעצטער צווייג אויפן בוים פון מיין טאַטנ׳ס משפחה. איך האָב געהאַט אַ פאַרלאַנג דורך איר נשמה ווידער אַריינצוקוקן אין דעם פּילפּאַרביקן הויז פונם זיידען ר׳ לייבוש יואל׳קעס. איך האָב פשוט געהונגערט צוריקצוגיין דורך דורות און צייטן און איבערלעבן אויפדאָסניי דאָס שוין לאַנג פאַרגעסענע און פאַרגאַנגענע לעבן. איך האָב זיך צו איר געטוליעט און אָנגערירט מיין אייגענעם שטאַם און מיין אָפּשטאַם מיט יענעם ברענענדיקן גייסט־הונגער וואָס קען נישט באַשריבן ווערן מיט דער אָרעמקייט פון מענטשלעכן לשון. האָט איר דער זכרון נישט מער געדינט ? זי האָט מיר איצט ווייניק געקענט דערציילן פון איר לעבן, פון אירע ליבעס און פון דעם זיידענ׳ס פּאַלאַץ. זי איז איצט פאַקטיש געווען אַ מענטשלעכע חורבה. זי האָט געקוקט אויף מיר ווי אַן אַלטע סאָווע, וואָס קוקט אַרויס פון דער נאַכט מיט אויסגערונענע אויגן פון עלנט און מיט אַ צעבראָכענעם פּנים פון אַ זקנה . . .

נישט האָבנדיק קיין געלט אויף די הוצאות אַהיים קיין האָנדוראַס און הערנדיק אַז די היגע קרובים באַרעדן זי און באַרגן איר נישט געבן אויס די פאַר הונדערט טאַלער אויפן טיקעט, האָט זי געפּרוווט אָפּטון אַן עסק וואָס האָט געשמעקט מיט עפּעס פון אירע אַמאָליקע מעשים. זי האָט מיר איינגערעדט אַז זי האָט אַ טייער רינגל וואָס זי וואָלט וועלן פאַרזעצן אין אַ היגן לאָמבאַרד פאַר אַ לייטישער סומע, כדי זי זאָל נישט דאַרפן צו קיינעם אָנקומען . . . איך האָב איר געבראַכט צו מיינס אַ באַקאַנטן יו־ועליר. זי האָט אים געוויזן אַן אַלטפרענקיש רינגעל מיט אַן אויסגע־לאָשענעם איידלשטיין, וואָס איז שוין געווען מיד צו פינקלען. זי האָט גע־פּאָדערט אַן אוממעגלעכע געלט־סומע פאַרן דאָזיקן בידנעם רינגעל . . .

דער יוּוועליר זאָגט מיר אין אַ צייט אַרום:

— אייער מומע מיינט אַז די ניו־יאָרקער יוּוועלירן זיינען פּשוטע אי־דיאָטן... דאָס רינגעל איז אפילו נישט ווערט געווען קיין דריטל פון דעם געלט וואָס זי האָט פאַרלאַנגט...

פון איר זייט האָט די מומע צלבה מיר פאַרזיכערט אַז מיין פריינט דער יוּוועליר איז אַ פּשוט׳ער שווינדלער. אַז ער האָט ביי איר געוואָלט אויסנאַרן דאָס טייערע רינגעל פאַר אַ שיבוש...

אָבער אפילו דאָס דאָזיקע בידנע און צעקנייטשטע רינגעל איז אויך נישט געוואַקסן אויף איר אייגענעם היימישן מיסט.

ווען די שיף האָט זיך פאַוואָליע דערווייטערט פונם ברעג און די שטאַרקע כוואַליעס אין דעם ווינטיקן וועטער, אַזוי ווי שטיקער צעבראָכענע פּערלמוטער, האָבן זי גענומען אַלץ האַסטיקער טרייבן און שלאָגן, בין איך לאַנג געשטאַנען ביים ברודיקן וואַסער, ווּעמענס גלאַנציקע און אויליקע פלעקן האָבן אויסגעזען אַזוי ווי מיניאַטורישע מאַפּעס פון ווייטע לענדער... איך האָב זיך שטאַרק אָנגעשטרענגט, גאָרנישט מעשה העלד, פון אויסברעכן אין אַ פּראָסטן געוויין. די מומע צלבה האָט אין אָנפאַנג אויך נישט געוויינט. אָבער פּלוצלינג איז עפּעס געשען: אירע אויגן האָבן אָנגעהויבן צו שטראָמען מיט געזאַלצענע טרערן, וואָס האָבן אַזוי ווי אַ גאַנץ לעבן געוואַרט אויפן דאָזיקן מאָמענט. די טרערן האָבן פאַרגאָסן אַלע צייט־שניטן פון איר גרימירטער הויט. ווען איך האָב דאָס דערזען, האָט אויך זיך פון מיינע אויגן אַ גאָס געטאָן אַ שטראָם מיט טרערן...

די מומע צלבה איז איצט געוואָרן אַלץ קלענער, אַזוי ווי אַ קליינע איינגעשרומפּענע סאָווע וואָס האָט אין די וויסטע חורבות פאַרלוירן אַלע אירע פעדערן... די שיף האָט זיך שיכור געוואַקלט און זי האָט מיט זיך שוין אויף אייביק אַוועקגעפירט דעם לעצטן מיטגליד פון מיין טאַטנ׳ס משפּחה: ר׳ לייבוש יואל׳קעס טאָכטער צלבה. מיר האָבן זיך לאַנג, לאַנג עקשנות׳דיק אָנגעקוקט, ביז די דיסטאַנץ האָט פאַרנעפּלט, האָט און מיד און בלינד געמאַכט אונדזערע אויגן...

אויפן ווייך־טיולענעם הימל איז אויפגעגאַנגען אַ קלאָר־געוואַשענע דאָס איידעלע פּנים פון דער לבנה, אַזוי ווי דאָס פּנים פון מיין שוועסטער שׂרה׳לע, ווּעמענס טרערן זיינען געפאַלן ווי גליענדיקע טראָפּנס איבער מיר און האָבן נאָס געמאַכט מיין האַרץ...

איך האָב נאָך לאַנגע שעה׳ן אַרומגעבלאָנדזשעט אין די געסלעך פונם האַפן... איך בין געווען טרויעריק און שיכור פון די געשעענישן פון לעבן... אמת, צייט מאַכט אַלט און פאַרקרימט די פיזישע געשטאַלטן. אָבער די כראָניק און די געשעענישן פון לעבן זיינען אייביק־פרישע, ווי ערשט־נעכטן געשעענע, צום נאָוועליסט און צום שרייבער פון זכרונות...

---

# אַ האָטעל אין וואַרשע

דער זיידע ר׳ לייבוש יואל׳קעס האָט געהאַט צוועלף קינדער ווי די צוועלף שבטים: זעקס זין און זעקס טעכטער. אויך מיין טאַטע, זיין עלטסטער זון אַברהם מרדכי (מאָטל), האָט געהאַט צוועלף קינדער: זיבן זין און פינף טעכטער. איך טראַכט איצט אַז די גרויסע משפחות זיינען נישט געווען קיין צופאַל אין גאַנג פון דעם אידישן לעבן. די גרויסע משפחות האָבן געדעקט דעם פאַרלוסט פון אידישע לעבנס אין דער אידישער געשיכטע. די היגיענע, דאָס געזונט, די ריינקייט פון פאַמיליען־לעבן און די פּרוכטבאַרקייט פון אידישע מאַמע׳ס האָבן גאַראַנטירט אידישן קיום און האָבן מיט אַ געוואַלטיקן עקשנות געפירט אידישע דורות אין דער אייביקייט אַריין. —

פעליציאַ האַניגספעלד איז געווען דאָס צווייטע קינד און אויך אפשר די שענסטע און די גרעסטע טאָכטער פון ר׳ לייבוש יואל׳קעס און דער באָבע רייזל. דאָס הויז ווו זי איז פון קליינערהייט אָן דערצויגן און אויסגעוואַקסן געוואָרן, ווי איך האָב וועגן דעם שוין געשריבן, איז געווען דאָס שענסטע און דאָס רייכסטע הויז פונם שטעטל מאָדזשיץ, וואָס מען האָט אויך גערופן איוואַנגאָראָד און דעמבלין. פון דעם אַמאָליקן נידעריקן הייזל מיט אַ שטרויענעם דאַך ביים ברעג פון דער ווייכסל איז איצט געוואָרן אַ גרויסער פּאַלאַץ, אין וועלכן עס האָבן געקיניגט די מוטער רייזל מיט אירע זעקס שלאַנקע און שיין־געוואַקסענע קראַסאַוויצעס.

ווען איך בין געקומען צוזאַמען מיט מיין טאַטן קיין וואַרשע, כדי אָפּצופאָרן קיין פּאַריז, זיינען מיר אַ וואָך צייט איינגעשטאַנען ביי דער מומע פעליציאַ האַניגספעלד. מיר זיינען פאַקטיש איינגעשטאַנען אין מיין מומע פעליציאַ׳ס וואַרשעווער האָטעל, אויף די טומלדיקע אידישע נאַלעווקעס. די גרויסע און רחבות׳דיקע וווינונג איז אַמאָל, יאָרן פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, געווען די פּריוואַטע היים פון מיין מומע פעליציאַ מיט איר מאַן, ווען זיי זיינען נאָך געווען רייך און אָנגעזען אין געזעלשאַפט און דאָס לעבן איז דאָ געווען ראַסקאָשנע און פאַשווענדעריש. ווען איך בין געווען אַ קליין אינגעל, פלעג איך הערן רעדן אין אונדזער שטוב וועגן פעליציאַ׳ס מאַן, וואָס האָט געהאַט אַ שניידער־ווערקשטאַדט. דער טאַטע האָט וועגן חיים האַניגספעלד גערעדט מיט אַ סך שנאה און ליידנשאַפט. פאַקטיש איז דער טאַטע געווען ביי אים אָנגעשטעלט מיט אַלע זיינע דערוואַקסענע קינדער. חיים האַניגספעלד, ווערדליג די דער־ציילונגען פון זיין אופן באַהאַנדלען מיין טאַטן מיט זיינע קינדער, האָט געמוזט זיין אַ ביטערער מענטש און אַ היפשער עקספּלואַטאַטאָר. די אַרבעטס־באַדינגונגען זיינען אויך געווען גאַנץ טרויעריקע. מיין טאַטע איז געווען ווייט פון צו זיין אַ באַוווסטזיניקער רעוואָלוציאָנער. ער

האָט געהאַט וויניק סימפּאַטיע פאַר אַרבעטער. ער האָט פּאַקטיש גע־האַלטן אַז גאָט באַשערט די רייכע — עשירות, און די אָרעמע לייט — אָרעמקייט. פונדעסטוועגן האָט ער וועגן דעם פאַבריקאַנט, זיין שוואָגער חיים האַניגספעלד, גערעדט מיט אַ צאַרנדיקן לשון וואָס האָט מיך דער־מאָנט אַז עס איז געווען די צייט פון דער רוסישער רעוואָלוציע, אין 1905טן יאָר. און אַז אומפאַרמיידלעך איז דער טאַטע געווען באַ־איינפלוסט פון דער אַרבעטער־טערמינאָלאָגיע אין יענער צייט. די מאַמע מיינע האָט געהאַט די אייגנשאַפט פון אַ צדיקות: זי האָט קיינמאָל קיי־נעם נישט באַרעדט. אָבער זי פלעגט תמיד, ווען מען פלעגט רעדן וועגן חיים האָניגספעלדן, טאָן אַ שטילן זיפץ... דאָס איז געווען אַ פּאַ־סיווע איינשטימיקייט צום טאַטנ׳ס שילדערן פון דער ביטערער לאַגע, ווען זיי זיינען געווען פאַרשקלאַפט צום ברוטאַלן פאַבריקאַנט. נאָכדעם ווי חיים האָניגספעלד איז אין די ערשטע יאָרן פון דער מלחמה גע־שטאָרבן פון טיפוס, און ווען די ערשטע וועלט־מלחמה האָט פאַרניכטעט איר גאַנץ אָנגעזאַמלטן פאַרמעגן, האָט די מומע פעליציאַ נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה ווי איר שיינע און רייכע ווינונג צו פאַרוואַנדלען אין אַ האָטעל. בייטאָג פלעגט זיך דאָ טומלען ווי אויף אַ יאַריד. ביז דריי און אַפילו פיר אַזייגער פאַרטאָגס איז מיין מומע, די מאַדאַם פעליציאַ האָניגספעלד, געווען וואַך. און שפּעט ביינאַכט ערשט, נאָכדעם ווי אַלע געסט און אירע קינדער האָבן שוין גערוט, פלעגט זי זיך די לעצטע לעגן שלאָפן און אַריינגעשלאָפן אויפן גבירישן אופן, ביז אַרום דריי אַזייגער נאָכמיטאָג, ווען דער גרויסער וואַרשעווער טאָג האָט שוין כמעט אָנגעהויבן צו צאַנקען. ווען זי פלעגט אַרויסגיין פון איר שלאָף־צימער כדי זיך צוצוגרייטן די טואַלעטע, און שפּעטער זיך אָנטאָן דאָס לאַנגע און טונקעלע אָוונט־קלייד, ווי אַ גראַפיניע, ווייל עס האָט שוין איבער די רוישיקע וואַרשעווער גאַסן געשמעקט מיט די טונקל־זיידענע פעדים פון פוילישן אָוונט; ווען זי פלעגט דערשיינען פאַר די געסט ווי אַן אויסגערוטע קייסערינע און זי האָט אָנגעהויבן קעניגלעך צו פּאַראַ־דירן איבער די גערוימע צימערן פון איר האָטעל, האָט מען גלייך גע־קענט דערקענען אַז מאַדאַם פעליציאַ האָניגספעלד איז אַ גרויס־וועל־טיקע דאַמע, אַ געבוירענע אַריסטאָקראַטקע, לויט איר שלאַנקער און שטאָלצער פיגור, לויט אירע רייכע קליידער וואָס האָבן געקענט דערציילן די שטאָלצע עפּיק פון עשירות און לויט איר גאָלדענע און בריליאַנטענע צירונג, מיט וועלכער זי האָט זיך נישט געקענט שיידן אַפילו אין די ביטערע יאָרן פון מלחמה און הונגער. אויך לויט אירע איינגעבוירענע נאָבעלע מאַניערן און לויט דעם אופן פון ריידן. נאָענטע פריינט, אַריינגייער אינם הויז זינט אַ סך יאָרן און אויך געסט וואָס זיינען פריער געווען איר מאַנ׳ס קונים, פון גאַנץ קרוינפוילן, און אַפילו

פון אויסלאַנד, האָבן ווויל געוווסט פון איר יחוס, איר רעפּוטאַציע און האָבן גערעדט צו איר מיט רעספּעקט, אָפּשאַצנדיק איר ווערט און איר ווירדע.

פעליציאַ האַנגיספעלד, צו דער צייט ווען איך און מיין פאָטער זיינען ביי איר איינגעשטאַנען גאַנצע זיבן טעג און נעכט, איז שוין געווען אַ פרוי פון אַ יאָר פונפציק, מיט אַ הויכן אַריסטאָקראַטישן בוזם און אַ היפּשן גוידער, וואָס האָט איר צוגעגעבן חשיבות אין איר אויסזען. זי האָט נאָך אַלץ אויסגעזען ווי אַ נאָבעלע דאַמע פונם רייכן קלאַס. ביי איר אין די ריזיקע שטובן האָבן זיך אַרומגעדרייט גאַנצע זעקס געשטאַלטנע טעכטער, הויכע ווי די אַמאַזאָנקעס פון פּאַרצייטנס. פינף טעכטער זיינען געווען אירע אייגענע, פון איר ערשטן מאַן, ווי אויך די צוויי זין. די זעקסטע טאָכטער, אַביסל אַ אַנעמישע, אַן אויסגעדאַרטע און אַ גרינגע פלאַנץ פון אַ קוים פערצן־פונפצן יאָריק מיידל, פּאַקטיש אין מיין עלטער, איז געווען פון איר צווייטער חתונה מיטן הער דוד אייזענשטאַדט, אַ באַ־וווסטן וואַרשעווער סוחר. דאָס דאַזיקע מיידל האָט געהייסן ראַכעליאַ און איך קליינטשיק קעפּל האָט תמיד געברענט אַזוי ווי אַן אָנגעצונדענער רויזן־בוקעט, מיט געקרויזלטע, גילדענע לאָקן. דאָס רייכע גאָלד פון אירע צעשויבערטע האָר האָט רעפלעקטירט אויף איר מאָגערן און דינטשיקן קעפּל, וואָס איז געווען זייער איידל געשניצט. זי האָט, ווי מען זאָגט, אַנטשפּראָכן מיין אידעאַלן מאָדעל צו יענער צייט, פון אַ ביסל אַ קראַנק־האַפטער, טרויעריקער מיידל. איך בין פשוט אויסגעגאַנגען פאַר אירס אַ בליק... איך האָב זיך מיט איר שנעל באַפריינדעט און עס איז געבוירן געוואָרן צווישן אונדז אין די געציילטע טעג פאַר מיין אויף איביק אַוועקפאָרן פון פוילן אַ געהיימע ליבשאַפט, אַ שטילער ראָ־מאַנס... עס זיינען אָבער צום באַדויערן נישט איבערגעבליבן קיין גענוג טעג און נעכט צו אַנטוויקלען די דאַזיקע איידעלע פריינט־שאַפט. ראַכעליאַ האָט מיך געפירט אין זאַקסישן גאָרטן, וווּ די ביימער האָבן שוין אָנגענומען די פאַרב פון קופּער און די בלעטער האָט שוין דער הערבסט געהאַט איינגעביסן מיט זיינע דינע גאָלדענע ציין. ראַכעליאַ האָט מיך אויך געפירט צו דער ווייכסל, וועמענס זאַמדיקע ברעגן די כוואַליעס, האָבן שוימיק אַרומגעוואַשן מיט זייערע מידלענעס. אין וואַרשע זיינען, געדענק איך, נאָך געשטאַנען הייסע און שטיקנדיקע טעג פון שפּעטזומער. מער ווי געציילטע און נאַאיווע קושן האָב איך נישט באַוויזן אָפּצושטעמפּלען וואַרעם און פּאָרזיכטיק אויף ראַכעליאַס טייערן און דינק־געשניצטן פּנימל, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ גרויסע און פּיל־קאָלירטע בלום. ראַכעליאַ איז געווען אַ האַלבע יתומה. זי האָט אַביסל געליטן אין דער נייער היים, צווישן די פינף שוין דערוואַקסענע טעכטער פון איר שטיפמוטער פעליציאַ, וועמענס קינדער זיינען דערצויגן געוואָרן אין

אַ גבירישן הויז און זיי האָבן איצט געהאַט אַ לאָגישן גרונט צו זיין אַביסל אומגליקלעך און פאַרביטערט צוליב די מלחמה איבערלעבנישן, אָרעמקייט, הונגער און קראַנקהייטן. זיי האָבן אָפט אויסגעלאָזן זייער אומצופרידנקייט צו זייער קליינעם שטיפשוועסטערל ראַכעליאַ.

בייטאָג, ווי שוין געזאָגט, איז מען אין דעם „האָטעל וואַרשע" געשלאָפן נאָך דער לאַנגער וואַך־נאַכט. ערשט אַרום פאַרנאַכט האָט זיך ווידער אָנגעפאַנגען דער לעבנס־טומל, דער רעש און דער ראָמאַנס אין די געראַמע צימערן פונם האָטעל. עס זיינען דערשינען רייך־אויסגעשלייערטע אין זיידענע אָוונט־קליידער און אין פינקלענדיקע צירונג מאַדאַם פעליציאַ האַניגספעלד און אירע זעקס טעכטער. אירע טעכטער זיינען געווען פאַרשידנאַרטיקע, אַזוי ווי זיי וואָלטן רעפּרעזענטירן פאַרשידענע שטופן און שטאַמען אין דער לאַנגער גענעאַלאָגישער קייט פון דער פאַמיליע, אַזש ביז הישפּאַניען, פונוואַנען עס זאָל האָבן אָפּגעשטאַמט זייער ווייטער עלטער־עלטער־זיידע, אַ לעגענדאַרישער צירונגס־הענדלער, וואָס האָט צוגעשטעלט ביזשוטעריע צו די קעניגלעכע הייף פון אייראָפּאַ.

די געסט זיינען דורכן טאָג געווען פאַרנומען מיט זייערע כלערליי מסחרים. אָבער אין די נעכט פלעגט מען זיך פאַרזאַמלען און זיך אַוועקזעצן אין דער הויפּט־סאַליע, ביים לאַנגען און קעניגלעכן טיש, וואָס איז איבערגעדעקט געוואָרן מיט אַ רייך־געוועבטן, גאָלדיק־פּעדימדיקן טישטוך, אַזוי ווי אַ זוניק פּויליש פעלד, פול מיט אָנגעצונדענע קוויאַטן. עס האָט זיך איצט אָנגעהויבן אין „האָטעל־וואַרשע" דאָס ראָמאַנטישע נאַכטלעבן...

אמת, קיין זילבער־שוימיקער שאַמפּאַניער האָט זיך דאָ נישט געגאָסן פון די טיפענישן פון גילדענע כוסות און פון קרישטאַל־פינקלענדיקע גלעזער. דערפאַר זיינען סערווירט געוואָרן שטאַרקע גלעזער טיי, מיט צוקער און מיט רעפּטלעך ציטרין, וואָס דאָס איז אויך געווען אַ היפּשער לוקסוס אין די נאָך פרישע־פאָסט־מלחמה־באַדינגונגען און וואָס האָבן טאַקע דערמאָנט אין פאַר'מלחמה'דיקע גבירישע הייזער אין וואַרשע. די מערסטע געסט און סתם־באַזוכערס זיינען געווען צוגעשמידט צו דער מאַגנעטישער פּערזענלעכקייט פון מאַדאַם פעליציאַ האַניגספעלד. זי האָט, ווי שוין דערמאָנט, באַזעסן דעם חן פון די גרויסע דאַמען ערב דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. אָדער פון די אידעלע, קלוגע, גראַציעזע און שיינע טעכטער פונם פילאָזאָף מאָזעס מענדעלסאָן, וואָס האָבן אין זייערע היסטאָרישע סאַלאָנען אונטערגעהאַלטן די קלאַסיש־ראָמאַנטישע דייטשע דיכטער, דענקער און טעאָלאָגן. קיין צופיל קולטור, ווי מיר דאַכט זיך, האָט מאַדאַם פעליציאַ האַניגספעלד דווקא נישט באַזעסן. זי

האָט אָבער באַזוסן די זעלטענע אייגנשאַפט פון קענען שווייגן אויף אַ געהיימנישפולן אופן, אַזוי ווי זי וואָלט געשטאַנען פאַר אַ שפּיגל, פאַר איינעם פון די זעלטענע שפּיגלען פון איר פאָטער׳ס ר׳ לייבוש יואל׳קעס הויז, און זי וואָלט טיף געטראַכט און אָבסערווירט איר אייגענע גאָלדענע פערזענלעכקייט... עס איז גאָרנישט נויטיק, דאַכט זיך מיר, פאַר דער גרויסאַרטיקער סאַלאָן־דאַמע צו זיין איבערטריבן־באַריידעוודיק און הויך־אינטעלעקטועל. מאָס און טאַקט איז דאָ פיל וויכטיקער ווי געשמאַקלאָזער עקסהיביציאָניזם. די גרויסע דאַמען פון די וועלט־באַרימטע סאַלאָנען האָבן העכסט־וואַרשיינלעך ווייניקער גערעדט און מער געשוויגן. אַ שמייכל פון מאַדאַם רעקאַמיער האָט אוודאי טיפער אינספּירירט אַזאַ ריזיקן אינטעלעקט ווי שאַטאָבריאַן איידער הויכע קולטור. פּונקט אַזוי האָט אַזאַ גייסטיקער ריז ווי געטע געמוזט ווערן מער היפּנאָטיזירט פון דראַמאַטישע מענדעלסאָנ׳ס צאַרטער און געצוימטער גראַציע ווי פון אויסגעשפּראָכענע רייד און רע־ציטאַציעס. די נאָבעלע דאַמע ווירקט מיט איר פאַסיווע און געהיימניש־פול־לויכטנדיקע פערזענלעכקייט, ווי די בלייכע לבנה אויפן פּלושענעם קאָבריץ פון ביינאַכטיקן הימל.

אין זכרון איז ביי מיר געבליבן שטיין ווי לעבעדיק די צווייטע טאָכטער פון פעליציאַ, וואָס האָט געהייסן סלאַווע. סלאַווע איז געווען אַ מערקווי־דיקע געשטאַלט פון אַ קאָמפּליצירט און טראַגיש מיידל. זי האָט אויס־געזען ווי אַ מאַן און זי האָט אויך געהאַט אַ מענלעכן אינטעלעקט. זי איז געווען אַ טונקעלע פרוי, פון מיטעלן וווקס, מיט צייכנס אויפן ערנסטן פּנים פון אַ שווערער און זיידענער באָרד... די נאָענטע פריינט פון דער פאַמיליע האָבן גענוסט דאָס געוווסט אַז יעדן פרימאָרגן שטייט די טרויע־ריקע סלאַווע פאַר איינעם פון די קעניגלעכע שפּיגלען, וואָס זיינען איבער־געבליבן פונם זיידענ׳ס פּאַלאַץ, און זי ראַזירט זיך מיט אַ בריטווע דאָס גע־שלאָגענע און מענערישע פּנים אירס, וואָס איז געווען אָנגעטאָן אין אַ מאַסקע פון אומגליק. אין דאָזיקן גראָבן פּנים האָט שיקזאַל פעסט מיט אייזערנע פויסטן אָנגעשלאָגן. דאָס איז געווען אַ פּנים וואָס קיין דינע ווייבערישע צירונג האָט נישט געקענט איידעלער מאַכן און וואָס אַפילו אַ קעניגינ׳ס קרוין וואָלט נישט געקענט רעטושירן די מאַסיווע צייכנס פון שיקזאַלס מעכטיקע קלעפּ. איר חכמה, איר אינטעלעקט, איר פאַרשטיין זיך אַליין און איר טראַגעדיע האָט בלויז נאָך שטאַרקער אַקצענטירט דעם באַ־ווסטזיין פון איר אומגליק. אין דער דאָזיקער נאַכט־טרויעריקער מאַסקע האָבן געלויכטן צוויי איינזאַמע און פינצטערע אויגן, אין וועלכע עס איז געווען כמעט אוממעגלעך אַריינצוקוקן, ווייל זיי זיינען געווען ווי צוויי פינצטער־פאַרגליווערטע שטיינער. זיי אַליין האָבן קיינמאָל נישט געטרערט און נישט געוויינט. ווייניקסטנס נישט אין דער אָנוועזנקייט פון אַנדערע מענטשן. אָבער ווער עס האָט אין זיי איינמאָל אַריינגעקוקט, האָט געמוזט

וויינען אין האַרצן. אַפּילו איר אייגענע מאַמע האָט נישט געוואָגט אַריינ־צוקוקן אין איר קינד׳ס טראַגישע אויגן...

צו יענער צייט בין איך געווען צו יונג צו פאַרשטיין די סודות פון טראַ־געדיע און שיקזאַל, וואָס סלאַווואַ איז געווען איר שלימות׳דיקע פּאַרקער־פערונג און פאַרשטעלונג. ערשט אין יאָרן אַרום האָב איך אויפגעמישט דאָס בלאַט פון דער דאַזיקער פאַמיליע און איך האָב עס אָנגעהויבן, אויף מיין אופן, שריפטשטעלעריש צו אַנאַליזירן. הגם שוין צו יענער צייט, ווען איך בין מיטן טאַטן איינגעשטאַנען אין האָטעל וואַרשע, האָב איך שוין געהאַט געשריבן פּאָעזיע. און איך האָב אַפּילו, קומענדיק קיין וואַרשע, שטאַרק געבענקט צו גיין צו הלל צייטלין אָדער צו אַן אַנדערן באַדייטנדיקן שרייבער, מיט אַ בוקעט רויע און אומבאַהאָלפענע דיכטונגען... איך האָב אָבער די שטאָט רעכט נישט געקענט. איך בין געווען כמעט יעדער רגע פון מיין לעבן שקלאַפיש צוגעבונדן צום טאַטנ׳ס בייזע באַפעלן. איך האָב נישט געהאַט קיין מוט זיך אַוועקצורייסן פון מיין משפחה׳ס סביבה און גיין זוכן אין וואַרשע אַ אידישן דיכטער. וויפל וואָלט איך איצט געגעבן, בשעת איך שרייב די שורות פון מיין לעבנס־בוך, צו האָבן אין וואַרשע, צו יענער בליענדיקער עפּאָכע אינם אידישן קולטור לעבן, באַזוכט די וועלט־באַרימטע „טלאָמאַצקע דרייצן״. ראַכעליאַ איז נאָך געווען אַ קינד. די איינ־ציקע וואָס וואָלט מיך געקענט פירן איבער די וואַרשעווער גאַסן צו איינעם פון די באַרימטע שרייבער, וועלכע די נאַאיווע און אָפּשאַצנדיקע פּראָווינץ, איבערהויפּט די ענטוזיאַסטישע אידישע יוגענט אין די שטעטלעך, האָט באַוווּנדערט — איז געווען סלאַווואַ, וואָס האָט אַליין אויך געשריבן לידער. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט זי אַפּילו פאַרעפנטלעכט אין פּויליש אַ קליינע זאַמלונג פון אירע ראַפינירטע און אינטעלעקטועלע לידער. איר פּאָעזיע איז אָפּגעשאַצט געוואָרן דורך וויכטיקע פּוילישע קריטיקער און אַפּילו אין די וואַרשעווער „וויאַדאָמאָשצי ליטעראַצקיע״, וועמענס רע־דאַקטאָר עס איז געווען דער באַרימטער אַנטאָני סלאָנימסקי, איז דערשינען אַ גינסטיקע רעצענזיע וועגן סלאַווואַ׳ס באַנד פּאָעזיע. מען האָט איר אָבער פאַרגעוואָרפן וואָס די פ ר ו י אין אירע לידער קומט נישט צום אויסדרוק... זי שרייבט פאַקטיש אַ צערעבראַליש־מאָדערנע דיכטונג וואָס האָט נישט קיין שום שייכות צו איר ווייבלעך־עמאָציאָנעלער וועלט... די דאַזיקע רע־צענזיע האָט שטאַרק דערשלאָגן די סענסיטיווע סלאַווואַ... בלויז די נאָענטסטע פריינט האָבן ווייל געוווּסט פאַרוואָס...

ביינאַכט פלעגט מען זיך אויסזעצן ביים לאַנגן טיש. אין די אַמאָליקע זילבערנע לייכטער, עדות פון בעסערע צייטן, האָבן געברענט גרויסע ליכט, וואָס האָבן באַלויכטן די פּנימער פון פריינט, געסט און משפחה. די הויפּט אָנפירערין פונם קאָלעקטיוון שמועס איז געווען סלאַווואַ. זי האָט ביים טיש גערעדט מיט גרויס אויטאָריטעט וועגן אַלע פּראָבלעמען וואָס

זיינען נאָר באַרירט געוואָרן: וועגן ליטעראַטור און פילאָסאָפיע; וועגן געשיכטע און פאָלקלאָר; וועגן טעאַטער און פּאָליטיק; וועגן מעדיצין און טעאָלאָגיע. זי איז געווען אַ גייענדיקע ענציקלאָפּעדיע. זי איז געווען אַלט אַרום עטלעכע און צוואַנציק יאָר. אָבער זי האָט אויסגעזען צו זיין עלטער פון אַ יאָרהונדערט. זי האָט איינגעשלונגען קולטור פון יאָרטויזנטער. איר קאָפּ האָט געלויכטן ווי אַ שטערן מיט חכמה. אַ קולטורעלער מאַן איז געווען אַ קינד אין פאַרגלייך מיט איר. אַזוי ווי אַ בליציקער שטערן אין אַ זייער פינצטערער נאַכט, וואָס דערציילט פון גאָט׳ס חכמה און פון דער הערלעכקייט פון די הימלען, האָט זי געלויכטן אין דער דאָזיקער נאַכטיקער אַטמאָספערע פון הונגער צום וואָרט און צום וויסן. פון דער נאַטור אויס אַ ברוטאַל און באַרבאַריש באַרויבטע פון ליבע און לעבנס־גליק, אַפילו פון דער האָפנונג און אילוזיע אויף לוסט און פרייד — האָט דאָס דאָזיקע ענערגישע מיידל זיך אויסגעלעבט אינטעלעקטועל. ריידנדיק האָט זי פאַראַטן עפּעס אַ גרויסע און אַ טיפע ווונד אין איר קאָמפּליצירטע פּערזענלעכקייט. עס האָט פון איר געווייעט מיט אומגעווייינלעכן טרויער. דו ביסט געשטאַנען פאַר איר ווי פאַר אַ מיסטעריעזער און מיסטישער געהיימניש פון דער נישט תמיד פריינטלעכער נאַטור. זי איז געווען אַ סינטעזע פון דעם אוראַלטן אָדם און חוה, פון מאַן און ווייב, בײדע פאַראייניקט צו טראַגעדיע... ערגעץ ווו האָט אין איר נשמה געשטראַלט די חוה, וואָס האָט אָנגעצונדן דעם רייץ און די פאַנטאַזיע פון דעם איינציקן מאַן אין אור־ניווערס. אָבער מעכטיקער האָט אין איר טרויעריקן לייב געוויינט די פינצטערע איינזאַמקייט פון אָדם וואָס איז אויף דער ערד געווען דאָ לענגער פון חוה׳ן... און אין דעם מאָמענט אין וועלכן פרוי איז נאָך נישט געווען אין עקזיסטענץ און אַלע שטערן האָבן אין די נעכט בלויז געלויכטן פאַר אים, פאַר דעם איין און איינציקן מענטש אין קאָסמאָס, אין יענעם מאָמענט האָט זיך די איינזאַמקייט ביז בלוט און טרערן איינגעזשאַווערט אין אָדם׳ס מענלעכעביינער...

די עלטערע געסט האָבן נאָך ווייל געדענקט מאַדאַם פּעליציאַ האָניגספעלד׳ס עלטסטע טאָכטער, רוזשע, וואָס איז מיט עטלעכע יאָר צוריק געשטאָרבן אין שפּיטאָל נאָך אַן אומגעלונגענער און געוואַגטער אָפּעראַציע. רוזשען האָב איך קיינמאָל נישט געהאַט געזען. אָבער עס האָט זיך ביי אונדז אין שטוב פאַרוואַלגערט אַ פאָטאָגראַפיע פון רוזשען. אַ בלייך און טרויעריק פּנים פון אַ זייער קלוגער פרוי. זי טוליעט דאָס פּנים צו אַ גרויסן בוקעט מיט בלומען. אייגענטלעך איז עס געווען אַ בילד פון רוזשען אויספירנדיק עפּעס אַ ראָלע אין טעאַטער. רוזשע האָט געשפּילט אויף דער פּוילישער בינע. געשפּילט האָט זי אַ טראַגישע ראָלע אין אַ גריכישן שפּיל פון פאַרצייטנס. רוזשע האָט געהאַט געוואַלטיקע אַמביציעס אַלס אַקטריסע. זי האָט פאַרקערט אין די קרייזן פון דער העכסטער פּוילישער

אינטעליגענץ. אַפילו יוליאַן טווים האָט געהאַט געווידמעט צו איר אַ ליד. יוזעף וויטלין האָט איר באַוווּנדערט. זי איז אויך באַשריבן געוואָרן אין אַ באַרימטן פּוילישן ראָמאַן... דער שריפטשטעלער ריימאָנט איז געווען איר נאָענטער פריינט. אָבער רוזשע איז אויך נישט געווען קיין פּולע און קיין גאַנצע פרוי. רוזשע האָט זיך געלאָזט אָפּערירן אויף אַן עקספּערימענטאַלן אופן, אַבי צו קענען דערגרייכן אין לעבן דאָס גליק פון אַ פרוי... צום סוף האָט זי געוווּסט אַז זי האַלט ביים אויסגעלאָשן ווערן... און פאַרן טויט האָט זי אָנגעשריבן אַ בריוו אויף גאַנצע צוועלף בויגנס פּאַפּיר צו איר מוטער... וועגן דעם דאָזיקן מערקווירדיקן בריוו רעדט מאַדאַם פעליציאַ האָניגספעלד זייער פיל מיט אירע אינטימע פריינט אין די נעכט, ביים לאַנגען טיש, און אירע נאָך שיינע אויגן ווערן דעמאָלט אָנגעגאָסן מיט טרערן... און די געסט ווערן מאָדנע באַהערשט פון דעם שאָטן פון אַ פרוי וואָס האָט באַזעסן טאַלאַנט און טראַגעדיע... די פּלושענע שטול אויף וועלכער רוזשע פלעגט זיצן, ווערט פון קיינעם נישט אָנגערירט... זי איז אַזוי ווי אָנוועזענדיק צווישן די געסט מיט איר שטראַלנדיקע נשמה. אויף דער הויכער קאָמאָדע ברענט דורך די נעכט אַ גרויסער זילבערנער לייכטער מיט אַ מאָסיוון, סטעריגנעם ליכט, ווי אין אַ טעמפּל... דאָס איז אין הייליקן זכרון געווידמעט רוזשען... דאָס הייסע חלב פאַרטריפט דאָס זילבער, פאַרגיסט אין דיקע טראָפּנס דאָס מאָסיוו־געהאַמערטע זילבער פונם לייכטער... דער גייסט פון רוזשען הערט זיך אַ שטילער און אַ טרויערי־קער צו צו די גייסטרייכע שמועסן אין דעם האָטעל פון איר וואַרשעווער פאַמיליע...

פאַר וויניקע מענטשן איז קיין סוד נישט אַז רוזשע׳ס געהיימנישפולע אָפּעראַציע איז געווען אַ קאָמפּליצירטע, ספּעציעל צו יענער צייט: אַ פּרווו צו פאַרוואַנדלען רוזשען אין אַ פולער, ווייבלעכער חוה... און אַלע ווייסן אויך און דערוואַרטן אַז אין איינעם אַ טאָג וועט סלאַווואַ, טראָץ איר על־טערער שוועסטער׳ס פאַטאַלן סוף, זיך אויך אונטערוואַרפן דעם זעלבן סאָרט אָפּעראַציע... און אויך איר וועט עס קאָסטן דאָס טייערסטע — איר לעבן...

צווישן די זעקס טעכטער פון פעליציאַ האָניגספעלד האָט זיך בולט אַרויסגעזען פראַנצעשקאַ. פראַנצעשקאַ איז געווען דער שאַרפסטער קאָנ־טראַסט צו סלאַוואַן און צו דעם שאָטן פון רוזשען. פראַנצעשקאַ איז געווען רייצנדיק שיין. זי האָט זיך פּראָמינענט אָנגעזען מיט איר ווייבלעכער פאָרם, מיט איר פאַרפירערישער שיינקייט, מיט דעם פלאַמיקן גאָלד אין אירע אויגן, מיט אַ פּנים וואָס איז געווען ווי געשניצט פון רבונו־של־עולם אַליין אויף אָנצוצינדן די הערצער און די בליטן פון מענער. פראַנצעשקאַ האָט תמיד געלאַכט, אַזוי ווי איבערצוברעכן דעם ערנסט און די ווירדע פון סלאַוואַ׳ס מרה־שחורה׳דיקע און אינטעלעקטועלע הערשאַפט אין הויז. דאָ

וווּ די דערשלאָגענע סלאַוואַ האָט ווירדיק אויסגענומען מיט דער קלאָרקייט פֿון מחשבֿה, מיט דעם געוואַלטיקן סכום פֿון וויסן און מיט הויכער קולטור, האָט פֿראַנצעשקאַ געוווּנען דעם פֿאַרמעסט מיט איר גראַציעז־לײדנשאַפֿטלעכער דערשײַנונג, מיטן כּישוף פֿון אירע ייִנגע פֿרויען גלידער און מיט איר פּערפֿעקטיק־געוואַקסענער פֿיגור וואָס איז געווען מוטער־נאַקעט אַפֿילו ווען אין טויזנט קלײדער אָנגעטאָן... פֿראַנצעשקאַ האָט שוין אויך געהאַט היסטאָריע און פֿאַרגאַנגענהייט... זי איז שוין אַפֿילו געהאַט געוועזן אין פּאַריז און זי האָט שוין פּאָזירט פֿאַר פּאַריזער קינסטלער, וואָס זײַנען שפּעטער געוואָרן באַרימט. אין עטלעכע פֿון מאָדיליאַני׳ס הערלעכע פֿרויען־פּאָרטרעטן קען מען דערקענען פֿראַנצעשקאַ׳ס געטלעך־סקולפּטירטן גוף. זי איז אויף אײביק שוין געבליבן שטראַלן אין דעם באַרימטן מאַלער׳ס אָנגעצונדענע מײַסטערווערק, וואָס איז געווען אָנגעטאָן אין גאָלדענע פֿאַרבן... פֿראַנצעשקאַ׳ס פֿאַרפֿירערישע שײנקייט און רייץ האָט שטאַרק ווי געטאָן מענער אין זײער גרויזאַמען הונגער זי צו באַזיצן... אָבער טיפֿער פֿון אַלעמען האָט ווי געטאָן סלאַוואַן. וואָרים די אײפֿערזוכט אויף איר שײנער שוועסטער האָט איר ממש אויפֿגעגעסן...

די ייִנגסטע טאָכטער, לידיאַ, איז אויך געווען אַן אומעטיקע פֿלאַנץ. זי איז צו פֿעליציאַ האָניגספֿעלד געבוירן געוואָרן די סאַמע לעצטע און די שוואַכסטע. זי פֿלעגט אויסזען ווי אַן אומגליקלעכע באַשעפֿעניש, וואָס איז אַזוי ווי אַרויסגעגאַנגען פֿון דעם פֿײַערדיקן זשאַווער פֿון אײנעם פֿון די ריזיקע שפּיגלען, וואָס איז דאָ געשטאַנען נאָך פֿון דעם זײדענ׳ס שלאָס אין דעמבלין. איר פּנים׳ל איז געווען פֿאַרגרינט און שטענדיק איז לידיאַ געווען אין עפּעס אַ נערוועזער און געדריקטער שטימונג, אַזוי ווי אַן עלעגיש ליד...

אין די לאַנגע נעכט איז די אומצעפּרידענע לידיאַ אַוועקגעזעצט געוואָרן בײַם גראַמאַפֿאָן כּדי צו שפּילן בײַזן זילבערנעם באַגינען פּלאַטעס מיט אַריעס פֿון קאַרוזאַ און שאַליאַפּין. זי זיצט אַזוי ווי אַ פֿאַר׳כּישופֿ׳טע בײַם גראַמאָפֿאָן. זי לײענט די דינע און גילדערנע שריפֿט פֿון די טיטולן אויף די טונקעלע פּלאַטעס. קאַרוזאַ׳ס מעכטיקע און הערלעכע שטימע הילט איר אײַן מיט ציטערניש אַזוי ווי אַ פֿײַערדיקער וואָלקן... און שאַליאַפּינ׳ס געוואַלטיקע שטימע טראָגט זיך ווי די כוואַליעס פֿון דער אומהײמלעכער וואָלגע אין אַ שטאַרקן ווינט. וועלכער סלאַווישער טרויער דערהויבט זיך פֿון זײַן אײַנזאַמער נשמה, ווען ער שפּילט די ראָלע פֿון באָריס גאַדונאָוו, דעם פֿאַנטאַסטישן און לעגענדאַרן רוסישן צאַר, אײַנגעהילט אין דעם שטורעמדיקן פֿײַער פֿון מוסאָרגסקי׳ס שיכּורער מוזיק. די ווערטער פֿונם געניאַלן נעגערישן פּאָעט פּושקין פֿלאַמען אויף מיט וווּנדערלעכער באַטאָנונג אין זײַן רירנדיקער שטימע, אויף די ברײטע, שטורעמדיקע און ביטער־געזאַלצענע כוואַליעס פֿון דער קאַלטער און רויער וואָלגע געטראָגן. די

קליינע לידיאַ ווערט פאַרפרוירן צו אַ צאַרטער ליליע וואָס ציטערט דין און סענסיטיוו אויפן אומהיימלעכן ברעג פון דער שטורמישער וואָלגע...

פעליציאַ האַניגספעלד האָט אויך געהאַט צוויי זין. איינער, דער ייִנגערער, האָט געהייסן מאַניעק. מאַניעק איז אַוועק אויף טונקעלע און געפערלעכע וועגן. ער האָט זיך אויף די וואַרשעווער הייף באַקאַנט מיט פאַרדעכטיקטע בחורים און זיי האָבן אים פאַרפירט צו רויבערייִ, שווינדלערייִ און שענדונג. מאַניעק איז געווען, ווי איך זע אים נאָך איצט אין מיין זכרון, אַ דינער און אַ שלאַבעריקער ייִנגערמאַן, וואָס האָט געפינטלט מיט די אייגלעך אַזוי ווי אַ דערשראָקענע מויז. גאַרנישט איז געווען אין אים צו באַמערקן פון זיין יחוס־דיק־גרויסאַרטיקער אָפּשטאַמונג. ר׳ לייבוש יואלקע׳ס און די באָבע רייזל וואָלטן נאָכאַמאָל אַריינגעפאַלן אין זייערע קברים, ווען זיי וואָלטן דערזען דעם גאַנצן נאַקעטן אמת און גרויל ווי אַזוי זייער אייניקל זעט אויס און אין וואָסאַראַ סביבה ער פאַרקערט. מאַניעק איז שוין עטלעכע מאָל געווען אַרעסטירט. מע ן האָט אים ביי דער פוילישער פּאָליצייִ בלוטיק געשלאָגן און געקאַטעוועט. מען קען אָבער נישט אַרויסשלאָגן פון זיינע ביינער די מאַניע צו שטעקן זיינע איידעלע און ווייסע הענטלעך אין די קעשענעס פון וואַרשעווער איינוווינער, ווען זיי פּילן אָן די טראַמווייען און באַנען. אויך קען מען אים נישט באַפרייען פון דער טונקעלער געוווינהייט צו פאַרפירן מיידלעך פון דער אָרעמער אידישער באַפעלקערונג, אָנגעשטאָפּטע אין די באַרימטע און געדיכטע וואַרשעווער הייף. מאַניעק קען זיך אויך נישט באַ־פרייען פון דער געוווינהייט זיך אַרומצושלעפן מיט בלאַטע פאַרשוינען און שיכורים, מיט קעשענע גנבים און מאַטשאָרניקעס, וואָס פירן זיך אַרום מיט קורוועס פון דער סמאַטשע און די אָסטראָווסקע גאַנצע נעכט, און שלאָגן זיי נאָך אויך כדי זיי זאָלן אָפּגעבן זייערע פאַרדינסטן, ביזן לעצטן גראָשן, צו די ברוטאַלע אַלפאָנסן.

עס טרעפט: די גאַנצע משפחה זיצט זיך ביים ברייטן, מיטן יום־טוב׳די־קן טישטוך איבערגעדעקטן טיש. עס שטייען די אָנגעצונדענע לייכטער און גיבן צו חשיבות צום הויז. עס זיינען פאַרזאַמלט אַלע טייערע געסט, אַלטע וואַרשעווער פריינט, פאַרערערס פון פעליציאַ האַניגספעלד און אויך שכנים. וואָרים עס איז דאָך אַן אָפן, רחבות׳דיק הויז, מיט אַ סך טירן און פענצטער, וואָס דערמאָנט אין אברהם אָבינו׳ס ברייט פאַנאַנדערגעפראַלטן הויז פאַר געטלעכע און ערדישע אורחים... דאָס שוין אין דערמאָנטע חלב פון די דיקע, סטערינענע ליכט טריפט אין גליענדיקע טראָפּנס אויפן מאַ־סיוון זילבער פון די שווערע, מאָנומענטאַלע לייכטער, אין אייביקן אָנדענק פאַר דער נשמה פון רוזשען... סלאַוואַ האַלט אינמיטן איר רעדע וועגן די גריכישע גרויסע דיכטער און דענקער... אין דעם גרויסאַרטיקן, אַנטיקן שפּיגל, וואָס הענגט הויך אויף דער מזרח־וואַנט, זעט מען פאַרגליווערטע די קעפּ פון אַלע אָנוועזנדיקע פרויען און מענער... אינעווייניק, אינם שפּיגל,

קריגט יעדער געשטאַלט עפּעס אַן אַספּעקט פון אייביקייט און מאָנומענטאַלישקייט... פּלוצלינג ברעכט זיך אויף די טיר מיט אַ גרויסן טומל און רעש, און עס פאַלט אַריין אַזוי ווי אַ נישט־גוטער דער ווילדער, שיכור׳ער און אומהיימלעכער מאָניעק, אַן אויסגעווייקטער אין דעם פליצנדיקן רעגן, אַ געשלאָגענער פון בייזן ווינט און אַ דורכגעברענטער פון בראָנפן. אַ פאַר׳משפּט׳ער פון זיין שיקזאַל... ער טראָגט עפּעס פאַרבאָרגן אונטער דער פּאָלע... פעליציאַ האָניגספעלד, די מאַמע, ווערט דעמאָלט רויט און פינצטער פון חרפּה ביז צו דער טיפעניש פון איר ברייטער דעקאָלטע... אַזש אירע פּראָמינענטע בריסטן פלאַמען אויף... איר מוטערלעך האַרץ קאָרטשעט זיך פון מורא׳דיקע יסורים... די שוועסטערן לאָזן פאַרשעמטע אַרונטער זייערע קעפּ... אַפילו פראַנצעשקאַ, די פאַרשייטע מויד, פאַרלירט אויף איר פּנים דאָס גאָלד פון איר רייצנדיקן שמייכל... מיט אַן אָפענעם מויל בלייבט שטיין פאַרגליווערט און פאַרפרוירן סלאַוואַ איבמיטן איר דרשה וועגן גריכישער פילאָזאָפיע... אַלע ווייסן ווער מאָניעק איז און מיט וואָס ער פאַרנעמט זיך... די מאַמע שטייט אויף און פירט אים מיט געוואַלט אַריין אין אַ זייטיקן צימער. ער לאָזט זיך נישט. ער שילט דער מאַמען און זיינע שוועסטערן — די „קורוועס"... ער הויבט אויף זיינע הענט קעגן דער פרוי וואָס האָט אים אין איר בלוט געבוירן. ער פאַרמעסט זיך אויף איר קאָפּ מיט געשלעג און קללה פון אַ שיכור׳ן גענגסטער...

פעליציאַ האָט נאָך אַ זון, הערשל, וועגן וועלכן מיר וועלן שרייבן ביים סוף פון דעם קאַפּיטל, אָפּשליסנדיק די כראָניק פון דער דאָזיקער משפּחה.

ווי שוין באַשריבן, זיינען די נעכט אין „האָטעל וואַרשע" געווען צו מיר, דאָס אינגל פון דער פּראָווינץ, געוואַלטיק אינטערעסאַנט און שפּאַנענדיק. די געסט האָבן זיך אונטערגעהאַלטן בגילופין׳דיקע. טראָץ די שרעקלעכע איבערלעבענישן אין די ביטערע מלחמה־יאָרן, איז נאָך ביי די וואַרשעווער אידן געבליבן לעבן אַ ים מיט הומאָר. עס איז אויך געווען אַ הונגער נאָך פרייד און פאַרגעניגן. אמת, קיין שאַמפּאַניער איז דאָ נישט געפלאָסן. אָבער ביי די גרויסע גלעזער הייסע טיי מיט רעפּטעלעך ציטרין און אייער־קיכלעך, זיינען פונדעסטוועגן די געמיטער פון אידן געווען אָנגעצונדענע און פול מיט האָפנונגען אויף בעסערע צייטן. עס איז אויך געווען אַ דאָרשט נאָך קולטור, אַ הונגער נאָך פּאָעזיע, אַ באַגער זיך רייכער צו מאַכן דעם גייסט מיט וויסן און מיט חכמה. אידן האָבן חשק געהאַט צו זינגען און צו טאַנצן. סלאַוואַ האָט געשטילט דעם הונגער נאָך גייסטיקער שיינקייט. זי לאָזט נישט אַדורך קיין איינציקן געביט, ביי וועלכן זי זאָל נישט געבן די פינאַלע אינטערפּרעטאַציע, וואָס פאַרענדיקט און שליסט אָפּ דאָס פּראָבלעם. „זי האָט דעם קאָפּ פון אַ מיניסטער!" — זאָגן קאָמפּלימענטאַריש די געסט. סלאַוואַ איז אַגב נישט דער טיפּ וואָס נעמט

זיך איבער מיט שבחים. זי גלאַנצט נישט מיט חכמה און שפּראַך־עשירות צוליב לויב. אין באַגינען ציט זי זיך אָן איינזאַמע צוריק אין איר ענגען חדר׳ל, וואָס איז אָנגעשטעלט מיט ביכער אין פּויליש, רוסיש, פראַנצויזיש און ענגליש. זי איז איצט אַ גרויסע און אומעטיקע בין. זי ציט דעם האָניק־דיקן זאַפט נישט פון קיין בידנע בלומען און קאַרגע גערטנער, נייערט פון ברייטע און פּרוכטבאַרע טאָלן וואָס בליען מיט פייער. אין באַגינען גייט צוריק אין איר צימערל, נאָכן האָבן די גאַנצע נאַכט געבליצט מיט גרויזאַ־מען גייסט, וואָס פאַרצערט איר, עפּעס אַן איינזאַמער און אַן אומגליקלעכער מענטש, אויף וועמענס מענלעכער מאָרדע עס איז שוין געהאַט אָנגעוואַקסן אַ מיאוסע, אַן אייזערנע באָרד, וואָס מען קען קוים מיט אַ שאַרפער בריטווע אָנרירן איר פינצטערע עקשנות דווקא צו וואַקסן און צו שפּראָצן אויף איינער אַ מיידל׳ס געשלאָגענעם און פאַרשאָלטענעם פּנים... זי גייט אַריין אין איר ענגען חדר׳ל שטודירן — נישט שלאָפן...

אין די דאָזיקע נעכט פּילט יעדער איינציקער אויס זיין ראָלע: די תאווה צו לוסט און פאַרגעניגן שטילט פראַנצעשקאַ מיט איר דערשיינונג פון אַ רייצנדיקע חוה, וואָס איז געבליבן שטיין אין אַן אַרעאַל פון טונקל אָלט־גאָלד, אויף די רענעסאַנס־מאָלערייען. דעם באַגער צום טאַנץ און געזאַנג שטילט די פאַרגרינטע לידיאַ ביים גראַמאָפאָן, טוישנדיק די פּלאַטן ווי פאַנטאַסטישע בלעטער פון אַ באַלזאַקישער נאָוועלע... מאַניעק ברענגט דאָ אַריין אַן עלעמענט פון שונד־און־שאַנד, אַ היסטעריש־שיכור׳ער אויפ־ברעכנדיק די טיר פון „האָטעל וואַרשע”... רוזשע׳ס גייסט דערמאָנט אין טויט און אין טרויעריקער פאַרגענגלעכקייט פון אַלע הייזער, פון אַלע לעבנס און עקזיסטענצן... און איבער אַלע קעניגט פעליציאַ האָניגספעלד מיט איר ווירדיקער און גרויסאַרטיקער דערשיינונג, דערמאָנענדיק עפּעס פון אַ געפאַלענער, פאַראַרעמטער, אָבער נאָך אַלץ שטאָלצער און יחוס׳דיקער „מירעלע אפרת”... פאַר איר האָבן די געסט און די פריינט בלויז ווערטער פון הויכער אָפּשאַצונג און טיפן דרך־ארץ... ווייל איר לעבנס־ביישפּיל שיינט אַלעמען צו זאָגן און צו דערמאָנען:

— פאַרבלייבט רואיק און ווירדיק—איבערהויפּט בלייבט מ ע נ ט ש ן— אין פּנים פון שיקזאַל און אין גאָר זיינע טראַגישע און פינצטערע לעבנס־איבעראַשונגען... טראָגט רואיק די גאָלדענע קרוין פון ווירדע און שטאָלץ אויפן קאָפּ, אַפילו ווען אַלץ אַרום טרייסלט זיך, שאָקלט זיך, וואַקלט זיך אין ציטערט אַזוי ווי פינצטערע עלעמענטן וואָלטן זיך פאַרמאָסטן דיך און דיין הויז צו פאַרניכטן...

מיט איר האַלטונג, שוויגן און רואיקער פּאָזע פון אַ שטאָלצער קע־ניגין, וואָס איז פּעסט געבליבן זיצן אויף איר טראָן טראָץ אַלע וואַקלונגען און ציטערנישן פון איר דינאַסטיע און מלוכה, שיינט מאַדאַם פעליציאַ

**האַניגספעלד פאַרצושטעלן פאַר אירע נאָענסטע פריינט, געסט, משפחה און שכנים אַ גרויסע און אַ פולבאַדייטנדיקע לעקציע...**

---

אין איינעם אַן אָוונט איז געשען אַן אינצידענט וואָס האָט מיך פאַר־אינטריגירט. צווישן די אָנגעפאָרענע געסט אין „האָטעל וואַרשע" איז אויך געווען איינער אַ סוחר פון גאַליציע, וואָס האָט געהאַנדלט מיט צירונג. ער האָט טאַקע געהייסן ישראל גאָלדהענדלער. דאָס איז געווען אַ הויכער, אויס־געדאַרטער איד, וואָס האָט באַזעסן אַ טיפּיש-פרומע שפּיציקייט. זיין בלייך פנים האָט אויסגעדריקט דעם אומעט פון אַ סאָווע אין די וועלדער, וואָס האָט געדענקט דוד און שלמה המלך אין זייערע פּאַלאַצן. פון זיין מויל האָט אַרויסגעשטאַרטשעט אַן איינציקער צעפוילטער און געלער צאָן. אויפן האַלדז האָט ער געהאַט אַ צייכן פון אַ שטריק. וויזט אויס אַז דער מענטש האָט זיך ערשט געהאַט אָפּגעריסן פון אַ תליה. אָדער עס האָט אים כסדר געוואָרגן און געשטיקט. ער האָט באַזעסן עפּעס אַ שפּיציקייט און אַן איראָניע, וואָס האָט שטאַרק דערמאָנט אין אַ סאַטיר. און גלייכצייטיק האָט ער באַזעסן אימה'דיקן טרויער אין זיין גאַנץ געשטאַלט, פונם זייער גרויען, אַלטן און טרויעריקן קאָפּ אָן, ביז צו די קנעכלעך פון די פיס. יענעם אָוונט איז ר' ישראל גאָלדהענדלער געווען באַזונדערס בגלופין, שמחת תורה'דיק שיכור. טראָצדעם וואָס ביי זיין זייט איז געזעסן איינע אַ גרויסאַרטיקע פּרוי, מיט אַ לויכטנדיקן שנירל פּערל אויף איר שניי־ווייסן האַלדז, האָט ער זיך אין געהיים געשאַרט און געפלירטעוועט מיט מאַדאַם פעליציאַ האַניגספעלד. ער, דער ציניקער און פּראָפעסיאָנעלער חוזק־מאַכער, האָט זיך דווקא געוואָלט איינבייסן מיט זיין צעפוילטן, געלן צאָן אין דער אַריסטאָקראַטיש־געשטאַלטנער אידישער גראַפיניע, פעליציאַ האַניגספעלד, וואָס האָט דאָ שטאָלץ געקעניגט ווי אין אַ קעניגלעכן הויף. ער האָט אויך געוויזן צירונג און גאָלד צו דער לוסטיקער פראַנצעשקאַן. אָבער דאָס גאָלד איז עפּעס נישט געוואָרן אין זיינע דאַרע פינגער. פון דעם גאָלד איז געוואָרן ווערם און שאָטנס... „אַזוי איז דאָס מענטשלעכע לעבן! — פלעגט ער צוגעבן. — שטויב און שפּינגעוועבס. היינט לויכט עס פול מיט זון... מאָרגן איז אָוונט פאַרגייט עס ווי די לבנה צווישן די טונקעלע וואָלקנס".

פלוצלינג איז געקומען צו רייד וועגן „יענער וועלט", וועגן מענטש־לעכע מעשים דאָ אויף דער ערד. וועגן דעם גן־עדן און גהינום. איינער האָט מיט חוזק גערעדט וועגן גאָט'ס מעשים בנוגע די אידן. אַז דער רבונו של עולם איז נישט גע'מלה'ט. אַז גאָט איז גאָרנישט קיין איד. ווען גאָט וואָלט טאַקע געווען אַ איד, וואָלטן אידן נישט באַהאַנדלט געוואָרן אַזוי אַכזריות'דיק און פינצטער אין דעם גאַנג פון דער אידישער געשיכטע.

מיר לעבן, האָט ער צוגעוואָרפן, אין אַן אַנטיסעמיטישן קאָסמאָס. פּלוצלינג רופט זיך אָפּ דער צירונגס־סוחר:

— פֿאַר צען זלאָטעס פֿאַרקויף איך איך אײַנגאַנצן מײַן חלק עולם הבא...

— איך קויף בײַ אײַך אײַער חלק עולם הבא! — האָט באותו רגע עפּעס אײנער מיט אַ קרײַעגדיקן קול, אַ סוחר פֿון חזיר־האָר, אונטער־געכאַפּט. עס איז געווען אײנער פֿון די געסט, וואָס האָט געהאַט אַ שנײ־ווײַסן קאָפּ מיט האָר. אָבער זײַן פּנים איז געווען ווי פֿון אַ ייִנגעל. דער איד האָט נישט געהאַט קײן נאָז, ער האָט זי געהאַט פֿאַרלוירן אין אַ שׂרפֿה. דאָס האָט אים צוגעגעבן דאָס אויסזען פֿון אַ מת. אָבער די אויגן זײַנען געווען לעבעדיקע, גלאַנצנדיקע און ייִנגע, ווי בײַ אַ חדר־ייִנגעל.

— אָט זײַנען די צען זלאָטעס פֿאַר אײַער חלק עולם הבא! — האָט ער גע־זאָגט. און ער האָט אָפּגעצײלט גאַנצע צען שטיקער נײַע זילבערנע מטבעות אויפֿן טיש.

— און איר אַלע, אַנוועזנדיקע אידן, זײַנען עדות, אַלע וואָס זיצן דאָ! — האָט עפּעס אײנער פֿון די געסט, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַן אָפּגעברענטער פֿויגל, אויסגערופֿן. ר׳ ישראל גאָלדהענדלער האָט פֿאַרקויפֿט זײַן חלק עולם הבא צו...

דער גאָלדהענדלער האָט איצט אָנגעהויבן שרעקלעך צו ציטערן. ער איז עפּעס פּלוצלינג בלײך געוואָרן ווי קאַלעך. זײַנע טײַוולישע שפּיציקע קינבאַקן־בײנער, ווי פֿון אַ סאַטיר, זײַנען עפּעס געוואָרן קלענער. די נאָז־פֿליגל האָבן אָנגעהויבן צו פֿלאַטערן מיט קענטיקן פּחד. זײַן שטערן האָט זיך געגומען באַגיסן מיט אײַז־קאַלטע טראָפּנס שווייס. זײַן לאַנגע און דינע האַנט האָט גיריק צוגעשאַרט צו זיך, אַ פֿאַרשעמטע, די צען שטיקער נײַע זילבער און ער האָט זײ באַהאַלטן אין אַ טײַסטער וואָס איז געווען אויפֿגענײט פֿון רויטע פּוטער פֿון אַ סאָלדאַטסקן ראַניעץ. ער האָט הויך און פֿרעך געלאַכט. אָבער זײַן קול איז געווען יאָמער. און אַ גרויס ליכט, וואָס האָט געטריפֿט מיט הײסע טראָפּנס חלב, האָט זיך אַזוי ווי פּלוצלינג אויסגעבויגן אין דער זײַט פֿון דעם מאָדנעם מאַן וואָס האָט זיך אײנגע־האַנדלט אַ שטיק עולם הבא אין גן־עדן... זײַן גאַנץ געשטאַלט איז ווי דורך אַ גאָלדענעם פּראָזשעקטאָר רײַך באַלויכטן און בליציק אָנגעצונדן גע־וואָרן... און אַ צווײטער פֿלאַם, אַזוי ווי דאָס מורא׳דיקע פֿײַער פֿון גיהנום, האָט אײַנגעהילט דעם בלײַכן און טרויעריקן גאָלד־סוחר, פֿון װעלכן אַלע אַנוועזנדיקע האָבן זיך אָפּגעקערט און וואָס איז געווען אין דער דאָזיקער נאַכט דער סאַמע אײנזאַמסטער מענטש אונטער די שטערן...

איך בין געזעסן בײַם טיש צוזאַמען מיט אַלע אידן. איך האָב געזען די פּנים׳ער פֿון אַלע וואָס האָבן געוויינט און געלאַכט. איך האָב געזען לוסט און יאָמער. אין דער לופֿט האָבן עפּעס געשוועבט אוראַלטע מלאכים מיט

ביטער־פאַרקרימטע און צעבראָכענע פּנים׳ער. איך האָב געזען ווי עס ווײַנען אין אַ ווינקעל צוויי הויכע און מאַיעסטעטישע געשטאַלטן: דוד און שלמה המלך. זייערע ריזיקע קרוינען האָבן צוגעדעקט דעם שני פון זייערע לאָקן. אַ סך אידן האָבן זיך דאָ געשטופּט. מתים מיט לעבעדיקע אידן האָבן צוזאַמען געוויינט און געיאָמערט. סלאַוואַ האָט זיך אַריינגע־מישט:

— אידן! איר האָט נישט באַדאַרפט דערמוטיקן די דאָזיקע בייזע טראַנזאַקציע. עס איז אַ שענדלעך פאַרברעכן צו פאַרקויפן דעם טייל עולם הבא וואָס אַ איד באַזיצט. דער וואָס פאַרקויפט זיין גן־עדן, פאַרקויפט זיין פערזענלעכקייט, זיין נשמה, זיין אינדיווידואַליטעט, זיינע לייטישע מעשים און זיין סאַמע עקזיסטענץ. ער ווערט אַ טרויעריקער און אַ פּוסטער שאָטן אויף דער ערד. אידן, איך לייג פאַר אַז די טראַנזאַקציע זאָל בטל ווערן. ר׳ ישראל, גיט צוריק די צען זלאָטעס צו... — האָט סלאַוואַ געשטורעמט מיט איר מענלעך־הייזעריקן קול.

דער דאַרער און אויסגעמוטשעטער סוחר פון צירונג האָט איצט נאָך מער אויפגעציטערט. און אַלע האָבן ציניש געלאַכט און גע׳חוזק׳ט פון דער מאָדנער און אומהיימלעכער פּאַסירונג. אַלעמענס בליציקע אויגן זיינען געווען קאָנצענטרירט אויפן סוחר פון גאָלד, דעם טרויעריקן סאָרט פּאַאוסט, וואָס האָט פאַרקויפט זיין גן־עדן. און אַלץ וואָס ער האָט איצט גערעדט, איז געווען מיט אַ געוויין און מיט אַ ציטערניש אין זיין קול. פון דעם פראָסטן וויץ איז געוואָרן טראַגישער ערנסט. און אומעטיק האָט דאָס גליענדיקע ליכט געטריפט זיינע הייסע טראָפּנס חלב. עס האָט אויסגעצויגן פון זיך דאָס חיות. עס האָט אויסגעברענט זיינע אייגענע כוחות, ווי אַ מענטש וואָס צאַנקט. און שאָטנס אויף די ווייס־געקאַלעכטע ווענט האָבן מורא׳דיק געטאַנצט, פאַרגרעסערטע און באַפליגלטע, פּונקט ווי זיי וואָלטן געשריבן פאַנטאַסטישע אותיות, מיט געהיימניש־פולע שפּרוכן און פאַרויס־זאָגונגען... אַלץ האָט דערמאָנט אין אַ טעאַטראַליש־הימלישער סצענע. רעאַליטעט און פאַנטאַסטיק האָבן זיך אַנגעריירט. דאָס הימלישע און דאָס ערדישע האָבן זיך דאָ באַגעגנט אויף אַ ראַנדעוווּ... איינער, אַ סוחר פון צירונג, האָט היינט ביינאַכט פאַרקויפט צו אַ אידן זיין טייל עולם הבא אין גן־עדן... זיין גאָלד און זיין זילבער... פאַר צען זילבערנע זלאָטעס האָט ער פאַרקויפט זיין צוויפל, זיין פאַנטאַזיע, זיין דינע האָפענונג, זיין אידישע טראַדיציע, זיין קרוין אויפן קאָפּ... ער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין עפּעס אַ ליידיקן שאָטן וואָס יאָמערט פון פינצטערן פּחד אין אַ גאָטלאָזן, אייז־קאַלטן און נישט־אידישן אוניווערס... אַ בייזער קאָסמאָס, אָן אַ זין און אָן אַ צוועק, וואָס איז נישט מער ווי אַ געוואַלטיקע שטאָלענע שפּינוועבס־קאָנסטרוקציע, אין וועלכן די ריזיקע שטערן באַוועגן זיך ווי בליציקע און גאָלדענע שפּינען... די שפּינען טרינקען אויס דאָס בלוט

פון די דורות... און עפּעס מורא׳דיקס גייט איצט אין דער וועלט גע־שען... ווען איינער אַ איד האָט אין אַ פאַרשאָלטענער און צינישער רגע געוואַגט צו פאַרקויפן זיין חלק גן־עדן, זיין גאָלדענע שטול אין הימל, זיין געזעלשאַפט פון די הערלעכע אָבות, זיין קייסערלעכע סביבה...

עפּעס איז אויף אַלע געסט פון „האָטעל וואַרשע" אין יענער נאַכט אָנגעפאַלן אַ גרויסער און געהיימנישפולער פחד. עס איז געווען אַ מיסטיש געפיל פון טיפן אומרו און טונקעלער דערוואַרטונג, פון פאַראויספילן דאָס אָנקומען פון עפּעס אַ פינצטערן שטורעם פון נאַכט און פייער, וואָס וועט גרויזאַם פאַרניכטן אידישע לענדער, שטעט און וואָס וועט חרוב מאַכן קעניגרייכן און פעלקער... וואָס וועט פאַרוואַנדלען גאַנצע קהילות מיט אידן אין בערג מיט נאַקעטע און צעבראָכענע סקעלעטן. וואָס וועט אויס־ציען איבער די פינצטערע נאַכטיקע הימלען דאָס פערגאַמענט פון טויזנטער ספרי־תורות און וועט אויסלעשן אידישע ברענענדיקע קאַנדעלאַבערס, לייכטער און מנורות ווי מיטן בלאָז פון שטורעמס. אַלע האָבן ביים גרויסן טיש געלאַכט און גע׳חוזק׳ט. דער שטן איז באַפאַלן אידן. נאָר עס איז געווען אַ היסטעריש, אַ וויסט געלעכטער, אַ פאַרצווייפלטע אָנשטרענגונג צו דערשטיקן אין די הערצער דעם געוואַלטיקן היסטאָרישן פחד און די שרעקלעכע נבואה וואָס אַלע האָבן געזען און אָנגערירט איר מורא׳דיקן קראַפט און פאַרנעם פון חורבן...

די גאַנצע נאַכט האָט זיך אויף זיין איינזאַמען בעט, אין אימה און אין הוילער ציטערניש, געוואָרפן דער סוחר פונם טרויעריקן גאָלד און צירונג... ער איז געווען אַ פינצטערער שליח ציבור. וואָרים ער האָט היינט ביינאַכט נישט נאָר פאַרקויפט דעם טייל עולם הבא וואָס האָט גע־הערט צו אים אַליין, נייערט פון אַלע זיינע ברידער און שוועסטער. פון דעם גאַנצן אידישן פאָלק אין דער מדינה פוילן, וואָס האָט געדויערט טויזנט יאָר, און אויך פון אַ סך אַנדערע לענדער אין אייראָפּאַ, ווו אידן זיינען געווען איינגעזעסן זינט פילע דורות... און זיי האָבן געוועבט מיט זייערע לעבנס און זייערע מעשים דאָס געוואַלטיקע קאָלעקטיווע נס פון דער אידישער געשיכטע.

אין יענער נאַכט בין איך געווען וואַך. פאַר מיינע אויגן האָבן גע־שוועבט די אָנגעצונדענע געשטאַלטן פון הימל און פון דער אידישער גע־שיכטע. דאָס פאַנטאַסטישע און ביזאַרע איז געוואָרן רעאַל. איך בין אין פריען באַגינען אַרויסגעגאַנגען פון בעט און איך האָב פּרובירט זיך צו דערנענטערן צום חדר׳ל ווו עס איז געשלאָפן ר׳ ישראל גאָלדהענדלער. אָבער פּלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ מורא׳דיקער געשריי פון דער פּוי־לישער דינסט: אויף זיין בעט איז געלעגן דער צירונג־הענדלער — אַ געשטאָרבענער. ער איז געווען פינצטער ווי די נאַכט. ס׳האָט זיך פון אים אָפּגעטאָן נישט נאָר דאָס לעבן און די נשמה האָט פאַרלאָזט זיין גוף און

זיין פלייש — נייערט זיין מאָראַל, זיין מענטשלעכע הייליקייט, דאָס געט־לעכע וואָס לויכט אָפּילו אין אַ מת, האָט זיך איצט פון אים געהאַט אָפּ־געטאָן. ער איז מער נישט געווען קיין איד. און אַפילו נישט קיין מענטש. דער מלאַך המות האָט פון אים צוגענומען זיין אידישע נשמה. און אויפן אייזערנעם בעט איז געבליבן ליגן אַ זאַק מיט צעבראָכענע ביינער... אַ בערגל מיט פינצטערע שטויב. ווי אַן אָנזאָג און אָנדייטונג אַז די זינד צעבראָכט מענטשן, צעשמעטערט לענדער, מאַכט וויסט און חרוב אַפילו גרויסע אימפּעריעס וואָס זיינען געווען באַרימט מיט הורעריי, פרעסעריי, שווינדלעריי און מיט יסורים פאַר די שוואַכע יתומים און פאַר אָרעמע אַלמנות...

אָבער דאָס פּוילישע אידענטום איז נישט געווען זינדיק. פאַרקערט: עס איז געווען באַלאַדן מיט מעשים טובים. פאַרוואָס האָט זיך אויסגעגאָסן גאָט׳ס אימה׳דיקער צאָרן אויפן קאָפּ פון די אידן אין פּוילן?...

---

אין יאָרן אַרום האָט פעליציאַ האַניגספעלד מיט אירע פינף טעכטער און איין זון הערשל, וואָס האָט זיך אין דעם נייעם לאַנד שוין אָנגערופן גרעגאָריאָ פעלד, לאָזנדיק אויסרינען פון זיין טאַנ׳ס נאָמען דעם „האַניק", אויסגעוואַנדערט קיין דרום־אַפריקע. אין וואַרשע, אויפן באַרימטן גענשער בית עולם, וואָס איז שטיין געבליבן מיט אַלע זיינע אידישע קברים און גאַנצע מצבות נאָכן חורבן פון גרויסן פּוילישן אידענטום, זיינען איבער־געבליבן דריי איינזאַמע קברים: פון פעליציאַס עלטסטער טאָכטער רוזשע, וואָס איז געשטאָרבן נאָך דער, דעמאָלט נאָך היפּש עקספּערימענטאַלער אָפּעראַציע. דאָס קבר פון דער אומגליקלעכער סלאַווע, וואָס איז אַדורכגע־גאַנגען דיזעלבע אָפּעראַציע און זי איז געשטאָרבן אין זעלבן שפּיטאָל ווי רוזשע. און דאָס דריטע קבר פון איר יינגערן זון, מאָניעק, וואָס איז אויך אומגעקומען אין דער פּוילישער תפיסה, אַ צעשלאָגענער פון די שפּיצלעס. אָבער די דריי קברים זיינען נישט געווען צוזאַמען. זיי זיינען געווען צע־וואָרפן איבער פאַרשידענע פלעצער פון דער גענשער טויטנמלוכה. די פאַ־מיליע האָט קיין פאַמיליענקבר נישט געהאַט.

פעליציאַ׳ס עלטסטער זון, גרעגאָריאָ פעלד, איז אין יאָהאַנעסבורג גע־וואָרן פאַבעלהאַפט רייך. ער איז געגאַנגען אין די וועגן פון זיין פאָטער. געלט איז געווען זיין שטערן. ער האָט אין דרום־אַפריקע געהאַנדלט מיט וועלדער און מיט דזשאָנגלס; ער האָט געעפנט קוילן־צין־און־קופּערמינעס. טויזנטער מענטשן פון טראָפּישן לאַנד, אייגנטלעך שקלאַפן, האָבן פאַר אים געאַרבעט אין די מינעס און פאַבריקן.

און ווען ער האָט זיך איינמאָל אין אַ קאַבאַרעט באַקאַנט מיט אַ דרום־אַפריקאַנער אָפיציר און זיין שיינע פרוי, איז ער שוין אייגנטלעך געווען

אַ היפּשער גביר. גרעגאָריאַ האָט שוין געהאַט געגוג מענלעכע אַמביציע אַוועקצורויבן דאָס האַרץ פון דער זעלטענער שיינקייט און זי צוצונעמען פונם אָפיציר, וואָס האָט אים געדראָט צו דערשטעכן. אין אַ קורצער צייט אַרום, געגוי ווי אין אַ שונדיסטישער נאָוועלע, האָט ער חתונה געהאַט מיט איזאַבעלאַן, אַ קריסטלעכע פרוי, אין וועמענס הייסע אָדערן עס איז געפלאָסן אינדיאַניש בלוט. איזאַבעלאַ׳ס עלטערן זיינען שטיין־רייכע פּלאַנ־טאַציע־אונטערנעמערס. זיי האָבן אויך אַ נעץ פון גאָלד־גרובן אין די גע־דיכטע אַפריקאַנישע דזשאַנגלס. זיי הוליען אין פּאַריז, ניצע און מאָנטע־קאַרלאָ. ווען דאָס דאַזיקע פּאַרפאָלק האָט מיט אַ יאָרצענדליק צוריק באַזוכט די היים פון מיין עלטסטן ברודער קאָפּל, קומענדיק קיין ניו־יאָרק צוליב קאָמערציעלע צוועקן, בין איך איינגעלאַדן געוואָרן זיך מיט זיי צו באַ־געגענען. איזאַבעלאַ איז געווען אַ ברוינלעך־גאָלדענע פרוי, אַ באַצירטע מיט גאָלד און אַ באַהאַנגענע מיט בלוי־פינקלענדיקע ברילִיאַנטן, פּערל, שמאַראַגדן און סאַפּירן, ווי דער הימל איז אין אַ פינצטערער נאַכט אויס־געשטערנט מיט גרויסע שטערן. איזאַבעלאַ איז פּשוט געווען איינגעטונקען אין פאַנטאַסטיש־קאָסטבאַרער ביזשוטעריע. עס איז גאָרנישט געווען קיין פריי שטיקל טעריטאָריע אויף איר לייב וואָס זאָל נישט זיין אַרעסטירט אין פינקלענדיקן צירונג. צווישן אירע פולע און רייצנדיקע בריסטן האָט זיך געבאָמבלט צום ריטם פון אירע רייד און צום טאַקט פון איר העכסט־קאָקעטישער באַוועגונג אַ גרויסער גילדערנער צלם, באַזעצט מיט דיאַ־מאַנטן. איך האָב געטראַכט אַז די מאַדאַנע אַליין אין קריסטלעכן גן־עדן פאַרגינט נישט איזאַבעלאַן אַזוי פיל עשירות... איך האָב זיך נישט גע־קענט העלפן: די גאַנצע צייט פון דער סעודה האָב איך נישט געקענט אַוועק־כאַפּן מיינע אויגן פון אירע בריסטן און פון דעם פינקלענדיקן, מאַסיוון קרייץ וואָס איז געווען צו רייך פאַר קריסטוסעס אָרעמקייט... איך האָב אויך באַמערקט אַז דאָס גאַנצע פאַבלהאַפטע צירונג און די רייכע קליידער קענען נישט באַהאַלטן דעם סוד אַז זי איז מער אינדיאַנערקע ווי ווייסע פרוי... און בשעת זי האָט מיט היפּשן אַפּעטיט געגעסן די מאכלים וואָס בערטאַ און קאָפּל האָבן דערלאַנגט צום טיש, באַגלייט מיט שוימיקן שאַמפּאַניער, האָב איך געטראַכט פון די אינדיאַנישע קאַניבאַלן וואָס איך פלעג זען אין היסטאָרישע ביכער־צייכנונגען וועגן די איינוווינער אין די טראָפּישע לענדער... האָט מיין זיידע ר׳ לייבוש יואלקע׳ס זיך געקענט אַמאָל פאָרשטעלן אַפילו אין די קאָשמאַרפולסטע חלומות אַז זיינס אַן אייניקל וועט חתונה האָבן מיט אַן אינדיאַנערקע?

איזאַבעלאַ איז אויך געווען אַ מורא׳דיק־פרומע קאַטוילישקע וואָס פאַרפעלט חלילה נישט קיין איינציקן זונטיק פון צו גיין אין דער גרעס־טער קירכע אין יאָהאַנעסבורג. זיי האָבן אַ זון און אַ טאָכטער וואָס ווערן, פאַרשטייט זיך, דערצויגן אין קריסטלעכן גייסט. דאָס זיינען אַ טייל פון די

אייניקלעך פון דעם איוואַנגאָראָדער תלמיד־חכם ר׳ לייבוש יואלקע׳ס און די באָבע רייזעל...

עס איז אינטערעסאַנט און אויך טרויעריק צו דערציילן אַז די מומע פעליציאַס פינף גערעאַטענע טעכטער, ערשטקלאַסיקע קראַסאַוויצעס, האָבן קיינמאָל נישט חתונה געהאַט. אַנגעטוענע אין זיידענע און באַלאָווע קליי־דער אַפילו אינמיטן די וואָכנטעג און באַלויכטן פון דעם ליכט פון ברילי־אַנטן און בלענדענדיקער ביזשוטעריע, ווערט אָבער זייער ווייבלעך פלייש, וואָס איז אַמאָל געווען אַזוי הערלעך צעשטראַלט, אַלט, געל און דערשלאָגן פון די קלעפּ פון צייט, וואָס גריזשעט אויף קעניגלעכע פּאַלאַצן און עסט אויף די מענטשלעכע דורות. אָפּטמאָל קען מען זען גיין אינם גרויסן שטאָ־טישן פּאַרק, ווען די זון זעצט זיך איבערן ים און צינדט אָן אין די כוואַליעס ביליאַנען גאָלדענע קוויאַטן, אַ קליינע גרופּע פרויען: אַן איינגעשרומפּענע און איינגעהויקערטע פרוי, מיט אירע פינף איינזאַמע און פאַרוויאַנעטע טעכטער... נישט אַזוי פיל פון צייט און עלטער איז פעליציאַ אַלט גע־וואָרן, נייערט פון צער און קריינקונג וואָס אירע טעכטער זיינען געבליבן פאַרזעסענע מיידן. פעליציאַ איז געוואָרן מורא׳דיק קליין און איינגעשרומפּן, ווי זי וואָלט זיך בויגן צו איר קבר אַ באַלאָדענע פון דער באַרגיקער לאַסט פון איר שיקזאַל. די גרופּע מאָדנע פרויען שפּאַצירן איינזאַמע און פאַר־שאָלטענע אין שטילן און אין וווּנדערלעכן פּאַרק — זעקס פון שיקזאַל דערשלאָגענע און צעשלאָגענע פרויען... זיי גייען ענג צונויפגעדריקטע ווי אין אַ טראַגישער באַלאַדע, מורא האָבנדיק זיך צו דערווייטערן איינע פון די אַנדערע, טאָמער וועט זיי דער אומהיימלעכער ווינט פון אָוונט צעטרייבן און צעשיידן... און זיי זען אויס ווי זיי וואָלטן זיין דורך אייזערנע קייטן צונויפגעקאָוועטע ביי זייערע גלידער... זעקס טונקעלע און קראַנקע פייגל, וועמענס פעדערן זיינען פון ריינעם גינגאָלד... אָבער וועמענס אַלט־מיידעלשע און גרוי־מוידישע הערצער ווייגען און יאָמערן אַזוי הויך אַז עס דערגרייכט אַזש צו גאָט...

פאַר די זייטיקע מענטשן איז שווער צו וויסן ווער צווישן די זעקס פרויען עס איז די אַלטע מאַמע און ווער עס זיינען אירע טעכטער... אַלע זעקס ווייבער גייען לאַנגזאַמע און פאַמעלעכדיקע אין דעם קאַלטן און שטילן גאָרטן, איבער זייער אייביק־איינזאַמען וועג פון טרויער... זעקס איינגעשרומפּענע געשטאַלטן, אָפּגענאַרטע פונם גורל, אומעטיקע פּרינצעסינס פון שיקזאַל, וואָס רופן אַרויס טרערן ביי די פרעמדע פאַרבייגייערס און ביי די שטאָלצע רייטערס און רייטערינס וואָס רייטן אַדורך איבער דער טונקעלער אַלייע... די בורשטיניק־געלע און הערבסטיקע בוימער האָבן אויך אויף זיי רחמנות און זיי וואַרפן איבער זייערע קליינע קעפּ, פאַר־הילטע אין טונקעלע טיכער, פאַרוועלקטע בלעטער, ווי שטיקלעך גאָלדענע צירונג, געשאַפענע דורך אַ הימלישן גאָלדשמידט... און צו טראַכטן אַז די

דאָזיקע טונקעלע רואינען פון פּאַרוויאַנעטע ווייבער זיינען אין וואַרשע געווען רייצנדיקע שוינקייטן... אַז מענערישע הערצער און בליטן האָבן אויפגע־ציטערט אין תּאווה׳דיקן שווידער, ווען באַרירטע פון דעם באַרבאַרישן פלאַם פון זייערע ליידנשאַפטלעך־צעשטראַלטע אויגן... און אַז זייערע שלימות׳דיקע פיגורן, ווי פון מאַרמאָרנע סקולפּטורן, האָבן אָנגעצונדן די פאַ־סיעס פון יונג־און־אַלט מיט דער קראַפט פון דער פאַרשטעלונג... און אַז זייערע יינגע קעפּ זיינען אַמאָל געווען באַלויכטן ווי מיט פינקלענדיקע קרוי־נען. דאָס אַלץ איז זיך אונמעגלעך פאַרצושטעלן ווען מען זעט ווי אַזוי די איצטיקע חורבות פון פרויען גייען איינזאַמע שפּאַצירן, מיט זייער מוטער אינמיטן, אין דעם הערבסטיק־אומהיימלעכן פּאַרק...

איינער, אונדזערס אַ ווייטער קרוב, וואָס האָט לעצטנס באַזוכט זיינע קרובים אין דרום־אַפריקע, דערציילט מיר אין אָוונט אין זיין היים, ביי דער סעודה פון וויין און פון פלייש:

— אייער מומע פעליציאַ, וואָס איז אַמאָל געווען אַזוי שיין ווי אַ קיי־סערינע, האָב איך איצט גאָרנישט דערקענט... זי איז געוואָרן שרעק־לעך אַלט און איינגעשרומפּן ווי אַן עגיפּטישע מומיע... זי זעט איצט מאָדנע אויס ווי אַ צעבראָכענע ליאַלקע וואָס וויינט פון די יסורים פון אירע ווונדן...

און איך האָב זיך דערמאָנט אויפדאָסניי מיין מומע פעליציאַ פון וואַרשע, אַלס אַ קלאַסיש־גרויסאַרטיקע און פירשטלעכע דאַמע, וואָס פּאַסט פּאַרן באַרימטן הויז פון די ראָטשילדס אָדער פּאַרן פּאַלאַץ פון אַ באַל־זאַקישער פאַמיליע. ווער איז אימשטאַנד צו פאַרגעסן איר שטאָלצן גע־שטעל און היכן, רייצנדיקן בוזעם, דערמאָנענדיק אין אַ צאַריצע יעקאַטע־רינאַ?! ווער קען אויסמעקן פון זיין פּלאַסטישן זכרון־פּאָרטרעט איר בלייכן און אַלבאַסטערדיקן פּנים און דאָס גליענדיקע פייער פון אירע פּאַר־פירעריש־בריליאַנטענע אויגן, וואָס האָבן געקענט ליכטיק מאַכן אַ פינצטערן הימל — אָן אַן איינציקן שטערן?!...

— יאָ, — רעדט ווייטער מיין ווייטער קרוב, זי איז געוואָרן קליין ווי אַ פויגל אויף דער עלטער. און תּמיד גייען אירע פאַרזעסענע טעכטער מיט מיט איר צוזאַמען וווהין זי גייט. זעקס טרויעריקע און אָפּגעפליקטע מענטשלעכע פייגל... גרימירטע פון דעם אייזערנעם געזעץ־מייסטער פון צייט...

איך האָב שטילערהייט אויסגעהערט די רייד פון מיין ווייטן קרוב... און איך האָב אין מיין האַרצנ׳ס טיפעניש אָפּגעזיפצט איבער דעם וואָס עס איז געוואָרן פון דער פאַמיליע פעליציאַ האָניגספעלד...

אָבער, לאָמיר זיך צוריק אומקערן אויף אַ ווײַלע צום וואַרשעווער האָטעל, וואָס איז אויף אייביק געבליבן שטיין אין מיין זכרון און אין האַרצן...

די שטאָט וואַרשע איז געווען געדיכט אָנגעפּאַקט מיט מיין טאַטנ׳ס פּילפּאַרביקער משפּחה, מיט מעכטיקע פעטערס און מיט אַלטע, פאַרצייטישע מומעס, וואָס האָבן נאָך ווייל געדענקט אויף אויסנווייניק אַלע זייערע ראָמאַנטישע יוגענט־ליבעס מיט צאַרישע גענעראַלן און אָפיצערן. ווי ווייניק מיין אַריסטאָקראַטישער טאַטע האָט ליב געהאַט זיין משפּחה און האָט בכלל נישט אַרויסגעוויזן קיין איבעריקן געדולד צו מענטשן און צו מענטש־לעכע רייד, האָבן מיר דאָך באַזוכט אין די געציילטע טעג ערב מיין אָפּפאָרן פון דער פוילישער ערד אויף אייביק — איך האָב עס ממש נביא׳יש געוווסט — אונדזער אַלטפרענקישע משפּחה, וועמענס אייזערנע פעדעם האָבן זיך גע־צויגן טיף אין די וועלדער פון דער הערזאָישער און דראַמאַטישער אידישער געשיכטע. און לויט מיין טאַטנ׳ס גאַווה׳דיקער באַרימערייַ אַזש ביז צום קעניגלעכן הויז פון דוד המלך... וואָסאַראַ שטאָלצע און נאַאיווע באַ־רימערייַ!...

אין יענע טעג וואָלט איך אַוודאי, מיט מיין איצטיקן מורא׳דיקן הונגער צו פאָרשן די כראָניק פון מיין פאַמיליע און אַ ברענענדיקן דאָרשט צו וועלט־געשיכטע בכלל און צו אידישע געשיכטע בפרט, געקענט צוזאַמענ־קלייבן גאַנצע בערג מיט לעגענדאַריש־אינטריגירנדיקע משפּחה־כראָניק. ליטעראַטור האָט זיך ממש געוואַלגערט אויף יעדער היימישער שוועל צו־זאַמען מיט די פיבערישע קוויאַטן פון זון־אונטערגאַנג. הלוואַי וואָלט איך דעמאָלט שכל געהאַט זיך אויסצופרעגן ביי די דאָזיקע ערדיש־רעאַליסטישע פעטערס און פאַלקסטימלעכע מומעס, באַהאַנגענע מיט אַנ־טיטשנער אידישער צירונג און באַקלעפּטע מיט פאַלקלאָר ווי שמעטערלינ־גען מיט בראַנדזענעם שטויב, וועגן אונדזערע זעלטענע קרובים אַזש פון זעכצעטן, זיבעצעטן און אַכטצעטן יאָרהונדערט... ספּעציעל וועגן איי־נעם אַן עלטערזיידן מיינעם וואָס האָט לויט דער משפּחה־כראָניק, פאַרקויפט פאַר אַ שיבוש זיין הויז, זיין קרעטשמע, זיין גאַנץ האָב־און־גוטס און זיך געלאָזן בלויז מיט די נאַקעטע נשמות פון זיין הויזגעזינד קיין סמירנאַ, כדי מיט שטראַלנדיקע אויגן אָנצוקוקן דעם געזאַלבטן פון גאָט שבתי צבי, וועמענס אַ פאַרברענטער נאָכפאָלגער און חסיד ער איז געוואָרן ביזן סוף פון זיינע אייגענע טעג... איבערהויפּט האָב איך איצט אַ פאַרלאַנג צו וויסן, ווי שוין געזאָגט, וועגן מיינע ווייטע זיידעס און באָבעס פון די גרויע, פאַרגאַנגענע צייטן, אַזש ביזן הערלעכן בית דוד... נאָר איך האָב דעמאָלט נישט געהאַט קיין צייט און קיין געדולד פאַר היסטאָריע און קיין שום חוש נישט פאַר די שאָטנס פון פאַרגאַנגענע דורות. איבערהויפּט האָב איך, ווי שוין אויך דערמאָנט, נישט באַזעסן דעם איצטיקן שרייבערישן הונגער צו קענען וואָס אינטימער און טיפער די שטאַמען, די בוימער און די קערנדיקע וואָרצלען פון דעם וואַלד פון מיין גרויסער משפּחה. איך האָב שוין געוואָלט זיין ווייט פון וואַרשע. איך האָב געהאַט אַ פאַרלאַנג צו

פאַרן אַן איינזאַמער אינם וואַגאַן און ווידער אַנרירן מיטן אויג — און מיטן האַרצן — פוילנ׳ס זאַפטיקע און מאַלעריש־רייכע הערבסטיקע פעל־דער, וועלדער און אידישע סעדער, וואָס זיינען אַגב אַ באַזונדער קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון אידישן לעבן אין פוילן. איך האָב ווידער געוואָלט שמעקן פוילנ׳ס פאַר׳שיכור׳נדיקע נאַטור־ריחות און אָנקוקן — נישט דווקא צום לעצטן מאָל, פוילנ׳ס הימל, וואָס איז געוואָרן צו אַ א י ד י ש ן הימל, וואָס האָט געזען און אַריינגענומען אין זיך די נשמות פון טויזנט יאָר אידיש לעבן און אידישע קולטור אין דער מדינה פון גרויס־פוילן...
אָבער היטלער, דער פינצטערער מאָנסטער וואָס איז אַראָפּגעפאַלן אויף דער פוילישער ערד — און אויף אַ האַלבן פּלאַנעט — פון די פינצטערנישן פון הימל, האָט די דאָזיקע קרעפטיקע משפחה פאַרוואַנדלט צום יסורים׳דיקן אַש און שטויב פאַר וואַלקן און ווינט...
אין דעם ערשטן באַנד „דער אמת זאָל זיין דיין שטערן״ האָב איך שוין אין איילקע און פאַרבייגייענדיקע שטריכן דערמאָנט דעם זיידענ׳ס אַ טאָכטער מירל. מירל איז געשטאָרבן פון שווינדזוכט אין אַ גאָר יינגען עלטער, אַזוי ווי איר שוועסטער צביה און איר ברודער מענדל, וואָס זיינען אויך אַוועק פון דער וועלט אין זייערע צוואַנציקער יאָרן. מירל איז גע־בליבן שטיין אין מיין זכרון דורך אַ לעגענדע וואָס איך האָב געהערט אין אונדזער היימישער סביבה זינט מיינע קינדהייטס־יאָרן. אין געציילטע טעג נאָכדעם ווי מירל איז באַגראָבן געוואָרן אויפן איוואַנגאָראָדער בית עולם, האָט זי גענומען אין די נעכט קלאַפּן אין די לאָדנס און אין די מוחות פון אירע טרויערנדיקע שוועסטער און ברידער. זי איז אויך צו חלום געקומען צו מיין טאַטן, דעם עלטסטן ברודער אירן, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט היפּשן סקעפּטיציזם און אַפּיקורסות. מירל האָט אין אַלע חלומות דערציילט אַז מען האָט נישט באַוויליקט אַנצוטאָן איר גוף אין געבוג תכריכים. זי האָט זיך באַקלאָגט אַז זי קען נישט איינליגן רואיק אין קבר. אַז עס איז צו איר אָפּגעטאָן געוואָרן אַ מורא׳דיקע עוולה. וואָס־אַמאָל מער האָט זי גענומען פאָדערן שטרענגער און ערנסטער איר הייליקע רעכט... דער דעמבלינער רב, צו וועמען מיינע קרובים זיינען געגאַנ־גען, האָט אויסהערנדיק וועגן די אומהיימלעכע חלומות און שטרענגע פאָ־דערונגען, געהייסן אין איינעם אַ טאָג אויפגראָבן מירל׳ס קבר אין דער אָנוועזנקייט פון אַ מנין אידן און איר צולעגן עטלעכע מעטער תכריכים־שטאָף...
די דאָזיקע אומהיימלעכע משפחה־כראָניק האָט שוין קליינערהייט גע־רייצט מיין פאַנטאַזיע... אַ יינגע און אַוודאי נישט צו דער זעט אויס־געלעבטע פרוי האָט געמאָנט איר טרויעריקע רעכט... וואַרשיינלעך האָט מירל, אַ באַ׳עוולה׳טע דורך איר טראַגישן גורל, געפאָדערט פיל מער ווי נאָך עטלעכע אַרשין פוילישע ליינוואַנט פאַר איר לעצטן טויטנקלייד.

זי האָט דורך די דאָזיקע תכריכים סימבאָליש געפּאָדערט אירע ייִנג־פּאַר־שנײ־ענע יאָרן... זי האָט פּראָטעסטירט צו קרובים, צו מענטשן און צו גאָט פאַר איר ברוטאַל־אַוועקגערויבטע לעבן... איינע אַ אידישע פרוי אין דעם פוילישן שטעטעלע מאָדזשיץ האָט אַ רואיקע נישט געקענט אײַנליגן אין איר קבר, האָט נישט געקענט שלום מאַכן מיט איר טויט און זי האָט באַשלאָסן צו קלאַפּן אין די טירן און פענצטער פון היימישע הײַזער... זי האָט באַשלאָסן אין די לבנה׳דיקע נעכט אָנצורירן שלאָפנדיקע קעפּ און שאַרבנ׳ס פון אירע שוועסטער און ברידער... זי האָט דורך דעם שפּינגעוועבס פון חלומות אויסגעשריגן איר ווייטיק... עס איז אַ ליגן אַז אַלע אברים שטאַרבן אָפּ און ווערן אומפילבאַר אין דעם מאָמענט פון שטאַרבן. דאָס פלייש און די ביינער יאָמערן אייביק, ביזן גרויען שטויב אַרײַן... אַזאַ ווי מירל איז געווען, האָט ווייל געקענט זײַן איינע פון די פאַנטאַסטישע־בונטאַרישע געשטאַלטן אין פרץ׳ס מיסטישער דראַמע „בײַנאַכט אויפן אַלטן מאַרק”... מירל, ווי שוין געזאָגט, האָט שטאַרק אינטריגירט מיין שרייבערישע פאַנטאַזיע. אָבער מער ווי די דאָזיקע לעגענדע האָט זיך נישט געלאָזט אַרויסשלאָגן פון איר טראַגישן געשטאַלט. עס איז אויך אין דעם משפּחה־אַלבאָם נישט איבערגעבליבן קיין שום פאָטאָגראַפיע פון מירל... און דאָך האָב איך מירלען באַגעגנט אין וואַרשע...

אין איינעם אַן אָונט, בשעת מיר זײַנען אײַנגעשטאַנען אין פּעליציאַ האַניגספעלד׳ס האָטעל אין וואַרשע, איז געקומען צו אונדז צו גאַסט אַ ייִנגע פרוי וואָס האָט געהייסן רייצעלע אויבסטהענדלער. רייצעלע איז געווען איינע פון די צוויי פאַר׳יתומ׳טע טעכטער פון מיין טאַטנ׳ס אויבנבאַשריבענער און פריצייטיק־פאַרשטאָרבענער שוועסטער מירל, וועלכע מען האָט אַגב אויך גערופן מרים. איר עלטערע טאָכטער האָט געהייסן חנה׳לע און האָט געלעבט ערגעץ־ווו אין פוילן, אַ שוין פון לאַנג חתונה געהאַטע.

אין דער פאַמיליע פלעגט מען תמיד איבער׳חזר׳ן אַז רייצעלע געראָט אַרײַן אינגאַנצן אין איר מוטער מירל, זי זאָל זיך מיען פאַר אונדז אין ליכטיקן גן־עדן און, ווי מיין מאַמע פלעגט אָפט ליב האָבן איבערצו׳חזר׳ן איר ווערטל ביי אַזעלכע געלעגנהייטן: ווי לאַנג זיי וועלן דאָרטן זיין, זאָלן מיר דאָ זיין... (עס איז פאָלג מיך אַ גאַנג...)

רייצעלע, קען מען זאָגן מיטן פולן מויל, איז געווען אַ זעלטענע וואַרשעווער שיינקייט אַפילו צווישן שיינקייטן... עס איז ביי מיר נישט פאַראַן קיין שום צווייפל אַז ווען רייצעלע וואָלט פאַרקערט אין אַ ראַפינירטער סביבה פון שרייבערס און קינסטלערס, וואָלטן ראָמאַנטישע פּאָעטן איר באַזונגען אין ענטוזיאַסטישע סאָנעטן, באַדויערנדיק ווי שעקספיר, די שטערבלעכקייט פון מענטשלעכן פלייש וואָס איז שענער פון מלאָכים. מאָלערס וואָלטן אין גליענדיקע קאָלירן פאַראייביקט איר עקזיסטענץ, איבערהויפּט איר רייצנדיק־גראַציעזן גוף. רייצעלע האָט געהאַט אַ ווייס

לייב אַזוי ווי שניי־קלאָרער אַלאַבאַסטער, — איר פּנים איז געווען שיין ווי די זון. זי איז געווען אַ פולע, גרויסאַרטיקע, שטראַלנדיקע פרוי, וואָס האָט ווײַל דערמאַנט אין יענע פּאָרטרעטן פון אומפאַרגעסלעכע הייליקע, וואָס די רענעסאַנס־געוואַלטיקע מאָלערס האָבן געמאָלן מיט אַ זין פאַר ערדיש־רעאַליסטישער שיינקייט פון דער פרוי און פאַר וועלכע עס האָבן פּאָזירט אין גאָר זייער געטלעכער נאַקעטקייט די שענסטע פרויען פון רוי־מישע, ווענעציאַנישע און פלאָרענטינישע גאַסן, אָפטמאָל פון די אָרעמסטע שיכטן פון דער איטאַליענישער באַפעלקערונג.

פון רייצעלען זיינען מיר איבערגעבליבן צוויי גוט־פּרעזערווירטע פאָ־טאָגראַפיעס פון מיין טאַטנ׳ס קאָלעקציע בילדער. איר געשניצט פּנים איז אָנגעשפּאַרט אין איינע פון אירע מאַרמאָר־ווייסע הענט. זי קוקט מיט גרוי־סע און גליענדיקע אויגן אויף אַ בוקעט מיט בונטע קוויאַטן, וואָס שטייען אויפן דעקאָראַטיוון טישעלע אין דער אַטעליע. אָבער איר קאַלעך־בלייך פּנים איז טויזנט מאָל שענער פון גאָט׳ס אָנגעצונדענע בלומען. דער אַמאָ־ליקער וואַרשעווער פאָטאָגראַפיסט וואָס האָט געלאָזן שטיין זיין נאָמען און זיין שטעמפּל אַלס ג. פּאַמפּיאַנסקי, פון די נאַלעווקי׳ס נומער 40, אין יאָר 1922, הגם צוגרייטנדיק אַ באַנאַלע פּאָזע און געוויינלעכן הינ־טערגרונט, האָט פונדעסטוועגן פאַרגעשטעלט אַ אידישע היסטאָרישע קיי־סערינע... אַזוי האָט אַוודאי געמוזט און געדאַרפט אויסזען די קעניגין אסתר, פאַר וועמענס פאַרפירערישן שמייכל דער מלך אַחשורוש איז ממש אויסגעגאַנגען און פאַר וועמענס פיזישן רייץ ער האָט שיעור געקרוגן די ניכפּה... אָדער גאָר די האַלב־אידישע פּרינצעסין בערעניקע, וואָס האָט געהאַט אַזאַ מעכטיקע ווירקונג אויפן צעשטערער פון בית המקדש, דעם שפּעטערדיקן צעזאַר פון דער רוימישער אימפּעריע, טיטוס הרשע... אָבער גאָר די ליטעראַריש־געשיכטלעכע מליצה צעפאַלט ווי שטויב אַנטקעגן דעם רעאַליזם און דער מעכטיקער לעבעדיקייט פון די בילדער פון רייצעלען, וואָס באַזיצן אַזאַ מערקווירדיקן אמת פון לעבן, פון פרויאישער שיינקייט און פיזישער עקזיסטענץ...

די דאָזיקע פרוי, האָט וויזט אויס, געטראָגן אין דער וועלט אַריין איר מוטער׳ס געטלעכע און נישט אויסגעלעבטע שיינקייט, איר מאַמע׳ס האָניק־ברוינעם און הייסן לייב, וואָס האָט אין די טונקעלע און ווינטיש־אומהיימ־לעכע נעכט פאַרלאָזן איר שטילן קבר און ווי אַ זיך שיכור־וואַקלענדיקע האָט זי באַזוכט די הייזער פון איר משפּחה... און זי האָט אַריינגעשריגן אין זייערע נאָך לעבעדיקע אויערן אַ מורא׳דיקן יאָמער פון פריען טויט...

מיין טאַטע, וואָס האָט, איך בין זיכער, קיינמאָל אין זיין לעבן נישט געלייענט די ווערק פון שאָפּענהויער, ניטשע, ווייניגער און סטרינדבערג, און וואָס האָט פונדעסטוועגן פיינט געהאַט פרויען נאָך פאַנאַטישער ווי די דאָ־זיקע וועלט־באַרימטע פילאָסאָפן און דראַמאַטורגן, האָט אָבער געמוזט דורך

זיין גאַנץ לעבן באַוווּנדערן גאָט׳ס שיינקייט וואָס דריקט זיך אויס אין פאַרכאַפּנדיקע לאַנדשאַפטן און אין גראַציעזע פרויען, וואָס זיינען ממש וואַרעם־אַרומשפּאַצירנדיקע פּייזאַזשן . . . דער פּאָעט און דער קינסטלער אין אים, וואָס איינצלנע פלאַמיקע טראָפּנס האָט געירש׳נט זיין ייִנגסטער זון, דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות, האָט תּמיד געקניט אין באַוווּנדערונג און אין טיפער אַנטציקונג פאַר דער דערשיינונג פון אַ שטראַלנדיקער פרוי . . . זיינע בלויע אויגן האָבן אויפגעציטערט פאַר אַ רייצנדיקער ווייבספּאַרשוין, זיך נישט רעכענענדיק מיט דער אייפערזוכט פון מיין אַרעמער און קליינטשיקער מאַמען, וואָס האָט קוים געוואַגט אויסצודריקן הויך אין וואָרט אירע געפילן פון פאַרדראָס . . .

און איצט, אין דעם וואַרשעווער האָטעל, האָב איך געזען ווי מיין טאַטנ׳ס אויגן לויכטן ממש אויף מיט פירשטלעכער אַנטציקונג ווען זיי טרינקען דעם גאָלדענעם שאַמפּאַניער־פלאַם פון רייצעלע׳ס מיסטערהאַפט און מוסטערהאַפט געשטאַלט און איר זוניקן פּנים. מיין פאָטער איז געגאַנגען אַזוי הימל־ווייט אין זיין באַוווּנדערונג פאַר דער דאָזיקער אייגנמשפּחה׳דיקער שיינקייט, אַז ער האָט איר געשדכנ׳ט זיין אייגענעם זון זישע . . . נישט וואַגנדיק באַוווּסטזיניק אויסצודריקן צו רייצעלען זיין פּערזענלעכע ליבשאַפט און פּאָעטישע אַדאָראַציע, האָט ער זי אינסטינקטיוו געוואָלט באַזיצן דורך זיין זון . . . מיין פאָטער, ווי שוין באַשריבן געוואָרן, האָט געוויינלעך מוראדיק פאַראַכט און פּשוט פיזיש פיינט געהאַט זיינע שנירן . . . ווען ער וואָלט נאָר געהאַט אַ דעה, וואָלט ער קיין איינציקן פון זיינע קינדער, ספּעציעל זיינע זין, נישט געלאָזט קיינמאָל חתונה האָבן . . . אַפילו אויף זיינע טעכטער האָט אים שרעקלעך פאַרדראָסן וואָס זיי דינען צו פרעמדע מאַנען, אָנשטאָט צו אים . . . בפרט האָט ער נישט געקענט פאַרטראָגן וואָס זיינע זין פאַלן אַזוי קנעכטיש פאַר די „פינצטערע ווייבער”, ווי ער פלעגט זיך אויסדריקן, צו באַנוצן איינע פון זיינע עפּיטעטן וועגן דעם ווייבלעכן מין וואָס לאָזן זיך מערווייניקער ציטירן אין געשריבענעם וואָרט . . . און פון אַלע זיינע קינדער איז דווקא זיין באַליבסטער זון געווען — זישע . . . ווייל זישע, האָט זיך אים געדאַכט און ער האָט מיט רעכט פאָרויסגעזען, וועט פאַרבלייבן אַן אַלטער בחור. אויך ווייל זישע ווייסט ווי אַזוי צו היטן דעם שווער־אויסגעהאָרעוועטן גראָשן און ווייל זישע איז געווען אַ חכם אויף נישט צו שליידערן זיין כּוח, זיין מאַרך פון די ביינער און זיין פון די קישקעס אָפּגעשפּאָרטן געלד אויף פרעמדע און פאַלשע ווייבער . . . דערביי פלעגט מיין טאַטע, דער געבוירענער אַנטי־פעמיניסט, קיינמאָל נישט פאַרגעסן צו ציטירן די אומשטערבלעכע שורות פון דעם „ספר משלי” וועגן אַ שלעכטער ווייבספּאַרשוין . . .

און דאָך, צו מיין היפּשער איבעראַשונג, איז מיין טאַטע, דערזעענדיק

רייצעלעך, פּלוצלינג דערשינענע אין דער מאָדנער ראָלע פון אַ שדכן׳ן פאַר מיין ברודער זישע, וואָס האָט געוווינט אַזש אין דער ווייטער און ברענענדי־קער אַריזאָנאַ... מיין פאָטער האָט גענומען באַלד גאַנץ רעאַליסטיש אונ־טערהאַנדלען אַז רייצעלע זאָל מיט אים גיין צום אַמעריקאַנער קאָנסולאַט און מען זאָל מאַכן דעם פּאַשפּאָרט און קריגן די וויזע... ער האָט זיך עפּעס גענומען מאָדנע איילן מיטן שידוך... ער האָט באַנוצט פאַנטאַזיע און רעטאָריק, מאָלנדיק רייצעלע׳ס גליק אין די אָרעמס און אין דער היים פון זיין זישען, וועלכן ער האָט אייגנטלעך רעכט נישט געקענט, ווייל ער איז אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע צוזאַמען מיט זיין יינגערן ברודער שמחה אייזיק נאָך אין יאָר 1911 אָדער 1912... שמחה אייזיק איז גע־שטאָרבן אין אַריזאָנאַ, אין זיין צוויי און צוואַנציק יאָריקן עלטער. מיין פאָטער האָט, קען מען זאָגן, זיינעביידע זין רעכט נישט געקענט. אָבער דאָס האָט אים נישט אָפּגעהאַלטן שטאַרק צוצורעדן זיין פּלימעניצע רייצעלע, אַז זי זאָל וואָס שנעלער רעאַליזירן זיין חלום און, ערגעץ ווו דעם גע־הײמנישפולן באַגער פון זיין בלוט, אַז זי זאָל ווערן זישע׳ס ווייב... פאַר רייצעלען איז דאָס אַלץ געווען ווייט, פרעמד און אומבאַקאַנט. מיט וואָס האָט געקענט רייצן איר ווייבלעכקייט איינער אַ מיטגליד פון איר משפחה, וואָס האָט געהייסן זישע? און צו וואָס האָט איר געקענט ציען אַזאַ ווייטע און פון דער זון אומ׳ברחמנות׳דיק־פאַרברענטע לאַנדשאַפט פון אַריזאָנאַ, ווען די אידישע וואַרשע מיט אירע לעבנס־שיכור׳ע גאַסן האָט געהאַט פאַר איר דעם סאַמע פאַנטאַסטישן רייץ און אַטראַקציע? ווען זי איז געווען שיכור פון איר יינג־פּרוואַישער עקזיסטענץ; באַטרונקען פון איר האַרץ, איר לייב, אירע געפילן און פון דעם גאַנצן הערלעך־אַנגעצונדענעם פרילינג פון איר לעבן?

ווען איך האָב זיך מיט אַרום צוועלף יאָר שפּעטער צום ערשטן מאָל באַקאַנט מיט מיין ברודער זישע, אויף דער ליימיק־רויטער ערד פון שטאָט אַריזאָנאַ, און איך האָב זיך צוגעקוקט ווי פּרימיטיוו מיין ברודער איז פאַר־בליבן אין זיין איינזאַמען לעבן און ווי מורא׳דיק־פּרימיטיוו ער האָט זיך אויפגעפירט, האָב איך געטראַכט ווי וויניק די דאָזיקע ראַפינירטע קראָ־סאָוויצע רייצעלע, וואָס האָט זיך געקענט לויט איר קאָליר און טעמפּעראַ־מענט אַריינפּאַסן אין אַ פירשטלעכער סביבה, און וואָס האָט גלייכצייטיק גע־טראָגן עפּעס אַ טיפע נאָבילִיטעט פון אונדזער זיידען׳ס אַריסטאָקראַטישע משפחה, ווי וויניק זי וואָלט זיך געקענט אַקלימאַטיזירן אין דעם דאָזיקן פאַרוואָרלאָזטן און אַלט־בחור׳ישן הויז, וואָס מיין ברודער האָט טאַקע אָפּגעקויפט פון אַן אויסשטאַרבנדיקער אינדיאַנישער פאַמיליע און וואָס ער האָט געפּרוווט מיט זיינע אייגענע הענט אַ קליין ביסל רעמאָנטירן און אי־בערבויען. זישע׳ס הויז איז אייגנטלעך געווען אַ ברודיק מוזעאום פון צע־ריסענע בגדים, שטינקענדיקע שמאַטעס, שטויביקע קעפ פון הירשן און

סאַרנעס, פון קי און פון קאָזעס, פון שעפּסן און פון אָקסן, וואָס זיינען געווען צוגעקרייציקט צו די ווענט מיט אייזערנע טשוועקעס און האָבן דערמאָנט אין די אומהיימלעכע ביר־און־וויינשענקען, וואָס בשעת די שיכורים זשלאָקן פון די קופּלעס דעם גרין־קלעפּיקן ביר און לײדיקן אויס גלעזער שנאַפּס און וויינגעטראַנקען, דאַכט זיך אַז עס טריפן אַראָפּ פון די אומגעבראַכטע קעפּ פון די וויינענדיקע חיות דיקע און טונקעלע טראָפּנס בלוט, אין די בעכערס פון די טרינקערס. דאָ האָט מען געקענט זען כלערליי שמאָכטעס, ווי פּאַרצייטישע שטעקענעס מיט מאָדנע האַנטאַבעס און גאַלקעס, וואָס עס האָבן נאָך געטראָגן די קאַוואַליערן פון נײנצענטן און אָנפאַנג צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. מען האָט דאָ אויך געקענט געפינען סטודענטישע ביכער און פּוטערנע רעקלעך, זייערע וועש און זייערע שיך און קראַוואַטן, פּאַרזעצטע אין מיין ברודער'ס לאָמבאַרד פּאַר קאַרגע עטלעכע טאָלערס דורך אָרעמע סטודענטן. די סטודענטן אין דעם אוניווערסיטעט פון אַריזאָנאַ זיינען געווען מורא'דיק אָרעם. אַ סך פון זיי האָבן זיך נישט געקענט דערנערן פון די פּאָר לעקציעס דורך דער וואָך וואָס זיי פלעגן געבן צו מער פּאַרמעגלעכע סטודענטן. געקומען פון דער היים באַקליידעטע און באַשיכטע, האָבן זיי דורכן יאָר געוויינלעך אַלץ פּאַרקויפט און פּאַרמשכונ'ט צו מיין ברודער. מיין ברודער האָט אַריינגעלעגט אין זיי זיין גאַנץ פּאַרמעגן. זיי האָבן אים געהאַט אַזוי ווי אַן אייגענעם טאַטן. ער פלעגט זיי באָרגן געלט און עס קיינמאָל נישט מער קריגן צוריקגעצאָלט. זיין פּראָצענט איז געווען זייער פריינטשאַפט, זייער ליבשאַפט. סטודענטקעס פלעגן זיך פאָטאָגראַפירן מיט אים האַלב־נאַקעטע, אים קושנדיק אין ביידע באַקן. דאָס זיינען נישט געווען קיין פאַלשע קושן. אָרעמע סטודענטקעס מיטן ברענענדיקן אידעאַל צו שטודירן האָבן אָפט געמוזט אויסגיין מיט אומסימפּאַטישע מענטשן כדי צו עסן אַן אָרעם מאָלצייט אין אַ קליינער סטודענטישער רעסטאָראַציע אין שטעטל. דאָס זיינען געווען גרויסע אידעאַליסטקעס פון בילדונג. זישע האָט געבאָרגט געלט צו די דאָזיקע אַלע יינגע ענטוזיאַסטן און האָט זיי פון האַרצן אויס צוגעשאָנקען גוטע ווערטער, טרייסט און קאָמפּלימענטן, ווי גאָלדענע רענדלעך. די סטודענטן זיינען געווען זיינע וואַרמסטע פריינט. זיי האָבן אָפּגעשאַצט זיין אייגנאַרטיקע פּערזענלעכקייט.

אין זישע'ס מוזעאום האָבן זיך געוואַלגערט זאַכן פון אונדזער היימישער שטוב וואָס האָבן מיך פּלוצלינג צוריקגעבראַכט צו מיין קינדהייט. אַ שטייגער: אַלטע סידורים און מחזורים מיט מישברח'ס פאַר די אייראָפּייאישע קיסרים. די ווענט זיינען געווען אויסגעטאַפּעצירט מיט רוסישע רובעלס, פון וועלכע עס האָבן אַראָפּגעקוקט שטאָלצע צאַרן און צאַריצעס, אין וועמענס פּנימער די פליגן האָבן געלאָזן שטיין זייערע טונקעלע צייכנס... אין די ווינקלען זיינען געלעגן ביכער און מאַנוסקריפּטן, וואָס

זישע האָט געשריבן אין די שפּעטע און איינזאַמע נעכט. זישע איז געווען אויף זיין אופן אַ שריפטשטעלער. די סטודענטן פלעגן איבערשרייבן זיינע וויצן און דעקלאַראַציעס און זיי זיינען שפּעטער דערשינען אין דיגע בראָשורן. זיי האָבן געהייסן ״זישע׳ס אַלמאַנאַכן״. מיין ברודער האָט קאָמענטירט אויף זיין הומאָריסטיש־נאַאיוון אופן וועגן בונטן געזעלשאַפט־לעבן לעבן פון ״קעמפּוס״. ער האָט געהאַט זיין אָריגינעלן בליק איבער גאָר די פּאַסירונגען, זיין אייגענעם פּירוש און זיין אָריגינעלן לשון. איך צווייפל נישט אַז ביי אַנדערע בעסערע באַדינגונגען וואָלט פון זישען, דעם היימישן לץ פון אַריזאָנאַ, געקענט אויסוואַקסן אַ קרעפּטיקער הומאָריסט... פּאַקטיש האָבן אַלע מיינע ברידער גע׳ירשנ׳ט ליטעראַרישן טאַלאַנט פון אונדזער טאַטן, וואָס האָט געהאַט אַ נייגונג צו געשיכטע, פאַרשרייבנדיק אויף די מאַרגינעסן פון ספרים, סידורים און מחזורים די כראָניק פון זיינע טעג און די געשעענישן פון זיין צייט. אָבער אויך אין דעם בלוט פון מיין מאַמע׳ס משפּחה איז געווען ״ליטעראַטור״. (משה גראָסמאַן).

זיך אַלזאָ צוקוקנדיק צו מיין ברודער זישע׳ס לעבן, איז מיר דער ביי מאָדנע קלאָר געוואָרן ווי ווייניק די גרויסשטאָטישע רייצעלע, וואָס האָט ליב געהאַט זיך צו קליידן ווי אַן אַריסטאָקראַטישע דאַמע, און איז געבוירן געוואָרן פאַר לוקסוס, וואָלט געקענט פאַרטראָגן אַזאַ מין טיפּישן אַלטן בחור, וואָס איז געווען מורא׳דיק קאַרג פאַר זיך אַליין און האָט פונדעסטוועגן צעטיילט זיין פאַרמעגן צו אָרעמע סטודענטן און האָט אויסגעהאַלטן סטודענטקעס מיט האָטעל און רעסטאָראַציע־הוצאות...

צום גליק פון מיין ברודער זישע און איבערהויפּט פון רייצעלען, איז זי טאַקע קיינמאָל נישט געפּאָרן קיין אַמעריקע כדי צו ווערן די פרוי פון זישען, כאָטש זי האָט אים געשריבן אַ סך בריוו און זי האָט אים אויך נישט פאַרפעלט צו שיקן צאָלרייכע פאָטאָגראַפיעס מיט רייצנדיקע פּאָזעס פון איר נאַקעטער ווייבלעכקייט... די בילדער זיינען דאָ זינט שיינע יאָרן געהאָנגען אויף די ווענט און האָבן געטונקעלט און געגעלט צוזאַמען מיטן צאַר׳ס געלע, אָפּגעבלאַקירטע באַנקנאָטן...

און דאָך איז עפּעס געשען: די אומבאַקאַנטע וואַרשעווער כלה רייצעלע האָט אָנגעמאַכט אין זישע׳ס האַרצן אַזאַ מין זאַך ווי אַ ״פּאַרלוירענע ליבע״, וואָס ער האָט אַוודאי נייטיק געהאַט כדי צו נערן זיין פּוסטע און טרויעריקע איינזאַמקייט און אויך עפּעס ווי אַן אויסרייד אויף צו פאַרבלייבן שוין אויף תמיד אַן אַלטער, בייזער און צאַרנדיקער בחור, וועמענס האַרץ איז געווען פאַרטריפט מיטן בלוט פון דורכפאַל און אַנטוישונג. רייצעלע איז געוואָרן דאָס צו זישען וואָס די דולצינייע צו דאָן קיכאָטן און וואָס בעאַטריטשע צו דאַנטען און וואָס רחל צום פּאָעט ר׳ משה אבן עזרא. יעדער העלד און יעדער דיכטער טראָגט אַרום אין זיין באַליידיקטן האַרצן

ביזן לעצטן אָטעם־צוג דעם פּאָרטרעט פון זיין אידעאַלער געליבטע. יע־דער מאַנספאַרשוין האָט ערגעץ טיף אין זיין וועזן פאַרבאָרגן דאָס איינזאַמע און שטילע בעז־פּרילינגדיקע געשטאַלט פון זיין אויסדערוויילטע, פון דער ערשטער ליבע פון זיין לעבן, נאָך וועמען ער גייט נאָך ווי אַ קנעכ־טישער שאָטן זיין גאַנץ לעבן... אַזאַ מאָדעל פון אַן אידעאַלער געליבטע איז פּאַר זישע געוואָרן די וואַרשעווער רייצעלע, וואָס איז געווען אַ טי־פּיש־פּויליש־אידישער פּראָדוקט, אַ וואַרשעווער אָנגעצונדענער פרילינג, אַ בלום פון פּוילישן אידענטום. רייצעלע האָט אין האַרצן קיינמאָל אין דער אמת׳ן נישט געוואָלט פּאַרלאָזן דאָס וווּנדערלעכע, אידישע וואַרשע, די גרויסשטאָט וואַרשע, די היימישע און האַרציקע וואַרשע... רייצעלע איז שוין דאָרטן, אין אירע דורך יוגענט־ראָמאַנסן זיס און באַלזאַמיק איינ־געוווינטע און אין האַרצן איינגעבאַקענע גאַסן, פאַרבליבן אויף תמיד וווינען. ביז זי האָט חתונה געהאַט מיט איינעם אַ לומדישן און רייכן ייִנגערמאַן, וואָס האָט איבערגענומען פון זיין טאַטן, אַ באַרימטן פאַבריקאַנט, אַ גאַנצע נעץ מיט זייף־פאַבריקן אין פּוילן... רייצעלע האָט געשאָנקען צו איר באַ־ליבטן און געטרייען מאַן פינף געראָטענע קינדער: דריי טעכטער און צוויי זין... אין דער מורא׳דיקער צייט ווען גאָט׳ס פייער־און־צאָרן האָט זיך סדום׳יק אויסגעגאָסן איבערן פּוילישן אידענטום, האָט רייצעלע, איר מאַן ר׳ מענדל קויפמאַן, און זייערע פינף קינדער, צוזאַמען מיט די אַנדערע מיליאָנען אָנגעצונדענע און ווונדערלעכע אידן, געטיילט דעם שרעקלעכן און היסטאָרישן גורל פון אַש און פייער... אַ גרויסע צאָל פון די דאָזיקע אידן זיינען שפּעטער אַליין פאַרוואַנדלט געוואָרן אין זייף, כדי צו וואַשן די קרעציקע און עקלהאַפטע גופים פון זייערע פינצטערע הענקערס און ווילדע מערדערס...

איך געדענק אַזוי ווי עס וואָלט ערשט נעכטן געשען: עס איז שוין געווען דער סאַמע לעצטער אָוונט פון אונדזער וויילן אין דער שטאָט וואַרשע. אויף איינעם פון די ווענט אין די געררוימע צימערן פון דעם ריזיקן האָטעל איז אין אַ טונקעלער ראַם, פון ווערם צעלעכערט, געשטאַנען אין זיינע ברייטע פלייצעס טיף פאַרזונקען דער מאַסיווער קאָפּ פון סער מאָזעס מאָנטעפיאָרע, אויף וועלכן דער טאַטע פלעגט זאָגן אַז ער איז געווען דער אי־דישער קייסער אין ענגלאַנד, אָדער אַזוי גוט ווי דער שני־למלך אין דער בריטישער אימפּעריע, פּונקט ווי למשל יוסף הצדיק איז געווען דער צווייטער צו פרעהן אין פאַרצייטישן מצרים. (די מאַמע פלעגט אַגב קיינמאָל נישט פאַרפעלן צו דערציילן דאָס שיינע מעשה׳לע אַז משה מאָנטעפיאָרע — זי האָט גאַנץ וואַזשנע פאַרגעסן צו דערמאָנען דעם „סער״ און דעם „מאָזעס״ — האָט אָנגעבאָטן דעם רוסישן צאַר פאַר יעדן איינציקן איד צו באַצאָלן גאַנצע דריי קערבלעך און ער איז אפילו גרייט געווען אָפּצוקויפן אַלע רוסישע אידן פון דעם צאַרס גאַנצער אימפּעריע פאַר דעם געלט פון

זיין אייגענער פירשטלעכער קאַסע... נאָר דער צאַר האָט חרטה געקראָגן אויפן עסק...

נעבן סער מאָזעס מאָנטעפיאָרע׳ס פּאָרטרעט האָט מען געקענט זען דאָס טונקעלע בילד פונם רמב״ם, וואָס האָט אויסגעזען ווי פון דער היי־סער, אָריענטאַלישער זון, אַ פאַרברענטער אַראַבער מיט אַ געפלאָכטענער אַבאַיע אַרום זיין קלוגן און מעלאַנכאָלישן קאָפּ. אונטער דעם ביוסט פון רמב״ם איז געווען אַן אַראַבישע אויפשריפט, וואָס האָט זיך עפּעס ווי אויסגעמישט מיטן טונקעלן פליגנאָפּפאַל...

און צווישן ביידע חשוב׳ע פּאָרטרעטן פון צוויי מאַכטיקע פּערזענלעכ־קייטן פון האַרץ, גייסט, מוח און חכמה, איז אויך געהאָנגען דאָס פּאַר־שטויבטע בילד פון דער אין טויזנטער אידישע היימען אין פּוילן היימישער און אוראַלטער כותל מערבי, מיט די מאַסיווע, פּירקאַנטיקע שטיינער, ביי וועלכע אידן פון די אָריענטאַלישע און אַזיאַטישע לענדער, מיט שטריימלעך, מיט יאַרמעלקעס, אין אַבאַיעס און אין קאַפּעליושן, אין היטעלעך וואָס די פּוילישע אידן האָבן געטראָגן פון יאַן סאָביעסקי׳ס צייטן אָן, זיינען געשטאַנען און זיי האָבן מערסטנס אָנגעלענט זייערע שווערע און טרויעריקע קעפּ אויף די אַלטע שטיינער, מיט זייערע פּויסטן איבער די הייסע שטערנס און זאָגנדיק געשמאַק קאַפּיטלעך תהילים, אַרויסברעכנדיק פון זייערע הערצער ווי פייערן אוראַלטע לשון קודש׳דיקע תפילות. עפּעס איינע, אַ ברייטע אידענע, אַ צעבראָכענע ווי אַ דעמב אין וואַלד און אַ באַהאָנגענע מיט אַלטפּרענקיש־גאָלדענע צירונג, האָט געקושט דעם שטויב פון דער וואַנט, פון וועמענס שפּאַלטן עס האָבן אַרויסגעשפּראָצט דינע און מאָגערע גרעזעלעך, ווי נאָך פון די צייטן ווען דאָס הערלעכע בית המקדש איז דאָ געשטאַנען ווי אַן אומגעהויערער פּאַלאַץ פון גאָלד און פון זון, אין וועלכן עס האָבן גע־ווינט צוזאַמען דער רבונו של עולם און די תורה.

אין די גערוימע און לופטיקע שטיבער פונם „האָטעל וואַרשע״ זיינען געשטאַנען הויכע אַלמערס מיטן זיידע׳ס ספרים, וואָס די מומע פעליציאַ האָניגספעלד האָט געגומען פון איר טאַטע׳ס ירושה.

מען האָט דאָ אויך געקענט זען ריזיקע שענק מיט פּאַרצייטיש זילבער און גאָלד: בעכערס, קרוגן, בשמים־ביקסלעך, זאַלצמעסטלעך, חנוכה־לעמפּ, לייכטער, מנורות, געשיר און קעניגלעך גאָלדן געפעס און פאַיאַנס. אויך אַ סך האַנטגעשמידטע קופּערוואַרג און מעשוואַרג פון דעם זיידע׳ס גבירישן הויז איז דאָ געווען רייך צעהאָנגען אויף די ווענט. אויף די רערן פון די מעכטיק־שווערע, זילבערנע לייכטער, מעשענע חנוכה־לאָמפּן און גאָלדענע מנורות איז נאָך געשטאַנען דאָס הייס־פּאַרטריפטע חלב פון פאַרגאַנגענע צייטן פון דער משפחה, פון די ימים־טובים פון דורות אידישע היימען, הייזער און לענדער.

מיר זיינען אַלע געזעסןביים גרויסן דעמבענעם טיש, אויף וועלכן עס זיינען געשטאַנען הויכע און הייסע גלעזער טיי מיט רעפּטעלעך ציטרין, מיט איינגעמאַכטס, מיט היימישע קיכלעך, מיט שטראָדלען און מיט האָניק־זיסן לעקעך. מיין טאַטנ׳ס פּנים איז ממש געווען פאַרפלאַמט פון איבערלעבניש. ער איז דאָ נישט בלויז געווען מיין ברודער זישע׳ס שדכן, נייערט עפּעס אַ מין מעפּיסטאָפעל וואָס רעדט צו צו זינד דאָס ווייבס־פאַרשוין רייצעלע... דער טאַטע האָט געקוקט אויף איר פולן און זוניקן לייב מיט פינקלענדיק־צעגליטע אויגן... אין זיין האַרצנסטיפעניש האָט ער זי אַוודאי קוים פאַרגינען זיין אייגענעם זון, דעם האַלבן אינדיאַנער אין שטאָט אַריזאָנאַ, וועמען ער האָט אַוועקגעשיקט קיין אַמעריקע מיט אַזוי פיל יאָרן צוריק... אָבער די אידעע אַז זיין טאַטנ׳ס גרויסאַרטיק אייניקל קען חלילה אַריינפאַלן אין די טרייפענע אָרעמס פון אַ פרעמדן מאַנספּאַרשוין, האָט אים מיאוס געפייניקט... ער האָט דעריבער אינסטינקטיוו אויסגעקליבן דאָס מינדערע שלעכטס... כאָטש אין דער אמת׳ן וואָלט ער ממש אָפּגעגילדעט דעם טייוול מיטן גאָלד פון זיין חלק עולם הבאָ, ווען ער וואָלט אים באַשאָנקען מיט אַן איבערגעשטאַלטונג און מיט אַ רעאַראַנזשירונג פון צייט און געבורט... וואָס איז דען ווערט אַן אייביקייט מיט גן־עדן פאַר דער שטערבלעכער ליבע צו אַ פרוי וואָס איז די פאַרקערפּערונג פונם גן־עדן זעלבסט?!...

איך חזר איבער: עס איז שוין געווען דער סאַמע לעצטער אָוונט אין דער גראַנדיעזער אידישער וואַרשע, וואָס האָט שוין געציילט אירע לעצטע יאָרן אין מורא׳דיקן גאַנג צום אָפּגרונט... און די דאָזיקע קעניגלעכע געשטאַלט פון אַ אידישער טאָכטער, אַזוי ווי זי וואָלט רייך און שטאָלץ אַרויסגעגאַנגען פון מגילת אסתר, מיט דער פינקלענדיקער קרוין אויף איר הערלעכן קאָפּ, איז מיר שוין אויף אייביק אַריין אין זכרון און אויך, מעג איך אויפריכטיק זאָגן, אין דער טיפעניש פון מיין נאָך ייִנגלערישן האַרצן... איך בין געזעסן אַביסל אין אַ זייט פון דעם גאַנצן טומל און פון דעם גרויסאַרטיק געדעקטן טיש... איך בין געווען צום ערשטן און לעצטן מאָל אייפערזיכטיק אויף מיין אייגענעם טאַטן צוליב איר... מיט מיינע הונגעריקע אויגן האָב איך געצערטלט רייצנדיקע רייצעלע׳ס ווייבס־פּערזענלעכקייט... זי האָט געשמעקט, דערלויב איך זיך איבערצו׳חזר׳ן, מיט דער איידלקייט און גרויסצוגיקייט פון זיידענ׳ס שוין דערמאָנטער אַריסטאָקראַטישער משפחה... עס איז געווען אויף איר מערקווירדיק־געשניצטן פּנים און אין איר שטאָלצער, אין רייַנעם בראָנדז געגאָסענער אָסאָבע פּראָמינענט אָנצוזען מיין זיידענ׳ס און מיין טאַטנ׳ס — ווען ער איז נאָך געווען אַ בחור און בכור — גביריש הויז, וואָס האָט געצויגן זיין זיידענעם יחוס אַזש פון דעם היסטאָרישן הישפּאַנישן אידענטום... די דאָזיקע רייצעלע האָט מיך טאַקע דערמאָנט נישט אַזוי ווייט אין אסתר המלכה, ווי אין מיכל,

שאול׳ס צאַרטער און אומגליקלעכער טאָכטער, דאָס איינזאַמע ווייב פונם קייסער דוד...

איך בין זיכער אַז ווען דער שיקזאַל וואָלט נאָך היינט געציילט רייצעלן צווישן די לעבעדיקע פוילישע אידן, וואָלט זי נאָך אַפילו איצט געווען אַ פרוי פאַר וועלכער מענער אין גאַס שטעלן זיך אָפּ און זייער אָטעם פאַרהאַקט זיך און זייער פולס נעמט האַסטיק קלאַפּן... אָבער, איר גורל איז שוין געווען אַ געַ׳חתמ׳עטער, אַזוי ווי דער גורל פון די מערסטע מאַסן אומגליקלעכע אידן אין פוילן און פון אַ צאָל מדינות אין דער וועלט.

ווי איך האָב שוין דערציילט מיט אַ ווײַלע פריער, האָט מיין ברודער זישע מער קיינמאָל אין די טעג פון זיין לעבן נישט חתונה געהאַט... עפּעס האָט ער זיין מאָדנעם שיקזאַל אָנגעהאָנגען אויף דעם לעבן פון אַן אומ־באַקאַנטער פרוי, וואָס מיין טאַטע האָט געהאַט די כוונה צו פאַר׳שדכנ׳ען צו זיין זון, נישט אָן איבעריקער אייפּערזוכט. און, די צו זישען פרעמדע ווייבספאַרשוין, זאָל האָבן דעצידירט זיין לעבן פון איינזאַמקייט און אַלט־בחור׳שאַפט... אין די דאָרטיקע בירשענק און קנייפּעס האָט ער אָפּט פאַרטרונקען, אין דער פאַרדעכטיקטער געזעלשאַפט פון נעגערס און אינ־דיאַנער, זיין ראָמאַנטישע בענקשאַפט אין האַרצן צו דעם חלום־געשטאַלט. אייגנטלעך צו אַן אומבאַקאַנטער, אויסגעטראַכטער און פרעמדער פרוי... און אין דעם טומלדיקן ווײַנשענק פון שאָקאָלאַד־ברוינע מולאַטקעס און אין די אומעטיקע נעכט פון זיין איינזאַמען לעבן אויף דער אַריזאָנער רויטער ערד, האָט ער תמיד געזוכט די איינע און איינציקע כלה פון זיין אייגענער משפּחה־דינאַסטיע, וואָס וועט שוין אויף אייביק, ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבנסאָוונט, שטיין בלייבן אַזאַ אומפאַרגעסלעכע, קוקנדיק מיט פינקלענדיקע אויגן אויף דעם בוקעט מיט שטיינערנע רויזן אויפן טישל, אינם וואַרשעווער פאָטאָגראַפישן אַנשטאַלט, אויף די גאַלעווקעס... זישע האָט דאָס דאָזיקע בילד געלאָזט רעפּראָדוצירן אין אַ סך קאָפּיעס און די פרוי צירט זיין אומ־היימלעכע שטוב. איר גייסט און גוף באַשטראַלט זיין אומעטיק לעבן ווי די רויטע, אומקלאָרע זון באַלייכט אין אַ נעפּלדיקן און אומבאַשטימטן ווערטער די וועלט־סביבה... (אַגב דענק איך אַז דאָס פאַרבלייבן אַן אַלטער בחור פון מיין ברודער און אויך פון אַנדערע מיטגלידער פון דער משפּחה איז גאָרנישט קיין ריינער צופאַל. איך דענק אַז עס איז אַ פאַמיליען־אייגנשאַפט און עס וואָרצלט טיף אין דעם משפּחה־קאָרזשן. אַז די וויסטע איינזאַמ־קייט פון בלייבן פאַרזעסן אין לעבן און רעדוצירן דעם קאָסמאָס צו די אייגענער פיר נאַקעטע ווענט, ווי די בלייערנע ווענט פון אַ טרומנע, איז מאָדנע טיפּיש פאַר אונדזער משפּחה און עס הויערט טרויעריק ווי עפּעס אַ קללה אין אונדזער פאַרשאָלטענעם משפּחה׳דיקן בלוט. וואָרים עס איז אַ פאַקט אַז אַ היפּשע צאָל מיטגלידער, ספּעציעל אין מיין טאַטנ׳ס משפּחה,

זיינען פאַרבליבן אַלטע, איינזאַמע בחורים און אומעטיקע מיידלעך, פאַר־זעסענע ביזן גרויען צאָפּ. אין דעם איצטיקן מאָמענט דערמאָן איך זיך אין דעם זיידענ׳ס טאָכטער צביה. צביה האָט אין גאָר אַ יינגען עלטער חתונה געהאַט מיט אַ זון פון דער לעמבערגער פאַמיליע שיידענפיש, וואָס זיינען געווען וואַלד־סוחרים. צביה שטאַרבט פון דער משפחה׳דיקער קראַנקהייט, די שווינדזוכט, אין דעם צאַרטן עלטער פון בלויז צוויי און צוואַנציק יאָר. זי האָט איבערגעלאָזן צום זיידן אויף צום דערציען דריי קינדער־יתומים: צוויי זין און אַ טאָכטער. איינער פון אירע זין איז אַ שוישפילער אין אידישן טעאַטער. ער וווינט שוין זינט אַ סך יאָרן אין ניו־יאָרק און ער איז פאַרבליבן אַן אַלטער בחור, וואָס דאָס איז אַ זעלטענער פאַל אין דער פראָפעסיע פון שוישפיל און ליבע... תמיד, ווען איך זיץ אין טעאַטער און איך זע מיין קרוב שפּילן אין די פּיעסן פון האַלב אָדער דריי פערטל שונד, פאַרגעס איך דאָס קעגנווערטיקע שפּיל און איך זע דאָס הויז פון מיין גאָטזעליקן זיידן...

די טאָכטער צירעלע האָט זיך פאַרליבט אין מאָדזשיץ זייענדיק אין אַ געוועזענעם ישיבה־בחור, אַ גרויסן למדן און קלוגן קאָפּ, מיט וועמען זי איז אין איין שיינעם און העלן טאָג אַנטלאָפן קיין אַמעריקע. זיי האָבן בשלום געלעבט, כאָטש זיי זיינען קיינמאָל נישט געשטאַנען אונטער קיין חופּה... יאָרן שפּעטער, ווען זי איז געקומען צוגאַסט צו אונדז אין שטעטל פון נעוויאָרק, האָט זי מיטגעבראַכט אַ טאָכטער וואָס האָט געהייסן נאָך עפּעס אַן עלטערע־באָבען, ברכה. די דאָזיקע טאָכטער איז געוואָרן מיין נאָענטע פריינדינע אין אונדזער ביידענס נאָך קינדישן צושטאַנד. אַ סך יאָרן שפּעטער פלעג איך הערן אין דער סביבה פון אונדזער משפחה דער־מאָנען אונדזער אַמאָליקע נאָאיווע און הייסע פריינטשאַפט אויף אַזאַ אופן, אַז דאָס וואָס איך האָב אַליין מער נישט געדענקט, איז ממש אַרויפגעצוווּנגען געוואָרן אויף מיר און אין מיין האַרצן דורך די וואַרעמע און אפשר אויך איבערגעטריבענע אימפּרעסיעס פון היימישע קרובים. ברכה׳לע איז מיר גע־בליבן איינגעבאַקן אין האַרצן אַדאַנק ז י י ע ר ע איינדרוקן. און נאָכדעם ווי מען גייט דורך אין די שטעט און לענדער פון דער וועלט אַ סך פרויען און מען בלייבט אַ בחור, קומט מען עפּעס צוריק צו אַן אור־ערשטער־און דורך קרובים און פריינט אויסגעטראַכטער געליבטער... אַזוי אַרום האָט זיך אַנטוויקלט אין מיר אַ סענטימענט צו אַ מיידל וואָס איך וואָלט זיכער געהאַט פאַרגעסן און וועמענס פּנים און געשטאַלט צייט האָט סיי ווי געהאַט אינגאַנצן אָפּגעמעקט פון זכרון.

אָבער ברכה׳לע איז געבליבן אַן איינזאַמע מיידל... אין יאָר 1934, ווען איך בין געקומען קיין אַמעריקע, בין איך שוין אויף דער שיף פאַר־שיכור׳ט געוואָרן פון מיין מאָדנע באַגער און נייגעריקייט צו זען צירעלע׳ס איינציקע טאָכטער... און איך געדענק אַז באַלד אין דער ערשטער וואָך

פון מיין היגן לאַנדן בין איך אַן איינזאַמער געגאַנגען דורך דעם פינצטערן בראָנקסער קראָטאָנאַ־פּאַרק צו איר הויז... איך בין מיט אַ גענוג קלאַפּנ־דיקן האַרץ געגאַנגען זען די צו מיר איינגערערטע יוגענט־פריינדין... און עפּעס איז אין האַרצן ביי מיר געווען אַ מין נאַאיווע האָפנונג: אפשר וועט זיך אונדזער קינדישע פריינטשאַפט צוריק באַנייען... אפשר איז אויך אין איר נשמה געבליבן ברענען עפּעס אַן אומבאַוווסטע בענקשאַפט און אַ נעפּלדיקע פאַרשטעלונג פון מיר... וואָלט עס דען נישט שיין געווען ווען איך קום צוריק נאָך אַזוי פיל יאָרן צום קליינטשיקן מיידעלע מיט וועלכן איך האָב זיך אַלס פּיטשינקע אינגעלע געשפּילט און, ווי מיינע שוועסטערן האָבן מיר דערציילט, איך פלעג איר פאַרקנעפּלען די הייזקעס נאָכן אַרויס־קומען פון טואַלעט־צימער...

איך בין איצט אַן איינזאַמער געגאַנגען דורך די שוואַך־באַלויכטענע אַלייען פונם קראָטאָנאַ־פּאַרק, וואָס איז נאָך דעמאָלט נישט געווען אַזוי קולטיווירט ווי היינט. איך בין, ווי געזאָגט, געווען בלויז עטלעכע טעג אין דעם דאָזיקן צו מיר אומהיימלעכן לאַנד אַמעריקע, וועמענס גרויסקייט אַלס אַ פריינטלעכער האָפן פאַר אָרעמע מענטשן פון אַלע פעלקער איז אַ געוואַלדיקער היסטאָרישער אמת. און דאָך האָט מיך געצויגן צו ברכה׳לען. דאָס איז אייגנטלעך געווען אַ מין ריין־ליטעראַרישער ראָמאַנס. אַ קינסט־לעך־אָנגעצונדענער.

איך האָב אַ ציטערנדיקער אין מיין לייב און נפש אָנגעקלונגען אין אַ טיר פון אַ בראָנקסער הויז און איך האָב דערזען עפּעס אַ פרעמדע, דער־וואַקסענע און אויסגעוואַקסענע ווייט אַריבער אירע יאָרן, אומהיימלעכע און קאַלטע פריילין, זייער אַ הויכע, און מיט רויטע האָר, גאָרנישט ווי מיין פאַנטאַזיע האָט מיר געהאַט אויסגעמאָלן. און עפּעס אַ קעלט און אַן אומ־באַהאָלפנקייט האָט געהערשט צווישן אונדז. מיר האָבן נישט געהאַט קיין געמיינזאַמע שפּראַך... יענע קינדישע ברכה׳לע איז געגאַנגען שלאָפן אין צייט צוזאַמען מיט דער ליבער קינדהייט.

ברכה׳לעס עלטערן זיינען מיט דער צייט געוואָרן אַלט און קראַנק פון ביטערער קריינקונג וואָס זייער איינציקע טאָכטער איז פאַרבליבן אַ פאַרזעסענע מיידל. דערצו נאָך אַ פאַנאַטישע קאָמוניסטקע. זי איז געווען אַ לערערין אין אַ שול פאַר נעגערישע קינדער אין ברוקלין. און מען האָט געשמועסט אַז איינער אַ נעגערישער יינגערמאַן, אויך אַ לערער, איז איר געליבטער...

אַ פּאָר יאָר צייט האָט איר פאָטער געקריינקט, זייענדיק פאַראַליזירט אויף אַלע אברים און זיצנדיק אַ שמייכלענדיקער אין זיין שטול, ווי אַ באַלזאַמירטער אינקאַ אויף זיין טראָן... באַדינענדיק טאָג און נאַכט איר מאַן, ווען זי האָט נאָך אַלץ ליב געהאַט, האָט צירעלע, אַן אויסגעשעפּטע, צוזאַמענגעבראָכן און איז געשטאָרבן. זי האָט ביים לעבן, אין די לעצטע

יאָרן, אויסגעזען ווי אַ מת, אַזוי וויסט, אַנטוישט און פאַרמאַטערט איז זי געווען. פאַר ברכה׳לעס פאָטער איז דער טויט פון זיין פרוי מכלומרשט געהאַלטן געוואָרן אַ סוד. אָבער ווי לאַנג האָט דער קלוגער מענטש גע־קענט גלויבן אין עפּעס אַן אויסגעטראַכטן און אומגעלומפּערטן תירוץ וואָס האָט געפּרווּט דערקלערן פאַרוואָס ער זעט נישט אָפּט זיין געטרייע ווייב, ווי תמיד, ביי זיין בעט? פונדעסטוועגן האָט ער ביזן לעצטן אָונט געקוקט צו דער טיר... ער האָט אַלץ נאָך געהאָפּט אַז אָט וועט זיך די טיר אָן עפן טאָן און זיין ווייב וועט דערשיינען פאַר אים ווי אין די ערשטע טעג פון זייער יוגענטלעכן ראָמאַנס, ווען אַ אָנגעצונדענער בוקעט מיט בלומען איז געווען אין אירע הענט...

פון ביטערע איינזאַמקייט און קריינקונג איז אויך דער טאַטע אויסגע־גאַנגען אויף זיין פּלושענער שטול... איינמאָל, בשעת אַ גרויסן שגיי, האָב איך פּלוצלינג דערזען אין סאַבווי אַ מורא׳דיק פאַרעלטערטע פרוי... דאָס איז געווען ברכה׳לע. איך האָב געטראַכט: האָט זי נאָך איר שוואַרצן געליבטן? און איז ברכה׳לע נאָך אַלץ אַ קאָמוניסטקע? אַרבעט זי נאָך אַלס אַ לערערין אין דער שולע אין ברוקלין? איך ווייס נישט וואָס צו ענטפערן. אָבער איין זאַך איז זיכער: אַז ברכה׳לע איז שוין אויף אייביק פאַרבליבן אַן אומהיימלעכע און אַ טרויעריקע מויד, אַ פאַרזעסענע ביזן גרויען צאָפּ... זי האָט דאָס גאָלד פון איר יוגענט און פון איר לעבן אויסגעבערענט אין די אָרעמס פון אַ טונקעלן געליבטן און אין דער ליבע צום מאָסקווער שוידערלעכן טיראַן...

---

דער האָטעל פון דעם דאָזיקן קאַפּיטל איז געווען, ווי שוין געזאָגט, אויף די רוישיקע און באַרימטע נאַלעווקעס, די גאַס און דאָס האַרץ פון דער ריזיקער באַוועגונג און גרויסן האַנדל אין דער אידישסטער פון אַלע שטעט אין דער וועלט, אין וואַרשע. עס איז גענוג געווען צו שטיין בלויז איין נאָכמיטאָג פון וועלכן עס איז וואָכעדיקן טאָג אויף די נאַלעווקעס, כדי צו דערקענען אינטים און וואַרם דאָס בונטע פּנים פונם טויזנט יאָריקן פּוילישן אידענטום. כדי אַריינצוקוקן אין דעם דינאַמישן און קרעפטיקן לעבן פון היימישן פאָלק. פאַר איינעם וואָס איז געקומען פון דער פּוילישער פּראָווינץ, פון דעם אידישן און אידילישן שטעטל, ביים ליימיקן און רויט־זאַמדיקן ברעג פון דער היסטאָרישער ווייכסל, איז געווען אַ נייעס דער דאָזיקער גרויסער און פאַנטאַסטישער האַנדל־וואַנדל אין דער קרוינשטאָט וואַרשע. עס איז געווען אַזוי ווי אַ געניאַלער רעזשיסאָר וואָלט מיט פלאַמענדיקע פּענדזלען געשמינקט און געפאַרבט די אַקטיאָרן פון דער געוואַלטיקער דראַמע פון אַ פאָלק אין איר טראַגישסטן, רייפסטן און לעצטן אַקט...

דאָ, אויף דער טומלדיקער גאַס, גייען פאַרביי די קלעזמאָרים מיט

זייער רויט אָנגעצונדענע פידל, מיטן באַס און פּויק. און אויך די קליינע „בלינדע" טאַכטער, וואָס טאַנצט צו צום טאַקט פונם טאַטנ'ס מעלאָדיע...
קוקנדיק אויף דער דאָזיקער גרופּע מוזיקאַנטן, גייען אויף פאַר דיינע אויגן די בונטע דורות מיט קלעזמאָרים, וואָס האָבן כל־ימיו געשפּילט אויף אי־דישע חתונות און שמחות, פאַר פירשטן, פּריצים און שררות פון אַלט־פּוילן און אַפילו אין די קעניגלעכע הייף פון לעגענדאַרע פּרינצן און קיי־סאָרים. דו זעסט דעם רויטן קאָפּ מיט פלאַמענדיקע האָר פון דער ליבער טאַכטער, אַזוי ווי געמאָלן אויף די גליענדיקע מאָלערייען פון מאוריצי גאָטליב, וואָס האָט אָנגעטאָן די אידן פון פּוילן אין קעניגלעכע מלבושים און האָט זיי ווירדיק אַריינגעפירט אין אייראָפּייאישע פּאַלאַצן און אין דער שטאָלצער וועלט־מאָלעריי.
און אָט איז דער דיקלעכער זינגער וואָס שטייט אויפן ברייטן הויף און ער זינגט דאָס סאַמע אַקטועלסטע ליד וועגן מרדכי פּאַריזענבערג וואָס האָט דער'הרג'עט זיין פריינט יצחק גאָלדבלום. יצחק גאָלדבלום איז געווען אַן אָנגעשטעלטער אין אַ באַנק. און מרדכי פּאַריזענבערג, זיין חבר, האָט אים ברוטאַל געטויטעט כדי מיט דעם ביי אים צוגערויבטן געלט צו קענען חתונה האָבן מיט זיין יינגער, צאַרטער כלה. מיט זיין ריזיקן „קנאַפּ" אינם גאָרגל שטייט דאָ אויפן וואַרשעווער הויף דער גאַסן זינגער און ער זינגט אויס מיט אַ געוואַלטיקער באַסאָווער שטימע דאָס ליד וועגן דעם פאַרברעכער — זיין אייגענע פאַרפאַסעניש. ווי אַזוי ער גייט אין אַ טויאיק־זוניקן פרימאָרגן אויפן פעלד כדי דערשאָסן צו ווערן פאַר זיין בלוטיקן פאַרברעכן. און די פייגל זינגען גאָט'ס פרישע לידער און די כלה ליגט אויף אַ בעטל אין איר היים אויף דער פּראַנציסקאַנער גאַס און זי ציטערט און זי צאַפּלט פון וויינען און זי הילט זיך טיף איין אין דעם זיידענעם ליכט פון באַגינען ווי אין אַ וווּנדערלעך־געוועבטן שאַל... דער קאָפּ פון דעם מעכטיקן זינגער איז ווי פון אַ לייב און עס פּאַלט דיר עפּעס מאָדנע איין אַז איינער, אַ פאַרשטעלטער לייב, זינגט אַ טרויעריק, אידיש ליד אין דער גרויסשטאָט וואַרשע... דער דאָזיקער לייב איז אוראַלט און ער האָט זיך נאָך געשלאָגן מיט אידישע פּרינצן אין קאָלאָסעאום, פאַר די אויגן פון טיטוס, וואָס האָט באַזיגט ירושלים און האָט צעשטערט דעם בית המקדש...
עס גייט דאָ פאַרביי, אויף די רוישיקע נאַלעווקעס, דאָס גאַנצע פּוי־לישע אידענטום אין זיין לעצטן און גראַנדיעזן אַקט. די עלטערע אידן מיט ספרים און מיט סידורים אין זייערע פאַרמעטענע הענט. און די יוגענט מיט קלאַסישע און מיט מאָדערנע ראָמאַנען אונטער די אָרעמס. עס גייען דאָ פאַרביי באַרימטע שריפטשטעלער פון „מאָמענט" און פון „היינט" און פּאָפּולערע אַרבעטער־פירער וואָס פירן אָן מיט אַ געוואַלטיקער נעץ פון אי־דישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, שולן און פאַריינען. עס פאָרן אַדורך

שווערע ווענענער, באַלאָדענע מיט אידישע סחורות, פּראָדוקטן פון אידישער פּראַצע. און עס שפּאַצירן גראַציעז די חנ׳עוודיקע אידישע פרויען, אַזוי ווי זיי וואָלטן קעניגלעכע און שטאָלצע אַרויסגעגאַנגען פון די ברייטע בלעטער פון תנ״ך, מיט גאָלדענע קוויאַטן אין זייערע זיידענע האָר... דאָס גאַנצע בונטע פאָלק אין אידישן פוילן מאַרשירט דאָ פאַרביי אין אַ לעצטער היסטאָרישער פּראָצעסיע, אַזוי ווי עס וואָלט וועלן דעמאָנסטרירן צום היסטאָריקער און צום שריפטשטעלער דאָס לעצטע מאָל זיין הערלעך פּנים, זיין קעניגלעך געשטאַלט, זיין ברענענדיקן גייסט, איידער אַ מורא׳די־קע וועלט־שרפה פאַרצערט עס, איידער אַ פינצטערער דונער דערשלאָגט עס מיט זיין צאָרן. איידער אַ וויסטע בראָך דער׳הרג׳עט עס... און בשעת דער פאָלקס־זינגער און פאַרפאַסער פון דער גאַסנבראַגיק, מיט דעם ריזיקן לייבנקאָפּ, אַן אָפּגעריסענער און אָפּגעשליסענער ווי אַ פאַרצייטישער נביא, זינגט איצט עפּעס אַ מורא׳דיק ליד, וואָס מאַכט ממש ציטערן די סאַמע פונדאַמענטן פון דער וועלט, שטייט אין אַ ווינקעל פונעם גרויסן טויער דער קליינער שרייבער פון די שורות, אַ נישטיק אינגעל, און ער ציטערט עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט אַדורכגענומען געוואָרן פון אַ ביטערער קעלט ביז אין דער טיפסטער טיפעניש פון זיינע ביינער און נשמה... עס וואַרפט און עס שליידערט מיט אים אין אימה און אין שרעקלעכן פאַרגעפּיל, ווי עס וואָלט אים פעסט געהאַלטן אַ בייזער מלאַך מיטן פּנים פון אַן אייזערנער חיה אין זיין שיקזאַל׳ס מעכטיקער האַנט און וואָלט מיט אים געשליידערט הייזער־און־הויך... און דער נישט־ערדישער זינגער קריגט איצט עפּעס אַן איבער־ערדישע שטימע, ווען ער דעקלאַמירט הויך און מאַכטיק אַריבער די הייזער און די מענטשן פון די גאַלעוועס, הויך און ווייט אַריבער די שטורעמ־דיקע און געוואַלטיקע אידישע גאַסן פון גאַנץ וואַרשע, און אַריבער די דעכער פון גאָר די אידישע שטעט און שטעטלעך, פון פּרץ, מענדעלע, שלום עליכם, וויסנבערג, אַש און רייזען; אַריבער די אָנגעצונדענע און טרוי־עריקע און פאַר׳משפּט׳ע קעפּ און קעפּלעך פון די אידן פון גאַנץ קרוינפּוילן. פּלוצלינג הויבט ער אָן צו דעקלאַמירן, אַזוי ווי ער וואָלט מורא׳דיק באַ־פאַלן געוואָרן פון אַ שיכור׳ן און חולה־נופל׳דיק־צאַפּלענדיקן גייסט אין זיין לייב, אַזוי ווי ער וואָלט דיקטירט געוואָרן פונם סאַמעראַדנעם רוח הקודש, דאָס ליד פון דעם נביא יואל, פאַרויסזאָגנדיק ׳חורבן און אונטערגאַנג אויף אַ געוואַלטיקן פאַרנעם און שילדערנדיק דאָס אָנקומען פון אַ גרויזאַם פאָלק, נאָך ערגער פון חיות:

„בלאָזט אַ שופר אין ציון,
און שאַלט אויף מיין הייליקן באַרג,
זאָלן ציטערן אַלע באַוווינער פונם לאַנד,
וואָרום דער טאָג פון גאָט קומט אָן,
וואָרום ער איז נאָענט;

אַ טאָג פון חושך און פינצטערניש,
אַ טאָג פון וואָלקן און נעפּל,
ווי אַ שוואַרצקייט אויסגעשפּרייט אויף די בערג;
אַ גרויס פאָלק און אַ מאַכטיקס,
אַזאַ ווי ער איז ניט געווען פון אייביק אָן
און וועט נאָך אים מער ניט זיין
ביז די יאָרן פון דור־דורות.
אים פאָרויס פאַרצערט אַ פייער,
און הינטער אים פלאַקערט אַ פלאַם;
ווי דער גאָרטן פון עדן איז דאָס לאַנד פאַר אים,
און הינטער אים אַ מדבר אַ וויסטער,
און צומאָל קיין אַנטרינונג איז נישטאָ פון אים.
ווי דאָס אויסזען פון פערד איז זיין אויסזען,
און ווי רייטער אַזוי לויפן זיי.
ווי דאָס גערויש פון רייטוועגן,
איז זייער שפּרינגען אויף די שפּיצנבערג;
ווי דער קנאַל פון אַ פלאַם פייער
וואָס פאַרצערט שטרוי;
ווי אַ פאָלק אַ מאַכטיקס
געגרייט צו מלחמה.
פאַר אים ציטערן פעלקער,
אַלע פּנימער האָבן אַנגענומען אַ פינצטערניש".

(אידישע איבערזעצונג פון יהואָש.)

ווי שווערע טראָפּנס גליענדיקער בליי, אַזוי ווי פייערדיק־אָנגעהייצטע פעלזנשטיינער, זיינען געפאַלן די פלאַם־ווערטער פון דער צונג פון דעם אָפּגעריסענעם איד מיטן צעפלאָשעט־ווילדן לייבנקאָפּ. אידן פון וואַרשע האָבן זיך אין פחד אָפּגעשטעלט אויף אַ רגע׳לע, כדי צו הערן און צו פאַרנעמען דאָס מאָדנע און מורא׳דיקע קול, אַזוי ווי דאָס וואָרנענדיקע, דראָענדיקע, קללה׳דיקע און הימלישע קול פון דעם ליידנשאַפטלעכן נביא יואל וואָלט זיך אַדורכגעבראָכן דורך וואָלקנס פון אייזן, דורך בליצן און שרפה און דורכן הילכיקן וועלט־געדונער פון דער אידישער געשיכטע און עס וואָלט מיט געוואַלטיקע האַמער־קלעפּ אַראָפּגעפאַלן אויף די קעפּ און די שאַרבנס פון די פוילישע אידן און פונם גאָרן וועלט־אידענטום, איבער אַלע זיינע געוועזענע און קומענדיקע דורות. ווי פון די אָפּגרונטיק־תהום׳יקע און פינצטער־פייערדיקע טיפענישן פונם תנ״ך אַרויס האָט געדונערט, געקראַכט און אַלץ מורא׳דיק געפלייצט מיט פחד, מיט אַנזאָג און מיט אימה דעם אומהיימלעכן און פינצטערן זינגער׳ס קול. דער מחבר פון די שורות האָט געציטערט טיף אין גאָר זיין דערשראָקענעם און איינזאַמען אידישן

געביין־און־געמיט. ער האָט אַריינגעקוקט אין דעם ים פון אידישע פּנים׳ער, אַזוי ווי אין דער לאַנדשאַפט פון אַלע דורות וועמענס נשמות זיינען צי־טערנדיקע געשטאַנעןביים באַרג סיני. ער האָט אָנגעקוקט אַ שטראַלנדיקן אוצר פון סאַמעטענע און פלושענע אידישע קינדער־אויגן. ער האָט מיט פּחד און מיט ציטערניש אַריינגעקוקט אין דעם לעבעדיקן אָפּגרונט וואָס האָט געהייסן וואַרשע און אַלע אירע שוועסטער־שטעט אין גאַנץ פּוילן. און עס איז געווען אַזוי ווי אַ פירכטערלעכער שטאָרם־אַשמדאי וואָלט אויסגע־שפּרייט זיינע נאַכטיק־פינצטערע פליגל איבער גאַנץ וואַרשע און ער וואָלט אין זיינע גראַניטענע אָרעמס געהאַלטן פעסט צוגעדריקט אַלע אידן פון פּוילן, אַלט און יינג, גרויס און קליין, ביזן קלענסטן נפש אין דער וויג, וואָס האָט ערשט פאַרלאָזן זיין מוטער׳ס טראַכט — און ער וואָלט מיט זיי אַלע געוואָרפן און געציטערט און אַלע פיר מורא׳דיק־פינצטערע זייטן פון דער וועלט, פון וועלכע גאָט איז אַנטלאָפן...

---

עס איז געווען דאָס יאָר 1924. אַרום הערבסטיקע צייט. נאָך גאַנצע פונפצן יאָר לעבן זיינען געשטאַנען אין דער ריזנקאַסע פון גאָט׳ס אומגע־הויערער צייט־באַנק פאַרן גלאָררייכן און אין גייסט אייביקן פּוילישן אידענ־טום. און שפּעטער — אַ גרויזאַמע, אַ שוידערלעכע אויסשלאַכטעריי פון אַלע אידישע נאַקעטע לעבנס: פון מענער און פרויען, פון זקנים און קינדער. אָנהויבנדיק, ווי געזאָגט, פון די סאַמע צאַרטעסטע זויג־קינדער אין די הילצערנע וויגן און ערשט אָנהויבנדיק צו טרינקען די הייליקע אידישע מילך פון ליבשאַפט ביי דער מאַמע׳ס ליכטיקע בריסטן — ביז באַיאָרטע און גרייז־גרויע לייט וואָס האָבן נאָך געדענקט די פּאָווסטאַניע פון יאָר 1863. אַ גאַנץ, געוואַלטיק און לעבעדיק פאָלק איז געטריבן געוואָרן דורך משוגענע און אייזערנע חיות מיט שטאָלענע הערצער און פּנימער פון פערד און שלאַנגען און טיגערן צו זיין מאַסן־קבר פון פייער און בליץ און דייטשע גאַז. און אַלע פעלקער פון אַלע ערדישע קאָנטינענטן האָבן זיך רואיקע צוגעקוקט צו דער שרעקלעכער אויסראָטונג פון מענטשלעכן לעבן. און אַלע מלאָכים אין הימל האָבן אויך צוגעזען דעם מורא׳דיקן אומקום פון אַ גאַנץ פאָלק. און דער אוראַלטער אידישער רבונו של עולם אַליין, דער וואָס האָט צוגעזאָגט צו יעקב אָבינו אַ גרויס פאָלק וואָס זיי וועלן זיך מערן און פאַרשפּרייטן אויף דער גאַנצער ערד ווי די שטערן אין הימל און ווי די זאַמדן ביי די ברעגן פון די ימים, אויך גאָט אַליין האָט פינצטער געשוויגן און זיך צוגעקוקט קאַלט, פרעמד און איינזאַם צו דער אידישער אויסשלאַכטעריי.

---

# נאָטיצן וועגן חיים שבת

ווען איך בין אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק אין סוף יאָר 1934 פון אייראָפּאַ, האָבן מיינע טאַטע־מאַמע געוווינט אין די בראָנקס, אויפן צווייטן גאָרן פון אַן אַלט געמויערט הויז מיט צעבראָכענע טרעפּ. מיין שוועסטער טעמעלע און איר מאַן חיים־שבת האָבן געוווינט אַ שטאָק העכער צום גרויען ניו־יאָרקער הימל. אָבער מיין שוואָגער חיים־שבת איז נישט געווען אין דער היים... ווו איז ער געווען? אין דעם גרויסן שפּיטאָל פאַר גייסטיק־קראַנקע מענטשן, אין אַ שטעטל אין ניו־דזשוירזי. ווען איך בין נאָך געווען אין אַנטווערפּן, האָט מיין טאַטע מיר געשריבן אַ בריוו אַז טעמעלעס מאַן איז משוגע געוואָרן. עס איז געווען אין איינעם אַ פינצטערן טאָג פון מיטן ווינטער. חיים שבת איז געגאַנגען אויף דער גאַס, וואָס איז געווען באַדעקט מיט ברודיקן שניי און מיט עקשנותדיקן אייז, און ער האָט געטראָגן זיין שווערן קעסטל מיט סלושאַרסקע אינסטרומענטן, וואָס האָבן אפשר געוויגן אַ פּוד. עס איז פּלוצלינג אָנגעפאָרן אַן אויטאָ־מאָביל און האָט חיים׳ען אומגעוואָרפן אויפן ברוק. חיים האָט זיך אויפגע־הויבן און ער האָט נאָך געוואָלט נאָכלויפן דעם אויטאָמאָביל, וואָס איז שנעל אַנטלאָפן. אָבער ער איז אומגעפאַלן. זיין פוס האָט מוראדיק גע־בלוטיקט. מען האָט חיים׳ען געבראַכט אין שפּיטאָל אַריין. דער ביין פון זיין פוס איז געווען צעבראָכן. און מער אין חיים׳ס גאַנצן לעבן האָט זיך זיין רעכטער פוס נישט אויסגעהיילט. ער איז געבליבן אַן אייביקער קריפּל. דרייסיק יאָר צייט איז גערונען מאַטעריע און בלוט פון דעם קראַנקן און צעלעכערטן ביין. מיין שוועסטער טעמעלע האָט יעדע נאַכט איבערגעבונדן איר מאַנס ווונדן. אַלע העמדער און טיכער פון דער גאַנצער משפּחה האָט מיין שוועסטער געוואַשן און פאַרוואַנדלט אין באַנדאַזשן פאַר איר קראַנקן מאַנס פוס. דער פוס האָט איבער דריי יאָר־צענדליקער געפוילט מיטן טויט אויף חיים׳ס לעבעדיקן גוף. „איך בין שוין מיט איין פוס אין קבר!" — האָט חיים איצט כסדר איבערגעחזרט דאָס שפּריכוואָרט פונם פאָלק.

חיים שבת, דער תמיד־אַרבעטסזאַמער מאַן, איז איצט מיט געוואַלט אַריינגעצוווּנגען געוואָרן אין אַ לעבן פון ליידיקייט און „פּאַראַזיטישקייט". ער פלעגט אַצינד באַשולדיקן זיין ווייב אַז זי פאַראַכט אים מיט אַלע זיינע פריינט. ער האָט איר אַפילו באַשולדיקט אין מזנה זיין מיט זיינע אייגענע פאַרשטאָרבענע ברידער. און אפילו מיט די צאַרישע סאָלדאַטן פון דעם באַרימטן ביעלאָווסקע פּאָלק וואָס זיינען נאָך אומגעקומען אין די שלאַכטן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. חיים שבת האָט אַגב אַ גאַנץ לעבן דערציילט פון זיינע איבערלעבענישן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה.

עס איז געווען אין איינעם פון די צאַרטע, פרילינגדיקע טעג פון יאָר 1935,

ווען מיר זיינען געפאָרן זען חיים שבת אין ניו־דזשורזי, איך האָב צום ערשטן מאָל געזען די בונטע לאַנדשאַפטן פון אַמעריקע. מיין ברודער קאָפּל׳ס אויטאָמאָביל האָט געשניטן די טעריטאָריעס איבער די ווייכע און פלושענע פעלדער. עס איז פאַר מיינע גיריקע אויגן נאָך נאַטור אויפגע־גאַנגען טויזנט יאָר מיט גראָז. עס האָט געשמעקט מיט היימישע פוילישע קאַנטשיגע פון דעם קינדהייטס־פעלד... אַ בראַנדזענער פערד איז אויפן פעלד געשטאַנען ווי אַ פּאַמניק. מיין טאַטע האָט ממש געוואָלט אַרויס־לויפן פון אויטאָמאָביל כדי צו קושן דאָס שיין־געפאַרמטע פערד, וואָס איז אַזוי ווי אַרויסגעגאַנגען פון פוילישן וואַלד. ערשט געהאַט אָנגעקומען פון איירעפּאַ, האָב איך שטאַרק געבענקט נאָך פרישע לופט און נאָך פשוטן היימישן בוים. ניו־יאָרקער שטיינערנע גאַסן האָבן מיך דערדריקט. מען איז איצט געפאָרן זען חיים שבת. מען איז געפאָרן אויסנעמען חיים׳ען אויף אַ שפּאַציר... זען אויף ווי ווייט ער איז משוגע. צי טעמעלע, מיין שוועסטער, וועט זיך מוזן אָפּ׳גט׳ן מיט אים. צי זאָל ער שוין פאַר־פוילט ווערן אויף אייביק אין משוגעים־הויז...

אין אויטאָמאָביל זיינען געזעסן קאָפּל, מיין עלטסטער ברודער, וואָס האָט געטריבן די „קאַר" אַ שטאַרק נערוועזער און מוראדיק צעהיצטער. נעבן אים, ביים רעדל, איז געזעסן בערטאַ, זיין פרוי, מיט וועמען ער האָט זיך תמיד און אייביק געקריגט איבער די סאַמע טריוויאַלסטע זאַכן. בערטאַס קול האָט געהאַט עפּעס ווולגאַרס. זי האָט גערעדט הויך און הייזע־ריק ווי אַ דונער. זי האָט געלאַכט מיט דער פרעכער הילכיקייט פון אַ פּרזשעקופּקע. (גאַסן־פאַרקויפערין). בערטאַ האָט זיך איך גאַנץ לעבן געלערנט „ספּעלן" ענגליש און האָט זיך קיינמאָל נישט געקענט אויסלערנען שרייבן אַן ענגלישן בריוועלע אָן גרייזן. זי האָט זיך נאָך אַלץ געלערנט „ספּעלן" ענגליש אפילו פאַרן טויט, ווען איך האָב זי שוין געזען אין שפּיטאָל אויפן טויטנבעט, אַ מורא׳דיק־צעגריזשעטע פון אַ ראַק. בערטאַ איז אויך געווען ווולגאַר געקליידעט. אין אַ סך ביליקע צירונג. זי האָט געהאַט אַ קאָפּ מיט שמעקעוודיקע קאַשטאַנאַווע האָר, אויף וועלכן זי האָט כסדר געגאָסן פון פּערפיום־פלעשלעך. זי האָט געהאַט אַ דיקן און ווולגאַרן פּנים, תמיד פאַרשמירט מיט פאַרבן, ווי אַ קלאָאונס געפאַרבטע באַקן. זי האָט אַסך זשעסטיקולירט מיט אירע גרויסע הענט, אויסגעצירט מיט גאָלדע־נע רינגען און בריליאַנטן. אין דעם גאָלד און אין די בריליאַנטן איז געווען פאַרגליווערט און פאַרפרוירן מיין ברודער קאָפּל׳ס בלוט און טרערן. זיין גאַנצע לעבנס־האָרעוואַניע. ער האָט טאָג און נאַכט געהאָרעוועט פאַר זיינע לעבנס־פאַרזיכערונגען, כדי זיין ווייב בערטאַ זאָל אים פריצייטיק ירש׳נען.

אין אויטאָמאָביל איז געזעסן מיין שוועסטער טעמעלע, וואָס האָט שטאַרק געוואָלט אַרויסנעמען איר מאַן פון משוגעים־הויז. וואָס האָט נישט געקענט פאַרטראָגן די איינזאַמקייט. אויך זיינען דאָ געזעסן מיין ברודער

מנחם און זיין פרוי גליקע, וועלכע זיינען געוועזן קעגן מיין שוועסטערס פלאַן. מנחם האָט געטראַכט פון טעמעלעס געלט, אַרום עטלעכע טויזנט טאָלער, וואָס ער האָט געוואָלט ביי איר אויסבאָרגן אויף זיינע מאָדנע געשעפטן. פּאַקטיש האָבן גאָר דאָס געלט געהאַט קאָפּל, פאַרשטעקט אין זיינע היגע פּוטער־געשעפטן, און מיין ברודער זישע אין אַריזאָנאַ. זיי האָבן איר געצאָלט דעם נאָרמאַלן פּראָצענט.

אין אויטאָמאָביל זיינען, פאַרשטייט זיך, מיטגעפאָרן מיינע עלטערן. די תמיד־שטילע, הכנעה׳דיקע און קליינטשיקע מאַמע, די אייביקע רודף־שלום׳ניצע אין אַ זייער קאָמפּליצירטער משפחה, מיט צעהיצטע כאַראַקטערן און מיט ווילדע געמיטער — און, דער טאַטע, וואָס איז איינער אַליין געשטאַנען אַנטקעגן אַלעמען. דער טאַטע האָט מוראדיק פיינט געהאַט זיינע שנורן: בערטאַן און גליקע, פּונקט ווי ער האָט אין דער היים, אין שטעטל, פיינט געהאַט מנחם׳ס ווייב, קלמן דאָקטאָרס טאָכטער. פאַרן טאַטן זיינען די דאָזיקע אַלע פרויען געווען „חוצפּה׳דיקע ווייבער״, מיט וועלכע ער פּלעגט זיך כסדר קריגן...

מיר זיינען איצט אַריינגעפאָרן אין סאַמע קעניגרייך פון משוגעת. אין גרויסע און אייזערנע שטייגן זיינען געשטאַנען מאָדנע מענטשן, אַזוי ווי גרויסע, פאַרשאָלטענע פייגל. עס איז מיר באַלד אַנטקעגנגעקומען אַ ביכל וואָס איך האָב געלייענט נאָך מיט יאָרן צוריק: „דער שאַך פּערסקי״. ווי אַזוי דער פּערסישער שאַך איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פויגל און ער האָט נעבעך געמוזט נעכטיקן אין חורבות פון אַמאָליקע פּאַלאַצן. יעדער איינציקער מענטש דאָ — זיין אייגענע קראַנקע און צעבראָכענע וועלט. אַן אויסשטעלונג פון טרויעריקע אַקטיאָרן. מערסטנס יונגע מענטשן — מענער און פרויען. אַ טייל האָבן געוויינט און אַ טייל האָבן געלאַכט.

נעבן פענצטער איז געזעסן אַ זייער יינגער מענטש, וואָס איז שוין אָבער געווען אַלט פון יסורים. אַ גאַנצן יאָרטויזנט! — וואָלט געווען וויניק יאָרן אויף צו זאָגן און צו באַצייכענען די טיפע עלטער פון זיין נשמה. איך זע ווי יעדעס מאָל לאָזט דער יונגער מענטש אַרונטער דעם קאָפּ ווי אַ שווערן שטיין אויף זיין ברוסט און יעדעס מאָל בויגט זיך אַריבער אים זיין צאַרטע און געטרייע געליבטע און זי הויבט צוריק אויף זיין גע־פּאַלענעם קאָפּ מיט אירעביידע ממש מוטערלעכע הענט און זי שטעלט אים אַוועק אויף איר געליבטנס פּלייצעס אַזוי ווי אַ גאָלדענע סקולפּטור. אָבער די „סקולפּטור״ קוקט איר אַפילו נישט אָן און מורמלט נישט קיין דאַנק צו איר און זיינע אויגן זען נישט איר אידעלע שיינקייט און באַלד לאָזט ער ווידער אַראָפּ דעם מידן און טויזנט־יאָריקן אַלטן קאָפּ אויף דער ברוסט, אַפילו אָן אַ שום זיפצן אָדער וועלכן עס איז אויסדרוק פון וויטיק — מיט דער משא פון טויט. באַלד וועט די יינגע פרוי פון די בראָנקס אָדער אין אידיש־מיליאַניקן ברוקלין צוגיין צו אים מיט אירע צאַרטע

און לאַנגע הענט און זי וועט ווידער אויפהויבן דעם וואַנזיניקנס שטייניק־שווערן קאָפּ. זי וועט זיין אַלטן און קאַלטן קאָפּ אויפהויבן צום לעבן, צו דער וועלט, צו זייער צוקונפט און צו די שטערן פון גליק און געוווס. אָבער איר געשעדיקטער חתן איז קוים באַוווסטזיניק פון איר פערל־דיקער עקזיסטענץ. באַלד וועט ער ווידער טרויעריק אַראָפּנייגן זיין אַלטן קאָפּ צו דער ערד ווי צום אָפּגרונט, צום קבר, צו נאַכט און טויט. דאָס איז נישט דער קאָפּ פון אַריסטאָטעלעס, שווער מיט מחשבות פון גאַנצן אוניווערס באַלאָדן. און אויך נישט דער קאָפּ פון האַמלעט, וואָס זינקט צו דר׳ערד אין טרויעריקן צווייפל און אויך נישט דאָן קיכאָט׳ס קאָפּ, וואָס הויבט זיך הויך אויף אין שטאָלץ צו די שטערן. דאָס איז פּשוט דער קאָפּ פון איינעם וואָס האָט יונגערהייט פאַרלוירן זיין ווילן און זיין ווערט. גאָט האָט אים טאַקע באַשאַפן אין גאָט׳ס געשטאַלט. אָבער גאָט׳ס פייער און גאָט׳ס נשמה האָט זיך מאָדנע און מוטנע אָפּגעטאָן פון זיין גוף־און־געביין. זיין פלייש איז אַלט און קאַלט געוואָרן ווי דאָס פלייש פון דעם גרייז־גראָען קייסער. און די יונגע אַבישג השונמית שטייט איצט נעבן איר טרויעריקן „קייסער״... זי וויינט און זי ציטערט אין אַלע אירע הערלעכע און בליענדיקע גלידער... און אין דעם מאָמענט, עס איז גענוג קלאָר, האָט איר האַרץ פאַרלוירן דעם גלויבן אין איר מכלומר׳שטן באַשערטן... זי האָט איצט אויפגעגעבן איר ווייבלעכע האָפנונג. אָבער ווי לייכט דאָס אַלץ איז צו זאָגן פאַר יענעם, פאַר אַ פרעמדן מענטש... בשעת דאָס אייגענע געמיט ווערט צעבראָכן אויף טויזנט שטיקער.

חיים־שבת איז אַרויסגעפירט געוואָרן דורך צוויי וועכטער — געוועזענע פּאַציענטן — אַ שטאַרק־שרעקעוודיקער פון דער שטייג. דאָס איז געווען מיין שוואָגער, וועלכן איך האָב צום ערשטן מאָל דערזען אין אַמעריקע. ווען ער און מיין שוועסטער טעמעלע האָבן חתונה געהאַט, בין איך געווען אַ יינגעלע פון אַרום פיר יאָר. איך האָב קוים געדענקט זיין אויסזען. אָבער אין זכרון זיינען מיר שטיין געבליבן די מאָדנע לעכער אין דער הויט פון זיין פּנים. ער איז געווען אַ געשטופּעלטער פון פּאָקן. און אַ געשטופּעלטער איז ער פאַרבליבן אויף זיין גאַנץ לעבן. ער האָט אויסגעזען ווי אַ טרויעריקע און אַ פינצטערע וואָראָנע אויף אַ פאַרנאַכטיקן, פּוילישן פעלד... אַ דערשראָקענע און אַ געשלאָגענע וואָראָנע. אין זיינע ברייטע מלבושים איז געווען עפּעס פון שטויביקע און פאַרוואָרלאָזטע פעדערן... ער האָט מורא געהאַט אונדז צו געבן זיין פאַרשעמטע האַנט. ער האָט זיך פון אַלעמען צוריקגעצויגן, ווי ער וואָלט פילן אין יעדער איינציקן פון אונדז אַ בלוטיקן און אַ געפערלעכן שונא. אין איין האַנט האָט ער גע־טראָגן אַ צעקנייטשט תהילימל. די מאַמע האָט אים וואַרם באַגריסט. דער מאַמען פלעגט ער אַגב תמיד באַגעגענען מיטן שפּריכוואָרט וואָס זי פלעגט אים אָפט זאָגן;

— חיים שבת, ווי לאַנג זיי וועלן דאָרטן זיין, זאָלן מיר דאָ זיין!...

דאָס איז חיים שבת אַריין אין זכרון. די מאַמע האָט געמיינט, געוויינלעך, אַז ווי לאַנג די מתים וועלן זיין אין הימל, זאָלן מיר, די לעבעדיקע, זיין דערווייל דאָ, אויף דער ערד... חיים'ען איז די דאָזיקע פראַזע געבליבן שטיין ווי אַ טשוואָק אין זיין צעמישטן מוח.. . ער פלעגט, פאַרשטייט זיך, איבערדרייען די יוצרות און זאָגן צו דער מאַמען:

— שוויגער־לעבן! ווי לאַנג מיר וועלן דאָ זיין, זאָלן זיי דאָרטן זיין...

מיר זיינען געפאָרן מיט חיים שבת אין אויטאָמאָביל. אַלע האָבן אים באַטראַכט און אָפּגעהיטן ווי אַ ווילדע חיה פון אַן אויסטעראַלישן לאַנד... איך האָב שוין, ווי דערציילט, אַביסל געוווסט פון זיין געשיכטע. אין דער צייט ווען חיים שבת איז אַרומגעגאַנגען פּוסט־און־פּאַסט, און ער האָט אָנגעהויבן צו פאַרלירן דעם צוטרוי אין זיין פרויס געטריישאַפט, איז ער איינמאָל ביי דער נאַכט אַריינגעפאַלן ווי אַ ווילדער רוצח אין מיין שוועסטערס שלאָפצימער און ער האָט זי געוואָלט שעכטן מיט אַ שאַרפער בריטווע. אָבער דאָס איז אים נישט געלונגען. זייערע צוויי בחורים, סידני און טשאַרלי, האָבן דערהערט זייער מאַמעס געשרייען. זיי זיינען בליצשנעל אַראָפּגעשפּרונגען פון די בעטן און אַרויפגעפאַלן אויף זייער נאַקעטן טאַטן מיטן חלף אין דער האַנט און זיי האָבן אים מורא'דיק צעשלאָגן. חיים שבת האָט זיינע ביידע זין צעשניטן די פּנימער מיט דער בריטווע. דאָס איז געווען אַ וויסטע געראַנגל פון אַ וואַנזיניקן טאַטן מיט זיינע ביידע יינגע און דערשראָקענע זין.

דאָס צווייטע מאָל האָט חיים שבת זיך אויפגעהאָנגען אין באָד־צימער. ער איז שוין געהאַט געהאַנגען אויף דער תליה איבער אַ שעה צייט. מען האָט אים קוים אָפּגעראַטעוועט. אָבער עס איז פון דעם מאָמענט אַן געקומען צום לעבן אַן אַנדערער מאַן. טעמעלע דערציילט אַז ער איז אינגאַנצן געווען פאַרענדערט אין זיין פּנים און געשטאַלט. ער האָט געקראָגן טיפערע און געדיכטערע לעכער אין זיין פּנים. די הויט זיינע איז געוואָרן געל ווי וואַקס. די אויגן — טיפע און איינגעפאַלענע. זיין פּנים איז געוואָרן האַרט ווי אַ קיזלשטיין. אויפן האַלדז, איבערן גאָרגל, איז געבליבן שטיין אויף תמיד איינגעשניטן דער צייכן פונם ביטערן גאָלגן. זיין פלייצע איז געוואָרן אַן איינגעהויקערטע. די פיס — צעבראָכענע. די הענט — אונמעכטיק־לאַנגע ביז צו דרערד. אויך שווערע און איבעריקע.

מיט אַ פרעמדן קול איז ער צו איר צוגעטראָטן.

— טעמעלע! איך בין נישט מער דיין מאַן חיים שבת. איך בין אַן אַנדערער. דיין מאַן איז שוין לאַנג געשטאָרבן. זיין פלייש איז איינגעזונקען געוואָרן אין דרערד, ווי קורח'ס. טעמעלע, פון איצט אָן גיי און זוך דיר אויס אַ מאַן צווישן דעם מענער־פאָלק. איך בין אַ געהאָנגענער מענטש.

איך האָב אומגעבראַכט די פירשטין וואַרניער. איך בין נישט מער חיים שבת דער סלושאַרזש...

חיים שבת איז טאַקע איצט געווען אַן אַנדערער. און נאָך דערצו אַ געהאָנגענער מאַן. מען האָט אים פאַקטיש די פּעטליע פון האַלדז קיינמאָל נישט אַרונטערגענומען. ער גייט אַרום מיט די צעבראָכענע פיס אויף דער ערד — אָבער ער הענגט אויף דער תליה טאָג און נאַכט! — פלעגט ער זאָגן.

די פירשטין וואַרניער, פון וועלכע חיים שבת האָט איצט גערעדט, איז געווען איינע פון דריי שוועסטערן וואַרניער, וואָס האָבן נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה געוווינט אין פולאַוווער קעניגלעכן פּאַרק. מיין שוואָגער חיים שבת איז געווען אַ בלעכערזש און ער איז אָפט גערופן געוואָרן אין דעם קייסערלעכן שלאָס כדי צו פאַריכטן די וואַסערלייטונג אָדער צו טאָן אַן אַנדערע סלושאַרסקע אַרבעט. אין שלאָס האָבן געוווינט די דריי עלטערע און לעגענדאַרע שוועסטערן. זיי האָבן געשטאַמט פון פראַנצויזישע אַריסטאָקראַטן, וואָס זיינען אַנטלאָפן פון פראַנקרייך אין דער צייט פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, אין גרויס פחד פאַרן דאַרפן אַוועקלייגן זייערע ווייס־פּאַרוקירטע קעפּ אויפן מעסער פון דער גיליאָטינע. זייער עלטער־זיידע, פירשט דע וואַרניער, האָט טאַקע אויסגעטאָן דאָס זיידענע פעלכל בשעת דעם שרעקליכן טעראָר פונם באַרימטן שוחט ראָבעספּיער. די אויפגעצאָרנטע פאַריזער מאַסן, אייגנטלעך דאָס אייביקע פעבל פון דער געשיכטע וואָס האָט הנאה פון אַלע היסטאָרישע עקזעקוציעס און היסטערישע טעראָר־אַקטן און ווענעמס פנים שעקספּיר שילדערט אויסגעצייכנט אין זיין דראַמע „יוליוס צעזאַר", האָבן אויפן פּלאַץ צעריסן פירשט דע וואַרניעס גוף און זיין אַראָפּפאַלנדיקער, ווייס־פּאַרוקירטער קאָפּ איז אויך ערגעץ נעלם געוואָרן... דער דאָזיקער פירשט דע וואַרניער איז געווען אַ קרוב פונם טערקישן סולטאַן. אַזוי דערציילט די היסטאָרישע לעגענדע. אַ געוויסע צייט האָבן די דריי שוועסטערן פאַרבראַכט אין סולטאַנס הויף, אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. זיי האָבן געלערנט דייטש און פראַנצויזיש מיטן סולטאַנס קינדער. זייער זיידע איז געווען אַן אַגראָנאָם און ער האָט דאָס געהאָלפן בויען דעם פולאַוווער פּאַרק און צוזאַמען מיט איטאַליענישע אַרכיטעקטן האָט ער אויך אויפגעבויט דעם פּאַלאַץ אינם אַכטצענטן יאָרהונדערט. די דריי שוועסטערן וואַרניער זיינען אַריבערגעבראַכט געוואָרן דורך זייערע עלטערן קיין פולאַווו, כדי דאָ אין איינזאַמקייט צו פאַרהלום'ען זייערע יינגע לעבנס. זיי פלעגן צווישן זיך רעדן טערקיש און פראַנצויזיש. זיי פלעגן דערציילן צו מיין שוואָגער חיים שבת מעשה'לעך פונם סולטאַנישן הויף ווו זיי האָבן זיך אויפגעהאָדעוועט אַלס קליינטשיקע מיידעלעך און שפּעטער זיינען זיי געוואָרן גווערנאַנטקעס. ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה זיינען די דריי שוועסטערן וואַרניער שוין געווען זייער אַלטע פרויען. זיי פלעגן זיך

אַרומפּאָרען אין די פּאַלאַצישע, גערוימע צימערן, אַזוי ווי שאָטנס. עס האָט געשיינט אַז דער מלאך המוות האָט אויף זיי נישט קיין שליטה אָדער ער האָט גלאַט אַזוי פֿאַרגעסן צוצונעמען זייערע נאָבעלע נשמות. זיי פּלעגן זייער זעלטן אַרויסגיין פֿון זייערע קעניגלעכע צימערן. אָבער ווען עס פּלעגט טרעפֿן אַז זיי פּלעגן שוין יאָ אַמאָל אַרויסגיין אַלע דריי אויף אַ שפּאַציר אין פּאַרק, פּלעגן קינד און קייט אַנטלויפֿן... די פּוילישע באַפּעלקערונג איז געווען זיכער אַז דאָס זיינען דריי איינזאַמע נשמות פֿון פּאַרצייטישע פּוילישע אַריסטאָקראַטקעס וואָס בלאָנדזשען אַרום אין הערלעכן פּאַרק פֿון די טשאַרטאָריסקיס.

די ייִנגסטע פּירשטין דע וואַרניער האָט געהייסן איוועט. און עס ווייזט אויס אַז זי איז אַריין אין מוח און אין האַרצן פֿון מיין שוואָגער חיים שבת. דער שאָטן פֿון איוועט האָט זיך דאָ אַרומגעדרייט אין דער בראָנקסער וווינונג, בשעת חיים שבת איז משוגע געוואָרן. אַ געהאָנגענער אויף דער אייביקער תליה, זיך וויגנדיק הין און צוריק אין אַן אומערדישן שטורעמווינט און ווילד געיאָגט פֿון מוראדיקע מחנות גייסטער און נישט־גוטע, פּלעגט חיים שבת זיך בעטן מיט אַ יאָמערנדיקן קול ביי דער פּירשטין איוועט דע וואַרניער אַז זי זאָל אים אַראָפּנעמען די פּעטליע פֿון האַלדז, מחמת עס שטיקט אים מוראדיק אין דער קעל... איוועט האָט איצט אויפֿגעלעבט אינעם ברענענדיקן מוח פֿון חיים־שבת. זי האָט זיך רחבות׳דיק אַריינגעצויגן, מיט אירע הויף־דאַמען און מיט אירע פֿאַרעלטערטע שוועסטערן אין מיין שוועסטער טעמעלעס וווינונג... מיין שוואָגער האָט געגנבעט ביי זיין ווייב דאָס גאָלדענע צירונג און עס רייך אָנגעטאָן אויף די טויטע הענט און האַלדז פֿון אַ שאָטן...

---

מיר זיינען פֿאַרפֿאָרן אין הויז פֿון גליקעס אַ קרוב, אין שטעטל פּאַרמינגדאַל. דאָ האָבן מיר געטרונקען טיי און געגעסן פּאָמעראַנצן. אַלע האָבן אומגעוויינלעך נייגעריקע באַטראַכט חיים שבת׳ן. חיים שבת איז געזעסן אינמיטן שטוב ווי אויף אַ טראָן און האָט אַלעמען געהאַלטן געשפּאַנט מיט זיין רעדן. ער איז געווען דער העלד פֿון טאָג. פּאַקטיש דער הויפּט־אַקטיאָר פֿון דער דאָזיקער טראַגי־קאָמעדיע. ער איז געווען משוגע און ער האָט אַוודאַי אויך געוווּסט זיין ווערט און זיין ראָלע. ער האָט אָפּט גערעדט מאַדיאַריש. וואָרום אין דער צייט פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער געפֿאַנגען געוואָרן פֿון די עסטרייכישע זעלנער און זיי האָבן אים שפּעטער פֿאַרשיקט אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער אין פּאַפּאַ, עטלעכע מייל ווייט פֿון דער שיינער אונגאַרישע הויפּטשטאָט בודאַפּעשט. מיין שוועסטער טעמעלע איז שפּעטער צו אים אַהין געפֿאָרן. זיי האָבן געוווינט אין שטעטל פּאַפּאַ און דאָרטן זיינען געבוירן געוואָרן אירעביידע זין, וואָס זיינען דערצויגן געוואָרן אין אַמעריקע און זיי האָבן זיך יאָרן שפּעטער באַטייליקט

אַלס אַמעריקאַנער סאָלדאַטן אין דער צווייטער וועלט־ מלחמה קעגן די דייטשע, עסטרייכישע און אונגאַרישע אַרמייען...

— חיים, וואָס טויג דיר צו פלאַפּלען פון דער טויטער פירשטין וואַרניער? זי איז דאָך שוין לאַנג טויט. און ווען זי איז געשטאָרבן, איז זי שוין אויך געווען אַ בתולה פון איבער הונדערט יאָר. אויסערדעם איז זי נישט קיין אידישע פרוי. זי איז אַ פראַנצויזקע. מיט טערקיש בלוט אין די אָדערן. איך וועל דיך אַהיימנעמען און דו וועסט צוריקגיין אַרבעטן אין שאָפּ ביי שלאָסעריי. חיים שבת, וואַרף אַרויס פון דיין מוח די נאַרישע געדאַנקען. ווער צוריק אַ לייטישער מענטש! ווער צוריק חיים שבת, וואָס דו ביסט תמיד געווען!

אָבער חיים שבת האָט קיין מענטש צוריק נישט געוואָלט ווערן. איינמאָל האָט אים דאָס משוגעת אָנגערירט די געהירן מיט איר שרפה־דיקער האַנט, איז אים שוין געווען ווויל... ער איז איצט געווען אַ גרויסער, אומבאַהאָלפענער פויגל מיט ריזיקע פעדערן, אַזוי ווי די בוימער, אַזוי ווי אַ גאַנצער פינצטערער וואַלד. אין זיין מוח זיינען איצט אַריין גאַנצע זיבעציק הערלעכע לשונות. יענע צעמישטע פעלקער־שפּראַכענישן פון די מענטשן, נאָכן בויען דעם באַרימטן ביבלישן טורעם פון בבל. איך האָב פון אַ זייטיקן ווינקל אָנגעקוקט חיים שבתן. איך האָב זיך איצט דערמאָנט אַ מאָדנע זאַך: ווען איך בין געווען אַ קליינטשיק אינגעלע, האָב איך זיך צום ערשטן מאָל געזען מיט דעם טיגער פון קאַמטשאַטקאַ. דאָס איז געווען אַ ריזיקער טעפּיך וואָס חיים שבת האָט געשיקט אַ מתנה צו טעמעלען פון צאַרסקן מיליטער. אייגנטלעך איז שוין חיים שבת געהאַט געווען אין אַמעריקע, אין כרך ניו־יאָרק. ער האָט שוין דאָ ערגעץ אויף גרענד סטריט געהאַט זיך איינגע־אָרדנט אַן אייגענע שלאָסעריי. אָבער ער איז געווען מוראדיק־איינזאַם און ער האָט געבענקט צו האָבן אַ ווייב. איז חיים שבת אין איין שיינעם טאָג צוריק אַהיימגעפאָרן אין שטעטל און ער האָט זיך געלאָזט שדכ׳נען מיין שוועסטער טעמעלע פאַר אַ כלה. טעמעלע פון איר זייט איז געווען אַ בילד־שיינע מיידל, פיל שענער ווי די שיינע פירשטין איוועט דע וואַרניער אין אירע שענסטע יאָרן. טעמעלע פון איר זייט האָט געוואָלט זיך באַפרייען פון דער אייביקער שקלאַפעריי ביי זינגערס נייי־מאַשין, אַרבעטנדיק טאָג און נאַכט פאַרן טאַטן. טעמעלע האָט געבענקט נאָך אַ אידישלעכן מאַן און נאָך קינדער... נאָך אַ היים פאַר זיך אַליין און איר פאַמיליע... און חיים שבת, וועמען דער אַטלאַנטיק האָט צוריקגעבראַכט אין שטעטל אַריין, האָט געבענקט נאָך אַ אידישע פרוי, אַזוי ווי דער וועלט־און־קאָסמאָס־איינזאַמער אדם האָט געבענקט נאָך חוה׳ן... נאָך עטלעכע זעעכצען מיט איר באַ־שערטן האָט טעמעלע איינגעוויליקט חתונה צו האָבן מיטן געשטופּעלטן סלושאַרזש פון ניו־יאָרק, וואָס האָט שוין געהאַט אַ ווערקשטאַדט אויף גרענד סטריט און וואָס וועט זי באַלד נאָך דער חתונה אם ירצה השם

אַהינפירן... אָבער באַלד נאָכדעם איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה און מען האָט גאָר חיים שבת׳ן צוגענומען אין צאַרישן מיליטער...

---

חיים שבת איז מיט דער רוסישער אַרמיי פאַרוואָרפן געוואָרן אַזש אין וויטן קאַמטשאַטקאַ, ביי די סאַמע גרענעצן פון יאַפּאַניע, און פון דאָרטן האָט ער באַוויזן אַהיימצושיקן צו זיין יינגע ווייב אַ מתנה: דעם גרויסן, פּילבאַרביקן טעפּיך מיטן ברענענדיקן טיגער. דאָס איז געווען אַן אומגע־הויערער טיגער, אָבער אויך זייער אַ פריינטלעכער, באַזונדערס צו קליינע קינדער. זיינע גרויסע, רונדע און אָנגעצונדענע אויגן האָבן מיך, איך געדענק אַזוי ווי איצט, וואַרם און פריינטלעך אָנגעקוקט. ווען איך פלעג אַמאָל וויינען אָדער זיך צוליב עפּעס באַליידיקן, פלעגט מען מיך געוויינלעך איבערבעטן מיטן צוזאָג אַז היינט ביינאַכט וועל איך שוין שלאָפן צוזאַמען מיטן טיגער... דאָס איז געווען ממש אַ מאַגיש וואָרט. וואָרים דער גוטער טיגער האָט מיך איינגעהילט מיט זיין פייערדיקן לייב. אין זיין פייער פלעגן זיך צעשמעלצן אַלע מיינע קינדערשע פאַרדרוסן. איך פלעג זיך אים איבער־געבן מיט לייב און מיט נפש. איך פלעג שנעל איינשלאָפן אונטער זיין אַלמעכטיקע באַשיצונג. מיר זיינען געוואָרן צוויי טייערע און אינטימע פריינט... דורך די אַלע יאָרן האָט טעמעלע, בשעת אַלע וועלט־וואַנ־דערונגען און נסיונות, געפירט מיט זיך דעם גאָלדענעם טיגער פון קאַמ־טשאַטקאַ. און ווען איך בין אַזויפיל יאָרן שפּעטער, ווען איך בין שוין געווען אַ יינגערמאַן פון אַ פערטל יאָרהונדערט, געקומען קיין ניו יאָרק, האָב איך זיך באַלד ביי מיין ערשטן באַזוך אין מיין שוועסטערס וווינונג אין די בראָנקס, זיך געבעטן ביי איר:

— טעמעלע קרוין! איך וועל דיך בעטן אַ טובה: וויין מיר דעם טיגער פון קאַמטשאַטקאַ!...

— פאַרוואָס־נישט, ברידערל! אָבער ער איז דאָך איצט איינגעפּאַקט אין נאַפטאַלין... אַרום פרילינגס־צייט, ווען דער שניי צעגייט, מיר זאָלן זיין געזונט און דערלעבן פון גאָט, וועל איך אַרויסנעמען דעם טיגער פון דעם אייזערנעם קופערט... דו וועסט מוזן האָבן געדולד און אים זען ערשט אַרום פרילינגס־צייט...

איך האָב געהאַט גרויס געדולד... אַ ברירה האָב איך דען געהאַט? און איך האָב טאַקע צוגעוואַרט ביזן ליבן פרילינג, ווען די ביימער בליען מיט זילבערנעם צוויט. און איידער מיר זיינען געפאָרן כדי צו זען חיים שבת, האָט מיין שוועסטער טעמעלע איינמאָל אין אָוונט פאַר מיר ברייט אויפגעוויקלט דעם ריזיקן טעפּיך. טרערן האָבן זיך מיר גע־שטעלט אין די אויגן: מיין גוטער פריינט, דער שטראַלנדיקער טיגער פון קאַמטשאַטקאַ, האָט מיך איצט וואַרם אָנגעקוקט מיט זיינע גאָלדענע אויגן, וואָס זיינען געשלאָפן איבער צוואַנציק לאַנגע יאָרן. און איך בין זיכער

אַז אויך ער, דער טיגער, מיך אָנקוקנדיק, האָט געוויינט מיט אַ טיף און מענטשלעך געוויין... ער איז גאָרנישט אַלט געוואָרן, דער גוטער טיגער, אין משך פון אַזויפיל יאָרן... אַלט געוואָרן בין איך, זיין חבר. אָבער דער טיגער האָט הערלעך אויפגעשטראַלט. די גוטע, טיגערישע אויגן האָבן געלויכטן אַזוי ווי צוויי גרויסע זונען. איך האָב מיט ציטערנדיקע פינגער געגלעט די ווייכע פעל פון סאַמעט און פּלוש. קיין זון־אונטערגאַנג איז נישט אַזוי שיין אָנגעצונדן ווי מיין שוועסטערס הערלעכער טיגער. איך האָב אין האַרצן געוויינט און זיך געשטיקט מיט די טרערן אין האַלדז, אָנקוקנדיק מיין גאָלדענעם חבר פון דער קינדהייט...

איך באַטראַכט חיים שבת און איך דערמאָן זיך אינם טיגער... און יעדעס מאָל אַז איך קום צו טעמעלען, שעם איך זיך פאַר איר מיר ווידער צו הייסן ווייזן דעם גוטן טיגער... דעם אמת געזאָגט, וואָלט איך יעדעס מאָל, ווען איך קום צו איר אַזוי אָפט, כמעט יעדן טאָג, געוואָלט זיצן נעבן גרויסן און אָפענעם טעפּיך און אָנקוקן דעם טיגער... אַריינקוקן טיף אין דעם פייער פון זיינע פאַרטרוימטע אויגן... אָ, ווען איך שעם זיך נישט, וואָלט איך ביי איר געבעטן צו מעגן שלאָפן מיטן טיגער פון מיין קינדהייט. נאָך אַזויפיל יאָרן פון אַנגסטן און ביטערע איבערלעבענישן, האָבנדיק אַריינגעקוקט אין די טיפסטע אָפּגרונטן פון לעבן — ווידער צו קענען שלאָפן אויף איין געמיינזאַמען געלעגער מיט מיין ליבן חבר־טיגער...

---

דער טאַטע האָט פיינט חיים שבת, זיין איידעם. עס איז שוין אַן אַלטע און אַ טרויעריקע שנאה צווישן זיי. און דער טאַטע איז קעגן דעם אַז טעמעלע זאָל אַרויסנעמען חיים'ען פון משוגעים־הויז. זאָל ער בעסער פאַרפוילט ווערן אין משוגעים־הויז! — שעלט דער טאַטע. דער טאַטע האַלט אַז חיים שבת איז שטענדיק געווען משוגע, נאָך פון דער חתונה אָן. ער וואָלט וועלן אַז טעמעלע זאָל אָפּ'גט'ן איר מאַן. אָבער טעמעלע האָט ליב חיים'ען. זי וועט גיין פאַר חיים'ען אין פייער און וואַסער. עס איז טאַקע אמת, חיים שבת האָט איר שלעכט באַהאַנדלט. די ערשטע צייטן, באַלד נאָך דער חתונה, פלעגט ער פאַרשווונדן ווערן אויף גאַנצע נעכט און שפּילן אין קאָרטן... דער טאַטע געדענקט דאָס גוט. דער טאַטע ווייסט וואָס ער רעדט. דער טאַטע האָט פיינט חיים שבת'ן מיט עפּעס אַ פינצטערע, חיה'שע שנאה. טעמעלע ווייסט דערפון. און וואָס מער דער טאַטע שעלט חיים'ען, אַלץ נאָענטער פילט זי זיך פאַרבונדן אין אַן אייביקן בונד מיט דעם געשטופּעלטן איד פון גרענד סטריט... ער האָט זי געוואָלט שעכטן מיט אַ שאַרפער ברייטווע? ער האָט זיך אַליין געפּרוווט הענגען? מסתמא געדענקט זי זיינע קושן. זיינע אומאַרמונגען. זיין ליבע. די אינטימסטע איבערלעבענישן מיט אים. ווער קען אייגנטלעך פאַרשטיין אַ פרויס גע־

הײמנישפּולע נשמה ?... טעמעלע האָלט שטאָל און אײזן פּאַר חיים שבת, און דערמיט האָט ער די שלאַכט געװונען.

די מאַמע איז דװקא די אײנציקע װאָס טרעט נישט אַרױס קעגן איר אײדעם חיים שבת. אַז איר קינד, איר אײגן בלוט און פלײש, האָט ליב איר מאַן, איז זי חלילה נישט דאַקעגן. חיים שבת האָט פײַנט דעם טאַטן, אָבער ער האָט דװקא גערן די שװיגער. ער װײסט אַז די מאַמע איז אַ פרומע, טיף־רעליגיעזע פּרוי. חיים שבת פלעגט אין די פריערדיקע יאָרן חוזק מאַכן פון דער מאַמעס גאָט. ער פלעגט דער מאַמען, נעבעך, שטעלן שװערע קלאָץ־קשיות בנוגע גאָט, װי אַזױ ער האָט געלאָזט אױסשעכטן אַזױ פיל אידן... אָבער איצט רופט ער פלוצלינג אױס צו דער מאַמען:

— שװיגער! עס איז דאָ אַ גאָט! איר האָט רעכט געהאַט אַלע יאָרן. איך האָב אַלײן געזען גאָט. מיר טוט באַנג װאָס איך האָב אָפּגעלאַכט פון אײך און פון אײער גאָט... איך האָב געזען גאָט. איך האָב אַלײן גערעדט מיט גאָט...

די מאַמע איז אַ קלײנע, פרומע פּרוי. דער מאַמעס רבונו של עולם איז אַװדאי אַ היפּש־פּרימיטיװער. אַ פּשוטער און שטילער גאָט. קױם ער זשיפּיעט... דער מאַמעס גאָט איז אַ כשר'ער, גע'מל'טער איד, װאָס קען אױך אַ ביסל לערנען תורה... ער איז שטאַרק ענלעך צו איר עלטער־זײדע, ר' יעקב זשעלעכאָװער, אַ קלײנגעװוּקסיקער איד אַזאַ מיט אַ גרױסער, לאַנגער און װײסער באָרד... דער מאַמעס גאָט איז אַ הײמישער, אידישער און מענטשלעכער גאָט, אַן אינטימער פעטער אירער. אַ גאָט װאָס זאָגט תהילים טאָג און נאַכט און האָט ליב אידן און האָט ליב קלײנע קינדער. אָבער אַז איר אײדעם, חיים שבת דער משוגענער זאָל גאָר האָבן אַלײן, מיט זײנע אײגענע אױגן, געזען גאָט, איז איר עפּעס נישט שטאַרק צום האַרצן... די מאַמע װיל עפּעס פּאַרט נישט האָבן קײן באַשטעטיקונג אױף דער עקזיסטענץ פונם רבונו של עולם פון אַ משוגענעם איד...

— חיים'ל־קרױן! לאָז אָפּ! רעד נישט קײן שטותים. קײנער האָט נאָך נישט געזען גאָט... מען װערט בלינד אַז מען קוקט אָן גאָט... אַפילו אונדזערע הײליקע נביאים האָבן אים נישט געװאָגט אָנצוקוקן... שױן זײן ליכט האָט זײ פאַרבלענדעט די אױגן... סײדן משה רבינו...

— שװיגערלעבן! איר זאָלט מיר געזונט זײן, איך שװער אײך אַז איך האָב אַלײן געזען דעם רבונו של עולם... עס איז דעמאָלט געװען אינמיטן פינצטערער נאַכט... איך האָב דער־זען גאָט — אַ געװאַלטיק פײער װאָס האָט מוראדיק געזעצט מיט פלאַמענבערג. גאָט איז געװען אַ געװאַלטיקע נאַכט און אַ װיסטעניש און אַ שרעקלעכער עלנט... איך האָב געװאָלט אָנקוקן גאָט, זײנען מיר די אױגן ממש בלינד געװאָרן... איך האָב זײ אַ לאַנגע צײט מער נישט געקענט עפענען... איך האָב זיך אָפּגעבריט דאָס פּנים און דאָס האַרץ פון זײן מוראדיקן פלאַם. עס איז געװען אַ שרפה

אפשר טויזנט וויאָרסטן אין דער הויך און אין דער ברייט... אַפילו זיינע מלאכים האָבן נישט געקענט שטיין געגנוג נאָענט נעבן אים... איך האָב זיך, שוויגערשי, אויף אייביק אָפּגעבריט דיביינער אין גאָט! — שרייט חיים שבת מיט עפּעס אַ מוראדיק קול און אַ יאָמער און זיינע אויגן בליצן אימה׳דיק. אַזוי האָט געמוזט בליצן דעם נביא ישעיהו׳ס פּנים ביים שילדערן די געוואַלטיקע גאָטזעאונג... חיים שבת איז איצט גאָרנישט צום דערקענען. דו פילסט אַז דער דאָזיקער מאַן איז עפּעס דורכגעגאַנגען אַ גרויס פייער וואָס האָט אים אָנגערירט די ריפּן און די ביינער זעלבסט... ער יאָמערט שרעקלעך און טרערן גיסן זיך אָן אויפהער פון זיינע אויגן.

די מאַמע איז אַוודאי שטאַרק געריר̈ט... אָבער די מאַמע איז גאָר־נישט צעפרידן פון אַזאַ מין עקסטאַטישע גאָט־וויזיע און גאָטבאַשטעטיקונג. זי בויטיקט זיך אַבסאָלוט נישט אין קיין גביעת־עדות פון גאָט. די מאַמע איז מיט איר גאַנצן לייב און לעבן פעסט אַריינגעמויערט אין איר געטלעכן גלויבן. פאַר איר איז גאָט נישט קיין אַכזריות׳דיק פייער וואָס פאַרברענט די ביינער און די קנאָכנס פון זיינע גלויביקע משוגעים און ווילדע עקסטאַטיקער. פאַר איר איז גאָט אַ איד. אַ היימישער איד, ווי איר זיידע, ווי אירע עלטער זיידעס, מיט גרויסע אידישע בערד, מיט מעכטיקע אידישע הערצער. פעסט שטייט גאָט אין איר אידישן וועלט־הימל און ער געוועלטיקט אויף אייביק. האָט דען שוין נישט פּרעה חוזק געמאַכט פון גאָט און געפּאָדערט באַווייזן פון זיין עקזיסטענץ און האָבן דען נישט משה און אַהרון אים אויף אייביקע צייטן איבערצייגט אין גאָט׳ס עקזיסטענץ?! דאָס מינדעסטע בלעטל פון תנ״ך דערציילט פון גאָט׳ס געוואַלטיקער גרויס־קייט. אין דעם שטילן און הערלעכן לשון פון אירע תחינות לויכט אַרויס דער רחמנות׳דיק גאָט פון דער אידישער געשיכטע. וואָס טויג מיין מאַמען איצט אַ גאָט פון פייער און פון שפּריצנדיקע שרפות? וואָס באַדאַרף די מאַמע איצט אַ רבונו של עולם פון דונערן און פון שטורעמס? גאָט איז אַ איד און ער האָט ליב אידן, זיינע קינדער. און די מאַמע וויל נישט האָבן פון קיין משוגענעם איד קיין שום גאָט־באַשטעטיקונג. זי בויטיקט זיך גאָרנישט אין די זעאונגען פון איר אידעם חיים שבת... די מאַמע פאַר־מאַכט אירע אויגן אויף אַ רגע און זי זעט גאָט פון אייביקע צייטן. גאָט איז פעסט און מוראדיק־שטאַרק... פיל שטאַרקער ווי די בערג פון אייזן און גראַניט. גאָט איז ליכטיקער ווי די זון. גאָט וווינט ביי איר אין האַרצן... גאָט איז פאַראַן אין יעדער איינציקן וואָרט פון איר תחינה... פון תהילים. פון פּרק... ווער־ווער, נאָר די מאַמע באַדאַרף אָסור נישט האָבן די אַלע פילאָסאָפישע גאָט־באווייזן... זי צווייפלט נישט, די מאַמע, קיין איינציקע רגע פון איר לעבן אין גאָט...

— שוויגער־לעבן! איך האָב אַליין געזען גאָט! — שרייט חיים־שבת און ער וויל אָנהויבן צו שילדערן גאָט מיט זיין משוגענער פאַנטאַזיע...

אָבער די אָרעמע מאַמע ראַנגעלט זיך ביטער מיט איר אידעם... ער, חיים שבת, אויב ער וויל, מעג ער וועגן אַלץ אין דער וועלט רעדן וויפיל אים געפעלט... זאָל ער אַפילו רעדן אויף טערקיש מיט דער פירשטין איוועט דע וואַרניער. אָבער וועגן גאָט, בעט זי אים, אַז ער זאָל שווייגן. יעדעס וואָרט וואָס ער זאָגט עפּעס אַרויס וועגן גאָט, איז אַ חילול השם צו דעם וואָס לעבט אייביק...

אַלע לאַכן פון דעם מאָדנעם געראַנגל צווישן אַן אַלטע, פרומע פרוי און אַ צעהיצטן, ענטוזיאַסטישן אידעם, וואָס בליצט ממש מיט וואַנזיניקער גאָט־זעאונג און גאָט־צעשטראַלונג. זיין גוף און זיין מוח ברענט, ווען ער רייסט זיך צו שילדערן די מאַכטיקע זעאונג פון גאָט... ער ווערט שיכור פון גאָט. ער וויינט און ער יאָמערט מיט גאָט. ער שרייט, ער מאַכט מאָדנע געוואַלטענעס. ווען ער הויבט אָן צו רעדן און צו שילדערן גאָט, באַפאַלט אים דאָס ווילדע משוגעת. עס זעצט פון אים אַרויס אַ טרויעריקער, אַן אַכזריות׳דיקער דיבוק...

עס איז שוין געווען שטילער פאַרנאַכט ווען אַן אויטאָמאָביל מיט איינע אַ פאַמיליע, צווישן וועלכער עס איז געזעסן ווי אַ קרעציקער און אַ מאָדנער, איינער חיים שבת, אַרום וועלכן אַלע מיטגלידער האָבן די גאַנצע צייט גע־האָט געוואָנדן זייער אויפמערקזאַמקייט, האָט זיך צוריקגעקערט צום שפּיטאָל אין ניו־דזשוירזי. די זון האָט, אַזוי ווי אַן אויסגעשטאָכענע אויג וואָס טריפט מיט ריזיקע און שוואַרצע טראָפּנס בלוט, זיך געזעצט און שוין אָנ־גערירט די פינצטערע ערד מיט אירע ליפּן. די פאַרנאַכטיקע לאַנד־שאַפטן האָבן זיך פלושענע געטונקעלט אין אַ ים מיט פורפורנעם און מיט געלן טינט... דער מאַן איז אויסגענומען געוואָרן אויף אַ מין עקזאַמען, אַ פרווו... עפּעס אַזוי ווי אַ חיה, מיט וועמענס געהיימנישפולע גענג און אומדערוואַרטעטע צאָרן־אויסבראָכן מען איז נישט צו זיכער. חיים שבת איז געווען דער הויפּט־אַקטיאָר אין דער דראַמע פון טאָג. עפּעס האָט אַפילו דער גייסטיק־קראַנקער זעלבסט געפילט אַז ער שפּילט אַ ראָלע... און אויף זיין שטערן, אין זיינע אויגן, האָט איצט געפינקלט און געברענט די פראַגע צי האָט ער לייטיש אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען. צי האָט ער ריכטיק „געשפּילט". אפשר, ווען ער וואָלט באַלד אין אָנהויב בעסער פאַרשטאַנען די סיטואַציע, וואָלט ער אַוודאי אַנדערש איבערגע־שפּילט די מאָדנע ראָלע. ער האָט איצט אַזוי ווי חרטה געהאַט וואָס ער האָט גערעדט וועגן גאָט. ער האָט זיך איצט געטוליעט צו זיין פרוי אַ שטאַרק־געפאַלענער. ער האָט פלוצלינג דערפילט אַז ווי וויכטיק די אַלע כאַראַקטערן אין דער דראַמע זאָלן נישט זיין, וועט דאָך דעצידירן זיין וויב טעמעלע וועגן אים, וועגן זייער געמיינזאַמען גורל... עס איז זי, זיין ווייב, וואָס וועט טאָן בלויז דאָס אַליין וואָס איר האַרץ דיקטירט איר צו טאָן. און קיינער איז נישט אימשטאַנד צו ענדערן דעם אייזערנעם און

מעכטיקן באַשלוס פון אַ פרוי: צי זי זאָל אים אָפּ׳גט׳ן, צי זי זאָל אים לאָזן פאַרפוילט ווערן ווי אַ פינצטערע חיה אין דער שטייג? צי זי זאָל אים אַרויסנעמען פון דער פינצטערניש און אים לערנען צו שטעלן די ערשטע טריט אין לעבן און אין דער וועלט, אַזוי ווי אַ קליין קינד, וואָס לערנט זיך גיין מיט זיינע שלאַבעריקע פיסלעך. צי זאָל זי חיים שבת׳ן ווידער געבן אַ היים, א וואַרעמע און מענטשלעכע סביבה, אַ היימיש מאַלצייט, אַ טלית און אַ קאַפּל אויפן קאָפּ צום דאַוונען? וואָס וועט איצט טאָן די סוף כל סוף עלנטע פרוי, מיין שוועסטער טעמעלע? וואָס וועט זי באַשליסן צו טאָן אין דער קריטישער שעה פון זייער לעבן, בשעת די גאַנצע משפחה האַמערט אויף איר קאָפּ מיט עצות אים אָפּצוגטן און אויפגעריכט צו ווערן און אויפדאַסניי חתונה צו האָבן... וואַרים, טענה׳ן זיי, זי איז נאָך יונג און שיין און זי קען געפעלן און געפינען אַ לייטישן מאַן אין איר לעבן.

עס זיינען געשטאַנען אין די שטייגן די פאַרשאָלטענע מענטשן וואָס די האָנט פון גאָט האָט אומברחמנות׳דיק געשלאָגן מיט אייזערנע הענטשקעס איבער די קעפּ. יאָ, דער רבונו של עולם האָט ווי אַ ברוטאַלער פּרייז־פייטער זיי צעשלאָגן מיט זיינע מעכטיקע פויסטן די שאַרבנס און די נעז. דאָ זיינען געשטאַנען ביזאַרע פאַרזעענישן, מיט קעפּ פון קראָען און פון אָדלערס; מענטשן וואָס האָבן פינצטער אַראָפּגעקוקט, ווי גאַרגאָילעס, מיט קעפּ פון הינט און פון וועלף; מענטשן וואָס האָבן דורך עפּעס אַן אומגליק פאַר־לוירן גאָט׳ס געשטאַלט און גאָט׳ס פּנים און האָבן איינגעטאָן דאָס געשטאַלט און די הויט פון שלאַנגען און עקדישן, פון ווערעם און פּיפּערנאַטערס. מענטשן וואָס האָבן פאַרשאָלטענע געברומט אַזוי ווי לייבן און לעמפּערטן און האָבן געברענט אין זייער גייסטיקער אויסגעלאָשנקייט אַזוי ווי טיגערן און ווילדע קעץ. מענטשן פאַרוואַנדעלטע אין אַלערליי וויסטע געשטאַלטונגען פון חיות און עופות, אַפילו פון גיגאַנטישע פליי, לייז און אינסעקטן. פאַר־גרעסערטע אינסעקטן. ריזיקע ווערם. מענטשן צעבראָכענע און צעשמעטער־טע אַזוי ווי אייזערנע טעפּ אויפן מיסטקאַסטן אַרויסגעוואָרפן. די אַלע חיות, פייגל און ווערם האָבן דערמאָנט אין דער אַלט־עגיפּטישער געטער־וועלט... אין משוגענע מאַלפּעס וואָס יאָמערן אין אַ געהינומדיקן דזשאַנגל...

דער אויטאָמאָביל איז איצט צוריקגעפאָרן אַן חיים שבת׳ן. אָבער זיין אָפּוועזנהייט האָט עפּעס אַלעמען געמאַכט איינזאַם און שווייגנדיק. יעדער איינער איז שטומערהייט געזעסן אין זיין ווינקעל וועלט מיט די מחשבות פון שיקזאַל. אַלע מיטגלידער פון דער משפחה זיינען פריִער געווען קעגן חיים שבת׳ן... אָבער איצט האָט מען באַדאַרפט זיין ממש אַ גיבור פון כאַראַקטער זיך אָפּן צו שטעלן אַנטקעגן דעם סאַמע באַ׳עוולה׳סטן מענטש אויף דער גאַנצער ערד... טעמעלע איז געזעסן צווישן אונדז, אַ שטיק פינצטערער זייל פון זאַלץ, זיך אומקוקנדיק אויף די טעג און נעכט פון איר לעבן... זי האָט געוויינט דעם גאַנצן וועג.

די מרה־שחורה׳דיקע פעלדער זיינען געווען פאַרהילטע אין פלוש פון דער נאַכט. ווי אַ צאַרטע, גאָלדענע פנים איז די לבנה געשווומען צווישן די ווייכע וואָלקנס. ישובים מיט הייזער, מיט היימישע ליכט, זיינען אויפגע־שווומען אויפן וועג... ביי די באַרס אין די וויינשענק זיינען די מענטשן געשטאַנען שטומע, ווי אין אַ תפילה... ערגעץ ביים פענצטער פון אַ „פיונעראַל־האָום״ האָט געדרימלט אַן אַלטער מאַן, אַזוי ווי טויט... אַ ריזיקער זייגער איז געשטאַנען אין האָל און האָט רואיק געטרונקען טראָפּנס צייט און געשלונגען רגע׳ס ווי גלעזערנע פּילן...

און טעמעלע האָט איר מאַן חיים שבת אַרויסגענומען פון משוגעים־הויז. עפּעס איז אין לעבן געווען צווישן די דאָזיקעביידע מענטשן יענער געהיימנישפולער בונד וואָס בינדט ביידענס הערצער צו אויף אייביק אין עפּעס אַזוינס וואָס קיין שום מענטש, און אַפילו נישט גאָט אַליין, איז אימשטאַנד צו צעררייסן. ווארים שיקזאַל האָט זיי איינעם צום צווייטן צוגע־קאָוועט מיט אייזערנע קייטן, ווי צוויי אַרעסטאַנטן וואָס ווערן צוזאַמען געפירט קיין סיביר. ווייזט אויס אַז זיי זיינען געווען אַ זיווג. גאָט האָט זיי אַריינגעשטעלט אין דער וועלט און דער הימלישער שדכן האָט זיי צו־נויפגעפירט.

---

חיים שבת איז אין איינעם אַ טאָג אַהיימגעקומען אין זיין שטוב, אויפן דריטן גאָרן, אַריבער מיינע עלטערנס וווינונג, וווּ איך בין געשלאָפן אין דער קיך. טעמעלע האָט אים אַרויסגענומען פון משוגעים־הויז, ווייל זי האָט אים ליב געהאַט. ווייל זי האָט אָן אים נישט געקענט לעבן. ער האָט זי אין איין נאַכט געוואָלט שעכטן? ער האָט געהאַלטן איבער איר האַלדז דעם נאַקעטן חלף? ער איז געשטאַנען מוטער־נאַקעט איבער איר לעבן מיט זיינע שוואַרצע, מערדערישע הענט און האָט פינצטער און רוצח׳יש געבליצט איבער איר מיט זיינע משוגענע אויגן? עס איז אמת. אָבער עס ווייזט אויס אַז אין זכרון פון דער פרוי זיינען לעבעדיקע געבליבן שטיין אויף אייביק איינגעקריצט אפשר איבער דרייסיק יאָר ליבע און ליבשאַפט. זי האָט די גאַנצע צייט געלעבט מיט זיינע קושן און מיט זיינע אומאַרמונגען. אין וועלכן אייזערנעם בונד, פרעגן די זייטיקע מענטשן, האָט דאָס לעבן זיי געקאָוועט? אין יאָרן פון וואַנדערונג און ליבע, פון הונגער און פון עלנט, פון קראַנקהייט און פון דאָרשט. זי, דאָס ווייב, האָט אים געזען, איר מאַן, אין גאָר זיין פינצטערער, אדם׳שער און טראַגישער נאַקעטקייט. אויך די כוונה פון שעכטן איר איז אפשר אַרויסגעוואַקסן פון זיין מוראדיקער ליבשאַפט און פון זיין פינצטערער אייפערזוכט?!...

אין יענע יאָרן פלעג איך אָפט קומען צו זיי אין שטוב אַריין. איך בין דאָך געווען אַ „גרינער״. איך בין געווען שטאַרק הונגעריק צו זען מענטשן. אָבער איך האָב די ריזיקע שטאָט, אירע געוואַלטיקע גאַסן און

געהיימנישפולע וועגן נישט געקענט. ניו־יאָרק איז צו מיר אין יענער צייט געווען אַ מוראַדיקער ים, און וועמענס פינצטערע כוואַליעס איך האָב ממש מורא געהאַט אַריינצופאַלן און צו זינקען צום טויטלעכן אָפּגרונט. מיין שוועסטער און שוואָגער פלעגן זיצן אין דער פינצטערניש פון די נעכט, קאַרגנדיק די הוצאות פון דעם עלקטערישן ליכט. צוויי אייזערנע מענטשן זיצן אין דער פינצטערניש און זיי רעדן וועגן די היימישע מענטשן פון אַמאָל. מען רעדט וועגן די דערפער גאָלאָמב און בערקאָוויץ, פון וואַנען עס שטאַמען די עלטערן פון חיים שבת, אַזש ביז צו די ווייטסטע דורות. דער אַמאָל ווערט קעגנוואַרט. חיים שבת האָט א געניאַלן זכרון. אין זיין מוח שטייען אַזוי ווי לעבעדיק אַלע אידן פון די פוילישע שטעטלעך, מיט גאָר זייערע נעמען און צונעמען, מיט זייערע פנימער און געשטאַלטונגען און מיט גאָר זייערע מאָדנע לעבנס. זיין מוח איז זייער ריזיקער בית עולם. אָסור צי זיי שטייען אַזוי רעאַליסטיש אָנגעשריבן אין גאָט׳ס אומגעהויערן זכרון. ווי משוגע חיים שבת איז, זעט ער אַלע אידן רעאַליסטישע, נאַטוראַליסטיש סקולפּטירטע. ער איז דער פּרץ, דער באַלזאַק, וואָס זעט טויזנט, צוויי טויזנט מענטשן, מיט גאָר זייערע דראַמעס, ליבעס און שיקזאַלן. אין איין מענטשנס מוח קומט פאָר אַ ריזיקער תחית המתים פון גאַנצע שטעטלעך מיט אידן. פון ביינער און פון קנאָכנס קומען מענטשן צוריק צום לעבן און זיי רעדן ווידער זייער לשון און זייער געדיכטן פאָלקלאָר, ווי יענע ביינער אין דעם באַרימטן טאָל, וועמען דעם נביא יחזקאל׳ס קול האָט ווידער צוריקגערופן צום לעבן און האָט זיי אַריינגעבערענט אין די טויטע צונגען גאָט׳ס לעבעדיק וואָרט און גאָט׳ס ליד...

אויך חיים שבת איז אויפגעשטאַנען תחית המתים. פאַנטאַזיע און ווירק־לעכקייט מישן זיך אויס אין זיין רעדן. אָט געדענקט ער דאָס געשטאַלט פון צאַר ניקאָלאַי דעם צווייטן. עס איז אַ שיינער וויאָסנע־טאָג. די צאַריצאַ מאַריאַ פיאָדאָראָוונאַ איז שטאַרק אויפגעלעגט און זי טיילט צו די סאָלדאַטן ציגאַרעטן פון אַ גאָלדענעם ציגאַרעטן־פּושקעלע מיטן פּאָרטרעט פון צאַר אַלעקסאַנדער דעם צווייטן. חיים שבת האָט שכל און ער טוט אַ קוש דער צאַריצאַ אין דער בלייכער און געשניצטער האַנט... אַזש די צאַריצאַ ווערט רויט... און אָט איז אַ ווונדערלעכער זומער־טאָג. די מלחמה האָט נאָכגעלאָזט אויף אַ מאָמענט. די פייגל זינגען אויף די בוימער ווי עס וואָלט גאָר קיין מלחמה נישט געווען. די בינען טאַנצן אַרום פון בלום צו בלום. די וואָלקנס אויפן הימל פאַרשווינדן און עס באַווייזט זיך גאָט׳ס ריינע בלויקייט. חיים שבת און דער גאַנצער ביעלאָוואָסקער פּאָלק מיט פּאַניעס סאָלדאַטן באַשליסן זיך אויסצוטאָן מוטער נאַקעט און זיך צו נעמען באָדן אין אַ כישוף׳דיקן טייך. פּלוצלינג, ווען זיי באָדן זיך אַזוי מחיה׳דיק אין גאָט׳ס הערלעכן טייך, קומען אָן די דייטשן און זיי נעמען שיסן אויף דעם גאַנצן ביעלאָוואָסקער פּאָלק. קוים זיי זייבן

אַריינגעלאָפן אין וואַלד אַריין מיט די קליידער אין די הענט און גענומען אָפּשלאָגן נאַקעטע די דייטשע אַרמיי... בשעת איינע אַזאַ שלאַכט האָט חיים שבת געשאָסן אַ איד אין די דייטשע רייען. פאַרן טויט האָט דער איד נאָך באַוויזן אויסצושרייען: „שמע ישראל!" זינט יענעם מאָמענט קומט דער דערהרג'עטער איד יעדער נאַכט צו חלום חיים שבת'ן און ער מאָנט ביי אים זיין לעבן. ער רעדט צו אים אויף אַ גאַליציאַנישן אידיש. דער טויטער איד האָט זיך ממש באַזעצט אין חיים שבת'ס האַרצן. און שוין זינט שיינע יאָרן ווי חיים שבת טראָגט אים אַרום אויף דער וועלט... דער געה'רג'טער איד איז געוואָרן אַ טונקעלער דיבוק און ער וווינט זיך באַקוועם אין די ביינער פון חיים שבת ווי אין אַ פּאַלאַץ...

אין שטוב איז חיים שבת נאָך אַ שטיקל מענטש. אָבער אין דרויסן חלש'ט ער. ווי נאָר ער גייט אַראָפּ אין דרויסן, איז ער אַ פאַרלוירענער מענטש. ער פאַרלירט דאָס באַוווסטזיין און ער בלייבט ליגן אין שניי. דאָס ווייב קוקט אים נאָך דורכן פענצטער און ווען ער חלש'ט אַוועק, קומט זי שנעל אָנצולויפן. זי וואַרפט דעם שניי אויף זיין פאַרוואָרפענעם קאָפּ. מיט אירע מוטערלעכע הענט ברעכט זי אָפּ דאָס אייז און זי לעגט עס צו צום קאָפּ, צו זיין ברענענדיקן פנים, צו זיין פאַרבלוטיקטער נאָז. זי שלעפּט חיים שבת איבער די טרעפּ. קוים מיט צרות ווי זי העלפט אים אַרויפגיין די הויכע גאָרנס. זי לעגט אים אין בעט אַריין. זי טוט אים אויס די קליידער און דאָס העמד ווי אַ קליין קינד. זי רייבט אים איין דאָס קאַלטע געביין מיט טערפּענטין. זי קנייפּט אים די קאַלטע גלידער. זי שלאָגט אים מיט אירע גרויסע, מאַמעשע הענט פון ליבשאַפט. זי גיסט אַריין אין זיין מויל שנאַפּס פון דער פלאַש וואָס הייסט „די קריסטלעכע ברידער". זי ברענט אין אים אַריין אין אייגן לעבן. זי אָטעמט אין אים אַריין איר מוטערלעכע וואַרעמקייט. און ווען ער קומט ענדלעך אויף, שמייכלט קינדיש חיים שבת. ער דערציילט איצט פון גן־עדן. ער האָט אַליין געזען אברהם אבינו, אויך יצחק און יעקב. דוד המלך מיט דער גרויסער, לויכטנדיקער קרוין אויפן קאָפּ. ער איז געווען אין הימל ווי משה רבינו. גאָט האָט אים, חיים שבת'ן פערזענלעך געדריקט די האַנט און האָט צו אים געזאָגט — די מאַמע מעג עס טאַקע הערן:

— חיים שבת'ל־ברודער! דו ביסט צו פרי געקומען. ווער האָט דיך דאָ אַהערגעבראַכט פאַר דיין צייט? גיי צוריק אויף דער ערד, אין די בראָנקס, צו דיין ליב ווייב טעמעלע, געזונט זאָל זי זיין! זי באַדאַרף דיך נאָך האָבן... איך האָב נאָך צייט דיך אויפצומאָנען פון דיין לעבן צום טויט... עס ברענט נישט, חיים שבת.. וואָס איז די איילעניש? דיין נשמה האָט נאָך ליב דיין גוף... אָסור צי דו ביסט מיר איבעריק... גיי צוריק אין דער וועלט אַריין און עס דיינע טעג ווי לעקעך און טרינק ווי וויין דיינע נעכט...

און חיים שבת איז טאַקע צוריקגעקומען צו זיין ווייב, כדי מיט איר נאָך אָפּצוקריינקען אַ היפּשע ביסל ערדישע יאָרן...

און, ווען חיים שבת איז צוריק ביי די כוחות, איז טעמעלע ווידער טעטיק מיט איר אייביקער עבודה: קאָכן, באַקן, צערעוון, פּאַרעכטן און רייניקן די שטוב. עס איז נישט פאַר איין און איינציקן מענטש וואָס זי זאָרגט און אַרבעט — ביירעט עס איז פאַר איר גאַנצע וועלט. דאָס איז איר היים. אַזוי ווי איר מאַמע, און אַוודאי ווי איר באָבע און ווי אַלע אירע עלטער באָבעס, האָט זי דעם מאַן געמאַכט צום קעניג און זי האָט אים אָנגעטאָן די קרוין פון איר לעבן. אין אָוונט קען זי ווידער זיצן ביים גרויסן טיש מיט דער קלאָר־געוואַשענער צעראַטע און האַלטן אין אירע הענט דאָס גרויסע פאַרגרעסער־גלאָז און לייענען די אידישע גאַזעטן. די אותיות פון „פאָרווערטס" בויגן זיך אויס אונטערן פאַרגרעסער־גלאָז. זיי באַוועגן זיך אַזוי ווי גרויסע ווערם פאַר אירע קורצזיכטיקע אויגן. טעמעלע לייענט הויך, אַז חיים שבת, וואָס ליגט שוין אין בעט און ער טרינקט הייסע און שטאַרק־אָפּגעצוקערטע טיי, זאָל הערן וואָס עס האָט פּאַסירט...

יאָ, חיים שבת לעבט אין זיין אייגענעם אוניווערס פון שטעטלעך און דערפלעך, פון תהילים און פון גאָט. ער דאַוונט און בוקט זיך. ער צע־ברעכט מיט זיין גרויסן הונגער צום רבונו של עולם אַלע גרענעצן בלעטלעך פונם דיקן תהילים׳ל, וואָס ער האָט געבאַרגט ביי דער מאַמען. און וואָס זי, די מאַמע, האָט שוין דעם תהילים פון איר זייט אויך אויסגעזאָגט אַ מיליאָן מאָל... איידער חיים שבת שלאָפט איין, מאַכט טעמעלע צורעכט זיין טויטן פוס. זי בינדט אים איבער די באַנדאַזשן ווי אַ קראַנקען־שוועסטער. חיים שבת דערציילט אַז אַמאָלט איז אים דער געשטאָרבענער פוס געקומען צו חלום און אים דערציילט אַז ער, דער פוס, וווינט אין גן־עדן, צוזאַמען מיט די אבות און מיט די קעניגן און עס איז אים וואויל ווי די וועלט... חיים שבת דערמאָנט זיך ווידער פאַרן איינשלאָפן פון אַ שלאַכט מיט די עסטרייכער, און ווי אַזוי עס איז דעמאָלט געפאַלן זיין חבר, משה בונם׳ס. חיים שבת האָט פּלוצלינג דערזען ווי נעבן אים, אין אַקאָפּע, ליגט משה בונם׳ס קאָפּ און דער קאָפּ רעדט און דערציילט פון זיין גאַנץ לעבן... זיין גוף איז געווען מוראדיק צעשמעטערט און עס איז נישט פאַרבליבן פון אים קיין איין גאַנץ גליד... נאָר דער קאָפּ איז געלעגן נעבן אים מיט אָפענע אויגן און האָט גערעדט און גערעדט אָן אויפ־הער... ביז מען האָט אים צוגענומען פון אים אַ וויינענדיקן און אַ באַגאַ־סענעם מיט טרערן און אים באַגראָבן אין אַ געמיינזאַם קבר אין וואַלד. אָבער פון צייט צו צייט קומט ווידער דער קאָפּ צו חיים־שבת און ער דערציילט אים רוזשנע מעשיות פון הימל און פון דר׳ערד. פון משה בונם׳ס גוף איז שוין קיין סימן אַפילו נישטאָ. אָבער זיין קאָפּ לעבט. זיין קאָפּ רעדט

אין קאָפּ פון חיים שבת... און ווען זיינע רייד וואָלטן אַריין אין אַ הונט׳ס קאָפּ, וואָלט ער שוין לאַנג משוגע געוואָרן...

טיילמאָל דאַכט זיך אים אויס אַז משה בונם׳ס קאָפּ איז ענלעך צום קאָפּ פון אַ קאַרפּ, מיט פּערלמוטערנע שיפּן און מיט רונדע, רובין־רויטע אויגן... חיים־שבת דערשרעקט זיך: ער האָט אויפגעגעסן שבת, ביי דער סעודה, משה בונם׳ס וויינענדיקן קאָפּ... ער האָט נאָך פאַרטרונקען מיט אַ כוס ווין...

---

אין די אָוונטן פלעגט מיין טאַטע אַראָפּגיין צו מיין שוועסטער טעמעלע און דאָרטן פאַרברענגען מיט דער מאַמען. אָבער תמיד פלעגן אויסברעכן ווילדע מחלוקת צווישן דעם טאַטן און זיין אײדעם חיים שבת. דער געוועזענער גייסטיק־קראַנקער פּאַציענט חיים שבת האָט גוט געקענט מיין טאַטנס מאָדנע געגנג. און מיין טאַטע איז אויך געווען אַן אמת׳ער ספּע־ציאַליסט אויף חיים שבת׳ס פּסיכאָלאָגיע... ביידע מענער האָבן זיך טויטלעך פיינט געהאַט. עס וואָלט מיך אַבסאָלוט נישט געוווּנדערט ווען איך וואָלט זיי ביידע פלוצלונג דערזען פאַרקנוילט ווי שלאַנגען אין אַ מוראדיקן דועל מיט שאַרפע באַיאָנעטן אין זייערע פאַרקרימטע און עקשנות־דיקע הענט... ווי זיי פאַרבלוטיקן זיך ביז בלוט...

געוויינלעך פלעגט זיך די שלאַכט אָנהויבן מיט אַ מכלומר׳שט אומ־שולדיקער באַמערקונג וואָס חיים שבת פלעגט פרעגן דעם טאַטן וואָס עס מאַכן די טרומנעס מיטן טויטן, צאַריסטישן געלט... אָדער ער פלעגט חוזק מאַכן פון מיין טאַטנס מוזעאַלישע גאַלעריע מיט אַנטיטשנע זייגערס. מיין פאָטער וואָס האָט געהאַט אַ מאַכטיקע צונג, אַזוי ווי אַ פייערדיקער בליץ אָנשטאָט אַ צונג וואָלט ביי אים זיצן אין מויל און וואַרטן אויף איר שאַנס, פלעגט חיים שבת׳ן אויך נישט שולדיק בלייבן אַ גיפטיקן ענטפער, וואָס ער פלעגט ווי אַ פאַרזשאַווערטן טשוואָק אַריינקלאַפּן אין זיין פלייש מיט אַן אייזערנעם האַמער. ער פלעגט אים דערמאָנען יענע צייטן ווען חיים שבת פלעגט באַלד נאָך דער חתונה מיט טעמעלע׳ן פאַרשווונדן ווערן אויף גאַנצע נעכט און ערגעץ שפּילן ביזן גרויען באַגינען אין קאָרטן און טרינקען אין טונקעלע קנייפּעס... טעמעלע פלעגט דורך דער גאַנצער לאַנגער ווינטערנאַכט זיצן אַן איינזאַמע ביים פענצטער און מיטן וואַרעמען הויך אירן אָנהויכן אויף דער געפרוירענער שויב, כדי זי זאָל נישט פאַר־אייזיקט ווערן מיטן מאַסיוון אייז און שניי... דורכן דאַזיקן ריינעם פּיצל שויב פלעגט די ערשט־פאַרהייראַטע, יינגע פרוי, אַרויסקוקן אין דער פינצטערער און אומהיימלעכער נאַכט אַריין, קוקן צום וועג, אַ קאַרג־באַ־לויכטענער דורך דעם איינציקן לאַמטערן, און זען צי איר מאַן קערט זיך אום אַהיים פון שפּיל און פון שנאַפּס... אָפטמאָל פלעגט זיך חיים שבת באַווייזן ערשט אין קאַלטן און גרויען באַגינען, אַ טויטלעך־שיכורער, אָן אַ גראָשן

געלט אין די קעשענעס, האַבנדיק פאַרשפּילט ביי די טייוולישע קאָרטן די לעצטע נאַקעטע פּרוטה... שיעור נישט פאַרלירנדיק דאָס לעצטע שטיקל מלבוש, דאָס העמד אַפילו פונם צעשלאָגענעם און אָרעמען לייב... אַמאָל פלעגט ער אויך קומען מיט אַ צעשניטענעם פּנים פון שאַרפע מעסערס, מיט צעפליקטע בגדים... דאָס געשלעג מיט די בלאָטע יינגען האָט אים פשוט איינגעקרימט און אַלט געמאַכט...

דאָס פלעגט מיין טאַטע איצט דערמאָנען חיים שבת׳ן. שווער און אידעם פלעגן זיך ווערטלען שעה׳נלאַנג און מיט זייערע צונגען און בייזע ווערטער, נאָך שאַרפער פון שטאָלערנע שטילעטן, זיך ממש פאַרבלוטיקן די ברוסט־קאַסטנס און די הערצער...

חיים שבת פלעגט פאָרוואַרפן דעם טאַטן די סאַמע מוראדיקסטע באַשולדיקונג אַז ער האָט פּאַראַזיטיש געלעבט פון זיינע ביידע טעכטערס פּראַצע ביי דער ניי־מאַשין... און אַז ער, דער טאַטע, האָט ערנסט געטראַכט ביידע קינדער קיינמאָל נישט חתונה צומאַכן, כדי זיי זאָלן בלייבן זיינע אייביקע שקלאַפינס... און אַז דער טאַטע האָט אַ סך מאָל פאַראַטן זיין ווייב...

— איר גייט שוין ווידער שפּילן שאָך מיט ר׳ וועלוול גאָלדהענדלער? — פלעגט חיים שבת פאָרוואַרפן דעם טאַטן...

דער טאַטע פלעגט מיט אַ שמייכל אָפּט זאָגן דער מאַמען אַז ער גייט שפּילן אין שאָך מיטן שטעטלדיקן גביר, ר׳ וועלוול גאָלדהענדלער.

יאָרנלאַנג פלעגט דער טאַטע אַזוי פאַרשווונדן ווערן פון שטוב אויף גאַנצע טעג און נעכט. און תמיד פלעגט עס הייסן אַז ער גייט שפּילן אין שאָך מיטן שטעטלדיקן גביר... אָבער איינמאָל, שפּעט אין דער נאַכט איז אַ קינד שטאַרק פאַרשלאָפט געוואָרן און די מאַמע איז געצוווּנגען געווען צו גיין זוכן דעם טאַטן ביי ר׳ וועלוועל גאָלדהענדלער, וואָס שפּילט שאָך מיטן טאַטן... אָבער די מאַמע איז געווען שטאַרק איבעראַשט ווען טיר און פענצטער זיינען שוין געווען פאַרהעמערט און מען איז שוין זינט לאַנגע שעה׳ן געשלאָפן ביים גביר, דעם טאַטנס שותּף אינם שאָך־שפּיל... ווו איז אַלע יאָרן געווען דער טאַטע? וווהין איז ער פאַר־שווונדן געוואָרן? בלויז דער טאַטע האָט דאָס געוווסט... די מאַמע האָט שטאַרק געוויינט, געוווּיר ווערנדיק אַז דער טאַטע האָט איר דורך די אַלע צייטן גענאַרט...

און איצט, אַז חיים שבת האָט דערמאָנט די מעשה מיטן שאָך־שפּילן, האָט דער טאַטע זיך שטאַרק אויפגעקאָכט... ער האָט חיים שבת׳ן פאָרגעוואָרפן אַז ער האָט געוואָלט שעכטן זיין אייגן ווייב מיט אַ בריטווע און אַז ער אַליין איז אַ פינצטערער זעלבסטמערדער וואָס האָט, זייענדיק אין פּאָניעס אַרמיי, געהאַט פאַרגעניגן פון שעכטן מענטשן... דערביי האָט דער טאַטע דערציילט די וויל־באַקאַנטע מעשה מיט ר׳ הלל:

אַז ר׳ הלל האָט איינמאָל געזען דעם טויטן קאָפּ פון אַ מענטש שווימען אויפן שטורעמדיקן וואַסער. ער האָט אין קאָפּ דערקענט דעם קאָפּ פון אַ מערדער. האָט ר׳ הלל געזאָגט:

— דערפאַר וואָס דו האָסט אַנדערע מענטשן דערטרונקען, האָט מען דיך דערטרונקען, און דער סוף פון די מענטשן וואָס האָבן דיך דער־טרונקען, וועט זיין אַז מען וועט זיי אויך דערטרינקען.

---

חיים שבת׳ן האָט דעם טאַטנס באַשולדיקונג אין מערדעריי אָנגע־צונדן. בשעת אַזאַ מין צאָרנדיקן אויסבראָך פלעגט זיך שוין חיים שבת באַנוצן מיט די סאַמע שטעכיקסטע און ברוטאַלסטע וואָפן, אָן שום רעזערוואַציעס. און ער פלעגט ווייטער ציען די אומהיימלעכע באַשולדיקונג אַז דער טאַטע האָט בדעה געהאַט צו לעבן פון זיינע קינדערס פּראַצע... צום ביישפּיל: ער פלעגט דעם טאַטן דערמאָנען די מעשה מיט באַריס׳ן. ווער איז געווען באַריס?

איך געדענק ווי אין חלום מיין קינדישע וועלט אין דער היים. די שוועסטערן מיינע, טעמעלע און צירעלע, האָבן טאָג און נאַכט געניית אויף די זינגער־מאַשינען און דער טאַטע פלעגט יעדער נאַכט צוגיין צום טישקעסטל און אַרויסנעמען דאָס געלט וואָס זיי האָבן אַריינגעקרוגן פונם טאָגס פאַרדינסט. דעמאָלט פלעגט אָפט קומען אין אונדזער שטוב אַ געוויסער באַריס: אַ הויכער, שלאַנקער און סאָלידער מאַן. מיט גאָלדענע פּאַנסנע און מיט אַ דינעם, שוואַרצן שנירעלע וואָס פלעגט אַרונטערפאַלן פון זיינע אַריסטאָקראַטישע פּאַנסנע אין וועסטלקעשענע אַריין. באַריס האָט מכלומרשט מיטן טאַטן געשפּילט אַ שאָך פּאַרטי... אָבער ער פלעגט עפּעס פירן געהיימנישפולע ליבעס מיט מיינע בײדע שוועסטערן... די מאַמע האָט באַריס׳ן נישט געטרויט. אין שטעטל פלעגט מען רעדן אַז באַריס איז אַ דאָן זשואַן, אַ מאַטשאַרניק. אַז ער האָט הייזלעך אין בוענאָס איירעס. אַז ער האָט היימישע אידישע טעכטער אומגליקלעך גע־מאַכט. אַז ער איז אַן אַכזר וואָס האָט נישט אײן אידישע היים צע־בראָכן...

דער טאַטע האָט געהאַנדלט מיט זייגערס און מיט שטעקעלעך. ער האָט איינמאָל באַריסן פאַרקויפט אַ גאָלדענעם זייגער מיט אַ דיוויסקע פאַר גוט געלט... ער האָט אים אויך פאַרקויפט קינסטלעריש־געמאַכטע שטעקעלעך מיט פּרעכטיקע זילבערנע און אפילו גאָלדענע האַנטאַבעס. די הענטלעך פון די שטעקנס זיינען געווען וווּנדערלעך אויסגעשניצט און זיי האָבן פאַרגעשטעלט נאַקעטע טענצערינס... באַריס האָט געהאַט גע־שמאַק און גוטע מאַניערן. ער פלעגט קיינמאָל נישט קומען אין שטוב אַריין אָן עפּעס מיטצוברענגען. אַ שטייגער: שאַכטלעך מיט שאָקאָלאַד און בוקעטן מיט בלומען. אויך גאָלדענע קייטלעך און פּרעכטיקע בראָש־

קעס פאַר די שוועסטערן. ער פלעגט אויסנעמען טעמעלען און צירעלען צו בעלער אין די קאָשאַרן צווישן די צאַרישע אָפיצערן. ווען מיינע יינגע שוועסטערן פלעגן אַהיימקומען שפּעט ביינאַכט, פלעגן זייערע שיינע האָר זיין פול מיט פּילפּאַרביקן קאָנפעטי. איך האָב נאָך דעמאָלט נישט געוווסט וואָס אייגענטלעך קאָנפעטי איז אַזוינס. קליינע און רונדיקע פּיצלעך פּאַפּיר, וואָס פאַלט ווי אַ שניי פון די הימלען... מען האָט די שטראַלנדיקע מיידלעך פאַרוואָרפן מיט קאָנפעטי. אָפיצערן האָבן מיט זיי געטאַנצט. זיי פלעגן אַהיימקומען עפּעס אַנדערע פרויען, גאַרנישט ווי מיינע תמיד דערשלאָגענע שוועסטערן, שקלאַפנדיק ביי די ניי־מאַשינען, אונטער מיין טאַטנס שטרענגער ממשלה... די פנימער זיינען ביי זיי געווען צעגליטע ווי פייער. זייערע אויגן אַזעלכע גליקלעך־לויכטנדיקע. זייערע געזיכטלעך האָבן אויסגעזען ווי גרויסע בלומען אינמיטן זומער, וואָס כישופן אַרויס פון רייכע גויאישע גערטנער... בלומען וואָס דו ווילסט קוים אָנרירן מיט די הענט און זיי צאַרט קושן... די בוזעמס און די געזעסן זיינען ביי זיי געווען שפּאַרעוודיק אונטערגעבעטע, ווי עס איז געווען די מאָדע אין יענער צייט... ווי קליין איך בין געווען, פלעג איך כאַפּן אַ באַהאַלטענעם בליק פון מיין בעטל אויס אויף זייער נאַקעט־קייט. זיי פלעגען רעדן דורך דער גאַנצער נאַכט און זיך היפּש באַרימען מיט די זשעסטן, די פאַלשע רייד, די פוסטע קאָמפּלימענטן פון די צאַרישע דאָן זשואַנען, די נאַרישע איבעראַשונגען, די מכלומרשטיקע גאַלאַנט־קייטן פון דעם מענער־פאָלק. אָפּטמאָל פלעגן זיי זיך אויך קריגן מיט ביטערע ווערטער צוליב באָריסן... ווייל באָריס האָט צוביידע יינגע מיידלעך צוגעזאָגט גאָלדענע גליקן אין אויסלאַנד, וווהין ער האָט זיי בדעה געהאַט צו נעמען... ער האָט פאַקטיש מיט ביידע מיידלעך געפירט באַזונדערע ליבעס און זיי פאַרשאַפט היפּשן צער און קעגנזייטיקע איי־פערזוכט...

---

דער טאַטע פלעגט זיך אויפכאַפּן אַ צאַרנדיקער אינמיטן נאַכט און אָנהויבן צו שעלטן מיינע שוועסטערן מיט טויטע קללות און זיי באַשולדיקן אין כלערליי זינד... די מאַמע האָט שטילערהייט און ביטער געוויינט... ביז אין דרויסן פלעגט זיך הערן דאָס ריטמישע קנאַקן פון פערדישע קאָ־פיטעס אויפן ברוק... די דראָשקע פלעגט זיך אָפּשטעלן ביים הויז. באָריס פלעגט שוויגנדיק און גאַלאַנט זיך געזעגענען מיט מיינע שוועסטערן, זיי קושן די הענט און פלאַטערנדיק מיט זיין האַרטן טונקעלן קאַפּעליוש אין דער האַנט... דערביי פלעגט ער זיך גאַלאַנט פאַרנייגן ביז צו דער ערד... און, נאָך איידער דער טאָג האָט לייטיש אויפגעשאַריעט מיט אַ וווּנדערלעכן קאָליר, פלעגן די דינע שוועסטערן זיך שוין וואַשן די צעשטאָכענע הענט און זייערע מלאכימדיקע פנימער, געפאַרבטע אין

גאָטס גאָלד און זיך זעצן אַרבעטן ביי די אייזערנע ניי־מאַשינען...
אַלע זייערע ראָמאַנטישע איבערלעבנישן זיינען געווען בלויז חלומות און פאַנטאַזיעס. פאַקטיש זיינען זיי ביז צו זייערע חתונות פאַרבליבן ריינע, ערלעכע אידישע קינדער.

ווער איז געווען באַריס? אַלערליי בייזע צינגער פון שטעטל האָבן געלאָזט פאַלן ווערטער אַז ער האָט אַ פרוי אין לובלין... און עטלעכע קינדער אויך... און עס איז מאָדנע אַז אין יאָרן אַרום, שוין נאָך מיין טאַטנ׳ס טויט, ווען זיין פּערזענלעכקייט האָט אויפגעשטראַלט צו מיר, זיץ איך איינמאָל אין אַ טאָג ביי מיין שוועסטער טעמעלע... פּלוצלינג קלאַפּט עמעץ אָן אין דער טיר. עס קומט אַריין אַן עלטערער מאַן און באַגריסט זיך עפּעס מאָדנע וואַרעם און געהיימנישפול מיט טעמעלען...
ווער איז געווען דער דאָזיקער מאַן? באַריס׳ס אַ זון... ער איז געקומען בעטן אַן אָנדענק פון מיין טאַטן... טעמעלע האָט מיט אים היימלעך גערעדט, ווי מיט אַן אייגן קינד... ער איז געזעסן אַ פּאָר שעה אין דער סאַליע. און צום סוף האָט אים טעמעלע געשאָנקען דעם טאַטנס אַן ערדענע וואַזאָנע... מיט פאַרוויאַנעטע בלומען... איך האָב די גאַנצע צייט אויף אים זייטיק געקוקט. איך האָב אים געפּרוווט פאַרגלייכן צו באַריסן — זיין פירשטלעכן טאַטן... אָבער עס איז פּשוט נישט געווען קיין שום מעגלעכער פאַרגלייך. „יענער" איז געווען אַן אמת׳ער קייסער. אַ מין „לאַנדרו" אַריסטאָקראַט. מיט שטילע, קוים־הערבאַרע רייד און געמאָסטענע מאַניערן, מיט ראַפינירטע קליידונג און נאָבעלער האַלטונג. דורך און דורך אַ געבוירענער עסטעט. ער האָט די געהיימניש פון זיין טונקעלער פּראָפּעסיע פיין פאַרבאָרגן. עס האָט אויסגעזען אַז ער האָט שטודירט אין אויסלאַנד און אַז ער האָט פאַרקערט אין אַ הויך־ראַפינירטער געזעלשאַפט. און דער דאָ? עפּעס אַ געוויינלעכער מענטש, וואָס האָט, אויף וויפל איך האָב געקענט משפּטן אויפן מאָמענט, גאָרנישט געירשנט פון זיין פירשטלעכן טאַטן... ער האָט דערמאָנט אין עפּעס אַ דינער, פאַרקרימטער און אָרעמער פלאַנץ, וואָס וואַקסט אַרויס צופוסנס פון אַ מעכטיקן און שטאָלצן דעמב, דעם קייסער פון וואַלד...

אָבער, איך האָב אַ לאַנגע צייט געטראַכט, נאָכדעם ווי דער מאַן איז וואַקלענדיק זיך, אַזוי ווי שיכור, אַוועקגעגאַנגען מיט דעם טאַטנס וואַזאָנע אין דער האַנט, און ער האָט זיך וואַרם צעקושט מיט מיין שוועסטער ביים געזעגענען זיך: ווער איז ער אייגנטלעך געווען? ווער איז געווען זיין מוטער? וואָס האָט דער מאַן געטאָן אין ניו־יאָרק? האָט ער אַ פאַמיליע? האָב איך נישט אָנגעקוקט טראַגעדיע אין זיין סאַמע פּנים און געשטאַלט?...

טעמעלע האָט נאָך זיין באַזוך זייער לאַנג געשוויגן... טרערן זיינען

גערונען פון אירע אויגן... און איך האָב נישט געוואַגט וועגן אים עפּעס צו פרעגן...

ווען באָריס׳ס זון, אַזוי ווי אַ קריינקלעכער פּרינץ פון אַ קעניגלעכער דינאַסטיע, האָט געהאַלטן אין זיינע הענט מיין טאַטנס וואַזאַנע און זי מיט צערטלעכקייט געדריקט צו זיך, ווי עס וואָלט אים זיין באַזונדערס טייער די טרויעריקע און האַלב־פּאַרוויאַנעטע פלאַנץ און באַזונדערס דאָס טונקעלע ביסל ערד, אין וועלכער איך פלעג מיין טאַטן אָפט זען אַריינגיסן פרישע וואַסער פון אַ קרוג, אַזוי ווי פּערפיום, די ערד וואָס ער פלעגט גלעטן מיט זיינע שיינע הענט און וואָס האָט מיך איצט מאָדנע טרויעריק געמאַכט, מיך דערמאָנענדיק אין דער ערד פון זיין קבר אין ברוקלין, האָב איך זיך אין עפּעס דערמאָנט:

עס איז געווען מיט שיינע יאָרן צוריק, נאָך אין פּולאַווי, ווען מיר האָבן געוווינט אויף קאָסאַ גאַס. דער טאַטע האָט ביי דער נאַכט גענומען אַ ברוינעם לייוואַנטענעם זעקל מיט אַן אייזערנעם שפּאָדעל און ער איז געגאַנגען „גנב׳נען״ ערד אין גאָרטן נעבן אונדזער הויז, פאַר זיינע וואַזאָנען, וואָס ער פלעגט תמיד ליב האָבן צו האַלטן אין שטוב, ווי קליינע אינדזלען פון דער נאַטור. דער גאָרטן איז געווען אונטער די פענצטער פון דעם שול־דירעקטאָר הער אַדלער. די לבנה האָט געבלוטיקט צווישן דעם טאַטנס פינגער, בשעת ער האָט מיטן שפּאָדל געגראָבן די האָניק־דיק־זאַפּטיקע ערד. ווי שלימזלדיק און מאָדנע האָט צו מיר איצט אויסגעזען דער דאָזיקער מאַן וואָס „גנב׳עט״ אַביסל ערד... פאַרוואָס אייגנטלעך „גנב׳עט״ ער נישט עפּעס רעכטס?! — איז מיר איינגעפאַלן אַ געדאַנק, צוהעלפנדיק דעם טאַטן צום גראָבן און אַריינשאַרנדיק די קילע און גאָלדיקע ערד אינעם זעקל. פאַרוואָס גנב׳עט ער נישט קיין גאָלד און זילבער?! און פאַרוואָס טראָגט ער עפּעס אַזאַ אומגעווייינלעכע צאַרטקייט צו די בלומען, צו די פלאַנצן און ער באַזאָרגט זיי מיט פרישע וואַסער און מיט טונקעלער, פעטער ערד, די אַריסטאָקראַטיש־אידעלע ערד פון דעם גאָרטן. אים העלפנדיק, בין איך געווען אייפערזוכטיק אויף זיין ליבשאַפט צו די פלאַנצן. ער האָט מיך שטילערהייט געשאָלטן, ווי עס איז געווען זיין טבע בשעת אַן אַרבעט וואָס מיר האָבן צוזאַמען געטאָן. און אין מיין מוח האָב איך אים געפרעגט און זיך אַליין געענטפערט:

— טאַטע! זיי דאָך אַ מענטש! זיי אַ לייטישער טאַטע! גנב׳ע עפּעס רעכטס, אויב דו גנב׳עסט שוין עפּעס: אַ מילכדיקע קו, אַ קרעפּטיק פערד. גנב׳ע גאָלד אָדער געלט! ברעך אויף דעם פּרעזנט פון אַ געוועלב און טראָג אַרויס ברויט און פלייש אונטער דער פּאָלע. וואָס טוסטו איצט: דו גנב׳עסט מישטיינס געזאָגט ערד, ערד פאַר דיינע קאַלטע וואַזאָנען...

און מיר האָט זיך אין דער נאַכט אויסגעדאַכט ווי דער טאַטע וואָלט גנב׳ענען ערד פאַר זיין אייגענעם קבר...

חיים שבת, אין זיין אייביקן געפּעכט מיט זיין שווער, פלעגט דעריבער דעם טאַטנ׳ס האַרץ צאַרנדיק פאַרשטעכן מיט זיינע צינישע און באַליידיקנ־דיקע רייד וועגן באַריסן. די מאַמע פלעגט בשעת מעשה זיך פלוצלינג אַוועקשטעלןביים ריזיקן שפּיגל און זיך מאַדנע און ערנסט אָנקוקן, שטייענדיק אַ פאַרגליווערטע אין דעם זילבערנעם טייך פונם שפּיגל איינגע־זונקען. די מאַמע קוקט זיך אָן אין שפּיגל נישט ווי אַ ווייב, כדי צו שטודירן קאָקעטיש איר אייגענע שיינקייט און איר געשטאַלט אַלס פרוי, נייערט כדי צו פאַרשן ווי לאַנג זי וועט נאָך לעבן... צו זען באַשיינפּערלעך ווי פינצטער זי האָט זיך פאַרעלטערט און ווי מוראדיק איר פּנים האָט זיך פאַרענדערט... כדי אָנצוקוקן איר צעבראָכענעם פּנים און איר צעשמעטערטע יוגענט. דער מאַמען דאַכט זיך תמיד אַז איר פּנים איז חלילה געשוואָלן. זי האָט עפּעס אַ גאַנץ לעבן מורא פאַר פאַרדעכ־טיקטע געשווילעכצן... אויך אירע פיס זיינען תמיד, נאָך איר שווערן אַרבעטסטאָג, געשוואָלענע. זי לעגט זיך אין בעט אריין, נאָך האַלבער נאַכט, אַ טויטלעך־מידע, אַ ייִנגערהייט אַלט געוואָרענע און אַ פאַרוועלקטע פרוי. דער ריזיקער שפּיגל איז געבראַכט געוואָרן אַזש פון אונגאַרן, אָבער ער איז דאָ, אין די בראָנקס, צעבראָכן געוואָרן. דער שפּיגל איז עפּעס ווי אַ געהיימנישפולע שוואָם, וואָס זאַפּט און זויגט איין אין זיינע טיפענישן אַלע לעבנס. ער עסט אויף צייט און באַוועגונג. און איצט שטייט די מאַמע ביים צעבראָכענעם שפּיגל — אַזאַ קליינטשיקע, אַן איינ־געזונקענע אין דער פינצטערניש פון איר שיקזאַל, אַ צעבראָכענער שאַרבן...

— שוויגער־לעבן, זאָגט דעם אמת: האָט איר זיך אַמאָל אין אייער לעבן פאַרגינען זיך צו שפּיגלען אין אַ שפּיגל, צו זען אייער שיינקייט, אַזוי ווי עס טוט דאָס יעדער ייִנגע פרוי? איך האָב דעם איינדרוק אַז איר האָט קיינמאָל נישט געוואָגט רעכט אָנצוקוקן אייער אייגן לייב, אייערע פּרוויאישע גלידער... מיר דאַכט זיך עפּעס אַז איר זענט גאָר לחלוטין נישט געבוירן געוואָרן אָן אַ העמד. גאָט האָט אייך שוין קליינערהייט אָנגעטאָן אין אומעטיקע, און טונקעלע קליידער, אַפילו אין אַ שייטל אויפן קאָפּ! — זאָגט חיים שבת מכלומרשט מיט אַן אומשולדיק געלעכטערל, אָבער מיט געצנוג באַליידיקנדיקע רייד צו דער אַלטער פרוי, וואָס שווייגט אין יסורים.

יאָ, די מאַמע איז כמעט שטענדיק געווען גרוי און אַלט. האָט זי קיינ־מאָל נישט געהאַט קיין יוגענט? איז זי קיינמאָל נישט געווען אַ ייִנגע און פריילעכע מיידל, אַ לוסטיקע און שטראַלנדיקע פרוי? איך געדענק נישט. אין דער משפּחה דערציילט מען ווי די מאַמע האָט מיך געטראָגן איינגע־הילט אין אַ גרויסער פאַטשיילע דורך שניי און דורך וואַלד צום דאָקטאָר קיין זוואָלין. איך בין נאָך געווען אַ קליין קינד און געהאַט לונגענאָנצינדונג.

דער מאַמעס פּנים איז דעמאָלט זיכער נישט געווען זאָרגלאָז און רייצנדיק. נאָך איצט זע איך ווי איינע אַ פרוי טראָגט מיך אין דעם נאָך פינצטערן באַגינען דורך פוילנס וואַלד און פעלד צום דאָקטאָר... פּאַקטיש טראָגט מיך אַ מוראַדיקער מענטשלעכער נאַטור־עלעמענט צו זוכן היילונג, צו קריגן פאַר מיר גענעזונג... דאָס בילד איז געוואַלטיק איינגעקריצט אין מיין זכרון... און מיט זיין מוראַדיקער פּלאַסטישקייט שטייגט עס איבער אַלע מיינע קאַרגע וואָרט־מעגלעכקייטן. דאָס פּשוטע בילד ווי אַ מאַמע יאָגט מיט אירע לעצטע כּוחות אין אַ ברוטאַלן ווינטערדיקן פרימאָרגן מיט אַ פיבעריש־ברענענדיקן קינד, איינגעהילט אין אַ דיקער פּויערישער פאַטשיילע און געוואַרעמט דורך איר, דער מאַמע׳ס געוואַלטיק האַרץ און דורך איר בלוט, וואָס שלאָגט מיט אַ ריטם וואָס בלויז מוטערלעכע ליבּ־שאַפט איז אימשטאַנד מענטשלעך צו פאַרטראָגן...

פאַרן לעבן און געזונט פון אירע קינדער איז די מאַמע גרייט תּמיד צו קעמפן ווי אַ חיה. זי אַליין איז אויך אייביק אַדורכגענומען מיט אַ מוראַדיקן פּחד פאַרן טויט. פּאַקטיש לעבט זי איר לעבן ווי אַ צום־טויט־פאַרמשפּטע פון אירע ייִנגסטע יאָרן אָן. זי לעבט מיט דער אינער־ציע פון אַ מענטש וואָס איז אַנטלאָפן פון דער עקזעקוציע. אָבער דער מלאך המוות, דער הימלישער עקזעקוציאָנער, טשאַטעוועט אויף איר יעדן טאָג פון איר לעבן.

די מאַמע וויל תּמיד איבערשלאָגן די אויפגערעגטע אָפּאָנענטן. זי האָט שרעקלעך פיינט קריגעריי אין דער משפּחה. רעדט זי אַריין אינמיטן דער ביטערער מחלוקת וועגן אַנדערע צייטן, מענטשן און געשעענישן. אָט אַ שטייגער פּרוּווט זי רעדן וועגן דער אידענע מיטן געשפּאָלטענעם אָדער. יאָ איך געדענק עפּעס פון מיין פריער קינדהייט איינע אַ פרוי וואָס פלעגט פלוצלינג אָנהויבן מוראַדיק צו שרייען און צו יאָמערן פון פיזישן ווייטיק. מען האָט געשמועסט אַז די דאָזיקע פרוי האָט „גע־שפּאָלטענע אָדערן". וואָס דאָס מיינט אַזוינס, האָב איך דעמאָלט געוויס נישט געוווסט. צייט וואָס עסט אויף אַלע מענטשן און שלינגט איין אין איר בויך די סקעלעטן פון קייסער און פון בעטלער, האָט שוין לאַנג צוריק איינגעשטילט איר וויסטן יאָמער און אויפגעגריזשעט מיט אַ פינצטערן מויל אירע ביינער. אָבער די מאַמע האָט איר איצט פּשוט אויפגעוועקט פונעם קבר און האָט זי דאָ צוריק אַריינגעבראַכט אין שטוב אַריין מיט אירע ווילדע געשרייען, פון אַנגסט און ווייטיק און מיט אירע „צעשפּאָלטענע אָדערן"... איך האָב אפשר אַ גאַנץ לעבן נישט גע־טראַכט פון דער דאָזיקער רויער אידענע וואָס האָט געשריגן צו גאָט מיט איר אייגענעם געשריי און דאָ, גאָר פלוצלינג, טויכט זי אויף אַזאַ מין מוראַדיק לעבעדיקע, אַ מאַכטיקע און פּרימיטיווע שטיק סקולפּטור פון ווייטיק, אַזוי ווי אַרויסגעבראָכן פון אַ פעלז מיט גאָר דער רויקייט און

ברוטאַלקייט פון נאַטור און פון ערד און שטיין... צו וואָס איז די דאָזיקע איינזאַמע פּרוי געקומען אין דער וועלט אַריין? ווער, וועלכער משוגענער און שיכורער מלאך האָט זי אַריינגעשלײַדערט אין דער קאָמעדיע פון לעבן? ווער האָט מיט זיינע אייזערנע נעגל אָפּגעקראַצט איר שיינקייט און געלאָזן שטיין אין מיין זכרון אַ שטומע מאַסע פלייש און בלוט און ביינער פול מיט משוגענע ווייטיקן? ווער האָט אויסגעטוישט איר איינזאַמען גורל? ווער האָט פאַרמישט די קאָרטן פון איר לעבנס־שפּיל? ווו איז די קרוין פאַר איר קאָפּ און ווו די קאַטש זי צו פירן ווי אַ קייסערינע דורך דער וועלט?...

די מאַמע שטעלט זיך איצט פלוצלינג אַוועק אַזוי ווי אַ טונקעלער שאָטן אונטערן טאַטנס ברייטע פּלייצעס און זי שפּילט אויס ממש גראָטעס־קיש דעם טאַטנס מאָדנע גענג און משוגענע מעשים. זי טוט עס זעלטן, די מאַמע, אָדער גאָר קיינמאָל נישט. עס איז צו מיר אָן אמת׳ע אי־בעראַשונג. ווייל איך ווייס אַז די מאַמע קען נישט שפּילן, קען נישט פאַזירן, אַז זי קען נישט אויסבאַהאַלטן מיט גאָרנישט אין איר אָרעמען און איינזאַמען לעבן. אָבער דאָס אייביקע שטומע קריינקעניש און שווייגעניש, דאָס בייסן אירע פינגער פון יסורים און זאָרג, טאָמער איז עפּעס פלוצלינג געשען, האָט איר פאַרוואַנדלט אין אַזוינס וואָס איז דער סאַמע היפּוך פון איר כאַראַקטער: שוישפּיל. מימיק איז איר תמיד געווען פרעמד. זי האָט זיך נישט געקענט פאַרשטעלן און פאַרמאַסקירן. דער איינציקער מאַסקנבאַל אין איר לעבן איז געווען פורים. פאָלקסאַקטיאָרן האָבן אין שטעטלדיקער אָרעמקייט פאַר איר און פאַר אירע זיידעס און באָבעס אויסגעשפּילט דאָס שטראַלנדיקע מכירת יוסף שפּיל מיט די סאַמע פּרימיטיווסטע קאָסטומען און מאַסקעס. און דאָ איצט שטייט די מאַמע ווי אַ שטומע און אַ שטיינערנע גאַרגאָילע און זי שטעקט אַרויס אַ קליינע צונג איבערן טאַטנ׳ס טרויעריקן שאַרבן... עס איז גאָרנישט מיין מאַמע. איר כאַראַקטער און פּערזענלעכ־קייט איז פיל טיפער און קאָמפּליצירטער ווי איך האָב געקענט און געוווּסט. צום ערשטן מאָל זע איך און איך ווער געוווּיר אַז די מאַמע האָט, אַזוי ווי אַלע פרויען, אַ צאַרטע, אַ שפּיציקע און אַ רויטע צונג ווי פייער...

און איינמאָל הייבט די מאַמע אָן צו דערציילן ווי אַזוי דער גרויסער גביר, באַראָן ראָטשילד, וואָס האָט אויסגעבאָרגט געלט צו געפאַלענע קעניגן און צו זיגרייכע מאָנאַרכן, איז איינמאָל אַריינגעגאַנגען אין זיין אייזערנעם שאַצקאַמער כדי צו ציילן זיינע בערג מיט גאָלדענע רענדלעך און פינקלענדיקע דוקאַטן, וואָס זיינען דאָרטן געלעגן קאַלט און נאַקעט און געוואַרט אויף דער וואָרעמקייט פון אַ פּשוטער, מענטשלעכער האַנט, וואָס האָט ליב גאָלד און קען גלעטן גאָלד ווי דאָס לעבן... אָבער פלוצלינג איז עפּעס געשען: די מאַסיווע, אייזערנע טיר האָט זיך פאַר־האַקט. ראָטשילד איז דערוויל געוואָרן מוראדיק הונגעריק און ער האָט

אין זיין חיה׳שן הונגער זיך אַזש אָפּגעגריזשעט דאָס פלייש פון זיינע הענט און דער גרויסער און מעכטיקער ראָטשילד איז אויסגעגאַנגען אַ טויטלעך־הונגעריקער אין אַ פּאַרגליווערטן ים פון גאָלד — אויסגעגאַנגען, אַן עלנטער מענטש, אין דעם וואַלד פון גאָלדענע דוקאַטן... דאָס דאָזיקע מעשה׳לע איז ווייל געווען דער מאַמעס אַ ווונק אויפן טאַטנס וואַנזיניקע אוצרות — די בערג מיטן טויטן רוסישן געלט, וואָס ער זאַמלט שוין זינט שיינע יאָרן... אָבער דער שטילער הונגער גריזשעט אַראָפּ דאָס פלייש פון די ביינער ווי דער געזאַלצענער ים־ווינט גריזשעט מיט זיינע אומגעזעענע ציין די ווענט און וויטרינעס פון קעניגלעכע פּאַלאַצן...

---

דער טאַטע אין זיין דראַנג נאָך נקמה, לאַכט פון די אַכטצן שלעסער וואָס זיינען אָנגעקלאַפּט אויף דער טיר. יאָ, טעמעלע האָט אַ נאַרישע איינרעדעניש אַז ווי נאָר זי גייט אַרונטער מיט חיים שבת פון דער שטוב, טשאַטעווען אויף איר האָב־און־גוטס גנבים. מען קען חלילה יעדער רגע באַ׳גנב׳ענען דאָס הויז. טעמעלע האָט דאָך ליגן אין די שופלאָדנס פון די קאָמאָדעס און טישן אַלטמאָדישע, טייערע צירונג: בראָשקעס, קייטלעך, שנירלעך פּערל, גאָלדענע זייגערס און אויערינגלעך. פינגערלעך מיט גרויסע בריליאַנטן און איידלשטיינער. הערלעכע בראַסלעטן. נישט איינמאָל האָט טעמעלע שוין פאַרזעצט אין לאָמבאַרד אַ גאָלדן זייגערל... אָדער אַ פיין שנירעלע מיט איידעלע און לויכטנדיקע פּערל... אָבער זי האָט עס צוריק אויסגעלייזט פון לאָמבאַרד און זי טראָגט עס דורך אַלע שטורעמס און וואַנדערונגען פון לעבן... זי ווערט אַלט מיט דער וווּנדערלעכער צירונג, וואָס בלייבט אייביק יינג... אָבער ווען טראָגט דען טעמעלע די צירונג אויף זיך? כמעט קיינמאָל נישט, אויסער ווען זי גייט זיך פאָטאָגראַפירן... דעמאָלט טוט זיך טעמעלע אָן ווי אַ קייסערינע. איך האָב נאָך ביי זיך אין גרויסן אַלבאָם יענע אַלטמאָדישע פאָטאָגראַפיעס. דאָס זיינען אגב קלאַסישע בילדער. מיט פולער חשיבות צום מין מענטש. מיט ספּעציעלער אַקצענטירונג צו דער שיינקייט פון דער פרוי. מיט אַ זין פאַר אייביקייט. די דאָזיקע פאָטאָגראַפיעס לעבן איבער גאַנצע דורות. איך קוק אָפט אַריין אין די דאָזיקע איבערגעבליבענע פאַמיליען־בילדער. דער נאַאיווער, אַלטמאָדישער פאָטאָגראַפיסט האָט פאַקטיש פאַזירט פאַר דער געשיכטע. כאָטש ער האָט זיינע פּאַסאַזשירן געהייסן שמייכלען, שטייען זיי פול מיט ווירדיקייט און ערנסט. מיין שוועסטער טעמעלע איז גאַרנישט צום דערקענען. זי טראָגט טייערע קליידער, וואָס זי האָט זיך אַגב אַליין אויפגעניייט. די גאַנצע צירונג וואָס ליגט איצט פאַרשימלט און פאַרשטויבט אין די שיפלאָדנס, שטראַלט קעניגלעך אויף איר יינגען גוף... אַרום איר קלייד דערקען איך די

גרויסע, גאָלדענע קייט, וואָס איז דריי מאָל אַרומגעוויקלט אַרום איר גוף ווי אַ גלאַנציקער גאַרטל, אָדער ווי אַ שלאַנג... און דאָס גאָלדענע זייגערל מיט די ווונדערלעכע דיאַמאַנטן, ווי שטיקלעך זאַלץ, אַריינגעפּאַסט אין דער דינער קאָפּערטע, זעט אויס ווי דאָס קלוגע קעפּל פון דער שלאַנג...

אין אייביקן פּחד פאַר גנבים האָט טעמעלע באַוויגן חיים שבת'ן אָנ־צוקלאַפּן אויף דער טיר אפשר גאַנצע אַכטצן שלעסער. חיים שבת איז דאָך אַ מייסטערהאַפטער סלושאַרזש! די שלעסער זיינען אייזערנע, מעשענע און קופּערנע. די שלעסער זיינען אַנטיקן פאַר זיך אַליין. איינע איבער די אַנדערע זיינען זיי צוגעקלאַפּט צו דער טיר מיט טשוועקעס, דערמאָנענדיק אין די מעכטיקע און שווערע טירן צו מיטלאַלטערלעכע קאַשטשאַלן. און, ווען שפּעט ביינאַכט, נאָך דער היציקער קריגעריי, גייען טאַטע־מאַמע ענדלעך אַרויס פון טעמעלע'ס שטוב, קען מען קוים קאָנ־טראָלירן די שלעסער. טעמעלע, אין שרעק פאַרן טאַטן און מיט צי־טערנדיקע פינגער, האָט פאַרלוירן איר גלייכגעוויכט און אָנשטאָט צו עפענען די שלעסער, פאַרשליסט זי זיי גאָר. שלעסער האָבן זייער אייגענע לאָגיק און זיי פאַרהאַקן זיך... דער טאַטע ווערט אין כעס, ער וויל כאַפּן אַ האַמער און פשוט צעשלאָגן און צעברעכן די שלעסער... דער טאַטע, אַן אויפגערעגטער, מאַכט חוזק פון חיים שבת'ס מאָדנע און עקשנות'־דיקע שלעסער...

ווען איך בין אין איינער אַ שפּעטער נאַכט צוריקגעקומען פון אַקלאַ־האַמאַ, אַ טויט־מידער, האָב איך אָנגעקלאַפּט ביי טעמעלען אין שטוב. מיין שוועסטער און שוואָגער זיינען שוין געהאַט געשלאָפן... טעמעלע האָט אָנגעהויבן, אַ שטאַרק־נערוועזע, צו אַרבעטן איבער די שלעסער... איך בין לאַנג געשטאַנען ביי דער טיר און מיט גרויס אָנשטרענגונג גע־וואַרט ביז די שלעסער האָבן זיך ענדלעך אונטערגעגעבן איר ווילן...

אויף דעם טאַטנס קריטיק איבער זיינע אַכטצן שלעסער ענטפערט חיים שבת מיט אַ נייעם אויסבראָך פון שטעכיקער קריטיק און פאַרוווּנדנ־דיקן חוזק: דעם טאַטנס שפּיגלען... וואָס איז דען די מעשה מיטן טאַטנס שפּיגלען? איך בין אייגנטלעך דעמאָלט נאָך אויף דער וועלט נישט געווען. און דאָס איז אוודאי געווען די גלענצנדיקסטע צייט אין מיין לעבן. אָבער אין די שפּעטערדיקע יאָרן פלעגט מען אין אונדזער שטוב תמיד רעדן וועגן דעם טאַטנס שפּיגלען. דער טאַטע האָט זיך דאָך אין משך פון זיין ביטערן לעבן גענומען צו כלערליי מלאכות, כדי אַרויסצושלאָגן פון גרויען שפּינגעוועבס דאָס שטיקל ברויט. האָט ער אויך איינמאָל, ווי געזאָגט: נאָך אַ סך יאָרן פאַר מיין פאַרשאָלטענעם געבורט, געעפנט עפּעס אַ מאָדנע פאַבריק פון שפּיגלען. האָבן די דאָזיקע שפּיגלען גאָרנישט געטויגט. מיין טאַטע האָט טאַקע געהאַט גאָלדענע

הענט. אָבער ער האָט קיינמאָל נישט באַזעסן קיין שלימות, ווייל ער פלעגט זיך געוויינלעך כאַפּן צו אַ סך זאַכן און ער האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט זיך עפּעס גרינטלעך אויסצולערנען. ער האָט געהאַט געניאַלע פעיקייטן. אָבער ער האָט נישט באַזעסן כמעט גאָרנישט קיין נויטיקע, עלעמענטאַרע שולונג...

דעם טאַטנס שפּיגלען האָבן נישט געטויגט. זיי זיינען געווען פול מיט פלעקן. רויטע זשאַווער־פלעקן האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן אין זיי, נאָך איידער מען האָט זיי רעכט פאַרקויפט. זיי זיינען אַרויסגעקומען מיט אַ געלער פאַרב. עס איז איצט שווער צו זאָגן צי איז דאָס גלאָז ביים סאַמע אָנהויב נישט ריכטיק געוואָשן געוואָרן. צי דער טאַטע האָט אפשר נישט פאַרשטאַנען ווי אַזוי אַוועקצולעגן דעם שיכט קוועקזילבער אויפן קלאָר־געוואַשענעם גלאָז. צי האָט ער גאָר געמאַכט אַ טעות ביים אַרויפ־שמירן דעם פינאַלן עלעמענט — וואָס מען רופט „שעלאַק”, אַ מין זשיוויצע, וואָס מען פלעגט אויפלעזן אין ספּירט, ווי איך האָב געהערט. ערגעץ־ווו, אינם פּראָצעס פון שאַפן די שפּיגלען, האָט געמוזט געמאַכט ווערן אַ היפּשער טעות. און די אַלע מענטשן און סוחרים וואָס האָבן געקויפט די שפּיגלען ביים טאַטן אין דער פאַבריק, האָבן די שפּיגלען באַלד צוריקגעבראַכט... חיים שבת האָט איצט דעריבער חוזק געמאַכט פון דעם טאַטנס שפּיגלען...

עס איז מאָדנע וואָס הגם די שפּיגלען־פּראָדוקציע ביים טאַטן איז געווען אַ שלימזלדיקע, איז אַרומגעגאַנגען אין דער משפּחה אַ לעגענדע אַז מיין זיידע, ר׳ לייבוש יואלקעס פון דעמבלין, איז גאָר רייך געוואָרן אַדאַנק אַ ביזאַרע טראַנזאַקציע מיט שפּיגלען... אפשר טאַקע האָט די דאָזיקע לעגענדע אינספּירירט מיין טאַטן צו פּראָדוצירן שפּיגלען און אַזוי אַרום רייך צו ווערן...

שטיקער שפּיגל פון יענער צייט, פון דעם טאַטנס טאַנדייטנע שפּיגלען האָבן זיך נאָך לאַנגע יאָרן אַרומגעוואַלגערט אין דער היים, אין די צייטן פון מיין קינדהייט און יוגענט. איך האָב זיך אָפט געשפּיגלט אין דעם טאַטנס ברוינע, לישייעדיקע און פאַרפלעקטע שפּיגלען, וואָס האָבן אויס־געזען אַזוי ווי שטויביקע שטיקער בלעך. איך האָב געזען אַז איך קום אַרויס עפּעס גאָר אַן אַנדערער אין מיין טאַטנס מאָדנע שפּיגלען. און דאָס איז מיר שוין אַפילו קליינערהייט געפעלן. אַן אַנדערער מענטש, אַ מין פרעמדער גייסט איז געשטאַנען אין די שפּיגלען, אָנשטאָט מיך...

אַ שפּיגל אין פּוילן, אין יענע גרויע צייטן, ווען דער אַלמעכטיקער צאַר האָט געהערשט אין דער מדינה פון קרוינפּוילן, איז געווען ממש אַ לוקסוס, אַ גרויסער אוצר. אָפטמאָל פלעגט צו אונדז אַריינקומען אַ שכנס יינגע טאָכטער, כדי צו באָרגן אויף אַ ווײַלע דעם שפּיגל. זי וויל זען ווי אַזוי דער ניי־געקויפטער הוט קוקט אויס אויף איר יינגען קעפּל,

וואָס שטראַלט ווי אַ מיניאַטורנע זון. זי וויל זיך אָנמעסטן דאָס נײַ־אויפגעגנייטע קלייד ביים שפּיגל. אפשר גאָר וויל זי זיך אויסטאָן אינגאַנצן נאַקעט אַזוי ווי גאָט האָט זי געטלעך באַשאַפן און זען ווי אַזוי זי זעט אויס. זי וויל אָנקוקן אין טאַטנס פּאַרטאַטשנע שפּיגל איר גאָלדן לייב...

די מאַמע פלעגט זאָגן אַז די שדים האָבן פיינט דעם פאַרשאָלטענעם טאַטן און אַז דעריבער פאַרשמירן זיי ביינאַכט די שפּיגלען מיט סאַזעס און זיי פאַרמעקן דאָס ריינע קוועקזילבער...

די שפּיגלען זיינען אין מיין קינדהייט געווען ממש פאַנטאַסטישע שטיקער פאַרבאָרגענע וועלט. אַזוי ווי פאַרגליווערטע טייכן. אַזוי ווי גרויסע פּערל וואָס טראָגן אין זייערע געהיימנישפולע טיפענישן די נשמות פון די מענטשן. בלויז אונדזער מאַמע האָט זיך קיינמאָל נישט געשפּיגלט אין די גויאישע און זינדיקע שפּיגלען. זי האָט עס געהאַלטן פאַר אַ זינד. די מאַמע האָט זיך געשפּיגלט אין הימל. אין רבונו של עולם. אין מצוות. אין מעשים טובים. וואָס מיאוסער די מאַמע האָט זיך געמאַכט פון יסורים און פון זאָרגן, אַלץ שענער האָט זי אויפגעשטראַלט אין די אויגן פון גאָט. די מאַמע איז אייגענטלעך געווען, זי זאָל מיר מוחל זיין, אַזוי ווי די פירשטין וואָס קוקט אַרויס אַ שרעקלעך פאַרקאָפּטשעטע און פאַרסאַזע־וועטע פון אַ פאַרצייטיש־געמאָלעוועטן בילד. אָבער דער באַגילדעטער אָרעאָל אַרום איר עפּנט אויף די הערלעכע שיינקייט פון איר פּנים. דער פינצטערער און זיידענער קאַפּעטש און די סאַזעס פון קוימען האָבן קיינמאָל נישט געקענט פאַרטונקלען דאָס שטראַלנדיקע גאָלד פון מיין מאַמעס פּנים.

אָבער מיינע יינגע שוועסטערן האָבן זיך דווקא זייער אָפט געשפּיגלט אין דעם טאַטנס אומגעלונגענע און ממש אַנטיטשנע שפּיגלען. עס פלעגט אָפטמאָל טרעפן אַז איך האָב זיי געכאַפּט שטיין ביי די שפּיגלען האַלבע אָדער אינגאַנצן נאַקעטע, ווען זייערע בריסטן האָבן ביי זיי שוין אָנגע־הויבן וווּנדערלעך צו שפּראָצן פון זייער שניי־ווייסן לייב אַרויס, אַזוי ווי בלומען. זיי פלעגן זיך בגנבה אָנקוקן אין דער געטרייער טיפעניש פון די שפּיגלען מיט אַ שרעק פּונקט ווי זיי וואָלטן באַגיין אַ גרויסע זינד, קוקנדיק אויף זייער לייב... ווי אָרעם מיינע יינגע שוועסטערן זיינען געווען, האָבן זיי זיך געפרייט ווען זיי האָבן געזען און באַוווּנדערט דאָס פיזישע עשירות פון זייערע רייצנדיקע לייבער... איך האָב נישט געקענט פאַרשטיין געוויסע דערשיינונגען אין זייערע מיידעלשע גופים, ווי די טונקעלע בערגלעך האָר אונטער זייערע אָרעמס... די מערקוויר־דיק־ווייכע רונדיקייט פון זייערע ווייבלעכע גלידער... דאָס געטלעכע אַרויסשפּראָצונג פון זייערע יינגע בריסטן... די אינסטינקטיווע קאָקע־טישע באַוועגונגען זייערע אַפילו פאַר זיך אַליין אין די שפּיגלען... אַלץ איז פאַר מיר געווען פול מיט רעטעניש און סוד, אַזוי ביזן היינטיקן טאָג, ווען איך זע ווי עס בליט די פרוי...

יאָ, אין די דאָזיקע שלעכטע און אָרעמע שפּיגלען איז פונדעסטוועגן געווען צוזאָג אויף אַ גוטער און לייטישער צוקונפט, אויף „דאָברע מזל", אויף אַן אויסגעבענקטן חתן, אויף אַ „זיידענעם ייִנגערמאַנטשיק" וואָס קען אויף שיין טאַנצן און זיך דערקלערן אין ליבע אויף דייטש. אייִנער וואָס רעדט בכלל שיין ווי פון אַ ראָמאַן אויס און איז איידל צו פרויען... און אַן אָנזאָג אויף קינדער איז דאָרט אויך געווען... און גליק און הצלחה ביז אין די ווייטסטע דורות...

אין דעם טאַטנס איינזאַמע און פאַרטאַטשנע שפּיגלען, וואָס דאָס אָרעמע פאָלק פלעגט צוריקברענגען, ווייל דאָס קוועקזילבער פלעגט אָפּ־גיין, איז ווי אין דעם פאַנטאַסטישן אָפּגרונט פון אַ טייך שטיין געבליבן מיין קינדהייט און דאָס לעבן פון דער אָרעמער היים איז דאָרטן אויף אייביק פאַרגליווערט געוואָרן. ווי שטאַרק די מאַמע אַליין האָט זיך וויל אָפּגעהיטן אין די דאָזיקע גוי'אישע שפּיגלען זיך חלילה קיינמאָל נישט צו שפּיגלען, נישט איר פּנים און אַוודאי נישט איר לייב, האָט זי אָבער מיט זיי שוין מער נישט געהאַט קיין חשק זיך צו שיידן. זי האָט דעם טאַטן קיינמאָל נישט געלאָזט אַרויסטראָגן פון דער היים אָדער זיי פאַר וואָלוול צו פאַרקויפן. אַלץ וואָס עס פלעגט זיך געפינען ביי אונדז אין שטוב, איז עפּעס דער מאַמען געוואָרן טייער ווי דאָס לעבן פון אירע קינ־דער און זי האָט נישט געקענט אויסהאַלטן די ביטערע יסורים פון שיידן זיך דערמיט. זי האָט זיך וואַרם און אינטים צוגעוווינט צו זאַכן. צו שטיקער אַלטע מעבל, צו אַ לעבעדיקן הינטל, צו פייגל אין די שטייגן. דער טאַטע דאַקעגן האָט אַלע זאַכן געוואָלט פאַרקויפן, פּטור ווערן, זיך באַ־פרייען פון זיי און כסדר אויפדאָסניי קויפן און אַריינברענגען אין שטוב אַריין נייע קלאָגעס און שמאָכטעס. די מאַמע איז געווען אַ מענטש פון סטאַטיק, פון היימישער איינגעוווינטקייט מיט שכנים, מיט קרובים, מיט מענטשן און מיט זאַכן אין הויז. דער טאַטע אָבער איז געווען די דינאַמיק, די אומרואיקייט זעלבסט. ער האָט געהאַט אַ פלאַמיקן און עפּעס אַ טרויעריקן באַגער אַלע זאַכן און מענטשן, אַפילו זיין אייגן ווייב און די קינדער, צו טוישן און צו ענדערן. ער האָט זיך עפּעס קיינמאָל נישט אינטים צוגעוווינט צום לעבן און צום אוניווערס. ער האָט געהאַט אַ פאַוסטישן באַגער אַדורכצוגיין דורך אַ טויזנט גלגולים און געשטאַלטונגען. ער האָט זיך באַמיט אַלץ אין דער וועלט אויסצופּרוּוון, אָנצוטאַפּן, זיך ראַנגלענדיק בלוטיק מיט אַלע זיינע פאַרוואַנדלונגען און גלגולים און זיך צו שלאָגן מיט אַלע פורעמס און פאָרמען, ווי אַ וואַנזיניקער שלאָגט זיך מיט זיינע פאַנטאָמען און געשפּענסטער. ער האָט געהאַט אַ פאַרלאַנג אַלע פאַזן פון לעבן איבערצולעבן, אַזוי ווי פאַוסט, און אויסצוטרינקען אַלע כוסות מיט ווייַן אין אַלע קרעטשמעס און וויינקעלערן, אַ ווילד־געטריי־בענער פון די מוראדיקע נאַטור־עלעמענטן און ווי פון טייוול מיט פיי־

ערדיקע בייטשן געשלאָגן. ער האָט געוואָלט טרינקען ווייַן און קושן שיינע פרויען. אָבער זיין גורל איז געווען צו שלינגען טרערן און צו וויינען מיט זיין ווייב זיין גאַנץ לעבן אין ביטערער אומצעפרידנקייט. אַז חיים שבת פלעגט חוזק מאַכן פון דעם טאַטנס פאַרזשאַווערטע שפּיגלען, האָט דער טאַטע געעפנט אַ נייע שלאַכט: ווי אַזוי ער האָט חיים שבת׳ן געוואָרנט נאָך היפּשע יאָרן פאַרן גרויסן קראַך פון די סטאָקס אין אַמעריקע (אין יאָר 1929), אַז ער זאָל אַרויסנעמען זיין אָפּגעשפּאָרטע געלט פון אַ גאַנץ לעבן פון שווערער האָרעוואַניע, וואָס ער האָט געהאַט אין צוויי ניו־יאָרקער בענק... אָבער חיים שבת האָט דעם טאַטן נישט געוואָלט פאָלגן. און ער האָט טאַקע דאָס גאַנצע געלט פאַרלוירן אין גרויסן קראַך, וואָס האָט אַגב פאַראומגליקט טויזנטער מענטשן און איז געווען אַ נאַציאָנאַלע, אויב נישט אַ וועלט־טראַגעדיע.

מיין טאַטע האָט זיך אַגב געהאַלטן פאַר אַ נביא, מיט אויסערגעוויינ־לעכע גייסטיקע פאַקולטעטן. ער האָט, צום ביישפּיל, נאָך אַ סך יאָרן פריער פאַראויסגעזאָגט די ערשטע וועלט־מלחמה... ער האָט אויך געגנוי דערשפּירט געוויסע היסטאָריש־פּאָליטישע פּראָצעסן, וואָס זיינען אין די שפּעטערדיקע יאָרן מקוים געוואָרן פּונקט אַזוי ווי ער האָט זיי פאָרויס־געזען. און אויך דעם שוין דערמאָנטן גרויסן געלט־קראַך אין טראַגישן יאָר 1929 האָט ער פאָרויסגעזאָגט. מאָדנע! דער טאַטע האָט בכלל נישט גע־האַלטן פון געטרויען געלט צו אַ באַנק. ער פלעגט חוזק מאַכן פון די מיידלעך וואָס נעמען צו דאָס געלט פונם אָרעמען פאָלק און אַ דאַנק אַפילו צו די דעפּאָזיטירערס... אָבער דאָס איז געווען דער אייביקער אומצוטרוי פון פּראָסטן פאָלק אַלס רעזולטאַט פון כלערליי שווינדלערס און פּראָצענטניקעס... די אייביקע שפּעקולאַציע מיטן געלט פון דעם אָרעמען פאָלק האָט אָפּגעשראָקן דעם פאָלק... וואָס האָט דער דער געוויינלעכער מענטש פון גאָס געוווסט פון די אַלע געלט־מאַכינאַציעס? נאָך אַפילו אין אונדזערע צייטן ווייסט דער פּשוטער מענטש נישט וואָס עס געשעט מיט זיין געלט אין באַנק... דער שרייבער פון די שורות איז אויך מאָדנע נאַיוו וואָס שייך געלט און די ראָלע פון געלט אין דער וועלט.

ערשט אין אונדזערע צייטן האָט דער פּשוטער פאָלקסמענטש געקרוגן צוטרוי צו די בענק. פּרעזידענט רוזוועלט׳ס רעגירונג האָט גאַראַנטירט די אוצרות וואָס דאָס פאָלק טראָגט אַריין אין דער באַנק...

צוויי מענער זיינען געזעסן ביי אַ גרויסן דעמבענעם טיש, איבער־געצויגן מיט אַ העלער צעראַטע און האָבן זיך איינער דעם אַנדערן גרויזאַם צעשטאָכן און צעבלוטיקט. איינער אַ געהענקטער און געשטופּלטער מאַן וואָס האָט מכלומרשט אין זיינע כאַלוצינאַציעס געזען גאָט. און דער צווייטער, דער אַלטער מאַן וואָס האָט געגלויבט אַז ער איז פיל קליגער ווי שלמה המלך.ביידע אידן האָבן זיך באַרבאַריש פאַרוואונדעט אין זייערע

הערצער מיט שפּיזיקע און שפּיציקע רייד. חיים שבת איז געווען דער אָנגעצונדענער מוח וואָס האָט פענאָמענאַל געדענקט און געטראָגן אין זיין זכרון דעם טאַטנ׳ס לעבן אין אַלע זיינע מאָדנע גענג און קרומע מעשים. ער האָט ממש געוויגן אויף אַן אייזערנער וואָגשאָל און ער האָט געמאָסטן זיינע מערסטע לעבנסאַוואַנטיורעס און ער האָט אים תמיד געפונען מוראדיק שולדיק. חיים שבת האָט געהאַט אַן אומהיימלען זכרון און ער האָט געטראָגן אונטער זיין שטאָלענעם שאַרבן אַ גאַנצע בונטע און געדיכטע וועלט מיט טונקעלער, שעקספּירישער כראָניק, גאָר דעם טאַטנס פאַנטאַסטישע מעשים, ביזאַרע סענסאַציעס און קרומע גענג. חיים שבת איז געווען אַ מין אורמענטש אַזוי ווי אַ געדיכטער און געשלאָסענער וואַלד וואָס געדענקט אומענדלעכע צייט־שטערקעס און ממש גאַנצע פּעלקער מיט אַ געוואַלטיקן כוח הזכרון. אין זיין אַנוועזנקייט האָט אויך מיין אייגענער זכרון שרייבעריש אויפגעבליצט מיט שאָטנס און קאַריקאַטורן פון ברואים, מיט שטיקער כראָניק און געשעעענישן. חיים שבת רופט אָן בלויז אַ נאָמען פון איינעם אַ פון צייט שוין לאַנג צעגריזשעטן און אָפּגעמעקטן מענטש, און עס איז גענוג אין מיר צו עפענען אַ ברייט בלאַט מיט געדענקענישן און אַסאָציאַציעס. אַט זאָגט ער עפּעס אַרויס דעם נאָמען קינאַרד, פאַרוואַרפנדיק מיין טאַטן זיינע פאַרדעכטיקטע פריינט. און שוין ציטערט אויף אַ מענטש פאַר מיינע אויגן אין זיין גראָטעסקער סביבה און קערנדיק געשטאַלט.

---

איך געדענק: איינמאָל האָט מיין טאַטע צו אונדז אין שטוב אַריין געבראַכט איינעם אַ מאַן, וואָס האָט אויף מיר געמאַכט אַ מאָדנעם און אַן אומפאַרגעסלעכן איינדרוק. שפּעטער־צו בין איך געוווּיר געוואָרן אַז דער מענטש איז דער שטעטלדיקער מצבה־קריצער פונם גוי׳אישן צמענטאַרזש. ער האָט געהייסן קינאַרד. איך דענק אַז ער איז געווען פון דייטשער אָפּשטאַמונג. דער פאַלקסדייטש קינאַרד האָט געווינט אין דער אַלטער אָרעמער געגנט, וואָס מען האָט גערופן די „מאָקראַטקעס”. מיר האָבן אים שפּעטערצו באַזוכט אין זיין איינזאַמען שטיבעלע, אין וועלכן עס האָט שרעקלעך געשטונקען. אָבער מען האָט אויך געקענט זאָגן אַז דאָ האָט ג ע ש מ ע ק ט מיט לעבן, ווי אין גאָט׳ס אַ ווערקשטאַדט, ווו עס ווערט אויסגעאַרבעט לעבנסרוישטאָף. וואָרים אין דער דאָזיקער אָרעמער און ממש הינטישער מענטשנוווינונג זיינען געווען פאַרזאַמלט, ווי אין נח׳ס תיבה, אַ סך חיות און עופות, ווי אויך כלערליי געפליגל, אינסעקטן און ווערם פון דער גאָרער ערד. אין קינאַרד׳ס היים האָבן זיך געכאָוועט און געווימלט אַ סך קראָליקעס, האָזן, ראַצן, מייז, ים־חזירימ׳לעך, שלאַנגען, עקדישן, ווידרעס, זשאַבעס און אַפילו אַ טכוירזש. זיין באַשיידענע היים איז געווען דאָס חיה׳שע און פויגל׳שע גן־עדן. קינאַרד האָט ליב געהאַט צו

געבן צו עסן זיין מאָדנעם, אוניווערסאַלן פּאַלק פון ערדישע ברואים און שרצים מיט דער וואַרעמקייט פון אַ טאַטן אָדער אַ מאַמען. אָפּטמאָל פלעגט ער אַליין פאַרזוכן די שפּייזן אויפן גומען, איידער ער האָט זיך דער־לויבט עס צו געבן צו גאָט׳ס היימישע באַשעפענישן. אַזוי ווי ער האָט נישט געהאַט קיין ווייב און קיין קינדער, האָט ער מסתמא אויסגעלאָדן זיין גרויסע ליבשאַפט און גאָר זיינע פּאַטערלעכע געפילן צו גאָט׳ס איינזאַ־מע און שטראַלנדיקע באַשעפענישן. טאָג און נאַכט פלעגט קינאַרד זיין פאַרנומען מיטן שענקען אויפמערקזאַמקייט און פאַרגעניגן צו זיינע הינט, קעץ און צום גאַנצן פאַנטאַסטיש־געפליגעלטן פאָלק וואָס גאָט האָט אַליין געקנאַטן און געשאַפן מיט זיינע אייגענע הייסע מייסטערהענט. האָט אין זיי אַריינגעאָטעמט לעבעדיקן אָטעם פון זיינע לונגען, האָט אין זיי אַריינגע־שלאָסן ביינער און קנאָכנס, האָט זיי אָפּגעפאַרבט אין די הימלישע ווערקשטאַטן זיינע מיט דער נאַטורס הערלעכסטע פאַרבן און שענקענדיק זיי פאָרמען און פאַלירטע געשטאַלטן וואָס בלויז אַ געטלעכער מייסטער ווי גאָט האָט געקענט אויסטראַכטן, פלאַנירן און האָבן כוח זיינע פאַנ־טאַזיעס אָנצוטאָן אין פלייש. דערצו האָט דער רבונו של עולם יעדער איינציקן פּשוט׳ן באַשעפעניש געשליפן מיט אייזערנע פיילן די ציין, גע־שניצט די שאַרפע נעגל און געגעבן לייטישע וואָפנס כדי צו קענען זיך אַנטקעגנשטעלן רשעות און שלעכטס. אין קינאַרד׳ס היים איז מקוים געוואָרן דעם מאַכטיקן און מאַיעסטעטישן נביא ישעיהו׳ס נבואה וועגן דעם קליינעם און באַשיידענעם פּאַסטעך־אינגעל וואָס וועט פּיטערן אויף דער פלוש־גרינע לאָנקע אַ שעפּסעלע צוזאַמען מיט אַ וואָלף, ווי עס זאָגט דאָס דער געטלעכער זעער ישעיהו אין זיין אייגענער גראַנדיעזער שפּראַך.

מען קען דאָ וווּיל זאָגן אַז קינאַרד איז געווען אַ פּאַטער צו אַלע לעבנס. פאַר אים האָבן אייגנטלעך נישט עקזיסטירט קיין מיאוסע און קיין עקלהאַפטע באַשעפענישן. אַ פינצטערער ראַץ מיט גלאַנציקע אייגעלעך האָט ביי אים געהאַט די זעלבע נאָבעלע חשיבות ווי אַ ראָ־מאַנטיש־זינגענדיקע נאַכטיגאַל... (טראַצדעם וואָס די משלים־שרייבער האָבן מיט זייערע משלים אַ סך געטאָן צו פאַרמיאוס׳ן געוויסע באַשעפע־נישן און כדי צו אַקצענטירן די שיינקייט, די חכמה און טאַלאַנט פון די שיינע גליקלעכע באַשעפענישן...) ווייזט אויס אַז דאָס איז גאָט׳ס באַ־ציאונג צו זיינע קרעאַטורן: גלייכע פּאַטערשע ליבשאַפט צום פוקס און צום פויגל, צום עקדיש און צום שלאַנג, צום וואָלף און צום שעפּעלע... דער רבונו של עולם האָט גאָר זיין געטלעכע ליבשאַפט גלייך איינגעטיילט צו אַלע לעבעדיקע ברואים אויף דער ערד. בפרט צו אַלע פעלקער און צו מענטשן פון אַלע ראַסן אין זייערע קאָלירן און געשטאַלטונגען.

קינאַרד, ווען איך האָב אים צום ערשטן מאָל געזען, האָט אויף מיר

געמאַכט אַ געוואַלטיקן איינדרוק מיט זיינע לאַנגע און קופּערנע האָר, וועלכע ער פלעגט קיינמאָל נישט אָפּשערן. און אויך מיט דעם בליציקן פלאַם אין זיינע גרויסע און מענטשלעכע אויגן. שוין אין זיין דערשיינונג איז געווען עפּעס פון אַן אויסערגעוויינלעכן מאַן. ער האָט געטראָגן אַ פּאַטריאַרכאַליש־לאַנגע און פינצטערע באָרד, אַזוי ווי איינער פון דעם מייסטער דירערס וואַנגעליסטישע געשטאַלטן. ער איז געווען געקליידט אין אַ סאַמעטענעם, היפּש־פאַרפּעצטן אַנצוג. ער האָט געטראָגן אויף זיין גרויסן צעשויבערטן קאָפּ אַ פילצענעם און צעקנייטשטן הוט.

אין זיין פרייער צייט, ווען ער איז נישט געווען פאַרנומען מיטן קאָר־מענען זיין גרויס און צאָלרייך פאָלק פון חיות, פייגל, שלאַנגען און שרצים, האָט ער געאַרבעט אין דרויסן, אין אַ פאַרוואָרלאָזטן גאָרטן, אויף זיינע מצבות און דענקמעלער. עס זיינען געלעגן אויף דער ערד, צווישן ווילדע גראָזן, בלומען און דערנער, אָנגעלעגט קופּעס מיט ריזיקע קיזל־שטיינער, וואָס זיינען אַזוי ווי פאַרטיקע נאַטור־מאָנומענטן אַרויסגעוואַקסן פון די ערדיקע טיפענישן. עס זיינען געווען אָנגעטורעמט מעכטיקע שטיינערנע בלאָקן אויף בלאָקן, אַזוי ווי סנאַי׳ס און אַררט׳ס, נאָך פון משׁשת ימי בראשית. די דאָזיקע שטיינערנע בערג און זיילן, וואָס זיינען נאָך ערב קינאַרד׳ס צורירן זיך צו זיי מיט זיין דלאָטע און קריצער, געווען פאַרשריבן מיט ריזיקע אותיות און העראָגליפן און פאַרמעקטע פון די הענט פון דער רויער און באַרבאַרישער נאַטור, זיינען אַזוי ווי אַרויסגע־שוואָלן געוואָרן פון די סאַמע טיפסטע טיפענישן, פון די אייזערנע און קופּערנע געדערים פון דער ערד און זיי זיינען צוריק מיט אַ געוואַלטיקן הונגער און אַ ברענענדיקן דאָרשט אַריינגעוואַקסן אין דער ערד, צו איר וואולקאַנישן אינגעווייד. די גראַניטענע און מאַרמאָרענע בלאָקן האָבן זיך דאָ ווידער פאַרייניקט מיט דער אייביקער מאַמע־ערד. זיי האָבן גע־שלאָסן ברודערשאַפט מיט די געוואַלטיקע בוימערשע שטאַמען. זיי האָבן זיך פאַרשוועסטערט מיט דער עלעמענטאַר־רויער און געהיימנישפול־פינצ־טערער נאַטור. אַ סך פון די שטוביקע און שטיביקע חיות, עופות׳וואַרג, פישוואַרג, שלאַנגען און טונקעלן שרצימפאָלק, וואָס איז עלטער פון אדם׳ען און לעבט שוין אויף דער ערד זינט שווערע מיליאָנען יאָרן, פלעגן דאָ פראַנק־און־פריי אַרומקריכן ווי אין אַ פאַנטאַסטישן אורדזשאָנגל, ממש קריכן אויפן לייב און אויף די הענט פונם איינזאַמען מאָנומענטן־קריצער, וואָס האָט אַליין עפּעס אויך אויסגעזען ווי אַ חיה פון פאַרצייטנס, מיטן גראָטעסקן פנים פון אַ פאַרמבולדיקן פויגל, וואָס האָט נאָך געדענקט דעם סאַמע אָנפאַנג פונם פלאַנעט, פון גאָט׳ס מעשה בראשית׳דיקער קוזשניע. יאָ, ער אַליין, קינאַרד, האָט אויסגעזען צו זיין זייער אַלט. אַלט ווי אדם, ווי נח הצדיק און ווי מתושלח, ממש שווער און מוראדיק באַלאָדן מיט דער מעכטיקער עלטער פון דער ערד.

ווען עס פלעגט טרעפן אַמאָל אַז אַ קאַפּריזנע חיה מיט עפּעס אַן אויסגעסטראַיעטן פויגל פלעגן זיך צעקריגן און זיך צעשלאָגן, פלעגט תיכף אַנלויפן פון זיין ווערקשטאַדט דער האַר און מייסטער קינאַרד, אַזוי ווי עפּעס אַ נביא, אָדער גיכער ווי אַ לייבלעכער טאַטע, און ער פלעגט אויף אַ פריינטלעכן אופן מוסר'ן און מענטשלעך אויסרעדן זיינע אונטער־טאַנער און זיי פּאָטערלעך צעשיידן פונם נאַרישן געשלעג. דערביי פלעגט ער תמיד, אויף זיין האַרציקן און גוטמוטיקן אופן, מיט געווירצטן און גע־שמאַקן הומאָר, אויסלאַכן און מכלומרשט שטראָפן זיין פאָלק...

ווי מבינים האָבן געדעדט אין שטעטל, און ווי מיין טאַטע, וואָס האָט פון תמיד אָן באַוואונדערט קינסטלעכע און קינסטלערישע האַנטאַרבעט, האָט עדות געזאָגט, איז קינאַרד געווען אַ מייסטער אין זיין ביזאַרן פאַך פון מצבה־קריצעריי. ממש אַ געניוש. די פּראָפעסיע האָט ער געירשנט פון זיינע דייטשע זיידעס און אַפילו אורזיידעס, ביזן טיפן מיטלאַלטער. דער קליינשטעטלדיקער קריסטלעכער צעמענטאַרזש איז פול געווען מיט זיינע מעכטיקע דענקמעלער, מיט די וווּנדערלעך־אין־שטיין געהאַמערטע מלאכים־פיגורן, אין וועלכע ער האָט ווייט אַריבערגעטראָטן די גרענעצן פון זיין פאַך, פון די אָפּיציעלע, באַשטעלטע אויפשריפטן און סקאַרבאָווע גראַווירונגען. ער האָט די שטומע שטיינער דעקאָרירט מיט אייגענע, מיט אָריגינעלע דעזיינען, מיט פאַנטאַסטישע פיגורן פון מענטשן, פון מלאָכים, פון חיות און פייגל, קאָפּירנדיק רעאַליסטיש פון די לעבעדיקע מאָדעלן פון זיין מענאַזשעריע... איך געדענק די פיגורן פון מלאכים, מאַדאָנעס, מאַרטי־רערס און אַפּאָסטאָלן, וואָס האָבן מיט זייערע איינדרוקספולע און טרויערנדיקע פאָרמען און פאַרבן באַצירט די קברים פון די קליינשטעטלדיקע קריסטלעכע איינוווינער. קינאַרד פלעגט אויך אויסקריצן אויף די מצבות פערזן און פראַזן וואָס ער האָט אַליין פאַרפאַסט און אויסגעטראַכט און וואָס לייטישע מבינים האָבן געלויבט. אַ סך פעלזיקע שטיינער, ווי די לוחות, זיינען געלעגן אָנגעהויבענע. קינאַרד האָט ליב געהאַט שטענדיק אָנצופאַנגען פאַרשידענע ווערק און קונסטווערק און קיינמאָל נישט צו פאַרענדיקן. דערביי זיינען די רויע קוים־אָנגעהויבענע זאַכן געווען קינסטלעריש שטאַרקער ווי זיינע פאַרענדיקטע ווערק. ער פלעגט אָפּט זאָגן אַ ווערטל אַז אויך דער רבונו של עולם האָט אָנגעהויבן צו באַשאַפן אַ סך וועלטן און ווערק און האָט זיי נאָך נישט פאַרענדיקט...

קינאַרד איז אָן צווייפל געווען אַ פרימיטיווער סקולפּטאָר און אַ רויער, נישט־דערגאַנגענער דיכטער... אָבער בשעת ער האָט זיך אַרומגעפּאָרעט אַרום די מצבות און אַרום די מאָנומענטן פון טויט, איז אָבער זיין גרעסטע דיכטונג געווען דאָס ווידמען זיך צום לעבן. זיין מייסטערווערק איז געווען זיין היים און זיין האַרעם פון חיה'שן און פויגעלשן לעבן, וואָס ער האָט גע־

פרוווט צו פאַרוואַנדלען אין אַ גן־עדן פאַר דער פּרימיטיווער, נאַאיווער און איינזאַמער עקזיסטענץ פון גאָט'ס ליבע באַשעפעניש...

מיין טאַטע, וואָס האָט תמיד, ווי שוין פריער אַרויסגעבראַכט, מיטן טיפסטן ענטוזיאַזם באַוואונדערט די שאַפונג און דאָס געבענטשטע ווערק פון מענטשלעכע הענט, בפרט די געוואַלטיק־געמייסטערטע ווערק פונם רבונו של עולם זעלבסט, דאָס הייסט: פון דער גרויסער נאַטור, פלעגט שטאַרק רימען און לויבן קינאַרדס מצבות... ער פלעגט רעדן וועגן אים ווי וועגן אַ וווּנדער־מענטש און אַ פאַרבאָרגענעם הייליקן, אַזאַ מין קריסטלעכן לאַמעד־וואָווניק...

אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווי עס האָבן מיר דער־ציילט ניצול געוואָרענע לאַנדסלייט, האָט קינאַרד זיך דווקא נישט פאַרוואַנדלט אין אַ פיינטלעכן פאָלקסדייטש, ווי עס איז תמיד געווען דער פאַל מיט די דייטשן וואָס האָבן זינט דורות געוווינט אויף דער פּוילישער ערד און גע־האַנדלט מיט אידן. פאַרקערט גאָר: קינאַרד האָט אָפּגענאַרט די דייטשן און ער האָט אין זיין תיבה אויסבאַהאַלטן אידן. אַפילו אין די טיפענישן פון די קברים אויפן קריסטלעכן צעמענטאַריש האָט ער באַהאַלטן גאַנצע אידישע משפחות. ער האָט פון די טרומנעס אַרויסגעוואָרפן די ביינער פון די מתים און האָט אין זיי באַהאַלטן אידישע קינדער און זקנים. ביינאַכט פלעגן די צום טויט־פאַרמשפּטע אידן אויפשטיין תחית המתים פון די קברים און קומען צו קינאַרדן און ער האָט זיי געשפּייזט, געוואַשן און געגעבן פרישע העמדער און בגדים. ביז עס האָט קינאַרדן איינמאָל אַ פאָלקסדייטש געמסרט. די געשטאַפּאָ האָט אים אַרעסטירט. די מערדער האָבן אים מוראדיק גע־מאַטערט און ביי אים געפאָדערט זיי אויסצוגעבן די באַהעלטענישן פון די אידן. אָבער קינאַרד האָט אויסגעהאַלטן דעם ביטערן אינקוויזיציע־עקזאַמען. ער האָט קיין איינציקע אידישע נשמה נישט אויסגעגעבן. די דייטשן האָבן אים אויפגעהאַנגען אויף אַ בוים פאַר די אויגן פון די שטעטלדיקע איינוווינער, געפאַנגענע אידן און אויך פאַר די גוים. היימישע לאַנדסלייט דערציילן אַז ווען קינאַרד איז טויטערהייט געהאָנגען, זיינען אַרום זיין קאָפּ בלויע שוואַלבן צניעות'דיק געפלויגן און זיי האָבן אים געקושט די אויגן און די ליפן מיט זייערע שנאָבלען און זיי האָבן געווישט די טרערן פון זיין פּנים מיט זייערע ווייכע און וואַרעמע פליגל... קלאָר אַז קינאַרד האָט זיך דערהויבן צו דער מדרגה פון אַ צדיק, אַ קדוש...

דורכן גאַנצן טאָג, פון בלויען באַגינען אָן, איז קינאַרד געהאָנגען אויף אַ גרינעם בוים. די פייגל האָבן פאַרפלייצט די צווייגן פונם בוים און געזונגען אַרום קינאַרד'ס פאַרשטייפטן גוף זייערע איינזאַמע קלאָג־לידער. ביידערנאַכט, ווען די נאַצישע וועכטער האָבן געהוליעט מיט ווייַן און גע־שענדעט אידישע הייליקע טעכטער, זיינען אַרויסגעגאַנגען פון די קריסט־לעכע קברים אידישע לייט, ווי די שאָטנס, און זיי האָבן גע'גנב'עט קינאַרד'ס

פרינצלעכן גוף. זיי האָבן אים אָפּגעשניטן פונם גאַלגן און זיי האָבן אים באַהאַלטן אין אַ ליידיקער הילצערנער טרומנע, ווען פריערדיקן גע־ביין זיי האָבן אַרויסגעוואָרפן. זיי האָבן אויף זיין פאַרבאָרגענעם קבר אַרויפגעלעגט איינעם פון די פעלזן וואָס קינאַרד האָט געהאַט אויף אים אויסגעקריצט אַ שריפט. און זינט דעם דאָזיגן טאָג האָבן זיך געהאַט פאַרמערט די הינט און די קעץ, די ראַצן און מייז, ווי אויך די ראָבן און די אָדלערס. זיי פלעגן פלוצלינג באַפאַלן די מערדערישע דייטשן און זיי בייסן און רייסן שטיקער פון זייער פאַרפוילטן און פאַרשטונקענעם פלייש. קינאַרד׳ס חיות און פויגלוואַרג און אפילו ווערם האָבן פיינט געהאַט די נאַציס. און ווען עס איז געקומען דער סוף פון דער מלחמה און די קרע־ציקע דייטשן זיינען אַנטלאָפן פון דער געגנט אַרום דער וויַיכסל, זיינען דאָס הייפל איבערגעבליבענע אידן אויפגעשטאַנען תחית המתים פון די קברים. אַ צעבראָכענער און אַ פינצטערער דור אידן, באַקלעפּטע מיט ערד און מיט רויטע ליים און מיט פאַרשטונקענעם פעטס פון די מתים, זיינען אויפגעשטאַנען אַ טראַגישן תחית המתים. זיי זיינען אַלע, אַפילו די קליינע קינדער, געווען אַ סך עלטער ווי נח הצדיק און עלטער פון גאָט אַפילו. זיי האָבן אָנגעקוקט מיט מיד־פאַרלאָשענע אויגן די זון בייטאָג און די לבנה און די שטערן ביינאַכט. זיי האָבן אָנגעקוקט גאָט׳ס וויסטע און מורא׳דיקע וועלט. זיי האָבן זי נישט דערקענט. גאָט׳ס אומגליקלעכער דרויסן איז געווען צעבראָכן, צע׳ניזוק׳ט און פאַרברענט. דער וועלט׳ס פּנים איז געווען דאָס פּנים פון אַ מת. די נאַציס האָבן מיט אייזערנע ריטער געהאַט געשלאָגן און געשענדעט גאָט׳ס וועלט. זיי האָבן געהאַט געפּאַטשט, געפּלינדערט און באַליידיקט גאָט׳ס טייערע ערד. און גאָט אַליין איז אויך געווען טרויעריק, דערשלאָגן און אַלט. מען האָט אים געדאַרפט לאַנג היילן די בלוטיקע ווונדן. ווער ווייס צי גאָט האָט בכלל באַוויזן איבערצולעבן היטלער׳ס קאָסמישן חורבן. די מעשים פון די נאַציס האָבן דעם רבונו־של־עולם געבראַכט שיעור נישט צו באַנקראָט. אַ באַרג מיט קליינע, צאַרטע סקעלעטן פון אַ מיליאָן אידישע עופה׳לעך קען אפילו גאָט אַליין נישט איבערלעבן. אינם דאָזיקן באַרג מיט קינדערישן אַש ליגן די טרויעריקע קנאָכנס פון דעם גאָט וואָס האָט אַמאָל אַרויסגעפירט די אידן פון מצרים און האָט פאַר זיי געשפּאָלטן דעם ים, האָט די מצרים אָנגעטאָן אין מכות און האָט זייערע טייכן צו בלוט פאַרוואַנדלט.

---

חיים שבת זיצט ביים טיש ווי אַ פינצטערער, נאַכט־שוואַרצער שופט. ער קראַצט זיך מיט פאַרקרימטע און ווי מיט מעטאַלענע פינגער דעם טויטלעך־צעפוילטן פוס זיינעם און ער רעכנט אויס די אַלע קרומע און מאָדנע עפּיזאָדן וואָס די משפחה וואַגט קוים וועגן זיי צו געדענקען. איך

טראַכט: עפּעס אַ דעמאָנישער כוח שטעקט אין דעם דאָזיקן קראַנקן שופט, מיטן צעשטופּלטן און צעלעכערטן פּנים, אַזוי ווי ראָבן וואָלטן עס מיט זייערע שנאָבלען צעשטאָכן, און אין וועלכן, ווי עס שיינט, עס לעבן נאָך די פינצטערע ווערם פון מלחמה, פון שלעכטס און פון נקמה. אויף יעדער איינציקער באַליידיקונג פונם טאַטן אויפן אַדרעס פון זיין אידעם, ענטפערט חיים שבת אָפּ מיט אַ רעגן פון שטעכווערטלעך וועגן דעם טאַטנ׳ס האַנד־לונגען און אומהיימלעכער כראָניק דורך די יאָרן, פּאַקטיש דורכן גאַנצן לעבן פונם מענטש...

— שווער לעבן! איר האָט דאָך קיינמאָל נישט געוואָלט אַריינטאָן די האַנט אין קאַלטן וואַסער. איר האָט זיך תמיד אַרומגעדרייט אויפן מאַרק, מיטן שטעקעלע מיט דער זילבערנער גאַלקע אין דער האַנט. איר האָט געזאָגט וויצן פאַר די אַנדערע שטעקלדרייערס און איר האָט דערציילט פּיקאַנטע מעשה׳לעך צו די שטעטלדיקע ליידיקגייערס. איך געדענק דאָך אייער קלאָרן צעלולאָיד־קאָלנער און אייערע שיינע, געפּוצטע האָר, שטענדיק פריש און גלאַנציק־פייכט צוגעקעמט ווי ביי אַ פאַרוקמאַכער... און ווער געדענקט דען נישט אייערע ווייכע, ווייבערישע הענט, וואָס האָבן זעלטן אויפגעהויבן אַ משא... די לאַסט פון דער פאַמיליע האָט איר קיינמאָל קיין חשק נישט געהאַט צו טראָגן...

יאָ, ווען חיים שבת זאָגט דאָס, דערמאָן איך זיך טאַקע דעם טאַטנ׳ס שניי־ווייסן צעלולאָיד־קאָלנער. ער האָט אים געטראָגן כמעט דאָס גאַנצע לעבן. שפּעט ביינאַכט פאַרן לעגן זיך אין בעט, פלעגט דער טאַטע אויסטאָן דעם איינציקן צעלולאָיד־קאָלנער וואָס ער האָט נאָך געהאַט פון דעם טאָג פון זיין חתונה און ער פלעגט אים אָפּוואַשן מיט אַ ביסל וואַרעמע וואַסער און מיט זייף. דער דאָזיקער צעלולאָיד־קאָלנער האָט טאַקע דער זיידע פאַר אים געקויפט צו דער חתונה. און איך געדענק טאַקע אויך דאָס ווייסע העלפאַנטביינערנע בערשטל, וואָס דער טאַטע האָט אין איין טאָג, שוין אין מיינע צייטן, אַהיימגעבראַכט. ער האָט דאָס בערשטל איינגע־קויפט אין וואַרשע, אויף דער וואָלאָווקע (וואָלאָווע גאַס). ער האָט דער־ציילט אַז דאָס טייערע בערשטל האָט אַמאָל געהערט צום שלאָס פון אַ פוילישן פירשט. עס האָט געהאַט אַ גילדערנעם מאָנאָגראַם. דער טאַטע האָט זיין קאָפּ שיינע, געקרויזלטע האָר, פאַרן אַרויסגיין אין גאַס, תמיד גע־וואַשן מיט זייף און פיין צוגעקעמט און צוגעפּוצט מיטן פירשטלעכן בערשטל, ווערענס האָר זיינען נאָך געווען געגוג שטייפע. ווינטערצייט פלעגט ער אָנטאָן דאָס פוטערנע, גלאַנציקע היטל, וואָס איז זומערצייט געלעגן פאַר־פּאַקט אין נאַפטאַלין. אינם הויכן, פוטערנעם היטל, אויף וועלכן עס איז נישט געווען אָנצוזען קיין איינציק שטויבעלע, האָט דער טאַטע אַליין אויך

אויסגעזען ווי אַ פירשט, ווי אַ פּוילישער דזשעדזשיץ, וואָס פּאַרט אין אַ טונקעלער קאַרעטע, געשפּאַנט מיט מעשענע אָגערס...

אַ מוראדיק פאַרווונדעטער פון חיים שבת׳ס חוזק האָט דער טאַטע איצט געמומען אָפּלאַכן פון זיין איידעמ׳ס אַ פעטער וואָס האָט געשונדן פערד און וואָס האָט טאַקע געהייסן זלמן דער פערדנשינדער. מיין טאַטע דער עסטעט האָט פיינט געהאַט אַזאַ מוראדיק „אומעסטעטישע״, מילד גערעדט, מלאכה פון אַ איד ווי דאָס שינדן טויטע נבלות. דאָס שטעטל האָט געהאַט אַ טיפע און פאַרשטייט זיך אַ פאַלשע פאַראַכטונג צו פּי־זישער אַרבעט און צו אַרבעטער. בפרט צו די סאַמע „נידעריקסטע״ מלאכות. „שניידערס און שוסטערס זיינע נישט קיין מענטשן״, פלעגט דאָס שטעטל זיך באַנוצען מיט אַן אומסימפּאַטישן שפּריכוואָרט. דער טאַטע, ווי מיינע טייערע לייענער ווייסן שוין פון מיין פריערדיקן בוך, איז געווען אַן אַריסטאָקראַט. ער האָט געהאַלטן פון יחוס. אמת, אַן אָרעמאַן איז ער געווען אין זיבן פאַלעס, אָבער ער איז געווען אַ שטאָלצער אביון, ווי עס זאָגט דאָס פּוילישע שפּריכוואָרט: „געלט האָב איך טאַקע נישט. אָבער מיין כבוד היט איך!״

איז, האָט דער טאַטע זיך דערלויבט חוזק צו מאַכן פון זלמן דעם שינדער פון פגרים... זלמן האָט געשונדן גע׳פּגר׳טע פערד. איך געדענק: איינמאָל, אין אַ זומערדיקן פאַרנאַכט, ווען די זון האָט בלוטיק אָפּגערונען אַ טויטלעך־גראַניעטע ביים גרינעם, וואַלדיקן ראַנד פון דער ערד, און ווען שטיקער אין בלוט־אויסגעווייקטע וואָלקנס, ווי צעריסענע באַנדאַזשן אין שפּיטאָל נאָך אַן אָפּעראַציע, זיינען געשטאַנען אויף די האָריזאָנטן, האָב איך געזען שטיין אויפן פעלד, הינטערן שטעטל, זלמנ׳ען אַן אַריבערגעבויגענעם איבערן פאַרשטאַרטן און באַרגיק־ריזיקן גוף פון אַ פערד. זלמן האָט מיט אַ מעסער געשונדן די געלע און פאַרבלוטיקטע פעל פון טויטן און טרויעריקן פלייש אַרונטער. זיינע הענט, די רויע פעל, דאָס איינזאַמע פערדיש פלייש, דאָס גראָז, די ליימיקע ערד פון אומשולדיקן פעלד און אַפילו די הימלען און די האָריזאָנטן, אַלץ איז געווען געדיכט אויסגעשמירט אין בלוט. און דער אויסדרוק אויף זלמנ׳ס פינצטערן פּנים איז געווען אַזאַ דערשלאָגענער. וויטיק, חרפּה און קללה האָט ממש פינצטער אַרויסגעשריגן פון זיינע אייגענע שטומע אברים, אַזוי ווי דער מלאַך המות וואָלט אים אַליין איצט ברוטאַל געשונדן די הויט, די יאָרן און דאָס לעבן. מען האָט געקענט זען מיט וועלכע מענטשלעכע און מאַרטי־רערישע יסורים ער טוט נעבעך די אומהיימלעכע אַרבעט, פּונקט ווי ער וואָלט זיך געפילט מיטשולדיק נישט נאָר אינם נאַקעטן שינדן פון דער שטומער חיה, נאָר אין טויט פון דעם אָרעמען, פערדישן באַשעפעניש...
עס איז געווען אַ גאָט׳ס רחמנות צו קוקן אויף אים, און אויך אויפן טויטן

פערד, וואָס איז ערשט געווען אַזאַ מאַיעסטעטישע באַשעפעניש, מיט וועלכן דענקמעלער פון קעניגן און פּאַלאַצן פון פירשטן גרויסן און צירן זיך אין זייער גאווה און ספּלענדאָר...

צומאָרגנס האָב איך געזען זלמן דעם פערדנשינדער פאַרבייגיין נעבן די הייזער פון שטעטל אַזאַ מין פינצטער דערשלאָגענעם מענטש. מען האָט אין אים דערקענט אַ געפּאַלענעם און אַ טיף־באַליידיקטן מאַן. עס איז געווען ווי ער וואָלט, שינדנדיק די פערד, אין דער אמת'ן געהאַט אָפּגעשונדן זיין אייגענע הויט, די אידישע הויט אויף זיין גוף און זיין געביין. עס איז געווען אַזוי ווי די אַלע פעלן וואָס ער האָט אָפּגעשונדן פון די טויטע, פון די אַמאָליקע מאַיעסטעטישע־שיינע פערד, וואָלטן אַרויפגעפאַלן אויף זיין נאַקעטן צעשונדענעם פלייש און זיי וואָלטן אים צוגעדעקט ווי עפּעס אַ באַרג פון אַ פאַר'מבול'דיקע חיה. און ער וואָלט אַלס שטראָף פון הימל תמיד אַרומגעטראָגן אין שטעטל די פינצטערע לאַסט און די מאַכטיקע וואָג פון זיינע טויזנט טויטע, חיה'שע פעלן. אָבער פון דער פינצטערניש און דעם יסורימדיקן, וואַלדישן חושך פון די שטומע פעלן האָט אַרויס־געקוקט דאָס בראַנדיקע פּנים פון אַ היימישן קדוש, פון אַ מאַרטירער, פון איינעם אַ מענטש — אַ גאַנצן באַרג מיט יסורים, וואָס האָט קוים גע־קענט זאָגן אַ קאַפּיטל תהלים, אָדער אַ שייטל עברי. אָבער עס איז געווען דאָס סאַמע מעכטיקסטע אויסגעשריי פון דער טיפעניש, פון זיינע ביינער...

און, ווען דער טאַטע האָט איצט אַזוי שטעכנדיק חוזק געמאַכט פון חיים שבת'ס פעטער, זלמן דער פערדנשינדער, האָט חיים שבת דערמאָנט דעם טאַטן אַז ער האָט ביי זיין עלטסטן זון קאָפּל, אין זיין פוטערגעשעפט, גע־פּרוווט בלויז ציילן די פעלן און ער האָט דאָס אויך נישט געקענט... צו־געבענדיק מיט אַ צינישער באַמערקונג:

— שווער, מיט אַרבעט שעמט מען זיך נישט אין אַמעריקע...

דאָס איז געווען, פאַרשטייט זיך, אַ ביטערע אָנצוגעהערעניש אויפן טאַטנס אַדרעס...

יאָ, עס איז אמת: ווען דער טאַטע האָט דאָ הי אָנגעהויבן איינצוקויפן זייגערס און רוזשנע אַנטיקן אין די לאָמבאַרדן פון דער בויערי, און האָט אויסגעגעבן די בלוטיקע פּאָר טאַלער וואָס די קינדער האָבן אים געגעבן חודש־געלט אויפן אויסהאַלטן פון דער דירה און פון דער קיך, דאָס הייסט אויפן מאָגן — האָט מיין עלטסטער ברודער קאָפּל באַשלאָסן אַז ער וועט דעם טאַטן פּרוון באַשעפטיקן ביי לייטישער אַרבעט... אָבער, וואָסאַראַ סאָרט אַרבעט איז דער טאַטע דען אימשטאַנד צו טאָן? סוף כל סוף איז ער דאָך אַן אַלטער, קראַנקער און גרייז־גרויער איד, וואָס שפּייט מיט בלוט... האָט קאָפּל אים באַשטימט צו גאָר אַ „לייכטער" אַרבעט: צו ציילן די פעלן אין זיין אייגענעם פוטער־געשעפט, וואָס ער האָט געפירט

מיט אַ שותף. דעם טאַטן. האָט אוודאי די נייע סאָרט מלאָכה נישט גע־שמעקט. אָבער, אַ ברירה האָט ער געהאַט? יעדן באַגינען האָט דער טאַטע זיך געשלעפּט מיט דער דריטער עוועניו עלעווייטאָר אין דער טומלדיקער געגנט פון דער איסט־סייד. ער איז געזעסן אין אַ ווינקל פון סטאָר, אין אַ ווייסן כאַלאַט און האָט אָן אויפהער געציילט די הונדערטער האַרטע, פּייכטע און היפּש־שטינקענדיקע פעלן. אין אַ קורצער צייט אַרום האָט דער טאַטע אָנגעהויבן שווער צו שפּייען מיט שטיקער שוואַרצן בלוט. אויך צו הוסטן און, ער האָט סוף־כל־סוף געמוזט, אויף דער עצה פון היימישן הויז־דאָקטאָר, אָפּשטעלן די „לייכטע" אַרבעט ביים ציילן די פעלן. דער טאַטע האָט דערנאָך לאַנגע צייטן וועגן דעם גערעדט. וועגן קאָפּל'ס פירונג, וועגן זיין שרעקלעך־נערוועזן רעדן, וועגן זיין פרוי „בערטאַ די פּרזשעקופּקע", ווי ער פלעגט זי רופן. בערטאַ פלעגט קומען אין געשעפט אַריין, טאַקע ווי אַ מאַרק־אידענע, אַ באַהאַנגענע פון אויבן ביז אַרונטער מיט ביליקע צירונג, אָן אויסגעבאָדענע אין וווּלגאַר־שטינקענדיקע פּערפיומען און זי פלעגט מיט אַ הייזעריקן און חוצפה'דיקן קול שרייען צום טאַטן:

— שווער! פאַרכט זיך נישט און לעגט צו אַ לייטישע האַנט! שווער, איר האָט עפּעס ווייבערישע הענטלעך... איר מוזט פאַרשטיין: דאָס איז נישט נאַוואָגוראַ — נאָר ניו־יאָרק... דאָ אַרבעט מען פאַר אַ לעבן צו מאַכן... וואָס מיינט איר: עס איז „פּילעוו", ווו איר האָט זיך אַרומגע־שפּאַצירט אין גאַס און געדרייט מיטן שטעקעלע! האָט נישט קיין מורא פאַר די פעלן... זיי זיינען גאַנץ ריין... און שעמט זיך נישט! איר מיינט אוודאי אַז איר מאַכט חוזק פון זלמן דעם פערדנשינדער! לעגט צו אַ פעסטע לאַפּע און פאַרכט זיך נישט פאַר אַביסל לייטישע אַרבעט! שווער, איר זענט צו פעט... אַביסל אַרבעט וועט אייך היפּש גוטס טאָן. דאָס שעפּסענע פעטץ וועט אייך, שווער לעבן, לעגן אין דר'ערד אַריין... די שוויגער מיינט אַז זי טוט אייך גוטס ווען זי שטאָפּט אייך מיט בערג זי־סע און וואָלוועלע שעפּסנפלייש... אַרבעט איז געזונט פאַר אייך, שווער־לעבן!

אין דער היים, ביי זיך אין שטוב, וואָלט דער טאַטע אָפּגעענטפערט זיין חוצפה'דיקע שנור. אָבער דאָ, צווישן פרעמדע מענטשן, איז ער געווען אַ געפּאַלענער לייב. יעדער איינער האָט אים דאָ לייכט געקענט באַליידיקן און זידלען... ער האָט דאָ עפּעס פאַרלוירן זיין גאַנצן שטאָלץ און אויך זיין לשון... איבערהויפּט האָט דאָ געקעניגט קאָפּל'ס ווייב, די וווּלגאַרע בערטאַ. און דאָ האָט זי זיך געלאָזט ווילגיין אויפן טאַטנ'ס אַדרעס. זי האָט זיך אָפּגענומען פאַר אַלע צייטן...

און חיים שבת, פון זיין זייט, פלעגט שרייען אַז דאָס ציילן די פעלן

איז געווען אַ מין שטראָף פון הימל פאַרן טאַטנ׳ס חוזק מאַכן פון זיין פעטער, זלמן דער פערדנשינדער...

און חיים שבת פלעגט צוגעבן:

— מיין פעטער איז געווען אַן ערלעכער איד. ער האָט חלילה קיינעם נישט באַרויבט און נישט באַ׳גזל׳ט. ער האָט געשונדן נבלות כדי מפרנס צו זיין אַ הונגעריקע ווייב מיט קינדער. וואָס מיינט איר עפּעס, שווער! איר דענקט טאַקע אַז אַלע אידן זיינען אַזוי ווי איר, וואָס איר האָט אָנגע־מאַכט אַ פולע שטוב מיט קינדער, איר זאָלט מיר מוחל זיין פאַר די רייד, און איר האָט קיינמאָל נישט געזאָרגט זיי צו געבן צו עסן... איר האָט טאָג און נאַכט מיט אַ ווייך טיכעלע געפּוצט די זייגערלעך און זיך גע־בערשטעלט די האָר אייערע מיטן פּירשטעלעכן בערשטל וואָס מיטן גאָלדע־נעם מאָנאָגראַם... מיין פעטער איז געווען אַ איד אַ האָרעפּאַשניק. פאַר זיינע קינדער האָט ער תמיד געבראַכט ברויט אין שטוב אַריין. וואָס איז די בושה אַז ער האָט געשונדן טויטע פערד? אַבי ער האָט שווער און ביטער געאַרבעט! איר באַדאַרפט זיך שעמען, שווער־לעבן, אין אייער וויטן האַלדז אַריין מיט אייערע שענדלעכע רייד וועגן מיין פעטער ר׳ זלמן!

---

און חיים שבת הויבט איצט אָן ווידער אויסצורעכענען דעם טאַטנ׳ס וויסטע מסחרים און שלימזלדיקע אונטערנעמונגען. עס האָט דאָס מזל אים קיינמאָל נישט געליפערט קיין בערג מיט גאָלדענע רענדלעך און נישט קיין פינקלענדיקע בעכערס מיט ווין... ער האָט שווער אויף אַלץ אין לעבן געמוזט האָרעווען. נעמט צום ביישפּיל די מיל אין סטענזיק. דאָס איז געווען אַ וואַסער־מיל, וואָס איך געדענק אייגענטלעך נישט גענוי. איך האָב דעמאָלט געמוזט בלויז אַלט זיין אַ יאָר צוויי אָדער דריי. דאָס איז געווען אַ פאַרצייטישע וואַסער־מיל, אָבער אָן וואַסער. עס האָט דאָרט תמיד אויסגעפעלט, ווי איך פלעג הערן יאָרן שפּעטער, „אַ צאָל וואַסער" כדי די מיל זאָל קאָנען אַרבעטן. זומערצייט, אין די גרויסע היצן, איז דאָס וואַסער עפּעס אינגאַנצן אויסגעטרוקנט געוואָרן. די פיש זיינען געבליבן ליגן אויף די פעלדער דערשטיקטע, ווי אין לאַנד מצרים, ווען אַלע וואַ־סערן זיינען פלוצלונג פאַרוואַנדלט געוואָרן צו בלוט. זיי זיינען געלעגן מיט אָפענע און טויטע מיילער, דאַרשטיקע נאָך אַ טראָפּן זיסע וואַסער. ווען עס פלעגט שוין יאָ זיין אַ פול וואַסער, נאָכדעם ווי גאָט פלעגט צושיקן גרויסע געלע רעגנס, און די מיל פלעגט גיין און די פויערן פלעגן ברענגען צו אונדז גאַנצע באַליעס מיט זיך צאַפּלענדיקע פיש, פלעג איך רחמנות האָבן אויף די פיש און זיי מאַסנווייז צוריק אַריינוואַרפן אין וואַסער אַריין... ווען מען האָט דאָס אַנטדעקט, האָט מען מיך שיעור נישט געוואָלט דורס זיין...

ווי געזאָגט: איך געדענק די וואַסערמיל ווי עפּעס אַ זייער ווייטע פּאַסירונג אין מיין פריער קינדהייט, אַביסל אָפּגעמעקט, אַזוי ווי אַ פּאַר־געלטע און היפּש־אָפּגעריבענע פאַמיליענפאָטאָגראַפיע. אין געדענק שוין אויך נישט צי איז עס געווען אין דער זעלבער מיל, צי אין אַן אַנדערע... דאַכט זיך גאָר אַז אין אַ וויאַטראַק, אַ ווינטמיל, ווייל איך געדענק שוין יאָ די ריזיקע, הילצערנע פליגלען, וואָס פלעגן זיך דרייען אויפן בלויען הינטערגרונט פונם פויילישן הימל. יענע פליגלען האָבן מיך טאַקע עפּעס ווי באַפליגלט... באַטראַכטנדיק דעם וויאַטראַק אויפן באַרג, מיט זיינע אומגעהויערע פליגל, האָב איך דערווייל אין מיינע ייִנגע אויגן אַריינ־גענומען דעם גאַנצן אָנגעצונדענעם האָריזאָנט...

חיים שבת דערמאָנט מיט פאָרוואורף דעם טאַטן די ראַצן אין דער מיל, וואָס האָבן ביינאַכט אויפגעגעסן די זעק מיט מעל...

די ראַצן זיינען געווען אַזוי פאַרצווייפלט הונגעריקע אַז זיי פלעגן אויפעסן שעפסן, קאָזעס, הינט און קעץ אין די דערפער. זיי פלעגן באַפאַלן שטאַלן און אויפגריזשן אַפילו פערד און בהמות. עס פלעגט אַמאָל אויך טרעפן אַז זיי פלעגן זיך אַפילו וואַגן צו פאַרמעסטן אַנטקעגן אַן איינזאַמען פויער וואָס פלעגט גיין אויף אַ פעלד, צי אין וואַלד, אַן אומבאַשיצטער. מחנות ראַצן, אַזוי ווי אַרמייען, זיינען באַפאַלן דעם אָרעמען און דערשראָקענעם פויער פון אַלע זייטן און אין אַ ווײַלע אַרום איז ער שוין געלעגן אַ צעביסענער, אַ צע׳ניזוק׳טער, און בלוט איז גע־רונען פון זיין גוף. די ברוטאַלע פאַראַזיטן פלעגן ביים פויער צום ערשט אויסגריזשען די אויגן, כדי ער זאָל ווערן בלינד און אומבאַהאָלפן. די פויערים פלעגן אָפט אַרויסגיין אַנטקעגן זיי מיט קאָסעס, מיט העק און ווידלעס אין די הענט ווי אין אַן אמת׳ער מלחמה. אויך פלעגן אויסברעכן עפּידעמיעס וואָס די ראַצן האָבן פאַרשפּרייט. יאָ, אַ סך יאָרן שפּעטער האָט מען ביי אונדז אין שטוב גערעדט וועגן די ראַצן אין דער מיל. דער טאַטע האָט דערציילט אַז זיי זיינען געווען אַזעלכע גרויסע ממש ווי די הינט און קעץ. גאַנצע קעלבלעך! און די קעץ האָבן טאַקע מורא געהאַט פאַר די ראַצן. ווען מען פלעגט ברענגען פון די אַרומיקע פויערישע ווירטשאַפטן גרויסע קעץ אין דער מיל אַריין, האָבן זיי די ראַצן אויפגע־גריזשעט. דאָס זיינען געווען אומדערשראָקענע און חוצפה׳דיקע ראַצן. גאַנצע אַרמייען, וואָס האָבן געקענט פירן מלחמה... איינמאָל האָבן זיי מוראדיק צעביסן מיין ברודער מנחם, וואָס איז דעמאָלט געקומען צו גאַסט צו אונדז פון וואַרשע. ער איז געשלאָפן אַליין אין אַ זייטיקן צימער. ביינאַכט זיינען אים פלוצלינג באַפאַלן די ראַצן און אים צעביסן און צעבלוטיקט. זיין גליק איז געווען וואָס ער האָט באַוויזן אַריינצולויפן אין אונדזער שטוב און צו מאַכן אַ געוואַלט... דער טאַטע האָט געכאַפּט אַ האַק און האָט גענומען האַקן רעכטס און לינקס. די ראַצן האָבן זיך

דערשראָקן פאַרן טאַטן, זיי זיינען אַנטלאָפן, איבערלאָזנדיק הונדערטער פון זייערע קאַמעראַדן, צעהאַקטע און צעבלוטיקטע אויף דער פּאָדלאָגע, אָנקוקנדיק דעם טאַטן מיט זייערע שטאַרבנדיקע אויגן... די פאַרוווּנדעטע ראַצן האָבן ממש געוויינט... פּאַקטיש האָבן זיי קיינמאָל קיין מורא נישט געהאַט, אויסער פאַרן טאַטן...

אַז דער טאַטע פלעגט אַריינפאַלן אין כעס, האָט ער געכאַפּט די האַק — אפילו אויף מענטשן... מען פלעגט ביי אונדז תמיד דערמאָנען אַן עפּיזאָד פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען דער טאַטע האָט פאַרטריבן פון הויז אַ מחנה בלוטדאַרשטיקע קאָזאַקן...

אין איינעם אַ טאָג איז געקומען אין דער מיל אַריין עפּעס אַ מאָדנער און געהיימנישפולער איד, אַ בעטלער. דער דאָזיקער איד, ר׳ געצל רופא האָט מען אים גערופן, האָט זיך באַרימט מיט צוויי זאַכן וואָס ער איז אימשטאַנד צו באַווייזן: מיט אַ שרעקלעכן גיפט כדי אויף אייביק צו פאַרטרייבן די ראַצן פון דער מיל און מיט אַ געוויסע קרייטעכץ וואָס אַז אַ מענטש שלינגט דאָס איין, קען ער אייביק לעבן...

דער טאַטע האָט געגעבן דעם איד, וואָס ער האָט אויסגעזאָגט אַז ער שטאַמט פון צפת, פון אַ משפחה פון לויטער מקובלים, עטלעכע וואָכן צייט צו עסן פון אונדזער היימישער קיך און אויך אַ וואַרעמע און באַקוועמע נאַכטלעגער. די מאַמע האָט דעם איד, ר׳ געצל רופא, באַדינט ווי אַ שׂררה. דער איד האָט זיך באַלד גענומען צו זיין פאַנטאַסטישער מלאכה און די ראַצן האָבן אין אַ קורצער צייט אַרום אָפּגעצויגן פון דער מיל.

די ראַצן זיינען טאַקע, ווי געזאָגט, אויף אַ קורצער צייט פאַרטריבן געוואָרן פון דער מיל. אָבער מיט דער צייט זיינען זיי צוריקגעקומען און נאָך אין אַ גרעסערער צאָל ווי פריער... דער טאַטע פלעגט תמיד דערציילן אַז ער האָט אין געוויסע פויערן וואָס זיינען געקומען מאָלן קאָרן און ווייץ, דערקענט די ראַצן. דאָס קאָרן און דער ווייץ וואָס זיי האָבן געבראַכט — איז געווען פּשוטער שטויב. דאָס מעל וואָס זיי האָבן געמאָלן — איז געווען גראָבע זאַמד. דאָס געלט וואָס זיי האָבן מכלומרשט באַצאָלט, האָט טאַקע אויסגעזען ווי לייטישע רוסישע רובעלס... אָבער באַלד נאָכדעם ווי זיי זיינען אַוועקגעגאַנגען, איז פון דעם געלט אין דער קעשענע געוואָרן ריינע שפּינגעוועבס... דער טאַטע האָט דערקענט די ראַצן אין די פויערישע טונקעלע פּנימער מיט די גלאַנציקע מייזישע אויגענעס... געערדעט האָבן די פויערים קיינמאָל נישט... זיי האָבן בלויז אַרויסגעלאָזט דינע, קוויטשיקע קלאַנגען ווי ראַצן וואָס קוויטשען ביי דער נאַכט... דער טאַטע האָט שטאַרק מורא געהאַט פאַר זיי... אָבער, אַ ברירה האָט ער געהאַט? ווען די פויערים זיינען געקומען מיט מאַסיווע זעק מיט קאָרן און מיט ווייץ, האָט ער פאַר זיי געמוזט מאָלן... אין אַ

קורצער צייט שפּעטער האָבן זיי אַראָפּגעוואָרפן די פויערישע מאַסקעס און קאָסטיומען און זיינען צוריק געקומען אין די פינצטערע היילן פון דער מיל — אין זייער אָפענער און חוצפה׳דיקער ראַציִשער געשטאַלט...

אין עטלעכע יאָר אַרום איז דער איד צוריקגעקומען צו אונדז, אַ שוין שטאַרק פאַרעלטערטער. דער טאַטע האָט אַפילו חושד געווען אַז עס איז גאָר אַן אַנדערער איד... דער נייער איד מיטן זייער אַלטן פּנים, צעקנייטשט פון מענטשלעכע יסורים און פון איינזאַמקייט, האָט זיך ווידער גענומען אַרויסטרייבן די ראַצן פון דער מיל און גלייכצייטיק פלעגט ער קלייבן אין די זומפּן, ביים וואַסער, געוויסע באַדעליעס (פלאַנצן), כדי זיי צו רייניקן און צו געבן צו פאַרזוכן די מענטשן וואָס האָבן חשק צו לעבן אייביק... אין איין פרימאָרגן האָט מען געפונען דעם איד אַ צעביסענעם אויפן בוידעם... די ראַצן זיינען אים ביינאַכט באַפאַלן ממש אין די טויזנטער און זיי האָבן אים דער׳הרג׳עט... ווער ווייסט, ווען דער איד וואָלט געלעבט — אפשר וואָלט טאַקע די מענטשהייט גע־האַט אַ מיטל צו לעבן אייביק... אַזוי פלעגט מיין טאַטע זאָגן... און מיין טאַטע איז דאָך נישט געווען פון די לייכטזיניק־גלויביקע אידן... די מיל האָט דער טאַטע סוף־כל־סוף געמוזט פאַרקויפן צוליב דער פּלאָג מיט די ראַצן.

דאָס געשטאַלט פון געצל רופא פאַרפאָלגט מיך שוין לאַנגע יאָרן, פּאַקטיש פון דער קינדהייט אָן. די אייביקע טראַגיק און די ביטערע איראָניע פון באַזיצן אין זיינע מיסטעריעזע הענט אַ רפואה צו לעבן אייביק און זיין שטאַרבן אויפן בוידעם, אַ צעביסענער פון די ראַצן... דאָס איז איינער פון יענע טיפן וואָס זיינען אָנגעטאָן אין גאָלד און אין שפּינגעוועבס פון לעגענדע... די דאָזיקע כאַראַקטערן גייען שפּעטער, אין יאָר־הונדערטער אַרום, אַריין אין דער וועלט־ליטעראַטור... זיי ווערן פאַר־וואַנדלט אין מאָנומענטאַלע געשטאַלטן, אין שעקספּיר׳ס און שלום עליכם׳ס כאַראַקטערן.

---

פון חיים שבת׳ס קריטיק אויפן טאַטנ׳ס שלימזל׳דיקער מיל — אָדער זיינע עטלעכע מילן פּאַקטיש — איז דער טאַטע איבערגעגאַנגען צו אַ קאָנטער־אַטאַקע אויף חיים שבת׳ס אַרבעטן... זייענדיק אַן אָרעמער און געשלאָגענער עקס־פּאַציענט פון אַ משוגעים־הויז, אויף וועלכען די שכנים און די מתפּללים פון דער שול, ווו חיים שבת און טעמעלע האָבן גע־דאַוונט — האָבן געוויינלעך געטייטלט אויף אים מיט די פינגער, ווי אויף איינעם אַ קרעציקן מאַן, און האָבנדיק נאָך דערצו אַ צעפּוילטן פּוס, און שוין זייענדיק בכלל אַן עלטערער און אַ קראַנקער איד, האָט חיים שבת געמוזט אַרבעטן ביי זייטיקע דזשאַבס. דאָס קאַרגע ביסל געלט פון „שטאַטישער הילף״ האָט נישט געקלעקט אויף צו צאָלן דירה־געלט און

צו שפּיזן דאָס הויז און אויך אויסצוהאַלטן זייערע ביידע זין, וואָס האָבן דעמאָלט נאָך נישט געאַרבעט. שכר־לימוד האָט מען אויך געמוזט צאָלן. אויסערדעם האָט חיים־שבת געדאַרפט אַ פּאָר גראָשן פאַר זיין אָפּטע געוווינהייט: צו טרינקען אַ גלעזל וויין אין דער ווייַנשענק...

אין איין צייט האָט חיים שבת געאַרבעט ביי אַ בעקער, אין די מיטן־נאַכטיקע שעה'ן. ער האָט אין דער בעקעריי געטאָן אַלערליי שוואַרצע אַרבעטן. פון אונטערצינדן דעם אויוון ביזן קנעטן די ראָשציניע אויף ברויט, חלות און אַלערליי קוכנס. פון דער בעקעריי פלעגט חיים שבת תמיד אהיימברענגען זעק מיט פאַרדאַרטע ברויט, מיט סוכאַרעס. עס פלעגט אַמאָל טרעפן אַז עס איז פאָרגעקומען אַ לוויה אין דער משפּחה. פלעגט חיים שבת קומען דירעקט פון דער בעקעריי מיט אַ זאַק מיט אַלטע סוכאַרקעס און מיט אָפּפאַל פון בייגעל, זעמל און זיסע קייק־געבעקסן, גלייך אין פיונעראַל־הוים אַריין... עס איז געווען ווי ער וואָלט ברענגען דעם טויטן צו עסן זיסע קיכלעך... עס איז געווען ווי חיים שבת וואָלט נאָך געווען אַ פאַרצייטישער עגיפּטער... און געטריי דעם „בוך פון טויט", וואָלט ער מיטגעבראַכט פאַרן בר־מינן אַ רייכע און ראַסקאָשנע סעודה פון כלערליי זיסע געבעקסן...

איך געדענק: אַלע אין שטוב עסן אַלטע און פאַרטרוקענטע לעקעך. אויך פלאָדן און אַלערליי קיכלעך. מען שטופּט אין זיך אַריין די געלע שטיקלעך לעקעך — אַנשטאָט פלייש און ברויט און פאַרשיידענע לעבנס־נוצלעכע שפּייזן. די גבירים עסן דאָך לעקעך. און אויך די קעניגן און זייערע מעטרעסעס און הויף־דאַמעס און די קעניגין אַליין עסן אויך לעקעך און נאַשוואַרג. טאָ פאַרוואָס זאָלן מיר, דאָס פּראָסטע פאָלק, נישט עסן און הנאה האָבן פונם טייערן געבעקס. זיי, די גבירים ווייסן דאָך וויל וואָס גוט איז!

שפּעט ביינאַכט, אָדער אין גרויען באַגינען הערט מען שווערע טריט איבער די טרעפּ פונם אַלטן און פינצטערן בראָנקסער הויז. עס קומט אַהיים אַן אַלטער איד, חיים שבת, פון דער בעקעריי. ער טראָגט אויפן איינגעבויגענעם און מידן רוקן אַ זאַק מיט לעקעך, וואָס די אייגנטימער פון דער בעקעריי שענקען אים. טעמעלע באַגעגנט אים אַן אומעטיקע. זי זאָגט:

— אוי, אַ בראָך! חיים שבת, דו האָסט שוין ווידער געבראַכט אַ פּוד מיט קיכנס. ווער וועט דאָס קענען אויפעסן? די אינגלעך ווילן עס נישט פאַרזוכן.

— וואָס איז אַזאַ אומגליק מיט לעקעך? זאָלן אידן עסן לעקעך. זאָל זיין שמחות ביי אידן... ווען די צאַריצאַ מאַריאַ פיאַדאָראָווּנאַ איז גע־קומען אויפן פּראָנט, האָסטו געדאַרפט זען וואָסאַראַ קליינע קרישקעלעך לעקעך זי האָט דאָס אויסגעטיילט צו די סאָלדאַטן.

— אָבער דו האָסט דאָך דערציילט. אַז דיר האָט די צאַריצאַ געגעבן אַ גרויס שטיק לעקעך!...

— דאָס איז אמת. די צאַריצאַ האָט מיך ספּעציעל באַלוינט פאַר מיין דינסט. איינמאָל האָב איך איר פאַראַכטן דאָס באַדע־צימער... עס איז געווען אַ ביטער־קאַלטע נאַכט. אין דרויסן איז געפאַלן אַ געדיכטער שניי. די צאַריצאַ האָט געוואָלט נעמען אַ וואַרעמע באָד און זי איז געלעגן אַ מוטער־נאַקעטע אונטערן קראַן... און געציטערט פון קעלט... איך האָב אויפגעזאָטן אַ קעסל מיט הייסע וואַסער און איך האָב גענומען כלאַפּען איבער איר און דו האָסט באַדאַרפט צו זען ווי די צאַריצאַ האָט זיך ממש מחיה געווען. זי האָט דאָס שוין קיינמאָל אין איר לעבן נישט גע־קענט פאַרגעסן. זי פלעגט מיר אָפּט געבן ציגאַרעטן, פלעשער וויין, קאַווע און צוקער... די צאַריצאַ איז געווען אַ שיינע... כאָטש אין אויג האָט ביי איר געציטערט... אַוודאי פון נערוועזיטעט. און ווען נישט דו, טעמעלע, וואָס דו ביסט געווען נאָך שענער פאַר איר און מיר האָבן דאָך ערשט חתונה געהאַט, וואָלט איך אפשר געשלאָפן מיט דער צאַריצאַ... איינמאָל האָב איך אויך אַ פעלד אָנגעריסן אַ גרויסן בוקעט מיט בלומען פאַר דער צאַריצאַ און זי האָט אַרויסגענומען איין בלוטיק־רויטע רויז און האָט געזאָגט צו מיר:

— חיים־שבת! דו פאַרדינסט אַ רויטע רויז פאַר דיין בראַווקייט... ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן, וועל איך דיך און דיין פרוי איינלאַדן אין פאַלאַץ קיין סט. פעטערסבורג און דו וועסט ווערן אונדזער באַדינער. דו האָסט גאָלדענע הענט, חיים שבת... איך וועל דיך פאַרשטעלן פאַר זיין מאַיעסטעט דעם צאַר!

חיים שבת אַליין עסט נישט גערן קיין לעקעך. ער האָט עס געננוג אין בעקעריי אַ גאַנצע נאַכט, זאָגט ער. אויסערדעם האָט ער לעכערדיקע, צופוילטע ציין. אָבער ער אַליין שמעקט אינגאַנצן מיט לעקעך. און אויך זיינע קעשענעס זיינען אָנגעפילט מיט לעקעך, וואָס ער טיילט אויס אין גאַס צו די קליינע אינגלעך און מיידלעך. אויך צו די טויבן, פייגל, צו די הינט און קעץ. אידן שטעלן זיך אָפּ און זיי וווּנדערן זיך:

— וואָסאַראַ משוגענער פאַרשוין איז עס וואָס צעטיילט אומזיסט לעקעך אין גאַס? פונוואַנען האָט עפּעס אַ איד אַזוי פיל געלט אויף זיס צו מאַכן גאָט׳ס וועלט?

די מאַמע זאָגט:

— נו, יאָ, ווען טאַקע האָבן דאָס אידן אין דער אַלטער היים פאַר־זוכט אַ שטיקל לעקעך? בלויז ביי אַ חתונה, אַ ברית, ביי אַ פדיון הבן אָדער אַ שלום זכר... אין פוילן איז דאָך אַ שטיקל האָניק־לעקעך געווען ממש מיט גאָלד צוגלייך... איך געדענק נאָך דעם טעם ווען דער טאַטע, ער זאָל זיך מיען פאַר אונדז, האָט אויף מיין חתונה מיטן טאַטן

מיר אונטערגעטראָגן אַ שטיקל לעקעך... ער האָט מיך געקושט און געזאָגט: „נאָ, רחל־לאה׳שי, מיין קינד, פאַרזוך אַ שטיקעלע לעקעך אויף דיין חתונה״... איך האָב געגעסן דעם טאַטנ׳ס שטיקל לעקעך... איך בין שוין איצט אַן אַלטע אידענע. אָבער קיינמאָל אין מיין לעבן האָט אַ שטיקל לעקעך מיר אַזוי זיס נישט געשמעקט ווי דעם טאַטנ׳ס לעקעך.. עס איז געווען זיסער פון גאָר די לעקעכצן וואָס איך האָב פאַרזוכט אויף אַלע טייערע אידישע שמחות...

— יאָ, בלויז די קיסרים און די גבירים עסן טאָג און נאַכט לעקעך אַנשטאָט שוואַרצע, ראַזאָוואַנע ברויט אָדער חלה! — קרעכצט אָפּ טעמעלע אין אַ ווינקעל, פאַררייכטנדיק אַ פּעטלקע פון חיים שבת׳ס אַן אַלט בגד.

חיים שבת׳ס וועלט איז זיס. זיין קאָסמאָס איז פון לויטער קוכן... חיים שבת׳ן גייען תמיד נאָך אין גאַס גאַנצע כאַפּטעס קליינוואַרג. עס פאָלגן אים נאָך נעגערישע און פּאַרטאַריקאַנישע קינדער. זיי ווילן נעבעך נאַשוואַרג! אויך די איינזאַמע קעץ, אַזוי ווי פאַרברודיקטע און פאַרקאַפּטשע־טע שטיקער שניי, און אויך די היימלאָזע הינט און טרויעריקע פויגל מיט געשלאָגענע פליגל ציען נאָך חיים שבת׳ן... טעמעלע באַקלאָגט זיך אַז צוליבן לעקעך האָבן זיך אין גאַנצן הויז אָנגעהויבן שטאַרק צו מערן די ראַצן און די מייז. חיים שבת, וויפיל מאָל טעמעלע זאָל אים פאַריכטן די קעשענעס, קריגט ער דאָך לעכערדיקע קעשענעס, ווייל ער שטופּט זיי אָן פיל מער וויפיל זיי קענען פאַרטראָגן. וווהין ער גייט, פאַלט גאָלדענער פלאָדן פון זיינע בגדים. מיט האָניקדיקע קרישקעס זייעט ער אויף גאָט׳ס ערד. די קרישקעס לעקעך זיינען זיינע קערנער. ווער ווייסט: אפשר וועט חיים שבת׳ס זיסוואַרג זיס מאַכן גאָט׳ס ביטערן און מרה־שחורה׳דיקן אוניווערס? אפשר וועט חיים שבת פאָרט אַביסל פאַרזיסן די יסורים פון די שלאָפע לייט, פון די צעבראָכענע קאַלעקעס, פון די אומגליקלעכע מענטשן־שאָטנס פון דער גאַליק־און־גאַלגן־ביטערער וועלט?!...

די מאַמע הייסט טעמעלען נישט שרייען אויף חיים שבת. טעמעלע שרייט נישט. אָבער דער סוף וועט זיין אַז די ראַצן און די מייז וועלן פאַרפלייצן דאָס הויז און מען וועט מוזן קוים אַנטלויפן מיטן לעבן, אַזוי ווי מען איז געלאָפן מיט אַ סך יאָרן צוריק פון דער מיל אין סטעפּנזיץ, ווען די טויזנטער ראַצן האָבן באַדראָט אונדזער לעבן... און ערשט ווו זיינען די קאַקראָטשעס? אויך זיי האָבן ליב האָניק־לעקעך...

— טעמעלע־לעבן! האָסט באַדאַרפט זען ווי אַזוי די צאַריצאַ האָט ממש געלויכטן פון גליק ווען זי האָט מיר דערלאַנגט אַ גרויסע לאַכמע געבעקס אַזוי גרויס ווי אַ סאָלדאַטסקע ברויט און זי האָט דערביי געזאָגט:

— חיים־שבת! מאַך דיין איוורעיסקע מאָדליצע — דיין אידישע ברכה, הייסט עס, און עס לעקעך וויפל דיין האַרץ גלוסט!

נאָך אַ פיל ערגערע מלאָכה איז געווען חיים שבת׳ס אַרבעטן אין אַ פינצטערער פיונעראַל־הוים. עס האָט איינמאָל געטראָפן אַז חיים שבת האָט געקראָגן אַ בלוט־שטורץ אין מוח אינמיטן נאַכט, ביי דער אַרבעט אין דער בעקעריי... מען האָט אים געבראַכט מיט אַן אַמבולאַנס אין שפיטאָל אַריין. דאָס ביסל קלאָרקייט, מישטיינס געזאָגט, וואָס ער האָט צוריק דערוואָרבן אין משך פון יאָרן, האָט זיך איצט ביי אים צוריק אויסגעלאָשן, אַזוי ווי אַ לאָמטערן אין אַ טונקעלער נאַכט. נאָכדעם ווי ער פלעגט קומען צו די כוחות, האָט מען אים ווידער אָוועקגעשיקט אין משוגעים־הויז...

דאָרטן פלעגט ער זייער פּאַוואָליע קומען צו זיך... ער איז געווען אַן אומהיילבאַרער גייסטיק־קראַנקער. קיין שום פּרוי וואָלט נישט אַרויסגענומען איר מאַן פון משוגעים־הויז אין אַזאַ טרויעריק־געפאַלענעם צושטאַנד. אָבער טעמעלע פלעגט חיים שבת ווידער באַפרייען פון שפיטאָל. זי פלעגט אים אַהיימנעמען צו זיך, אים ממש קאַרמענען ווי אַ קליין קינד, אים וואַשן דאָס טרויעריקע לייב זיינס מיט הייסע וואַסער און מיט זייף, אַרומווישן דעם צעבראָכענעם גוף זיינעם מיט הייסע האַנטעכער און אַזוי אויף אים אַרבעטן חדשים׳לאַנג מיט שנאַפּס, מיט זיסע טיי, מיט וויין און מיט טרערן, ווי יענע פרוי וואָס האָט מיט אירע טרערן געוואַשן די פיס פון איינעם אַן אומגליקלעכן „פּרינץ פון הימל”, ביז זי פלעגט חיים שבת׳ן ווידער מאַכן פאַר אַ שטיקל לייט און דעם גולם צוריק אויפשטעלן אויף די פיס... ביז ער איז שוין איצט פּעאיק געווען ווידער צו זוכן עפּעס אַ זייטיקן דזשאָב און אַ געהאָרכזאַמער צו טאָן זיין חוב, אַרבעטן און אַהיימברענגען יעדער וואָך די פּאָר קאַרגע טאָלערס, צושטייער צו די הוצאות פונם הויזגעזינד... אין איר ביטערער איינזאַמקייט, פאַרשטויסן און פאַראַכטעט פון דער משפּחה, אַזוי ווי אַ קרעציקע פרוי, האָט טעמעלע זיך געפרייט מיט איר דערגרייכונג...

דער נייער דזשאָב פון חיים שבת איז אָבער געווען די סאַמע אומהיימלעכסטע אין זיין גאַנצן לעבן.. עס איז געווען אַ דזשאָב אין אַ טויטן הויז... יאָ, ער האָט געקראָגן אַן אַרבעט אין אַ „פיונעראַל־האָום” ערגעץ אין דער גע̇דיכטעניש פון די אידישע מאַסן אין ברוקלין. אין די שנייאיקע און בלויען באַגינענס, ווען די גאַנצע וועלט איז אָפּגעמאַליעוועט אויף אַ זייער איידעלער בלויקייט און ווען דער שניי שיט זיך אַזוי ווי קאָנ־פעטי אויף עפּעס אַ וואונדערלעכן באַל, פלעגט צו דער שטוב און צום בעט פון זיין ווייב אהיימקומען אַן אַלטער און גרייז־גרויער מאַן — חיים שבת, דער וואָס וואַשט מיט זיינע אייגענע טרויעריקע הענט די טויטע, די אומגליקלעכע לייבער פון די מענטשן. זיין פּנים פלעגט זיין שוואַרץ און מוראדיק־פינצטער ווי די נאַכט וואָס איז אומהיימלעך און קאַלט און טראָגט נישט קיין שום האָפנונג און קיין שמייכל... חיים שבת׳ס אויגן

זיינען פינצטערע און גרויזאַמע, וואָרים זיי האָבן געזען די טויטע פליישן. זיי האָבן אין זיך אַריינגענומען דעם שרעקלעכן טרויער און עקל און גסיסה און פינצטערניש און פאַרקרימטע גרימאַסן פון די מתים. זיי האָבן, די אויגן פון חיים שבת, געזען אויף די פנימער פון די מענטשן זייערע טויט־אַנגסטן, זייערע וויסטע ציטערנישן פאַרן אומגעהויערן מלאך המות. זיי האָבן געזען דעם געוואַלטיקן פחד פון די דערוואָרגענע, דער־שטיקטע, געשלאָגענע און געהענקטע פון לעבן און פון טויט. זיי האָבן אין זייערע טינט־פינצטערע שוואַרצאַפּלען אַריינגעזויגן די פינצטערנישן פון שטאַרבן פון די מענטשן. אין פינצטערן פחד פאַרן מלאך המות האָבן אייניקע גופים זיך געבאָדן אין זייער צואה און השתנה.

טעמעלע פלעגט זיך מאָדנע און מוראדיק דערשרעקן פאַרן דאָזיקן פרעמדן און אומהיימלעכן מאַן, וואָס פלעגט אַריינפאַלן אין בעט אַריין מיט דער טראַגישער שווערקייט פון אַ פגר... מיט דער שטומער און שטיי־נערנער פינצטערניש פון די מאַסן פגרים... מיטן יאָמער פון די באַ־גלייטנדיקע קרובים און פריינט און אבלים... חיים שבת'ס לאַנגע הענט זיינען געווען נאָך עלטער פון זיין איבעריקן גוף, שוין אפשר אַזוי אַלט ווי זיין נשמה, ווי זיין וואַנזיניקער מוח, ווי זיין גייסט און ווי די אידישע גע־שיכטע... וואָרים זיי האָבן אויסגעטאָן די קאַלטע לייבער. וואָרים זיי האָבן אָנגערירט די פאַרשטאַרטע און פאַרקראַמפּטע גלידער. וואָרים זיי האָבן באַדינט די דערשלאָגענע גופים. וואָרים זיי האָבן געוואַשן די מתים. וואָרים זיי האָבן צוגעגרייט די אומגליקלעכע צו זייער לעצטן גאַנג, צו דער קאַלטער און טרויעריקער ערד, צו די הילצערנע טרומנעס און צו די קברים... וואָרים דאָס זיינען געווען די הענט וואָס האָבן באַגראָבן קורווע און קאָרטן שפּילער; דעם אַש־פאַרברענטן גענגסטער אויפן „עלעקטריק־טשער” און דעם מאַן מיטן מויל מיט גאָלדענע ציין... אַלע שיכטן, אַלע קלאַסן פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט...

יאָ, אַ גאָר פרעמדער מאַן, אַ נייער מין לאַזאַרוס וואָס איז שוין געהאַט געלעגן אין דר'ערד און די ווערם האָבן שוין געהאַט אַדורכגעדרונגען זיין קראַנק פלייש און זיינע וויסטע און צעבראָכענע ביינער — פלעגט אין דער גאָר פריער פינצטערניש זיך באַווייזן אין דער שטוב. אַ שטיינערנער מאַן, מיט גאַנצע טויזנט יאָר שווערע עלטער באַלאָדן און באַלאַסטיקט, פלעגט ער ווי אַ שטיין אַריינפאַלן אין טעמעלע'ס בעט און דאָרטן ליגן נעבן איר וואַרעמען און ווייבלעכן גוף אָן לשון און אָן צערטלעכקייט און אָן מענטשלעכקייט אפילו ביזן שפּעטן פאַרנאַכט פונם טאָג... טעמעלע פלעגט אין באַגינען אַרויסאַנטלויפן פונם בעט, ווו די פינצטערניש און דער טויט און דער פחד און די אומהיימלעכקייט איז שווער געשלאָפן מיט אַ שטיינערנעם שלאָף פון די טויטע אין געשטאַלט פון איר פרעמדן, מיט מיליאָנען יאָרן שווער אַלט געוואָרענעם מאַן...

איינמאָל דערוואַכט חיים שבת מיט אַ מאָדנער דערציילונג פון אַ שטיק איבערגעריסענעם חלום:

— איך בין געצווונגען געוואָרן, קעגן מיין ווילן און קעגן מיין גאַנץ לייב און נפש, פונם געוואַלטיקן שר פון חלום, צו ווערן אַ באַגרעבער. עס איז ממש שווידערלעך! אין שטאָט הערשט די כאָלערע. די קברנים ברענגען צו פירן גאַנצע גרויסע דראַבינאַסטע וועגענער פולע מיט מתים. עס איז גאָרנישט דאָ קיין סוף און קיין עק צום שטאַרבעניש. מען טרינקט און מען הוליעט און מען הורט אין שטאָט, אין אַלע הייזער, אין אַלע „הייזלעך" און אין אַלע קנייפּעס. און דער מלאך המות קאָסעט מיט דער אייזערנער קאָסע רעכטס און לינקס... און צווישן די מתים דערקען איך פּלוצלינג דאָס לייב פון מיין אייגענעם טאַטן, מיט זיין גרויסער באָרד... איך ציטער אויף... איך וויל מיין טאַטן נישט באַגראָבן... אָבער דער מלאך המות שטייט איבער מיר און קלאַפּט מיר איבערן שאַרבן... און בשעת איך באַגראָב זיי אַלע, זע איך ווי איינער פון די מתים זשיפּעט נאָך און ער וויל צו מיר רעדן... אָבער איך ווייס נישט פאַרוואָס איך באַפּעל אים מיט אַ געשריי צו שווייגן און איך שלאָג מיטן אייזערנעם שפּאַדעל אויף זיין מויל און איך צעברעך אים די גהעלע, צע־פּוילטע ציין...

חיים שבת איז איצט באַגאָסן פון קאַלטן שווייס. ער ציטערט אינ־גאַנצן... מען זעט אַז דאָס געוויסן פּייניקט אים...

מיין שוואָגער חיים־שבת האָט געקענט קריגן אַ פּיל בעסערע שטעלע ווי אין דעם פינצטערן מתים־שטיבל, ווו ער האָט געוואַשן די טויטע מיט טעפּ גרינעם זייף און ער האָט זיי מיט אַ בריטווע געגאָלן די טויט־גע־וואַקסענע בערד און ער האָט זיי ווידער אָנגעלאָדט אין אידישקייט, ווייל דער ברוטאַלער טויט רייסט אַרונטער פון זיינע קרבנות יעדער נאַציאָנאַלן סימן און בלויז זייערע פאַרגלאָזטע טרערן בלייבן שטיין אויף די פון יסורים אויסגעקרימטע באַקן און צעבראָכענע פּנימער. אָבער חיים־שבת האָט די שטעלע נישט געוואָלט פאַרלאָזן, ווייל ער האָט זיין איינזאַמע אַרבעט באַטראַכט ווי אַ הייליקע עבודה און אַ חסד צו די אומגליקלעכע. ער האָט מיט זיינע גרויסע, געלע און ווי פאַרזשאַווערטע הענט געדינט זיין פאָלק. ער האָט ליב געהאַט צו זאָגן תהילים טאָג און נאַכט. אָבער ער האָט געפילט אַז דאָס וואָס ער טוט אַזאַ פינצטערער דורך די נעכט, שטייט נאָך העכער ווי דאָס תהילים־זאָגן. אַרומנעמענדיק די טויטע, די צעבראָכענע לייבער פון אידן, צעבויגענע און אויסגעקרימטע ווי שטיקער מעטאַל וואָס זיינען אַדורכגעגאַנגען אַ גרויסן פייעראויוון, האָט ער צו זיי געדינט און ער האָט געבעטן און האָט תפילה געטאָן פאַר זייערע נשמות אין הימל. ער האָט אין זיך, אין זיין נפש, געטראָגן די ליבשאַפט צו זיינע טויטע לייט, צו זיינע שטומע ברידער און דערשלאָגענע שוועסטער, אַזוי

ווי יענער איינזאַמער טוביה וואָס באַגראָבט אידישע לייבער מיט אַ גע־וואַלטיקן נאַציאָנאַלן עקשנות און מיט בלוטיקע טרערן אין זיינע אויגן און, נאָך טיפער: אין דער סאַמע ווונדיקער טיפעניש פון זיין האַרצן.

---

וואָרים יענער איינזאַמער איד טוביה שטייט אין זיין גאַנצער נאַ־ציאָנאַלער גרויסקייט אַנטקעגן דעם פינצטערן טיראַן און דעראָבערער סנחריב. סנחריב קומט כדי צו טויטן און אומצוברענגען אידן: קליין און גרויס, אַלט און יונג, פאַלן פון זיין פאַרבלוטיקטער שווערד. און טוביה שטעלט זיך אים אַנטקעגן אויף אַ באַשיידענעם און כמעט הילפלאָזן אופן: ער באַגראָבט דעם טיראַנס קרבנות. סנחריב טויטעט אַ סך מענטשן, ווי דאָס זעלטענע בוך דערציילט פאַר די קומענדיקע דורות. ווי די ברייטע בלעטער פון דער געשיכטע אינפאָרמירן. אָבער ווען סנחריב׳ס בייזע שליחים זוכן די אידישע לייכן, געשעט דאָס נס: די טויטע ווערן פאַר־שווונדן פון פנים פון דער שטאָט און פון אירע גאַסן. אַ האַרציקע אידישע האַנט נעמט זיי ביינאַכט צוזאַמען, ביים שיין פון די שטערן, און ער ברענגט זיי צו קבר ישראל. דער פינצטערער דעראָבערער סנחריב, האַר איבער לעבן און טויט פון די מענטשן, קריגט שיעור די ניכפּה. ווען מען פאַר׳מסר׳ט טוביה׳ן צו סנחריב, הייסט ער אים ברענגען אין קייטן און טויטן. טוביה ציט אָפּ באַצייטנס. פּשוט: ער מאַכט פליטה...

ווי אַזוי קען טאַקע טוביה טרינקען דעם זיסן ווייַן אין דעם ליימיקן בעכער און ווי אַזוי קען ער שלינגען דעם ביסן מיטן ביטערן כזית ברויט און ווי אַזוי קען ער רואיקערהייט קייען דאָס פלייש פון זיין מאָלצייט, וואָס די גוטע חנה דערלאַנגט אים צום טיש, ווען עס זיצט נישט נעבן אים, ביים היימישן און הילצערנעם טיש, אַן אָרעמער אורח, אַ ווייטער אידישער וואַנדראָווניק, אַ פּשוטער איד וואָס בעטלט אין די הייזער...

און טוביה ווענדט זיך צו זיין זון:

— גיי מיין זון און ברענג אַהיים צו אונדזער וויעטשערע אַן אָרעמאַן פון דער גאַס!

דער זון פאָלגט דעם טאַטן. דער זון גייט אַרויס אין דרויסן און ער קומט באַלד צוריק אַריין, אַ באַקלעפּטער מיט די סאַמעטענע און טונקעלע פאַרבן פון בין־השמשות, און ער זאָגט צום טאַטן:

— טאַטע! איינער אַ מאַן פון אונדזער געפלאָגטן פאָלק הענגט שוין ווידער אין דרויסן הויך אויף אַ תליה. די בלוטיקע הענקער פון סנחריב האָבן אים אויפגעהאַנגען אין באַגינען. זיין פאַרשטאַרטער גוף וויגט זיך טרויעריק אין ווינט, ווי ער וואָלט זיך געשאָקלט ביי שמונה עשרה און ער איז רויט אין זון־אונטערגאַנג, אַזוי ווי אַ געשאָכטענער...

און טוביה קען שוין איצט נישט רואיק איינזיצן ביים טיש מיט דער

גוטער חנה׳ס זיסע און טייערע מאכלים. ער טוט אָן די אַטלאַסענע קאַ־פּאָטע און ער פּאַרציט ענג דעם גאַרטל אַרום זיין לייב כדי עס זאָל אים ווי טאָן און ער גייט אין מאַרק אַריין. עס זיינען נישט קיין טראָפּנס גאָלד וואָס טריפן פון דער זון וואָס פּאַרגייט איצט. עס איז אַ אידנ׳ס טרויעריק און פלאַמיק בלוט וואָס שפּריצט פון די וווּנדן פון זיין צעבוטשערטן גוף. סנחריב׳ס שלאַכט־לייט און הענקער־משרתים האָבן אים צעשטאָכן דאָס גוסס׳דיקע לייב מיט זייערע לאַנגע און אייזערנע שווערטן.

טוביה דרייט זיך נאָך אַרום אויף די זייטיקע וועגן אַרום דעם גע־האַנגענעם. ער וואַרט ביז די נאַכט פאַלט צו און סנחריב׳ס מענטשן און בלוט־לייט ליגן שוין אין זייערע געצעלטן און זיי זויפן און פרעסן און קוויטשן און הורן. טוביה גנב׳עט דאַן אַראָפּ פון דער תליה גאָט׳ס פּאַר־שאָלטענעם און דערשטיקטן לייב פון אַ אידישן מאַרטירער. טוביה עפּנט אויף דעם גאַלגן פון דעם איינזאַמען איד׳ס האַלדז און ביז עס ווערט אין דרויסן גוט פינצטער, אַזוי אַז מען זעט שוין די שטערן אין הימל, האַלט ער אים דערווייל אין אַ שטיבל באַהאַלטן. שפּעטער גראָבט טוביה שטילערהייט אַ גרוב אין דער פינצטערער ערד און ער באַגראָבט דעם אידנ׳ס דערוואָרגענעם לייב אין אַ קבר, צווישן אַנדערע דערשלאָגענע אידן... ער רירט אים אָן מיט זיינע וואַרעמע הענט און ער גיט אים מיט אין זיין קבר דעם תהילים פון האַרצן...

אויף דעם ווייך־און־פריש צעגראָבענעם בערגל פונם נייעם קבר בלייבן שטיין די טונקעלע ראָבן אַזוי ווי גרויסע פלעקן מיט שוואַרצן טינט, און זיי זוכן מיט זייערע שאַרפע און דין־געשניצטע שנאָבלען זייער קרבן... און צוזאַמען מיט די ראָבן און היענעס זוכן אויך סנחריב׳ס לייט דעם געהאָנגענעם. אָבער זיי זיינען שיכור פון ווייַן און באַזויפן און זיי פאַלן שווער פון די בלייערנע פיס... שפּעטער ליגט טוביה אַ גאַנצע נאַכט אין העלן לבנה־ליכט און עס ווייַנען אַלע גלידער אין זיין צעווייטיקטן אידישן גוף...

און מיין שוואָגער חיים שבת, מיר דאַכט זיך, איז אַליין אויך עפּעס אַ שטיק טוביה. יעדעס מאָל, אין גרויען באַגינען, קומט ער אַהיים צו מיין שוועסטער טעמעלע מיט אַ סך מעשות וועגן די מתים, וועמענס פּנימער און לייבער ער וואַשט און ער רייניקט צום לעצטן מאָל. עס איז עפּעס אַזוי ווי אַלע זיינע פריינט, קרובים, באַקאַנטע און קונים וואָלטן מיט צייט און מיט נאַכט קומען צו אים צוגיין אויף זייערע צעבראָכענע פיס און זיי וואָלטן אַלע אויסלעגן זייערע ביינער און זייערע גלידער פאַר אים צום וואַשן און צום באַגראָבן. ביסלעכווייז קומען צו אים אַלע צו גיין מיט זייערע איינזאַמע און טויטן פיס: גענגסטערס, גנבים און געמבלערס. עס קומען צום אים קורוועס, קאָרטן־שפּילערס און קאַנאַליעס. ווער מיט אַ קרוין אויפן קאָפּ און ווער מיט אַ פייכטן פּאַרעך. ווער מיט אַ קענזשער מיט

שיינע, שטראַלנדיקע האָר און ווער מיט אַ ליסענעם קאָפּ. ווער מיט אַן אָרעאָל ווי די זון און ווער מיט אַ פאַרברענטן קאָפּ פון דעם פייער פון עלעקטרישן שטול. אָבער אַלע גייען איינזאַמע און נאַקעטע אין זייערע פינצטערע קברים כדי זיך שטילע און געהאַרכזאַמע אַוועקצולעגן אויף איי־ביק. עס איז אמת, ווי עס זאָגט דער קעניג שלמה: אַלע מענטשן האָבן איין אַריינגאַנג אין לעבן. אָבער עס איז נישט אמת אַז אַלע מענטשן האָבן דעסגלייכן איין אַרויסגאַנג פון לעבן.

חיים שבת קען זיי אַלע. ער קען ממש גאָר די באַפעלקערונג פון די בראָנקס און פון ברוקלין. ער קען אפשר אַ מיליאָן מיט אידן. אַזוי ווי גאָט קען גאָר זיין פאָלק, אַזוי קען חיים שבת אַלע זיינע אידן. אַזוי ווי גאָט געדענקט אין זיין זכרון אַלע מענטשלעכע דורות, אַזוי געדענקט חיים שבת אַלע מענטשן וואָס ער האָט נאָר איינמאָל אין זיין לעבן אָנגעקוקט אין די פּנימער זייערע. ער האָט כמעט מיט זיי אַלע געהאַנדלט, געוואַנדלט, גע־טרונקען און געגעמבלט דורך אַ סך נעכט און אויך אין גרויע שטיקער פענעץ פון באַגינען... און איצט זעט ער זיי איינציקווייז ווידער — דאָ אינם מתים־קעלער פאַרזאַמלט... קיין איינציקער פון זיי מיידט נישט אויס זיין אָנגעצייכנטן גורל. עס האָט נאָך קיינמאָל נישט געטראָפן אַז עמעץ פון זיי זאָל מאַכן פליטה פון דעם מלאך המות... און חיים שבת קומט אַהיים, אַן אַלט־געוואָרענער מאַן, פאַרעלטערט געוואָרן אין דער לאַנגער נאַכט מיט אַ סך, אַ סך יאָרן, און ער דערציילט טעמעלען מיט אַ שטילן קול און ער רוימט איר איין אַ סוד אין אויער ווער אַליך עס איז צו האַנען (צו דער האַנט) געקומען אין דער היינטיקער נאַכט...

אָבער איינמאָל אין אַ נעפּלדיקן באַגינען, ווען אין דעם גרויסן גאָט'ס הימל איז ווי אַ נאַקעטער און אָפּגעשיילטער שאַרבן געשטאַנען די פולע, בייכיקע און בלענדנדיק־שאַרפע לבנה, האָט חיים־שבת געבראַכט טרויעריקע נייעס: אַז היינטיקע נאַכט איז צו אים געקומען צוגאַסט אינם מתים שטיבל ר' פּינטשעלע אַחשורוש...

מיין שוועסטער טעמעלע האָט אויפגעציטערט...

— חיים־שבת, עס קען נישט מעגלעך זיין. דיר האָט זיך בלויז אַזוי אויסגעדאַכט.

אָבער חיים־שבת דערציילט ווי אַזוי מען האָט מיטן וואָגן אַריינגעבראַכט אַן אַלטן און גרייז־גרויען איד. ווי נאָר מען האָט געלאָזט ליגן אין מתים־שטיבל אַן אָפּגעדעקטן דעם זייער אַלטן איד, האָט חיים־שבת זיך צעוויינט איבער דעם אָרעמען, אידישן גוף... ער האָט דערקענט אין דעם זקן — רב פּינטשעלע אַחשורוש...

— דאָס איז סטראַשנע! — טענה'ט טעמעלע. — דו האָסט דיך טועה געווען! פּינטשעלע אַחשורוש אַרבעט דאָך אינם מושב זקנים... ער איז דאָך דאָרט אַ חזן, אַ משרת, אַ קוכאַרזש און אַ געלט־זאַמלער...

אָבער חיים־שבת האָט דאָסמאָל נישט געוואָרט אַז טעמעלע זאָל אים גלויבן אויפן וואָרט. ער גייט צו צו זיין וואָטענעם שפּענצער וואָס שטאַמט נאָך פונם פישער־דערפעלע גאָלאָמב און וועלכן זיין טאַטע עליו השלום האָט נאָך געטראָגן. ער ציט אַרויס פון אַ טיפער קעשענע אַ גרויסן און געלן בייטל. ער עפנט פאַנאַנדער דעם בייטל און ער שפּרייט אויס אַ שניי־ווייסע באָרד פאַר טעמעלע׳ס דערשראָקענע אויגן... טעמעלע ציטערט אויף דערזעענדיק פינטשעלע אַחשורוש׳ס איינזאַמע באָרד... כדי איבער־צוציילגן זיין ווייב טעמעלע׳ן, האָט דער וואַנזיניקער חיים־שבת אָפּגעשוירן אין מתים־שטיבל די באָרד פון דעם זקן...

— חיים־שבת, איך קען דיר שווערן ביי אַלץ וואָס איז הייליק אַז עס איז נישט רב פינטשעלע אַחשורוש׳ס באָרד. עס איז אַ גאַנץ פרעמדע באָרד. עס איז גאָרנישט קיין אידישע באָרד! — טעמעלע יאָמערט און דערוויל דערקענט זי די באָרד. — אוי־ווי, וואָס האָסטו אָפּגעטאָן?! אַ איד וואָס האָט דורך זיין גאַנצן לעבן שטאָלץ געטראָגן די באָרד, האָסטו איצט, ערב זיין לוויה, אַזוי שרעקלעך פאַרשעמט און באַליידיקט! גאָט, וואָסאָראַ אויסטערלישע זינד דו ביסט באַגאַנגען...

חיים־שבת שמייכלט אַ פאַרשעמטער. ער זאָגט מיט אַ שטילן קול:

— שריי נישט, טעמעלע! מאָרגן אין דערפרי וועל איך אים צוריק־טראָגן די באָרד...

און צומאָרגנס, אין גרויען און קאַלטן דעצעמבער־באַגינען, האָט חיים־שבת צוגעטראָגן צו רב פינטשעלע אַחשורוש׳ס אָרון — זיין באָרד... ער האָט זי מיט זיינע טרערן צוגעקלעפּט צום זקנ׳ס טויטן און איינזאַמען פּנים... און קיינער האָט ביי דער לוויה נישט דערקענט אַז עס איז אַ צוגעקלעפּטע, טויטע באָרד,, ווי ביי אַן אַקטיאָר וואָס שפּילט אַ זקן.

איך האָב וווּיל געקענט רב פינטשעלע אַחשורוש. ער איז געווען חיים שבת׳ס אַ נאָענטער קרוב. אַזוי גוט ווי אַ פעטער. איך געדענק רב פינטשעלען פון מיין קינדהייט אָן, נאָך פון דער צייט ווען מען האָט מיך געוויגט אין וויגל אונטער די היימישע פליגל פון גוטע מלאכים. יעדן שבת איז ער געקומען צו אונדז, צו דער שבת׳דיקער טשאָלנט־סעודה. ער איז געווען אַ קליין־געוווקסיקער און זשוואַווער איד מיט אַ טונקעל־בלויער און גרויסער באָרד. ער האָט געהאַט סאַמעט־פלושענע אויגן. ער איז געווען אַ לוסטיק אידל וואָס האָט אַלעמען אַמוזירט מיט זיין פאָלקסטימלעכן הומאָר און מיט זיינע מעשה׳לעך. געווען איז ער פון פאַך אַ פּראָסטער שוסטער. אָבער ער האָט געהאַט אַ גאָלדענע נשמה און מען האָט אים באַטראַכט ווי אַן אייגענעם פון דער משפחה...

איך געדענק אויך אַז מען האָט אַ סך ביי אונדז אין דער היים גערעדט וועגן זיין ווייב, די הויכע בלימעלע. די הויכע בלימעלע זאָל האָבן געוועזן זיין אַ גרויסע קראַסאַוויצע, וואָס האָט געקענט געפעלן ווערן אַפילו אַ קייי־

סער. אָבער זי איז אויך געווען אַ היפּשער שליאַך און אַן אמת'ע שלאַק . . . מען פלעגט תּמיד דערציילן ווי אַזוי איינמאָל האָט זי פאַרלוירן אַ טייער פּוטערל, וואָס עס האָט איר געשאָנקען אַ מתנה איינער פון אירע צאָלרייכע פאַרערער, אַ צאַרישער אָפיציר. מיין טאַטע פלעגט אָבער פאַרזיכערן אַז ער האָט אַליין אין איינעם אַ כמאַרנעם פרימאָרגן געזען אַרויסשפּאַצירן דאָס געלע פוטערל דורכן אָפענעם פענצטערל . . . פּשוט, עס האָט מאַרשירט מיט טויזנ־טער דינע פּיסלעך פון די לייז וואָס האָבן דערין געוווינט און זיך פריי גע־מערט . . . עס האָט אַוועקשפּאַצירט איבער דער מדינה . . .

די הויכע בלימעלע, וואָס האָט, ווי איך געדענק, געהאַט אַ ווייס פּנים ווי קרייד און וואָס האָט געטראָגן עפּעס אַ געל שנירל מיט קאַרעלן אויף איר דינעם העלדזל, האָט נישט איבעריקס ליב געהאַט איר מאַן, רב פינטשעלע אַחשורוש. מען דערציילט אַז אויף אַ פייערלעכן באַל פונעם צאַר'ס אָפיצערן אין דעם פעסטונג־שטעטעלע איוואַנגאָראַד, וואָס איז געגעבן געוואָרן לכבוד דעם צאַר ניקאָלאַיס געבורטסטאָג, האָט זיך פאַרליבט אין בלימעלען דער סאַמעראָדנער גענעראַל־גובערנאַטאָר און אַז זי איז שפּעטער אַוועק וווינען מיט אים, צי מיט אַן אַנדערן צאַרישן גדול, אין אַ ווייטער רוסישער גובערניע, אַזש אויפן אוראַל, נאָכדעם ווי דער צאַר האָט אים באַשטראָפט און געמאַכט פאַר אויס גובערנאַטאָר . . . רב פינטשעלע אַחשורוש האָט קיינמאָל אין זיין לעבן קיין הויך וואָרט נישט אויסגערעדט אַנטקעגן זיין ווייב . . . פאַרקערט גאָר: ער האָט וועגן איר זיך אויסגע־שפּראָכן מיט די איידלסטע אויסדרוקן. ער האָט זי ווייטער גערופן „מיין בלימעלע", כאָטש דאָס „בלימעלע" איז געשלאָפן, ווי מען פלעגט זאָגן אין שטעטל, מיט אַ ראָטע צאַרישע סאָלדאַטן. פינטשעלע האָט זיין ווייב שטאַרק ליב געהאַט און ער האָט קיינמאָל אין זיין לעבן נישט ווידער חתונה געהאַט, כאָטש דאָס ווייבער־פאָלק האָבן אים דווקא האָלד געהאַט . . .

רב פינטשעלע אַחשורוש און בלימעלע האָבן פונדעסטוועגן באַוויזן צו ברענגען אויף דער וועלט דריי קינדער. דער עלטסטער זון האָט שטודירט מוזיק און דער קייזערלעכער קאָנסערוואַטאָריע אין סט. פּעטערסבורג. ער האָט געהייסן וויאַטשעסלאַוו פערדיאַקאָף. ווען ער איז אַלט געווען צוואַנציק יאָר, האָט ער שוין געזונגען אין דער פּעטערסבורגער אָפּערע. ער איז געווען אַ מעכטיקער טענאָר־זינגער און ווען די צאַריצאַ האָט זיך געפונען אין דער קעניגלעכער לאָזשע, אַרומגערינגלט מיט מיניסטאָרן און מיטן באַרימטן גלח ראַספּוטין, האָט זי מיט אירע איידעלע הענט, אַ באַהאָנגענע מיט בלישצעדיקע צירונג, שטאַרק אַפּלודירט. מען האָט געשמועסט אין סט. פּעטערסבורג אַז וויאַטשעסלאַוו פערדיאַקאָף איז געווען דער צאַריצאַ'ס ליבלינג . . . מען האָט אַפילו גערעדט, אַז ער איז נאָך מער ווי דער צאַריצאַ'ס ליבלינג . . . פּשוט, ער איז איר געליבטער . . . אין אַ פאַרהעלטנישמעסיק קורצער צייט איז ער געשטיגן זייער הויך . . . אָבער

עפּעס איז דאָך געשען אַזוינס אַז זיך שטערן האָט אָנגעהויבן אונטערצוגיין בליצשנעל. אפשר האָט מען פון אים פאַרלאַנגט אַז ער זאָל זיך שמד'ן כדי צו קענען אָנגיין מיט זיין קאַריערע אַלס אָפּעראַ־זינגער. אפשר האָט דערין געשטעקט ראַספּוטינ'ס אינטריגאַנטישע האַנט. סיי ווי, וויאַטשעסלאַוו פּערדיאַקאָף האָט אין איינעם און העלן טאָג זיך געשוואָרצט די רו־סישע גרענעץ און איז אָנגעקומען קיין גאַלוועסטאָן, וואָס איז אין טעקסאַס־שטאַט. פון דאָרט האָט ער זיך אַריבערגעכאַפּט קיין ניי־מעקסיקאָ. ער האָט שוין קיינמאָל מער נישט געזונגען אין דער אָפּעראַ. מען האָט געשמועסט אַז די צאַריצאַ האָט אים ביטער אַנטוישט און זי האָט אים פאַרטוישט אויף אַן אַנדערן טענאָר... פון גרויס חרפּה און פאַרדראָס האָט ער אויפגעגעבן זיין קאַריערע. בלויז פון צייט צו צייט לאַדט ער איין צו זיך זיינע פריינט און דעמאָלט לאָזט ער ווידער הערן זיין געוואַלטיקע שטימע, וואָס מאַכט ציטערן די ווענט פונם הויז... אַמאָל טרעפט אויך אַז ער זינגט פאַרן עמוד אין אַ קליינער און באַשיידענער שול פונם שטעטל. דער טאַטע האָט געזאָרגט און אים קליינערהייט געשיקט אין חדר אַריין...

וויאַטשעסלאַוו פּערדיאַקאָף, דער צאַריצאַ'ס געליבטער און זינגער פון דער קייזערלעכער אָפּעראַ, האָט געקויפט אַ רענטש אין ניי־מעקסיקאָ, נעבן אַלבוקערק, און ער איז געוואָרן אַ „פּשוטער פויער". ער האָט, זאָגט מען, הונדערטער פערד און, ער האָט אויך קיינמאָל נישט חתונה געהאַט. ער איז געבליבן אַן אַלטער בחור. אין איינעם פון די חדרים אין זיין גרויסן רענטש־הויז הענגט אין אַ גאָלדענער ראַם אַ ריזיקער פּאָרטרעט פון אַ שיינער פרוי וואָס טראָגט אויף איר קאָפּ אַ קליינע קרוין... אַלע ווייסן ווער דאָס איז — די צאַריצאַ אַליין...

רב פינטשעלע אַחשורוש פלעגט קומען צו אונדז אין די אָווענטן פון דער וואָך. ער פלעגט מיטברענגען אין אַ בייטעלע צוקער און די מאַמע האָט אים געשטעלט אויפן טיש אַזוי גוט ווי צען גלעזעלעך טיי מיט ציטרין. רב פינטשעלע האָט קיינמאָל נישט געקענט שטעלן קיין לייטיש אות אויף פּאַפּיר... פלעגט ער מיך בעטן צו שרייבן בריוו צו זיין זון וויאַטשעסלאַוו פּערדיאַקאָף קיין ניי־מעקסיקאָ. בשעת רב פינטשעלע האָט געזופּט די וואַרם־בלאַנדע טיי און געגאַנגט אונטער דער צונג דאָס שטיקל גלאַנציק־ווייסע צוקער, האָט ער צו מיר דיקטירט זיינע האַרציקע בריוו צום ליבן זון... אָבער, איך בין באַגאַנגען אַ מוראדיקע זינד, וואָס פאַר דעם אַליין, אויב נישט פאַר קיין שום אַנדערע זינד — קומט מיר דאָס גהינום... אין די דאָזיקע בריוו פון אַן איינזאַמען טאַטן צו זיין לעגענדאַרן זון האָב איך גאָר געשריבן — אומבאַהאָלפענע ליטעראַטור... פאַקטיש זיינען דאָס געווען מיינע סאַמע ערשטע ליטעראַרישע שאַפונגען... איך האָב אין די דאָזיקע בריוו צום אומבאַקאַנטן עקס־פאַוואָריט פון דער צאַריצאַ אַריינ־געשריבן כמעט אַלץ וואָס איך האָב געוווסט וועגן זיין אָרעמען טאַטן דעם

שוסטער, ווען איך האָב טאַקע אָנגערופן מיטן מאָדנעם צונאָמען „אחשורוש״!! אויך אַלע אינטריגעס און ליבעס־געשיכטן וועגן זיין מאַמען, די הויכע בלימעלע, וואָס מיין טאַטע האָט גאַנץ געשמאַק אָנגערופן: „בלימעלע, דעם גענעראַל־גובערנאַטאָר׳ס זונה״. איך האָב אַפילו נישט אויס־געמיטן אַריינצושרייבן אין די דאָזיקע „ליטעראַרישע בריוו״ די מעשה וועגן דעם געלן און לייזיקן פּעלצל וואָס איז זיך אַליין פראַנק־און־פריי אַרויסגעגאַנגען שפּאַצירן דורכן אָפענעם לופטשיק. איך האָב אויך אין די דאָזיקע שרעקלעכע בריוו אַריינגעשריבן אַלץ וואָס איך האָב געוווּסט און געהערט וועגן וויאַטשעסלאַוו פּערדיאַקאָף׳סביידע שוועסטערן. וואָס אייגנטלעך האָב איך געוווּסט פון זיינע שוועסטערן?

איך האָב געוווּסט אַז די עלטערע טאָכטער, טאַמאַראַ, האָט זיך גע־שמדט. זי איז שפּעטער געוואָרן אַ נאָנע אין אַ מאַריאַוויטישן קלויסטער. דאָס אַלץ איז צו איר געשען צוליב עפּעס אַ מוראדיקע אַנטוישונג אין איר בליענדיקן לעבן.

איך האָב שוין פריער דערמאָנט אַז רב פּינטשעלע אַחשורוש, דער טראַגישער טאַטע, איז געווען אַ פריילעך אידעלע, וואָס פלעגט זיך תמיד לאָזן ווילגיין. אָפט פלעגט ער טאַנצן אויף אַ היימישער שמחה, צי אַ חתונה פון אַ קרוב אין דער משפחה, אַ פריילעכע קאַזאַצקע. רב פּינטשעלע אַחשורוש איז געווען די פרייד פון אַ סך דערשלאָגענע און אָרעמע אידישע הייזער און היימען. אָבער עס פלעגט טרעפן אַז פּלוצלינג פלעגט מען אים זען זיצן אַן אַוועקגעוואָרפענעם אין אַ ווינקל פון דער שטוב און שטילערהייט וויינען... מען האָט ווייל געוווּסט צוליב וואָס ער וויינט.. ער האָט געוויינט אויף זיין צעבראָכענעם לעבן... אויף זיין ווייב, די הויכע בלימעלע, וואָס איז אַוועק פון אים אויף אייביק... און אויף דעם חורבן פון זיינע ביידע יינגע טעכטער... ווען איך בין דערנאָך עלטער געוואָרן און איך האָב געלייענט שעקספּיר׳ס ווערק „דער קויפמאַן פון ווענעדיג״, האָב איך ערשט פאַרשטאַנען די מורא׳דיקע טראַגעדיע פון רב פּינטשעלע אַחשורוש... איך האָב אין אים דערזען אַ מין אומגליקלעכן שיילאָק, וואָס יאָמערט אויפן גורל פון זיין טאָכטער יעסיקאַ... און ווען מענס פאָטערלעך האַרץ איז פאַרבלוטיקט און פאַרווונדעט אויף אייביק...

אין אַזעלכע מאָמענטן האָב איך געהאַט אַ פאַרלאַנג צו געפינען רב פּינטשעלען און אים האַלדזן און קושן און בעטן ביי אים פאַרגעבונג פאַר מיינע זינד... איך וויל דאָ צוגעבן אַן אויסערגעוויינלעכע איינצלקייט: מען האָט ביי אונדז געשמועסט אַז רב פּינטשעלע אַחשורוש ווערט טיילמאָל פאַרשווונדן פונם שטעטל אויף גאַנצע וואָכן... אַז ער פאָרט צו באַזוכן זיין טאָכטער אינם מאַריאַוויטישן מאָנאַסטיר, ערגעץ אַרום לובלין... מען קען זיך קוים פאָרשטעלן די טראַגעדיע: ווי אַזוי אַן אַלטער איד מיט אַ גרויסער אידישער באָרד און מיט אַ פּנים ווי פון אברהם אבינו פאָרעט

זיך אַרום אין אַ קאַטוילישן מאַנאַסטיר מיט אַ יינגער און הערלעכער פרוי... ווענענס הענט זיינען באַהאַנגען מיט טונקעלע פּאַטשערקעס און צלמימ׳־לעך... און אויף איר ווייסן האַלדז לויכט אַ גאָלדענע שנירל מיט אַ גאָלדענעם מאַסיוון צלם וואָס ציטערט צווישן אירע בריסט.

ר׳ פינטשעלע אַחשורוש׳ס צווייטע טאָכטער איז געשטאָרבן יינגער־הייט, אין דעם עלטער פון אַרום אַכטצען אָדער נײַנצן יאָר. זי איז געווען אַן אויסערגעוויינלעך איידעלע ווי אַ צווייגל בעז אין פרילינג. זי איז געגאַנגען מיט אַ שטילן אידישן יינגערמאַן, אַ זון פון אַ דאָרפישן מיל־נער, וואָס האָט געלערנט אין דער ישיבה. צו די תנאים האָט יוסף־ברוך, אַזוי האָט ער געהייסן, איר געשאָנקען אַ דינעם און גאָלדענעם רינגעל, וואָס יוכבד האָט געטראָגן מיט גרויס באַשיידענקייט, מיט שטילער שמחה און מיט מיידעלשער האָפנונג... זי פון איר זייט האָט יוסף־ברוכ׳ן, איר געליבטן חתן, געשאָנקען איר באַבעס גאָלדענעם רינגעלע מיט אַ קליינעם דיאַמאַנטל... אָבער ווען יוכבד איז יינגערהייט אָפּגעשטאָרבן פון שווינד־זוכט, האָט ביי איר די מאַמע, די הויכע בלימעלע, בשעת דער לוויה, צוגע־נומען דאָס רינגעלע פון איר חתן... עטלעכע טעג שפּעטער איז יוכבד געקומען צו חלום צו איר חתן איין נאַכט נאָך דער אַנדערער און זי האָט מיט אַ וויינענדיקן פּנים אים דערציילט אַז ביידע איידעלע רינגלעך זיינען פאַרביטן געוואָרן... זי האָט געפאָדערט אַז יוסף־ברוך זאָל איר צוריק־געבן דער באַבעס רינגעל און אַז די מאַמע אירע זאָל צוריק אָפּגעבן יוסף־ברוך׳ן — זיין גאָלדענע רינגעל, וואָס ער האָט איר געהאַט געשאָנקען צו די תנאים... וואָרים ער, יוסף־ברוך, איז נישט געווען איר ריכטיקער זיווג...

דער טרויעריקער חתן איז אין די נעכט אַזוי לאַנג געפּייניקט געוואָרן פון זיין פאַרשטאָרבענער כלה, ביז ער איז געגאַנגען צום רב און ער האָט דערציילט די מעשה. דער רב האָט געפּסק׳נט אַז מען זאָל אויפגראָבן יוכבד׳ס קבר און מען האָט, אין דער אַנוועזנקייט פון אַ מנין אידן, אָנגע־טאָן דער באָבעס אַלטמאָדישן רינגעלע מיטן פינקלענדיקן דיאַמאַנטל אויף יוכבד׳ס שוין צעפוילטן פינגער... און די יאָמערדיקע מאַמע, די הויכע בלימעלע, האָט אָפּגעגעבן דעם געוועזענעם חתן יוסף־ברוך דאָס גאָלדענע תנאים־רינגעלע וואָס יוכבד האָט מיט אַזוי פיל ליבשאַפט און כלה׳שער צאַרטקייט שטאָלץ געטראָגן... די פייגל האָבן געוויינט ווי מענטשן בשעת די רויטע ליימיקע ערד פונם קבר איז געשטאַנען אַן אָפּגעדעקטע אין דער פרילינגדיקער זון... אין שטעטל האָט מען לאַנגע צייטן גערעדט פון דער דאָזיקער פּאַסירונג...

און, ווען ר׳ פינטשעלע אַחשורוש האָט מיר איצט דיקטירט די בריוו צו זיין באַרימטן זון וויאַטשעסלאַוו פעדיאַקאָף, דעם געוועזענעם אָפּעראַ־זינגער וואָס איז געוואָרן אַ פויער אין נײַ־מעקסיקאָ, האָב איך גאָר אין די

גרויסע שטיקער געווירעטע בויגנס פאַפיר, ווי שוין דערציילט, אַריינגעשריבן מיין ערשטע אומבאַהאָלפענע פראָזע... אַלץ וואָס איך האָב געהערט רעדן וועגן ר׳ פינטשעלע אַחשורוש האָב איך אין די דאָזיקע מאָדנע בריוו אַריינגעשריבן...

אין יאָרן שפעטער, ווען איך בין געקומען קיין ניו־יאָרק און איך האָב די ערשטע צייט געוווינט ביי מיינע עלטערן אין די בראָנקס, איז איינמאָל אין אַ הערבסטיקן, שבת׳דיקן פאַרנאַכט, געקומען צו גאַסט עפעס אַן אַלטער, שוין גרייז־גרויער און געהויקערטער איד, וועמענס גוף און געביין האָט זיך שווער געבוקט צו דער ערד... אַוודאַי האָב איך נישט מער דערקענט אינם דאָזיקן צעבראָכענעם און צעקרומטן זקן דעם אַמאָליקן ר׳ פינטשעלע אַחשורוש... וואָרים עס איז געווען אַזוי ווי אַן ערד־ציטערניש וואָלט אַריבערגעגאַנגען אַריבער זיין לייב און וואָלט מוראדיק צעבויגן זיין סקעלעט אַזוי ווי אַ צירקוס־גיבור צעבויגט אייזערנע שטאַבעס... עס איז פאַרשוונדן געוואָרן די שטאָלצע, שוואַרץ־בלויע באָרד און אויסגעלאָשן זיינען געוואָרן זיינע אַמאָליקע פייערדיק־ברענענדיקע אויגן... דאָ, אין מיינע עלטערנס וווינונג, איז געזעסן אַן איינזאַמער און מידער שאָטן פון אַ מענטש... אַ חרוב־געוואָרענער איד... און איך האָב זיך מורא׳דיק געשעמט אים אָנצוקוקן אין די אויגן אַריין... מיר האָט זיך געדאַכט אַז דער דאָזיקער שאָטן פון אַ מענטש ווייסט געניי וואָסאַראַ אומזיניקע אינגלערישע נאַרישקייטן איך האָב דעמאָלט אַריינגעשריבן אין „זיינע” בריוו צום זון... ווי אַזוי איך האָב זיך געלערנט שרייבן אויף זיין באָרד, דאָס הייסט אויף זיינע יסורים, אויף זיין פאַמיליענטראַגעדיע, אויף זיין דורכפאַל אין לעבן אַלס מאַן און פאָטער און בירגער פון דער געזעלשאַפט... מיר האָט זיך געדאַכט אַז ער קוקט מיך אָן מיט ווייטיק און מיט פאַראַכטונג און אַז ער איז געקומען מיך מאָנען און דערמאָנען... ווייל איך האָב דאָך טאַקע אָפגעטאָן אַ גרויזאַמע זאַך: איך האָב חוזק געמאַכט פון אַ ערלעכן אידנ׳ס האַרצן און פון זיינע אייזדלסטע פאָטערלעכע געפילן. יענע בריוו האָבן דאָך באַדאַרפט זיין די איינציקע טרייסט אין פינטשעלע אַחשורוש׳ס משפחה־חורבן... און זיי האָט אַ אידישער טאַטע גערעדט צו זיין עלטסטן זון מיט גרויס ליבשאַפט און מיט טיפע יסורים... און איצט איז ער שטומערהייט געזעסן און מיך אָנגעקוקט מיט אַ נישט־ערדישן בליק... עס האָט אויף מיר געקוקט אַ שאָטן פון אַ מענטש מיט גהינום׳דיקע אויגן פון פייער... איך האָב געהאַט אַ פאַרלאַנג ביי אים צו בעטן פאַרגעבונג... אָבער, איך האָב נישט געוואַגט און נישט געקענט... זיין בליק האָט פאַראַליזירט מיין צונג...

איינמאָל אין אַ טאָג, בשעת מיין פאָטער׳ס דעמבלינער לאַנדסלייט האָבן זיך ערב ראש השנה פאַרזאַמלט אויף זייער טייל בית עולם־קרקע אין ברוקלין, איז דאָרט אויך געווען רב פינטשעלע אַחשורוש. דעמאָלט זיינען

נאָך אויך געווען חיים שבת און טעמעלע, מיין שוועסטער. אויך מיינע ברידער קאָפּל און מנשה. אויך מיין טאַטע־מאַמע זיינען אפשר געשטאַנען אויף יענע שטיקלעך ערד וואָס זיינען אין אַ קורצער צייט אַרום פאַרוואַנדלט געוואָרן אין זייערע אייגענע קברים... בשעת דער היימישער עולם האָט געטרונקען גלעזלעך שנאַפּס און צוגעגעסן געלע שטיקלעך לעקעך נעבן עפּעס אַ קבר פון אַ לאַנדסמאַן, האָט מיך ר׳ פּינטשעלע אַחשורוש שטילער־הייט צוגעפירט צו אַ זייטיקער, אָפּגעזונדערטער שטיקל קרקע און ער האָט מיר מיט עפּעס אַ זייער שטילן, קוים־שעפּטשנדיקן און פאַרשעמט קול אָנגעזאָגט אַז, איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, וועט „דאָס" זיין זיין קבר...

מיר איז געוואָרן מאָדנע אומהיימלעך... איך האָב צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן געזען ווי אַן אַלטער איד שטייט רואיק און געלאַסן ביי זיין אייגענעם קומענדיקן קבר... איך האָב געזען ווי די פּאַסיווע און גרויסע ערד וואַרט אויף זיין וואַרעמען גוף און אויף זיינע שטומע, איינזאַמע ביי־נער... אַ טיפער אומעט האָט מיך אין דעם מאָמענט באַהערשט... איך האָב מורא געהאַט אַז איך זאָל דאָ נישט פּלוצלינג אומפאַלן. אָבער ר׳ פּינטשעלע אַחשורוש האָט מיך מיט זיין האַלטונג באַרואיקט... איך האָב געזען ווי גלייכגילטיק און אויך מיט וועלכן גרויסן נשמה׳דיקן ערנסט און סערעניטעט ער קוקט אָן דאָס אומשולדיקע שטיקל פּאַסיווע און איינזאַמע ערד... איך האָב געזען ווי ער בויגט זיך אין שטילערהייט און ער פּליקט אַרום די דערנער אַרום זיין אָפּגעפּוצטער קרקע... ווי ער יאָגט אָפּ די פליגעלעך און די בינען פון די פּיצלעך באַשיידענע בלומען... עפּעס ווי ער וואָלט וועלן מענטשלעך און האַרציק שוינען זיין שטיקל ערד... עפּעס ווי ער וואָלט עס צערטלען מיט גרויס אידלקייט און ווי די דאָזיקע ערד וואָלט געווען זיין אייגן לייב... און, ווען די פליגן, די זשוקעלעך און די מוקן „טשעפּן" דאָס גראָז פון דער קרקע, בייסן זיי אים און דערקוטשן זיין סאַמע נפש... זיין לעצט פּיצל „אייגנטום"... וואָרים אַלע פון זיין משפּחה זיינען שוין זינט לאַנג געווען טויט. אַפילו זיין זון דער אָפּעראַ־זינגער, האָט שוין מער פיזיש נישט עקזיסטירט... פאַרן דאָזיקן אַלטן איד איז גאָרנישט מער איבערגעבליבן אויף דער גאַנצער וועלט ווי זיין קבר...

איך האָב מער פון דעם מאָמענט אָן ר׳ פּינטשעלע אַחשורוש נישט געזען. ווען איך בין געוויר געוואָרן פון חיים־שבת׳ס פאַרפלאָנטערטע רייד אַז רב פּינטשעלע ליגט אין זיין טויטנשטיבל, בין איך אין דער פרי גע־גאַנגען צו זיין לוויה... מיט אַ צעבראָכענעם האַרץ און געפאַלענעם גע־מיט האָב איך איצט ביים שטילן פּינטשעלע געבעטן מחילה פאַר מיינע יוגענטלעכע ליטעראַרישע זינד... איצט בין איך דאָ געשטאַנען פאַר רב פּינטשעלע אַחשורוש׳ס אָפענעם אָרון — אַליין שוין באַלד אַן אַלט־

געוואָרענער איד, אַ אידישער שרייבער... און איך האָב ווי שטילערהייט גערעדט צו ר׳ פינטשעלע׳ס לויטערע נשמה:

— זעט, מיין טייערער ר׳ פינטשעלע, איך האָב דאָך נישט אומזיסט איך אַזוי גרויזאַם ווי געטאָן, ווען איך האָב אַריינגעשריבן אין אייערע בריוו צו אייער געליבטן זון, דעם אָפּעראַ־טענאָר, מיינע ליטעראַרישע מעשות... ווען איך האָב אין יענע בריוו חוזק געמאַכט פון איך פאַר אייער אייגענעם זון... ווען איך האָב אייך באַשריבן אַלס אַ פּראָסטן אָרע־מאַן וואָס טאַנצט פריילעכע קאָזאַצקעס אויף אָפּטמאָל פרעמדע חתונות און שמחות... איך האָב אומפאַרשעמט אַריינגעשריבן אין יענע בריוו מיאוסע און שעדלעכע געשיכטעס וועגן אייער זינדיקע ווייב, די הויכע בלימעלע, וואָס איז אַוועק לעבן מיט אַ צאַרישן אָפּיציר און וואָס מיין טאַטע האָט גערופן „בלימעלע די קורווע״. און איך האָב אויך דערמאָנט אייער עלטערע טאָכטער, די קאַטוילישע נאָנע און אויך אייער קינד יוכבד מיטן גאָלדענעם, פאַרביטענעם רינגעלע אויף איר טויטן פינגער און אויך בלימעלע׳ס לעבעדיק פוטערל וואָס איז איינמאָל אַליין אויף זיינע אייגענע לייזיקע פיס אַרויסגעגאַנגען דורכן לופטשיק אויף אַ שפּאַציר איבערן שטעטל... איך האָב דעמאָלט מוראדיק געזינדיקט אַנטקעגן אייך... אָבער, טייערער רב פינטשעלע אַחשורוש! איך בין דאָך שוין, דאַכט זיך, אָפּגעקומען די שטראָף: איך בין געוואָרן אַ אידישער שריפטשטעלער... און ווי געגוג טרויעריק אַ גורל דאָס איז אין דעם לעבן פאַר אַ איד, בין איך דערויף אויך שטאָלץ... און ווען אַ הימלישער מלאך וואָלט מיך פרעגן אין דער רגע פון מיין געבורט:

— נשמה דו! וואָס וואָלסטו וועלן זיין נאָכדעם ווי דו וועסט אַראָפּ־נידערן אויף דער ערד און אויפגיין אין דעם קאָמפּליצירטן געשטאַלט פון אַ איד? וואָס אַזוינס וואָלסטו וועלן ווערן אין דיין לעבן?

און איך וואָלט דעם גוטן מלאך אָן איבעריקער נאָכטראַכטעניש שנעל געענטפערט:

— זאָג דעם אַלמעכטיקן באַשעפער אין אַ געגוג הויכער און קלאָרער שפּראַך — אויף פּראָסט הייליק־אידישן לשון: איך וויל זיין אַ אידישער שרייבער! און אָט בין איך עס טאַקע געוואָרן, אַדאַנק דעם אויבערשטן... און אפשר אַ סך דורכדעם וואָס איך האָב מיינע ערשטע ליטעראַרישע טריט געשטעלט אין אייערע בריוו, אַ, וווּנדערלעכער שאָטן פון רב פינטשעלע אַחשורוש. איך בעט אייך איצט: זייט מיר מוחל...

און, מיר דאַכט זיך, אַז דער ווונדערלעכער רב פינטשעלע האָט מיר טאַקע מוחל געווען פון גאַנצן האַרצן מיינע ליטעראַרישע זינד...

---

דער טאַטע זיצט ביים גרויסן שפּיגל וואָס זשאַווערט מיט רויטע לי־שייעס און זיין צונג וואָרפט בליציקע און פינצטערע רייד צו זיין אײדעם,

וועלכען ער האָט פיינט מיט עפּעס אַן אומאַשרייבלעכע שנאה. אייגענטלעך פאַרוואָס אַזאַ פינצטערע שנאה צווישן צוויי עלטערע אידן, צווישן אַ שווער און זיין איידעם? עס איז תמיד, ווייזט אויס, דער אוראַלטער און אינסטינקטיווער קאַמף צווישן צוויי „ער׳ס״ צוליב דער פרוי. עס איז אַ ביבלישע שלאַכט צווישן שווער וואָס קען זיין ווילד־פרעמדן איידעם נישט פאַרגינען זיין טאָכטער... דו ווערסט געבוירן מיטן פינצטערן צאָרן פון אייביקע אייפערזוכט, פון קנאה און שנאה אין דיין בלוט... דער טאַטע ווייסט דאָך ווייל אַז חיים שבת מוז איצט אָננעמען אַזעלכע אַרבעטן וואָס זיינען צוגעפּאַסט צו זיין אינוואַלידישן כאַראַקטער. ער איז דאָך אַצינד פיל ווייניקער ווי אַ האַלבער, אַ פּערטל, אַ דריטל מענטש ממש. די געזעלשאַפט טראָגט דאָך ביזן היינטיקן טאָג נאָך אַן אינסטינקטיווע שנאה צום משוגענעם... ווי לאַנג איז עס דען אַז מען פלעגט די דאָזיקע פאַרשאָלטענע פּאַציענטן שלאָגן און שמייסן און אָנטאָן אין אייזערנע העמדער... די געזעלשאַפט געטרויט קיינמאָל נישט די איינזאַמע שאָטנס וועמענס מוחות זיינען געשלאָגן געוואָרן מיט נאַכט און מיט פייער...

און דער מאַן וואָס באַדינט די מתים, וואָס וואַשט זיי מיט גרינעם זייף, וואָס טוט זיי אויס די העמדער און די בגדים און ער טוט זיי אָן די שניי־ווייסע תכריכים און ער פאַרבט זיי צו ווי אַקטיאָרן און ער קלעפּט זיי אויס און גרימירט זיי צו דער גייער טויט־ראָלע און ער פּילט אויס זייערע צעבראָכענע מיילער און איינגעפאַלענע באַקן מיט וואַטע — איז דאָך אַליין אַ האַלבער טויטער, ממש אַ מת... אָבער פאַרן טאַטן איז עס פאָרט אַן אומעסטעטישע מלאָכה. ער האָט דאָך דורך זיין גאַנץ לעבן געהונגערט און בעסער געלאָזט שיעור נישט שטאַרבן די אייגענע פרוי און קינדער, איידער צוצורירן זיך מיט זיינע שיינע הענט צו אַזעלכע אומהיימלעכע און ברודיקע מלאָכות...

— נו, יאָ, שווער־לעבן! — וואַרפט אים שוין חיים־שבת ווידער צו פון בעט אַרויס, אין וועלכן ער האָט זיך היינט אין אָוונט פרי אַריינגעלעגט — איר, שווער־לעבן, האָט זיך דאָך גליקלעך, מישטיינס געזאָגט, אויסגעהיטן פון יעדער סאָרט לייטישע אַרבעט... אייערע הענטעלעך זיינען תמיד ווייכע, איידעלע און אויסגעצערטלטע. תמיד האָט איר זיך פאַרנומען מיט אייערע גאָלדענע און זילבערנע זייגערלעך... אָבער פון זייגערלעך קען מען קיין ווייב און קינדער נישט געבן צו עסן... דערצו זענט איר אַפילו קיין לייטישער זייגערמאַכער אויך נישט געווען...

צוקוקנדיק זיך צו די דאָזיקע צוויי מענטשן, שקלאַפיש געבונדענע אין די קייטן פון שנאה, פלעגט זיך מיר אויסדאַכטן אַז ביידע שוין אַלט־געוואָרענע אידן באַוועגן זיך עפּעס מאָדנע איבער אַן אייזערנעם שפּינגעוועבס, איבער אַ טונקעלע לייטער וואָס פירט נישט אַרויף צום הימל, נאָר שטייט איבער אַ מוראדיקן אָפּגרונט. און איינער וויל דעם אַנדערן פאַרפלאָנטערן

דאָס פליייש און די ביינער מיט שטאָלערנע פעדים און מיט דראָטענע נעצן. אַזוי ווי צוויי איינזאַמע און גראַנדיעזע שפּינען, האָבן ביידע אַלטע מענטשן זיך טרויעריק געקריגט און זיך פינצטער געראַנגעלט און זיך אַלץ קעגנזייטיק פאַרצויגן די שפּינוועבסטיקע פעטלעס אַרום זייערע העלדזער און זיי האָבן זיך אומברחמנות׳דיק פאַרשטאָכן מיט שפּיזיקע און שפּיציקע קינזשאַלן אין די ריפּן אַריין, ביז עס זיינען ביידע אידישע גלאַדיאַטאָרן געבליבן ליגן פאַראַליזירטע און געליימטע, אָן כוחות... אין אַ מוראדיקן געשלעג אָן אַ שום זין און אָן נוצן פאַר קיינעם נישט... אַ פינצטערע און אַ גהינומדיקע שנאה האָט זיי בלינד געמאַכט און אויסגעלאָשן אין זייערע מוחות דעם שכל...

דער טאַטע זיצט אָן איינזאַמער אינמיטן פון דער משפחה. זיין פּנים ברענט ווי פייער. צו וואָס איינגנטלעך קומט ער דאָ יעדער נאַכט אַראָפּ? צו וואָס לאָזט ער זיך צאַפּן בלוט? ווייל ער האָט נישט ערגעץ אַנדערש וווהין צו גיין? ווייל סוף כל סוף איז ער דאָך אַ גאָר אַלטער און קראַנקער איד... אפשר ציט אים אַ געהיימער פאַרלאַנג זיך דווקא צו טרעפן אויג אויף אויג יעדער נאַכט מיט זיין פייניקער און שענדער... אפשר ווייל ער זיך יעדער נאַכט מיט אים פאַרמעסטן אין אַ דועל... ווען נישט ביידע פרויען, די מאַמע און די טאָכטער, וואָלטן זיך שוין לאַנג ביידע מענער פאַרמאָסטן איינער אויפן אַנדערן ממש פיזיש, מיט מעסערס אין די הענט...

— שווער! אַפילו אין דער רעסטאַראַציע אין לאָדזש, ווען אייער ווייב איז געווען שוואַנגער מיט שיען, האָט איר נישט אַריינגעטאָן די האַנט אין קאַלטן וואַסער... אַלע האָבן דעמאָלט שווער געאַרבעט טאָג און נאַכט: אייערע דריי טעכטער שרה׳לע, טעמעלע און צירעלע... די מאַמע פלעגט אַ טויטלעך־מידע אַוועקחלשן אין אַ זייטיקן צימער און ליגן שעה׳נלאַנג אויף דער ערד מיט איר הויכן בויך — דעם באַרג מיט שיען... אויך אירע פיס זיינען ביי איר געווען געשוואָלן... און איר האָט זיך אַרומגעדרייט מיטן שטעקעלע אין דער האַנט און איר האָט געזאָגט מוסר די „אַחדות־ניקעס". אייך האָט פאַרדראָסן וואָס זיי גייען אַראָפּוואַרפן פון טראָן דעם צאַר. איר האָט דאָך זיי גע׳מסר׳ט פאַר דעם צאַרישן סטראַזשניק. איר האָט דאָך באַטראַכט דעם רוסישן, זעלבסט־הערשנדיקן צאַר ווי אייער ברודער... איר האָט דאָך פיינט געהאַט די רעוואָלוציאָנערן אַזוי ווי קרעציקע און פאַרשאָלטענע לייט...

דער טאַטע הערט זיך צו ווי אַזוי חיים שבת שרייט אַרויס ווי עפּעס אַ בייזער דיבוק פונם הילצערנעם בעט אַרויס... ברייט איז דאָס בעט... מיט פרישע און ווייכע בעטגעוואַנט ערשט איבערגעצויגן... דאָס אַרבעט אַרום איר פאַרזשאָווערטן און צעבראָכענעם מאַן זיין אייגענע, דעם טאַטנס טאָכטער, טעמעלע... זי באַדינט אים ווי אַ קייסער. זיין טאָכטער, זיין

קינד, שלאָפט מיטן טיראַן וואָס זידלט אים פון בעט אַרויס... זיין טאָכטער שלאָפט און באַדינט מיט איר לייב דעם דאַזיקן בלוטיקן שענדער, דעם צאַרישן פּאָגראָמשטשיק, ווי ער רופט אים... זיבאַדינט אים מיט איר לויטערן גוף... זיי זיינען אין די פינצטערע נעכט פאַרוואַנדלט צו איין פלייש, ווי עס זאָגט זיך אינם גראַנדיעזן תנך... דער טאַטע האָט קיינמאָל נישט געליטן ווי פרעמדע מענער און פרויען קומען און נעמען צו זיינע קינדער. אין אָוונט זאָגט ער צו דער מאַמען:

— ביי לייטן אַ טאָכטער העלפט צו צום הויזגעזינד... אַמאָליקע צייטן פלעגט טעמעלע אויפנייען אַ מלבוש פאַר דיר, פאַרן טאַטן... פאַר אַ ברודערל... היינט דינט זי נאָר איר מאַן... זי שלאָפט מיט אים פון אין דערפרי ביז ביינאַכט... זי גיט אים דאָס טעלערל פון הימל... דעם טאַטן קען זי נישט. דער מאַמען דערקענט זי נישט. נישטאָ מער קיין טאַטע־מאַמע...

— מאָטלשי, אַזוי איז די וועלט! — פּרובירט די מאַמע איינשטילן דעם טאַטן... אַז אַ מאַן נעמט אַ ווייב, איז ווי עס שטייט אין אונדזערע הייליקע ספרים...

די מאַמע וויל עפּעס זאָגן. אָבער דער טאַטע דונערט:

— און קאָפּל דינט דען נישט ווי אַ שקלאַף צו זיין זונה?! זי איז דער וויסטער טייוול וואָס האָט קאָפּלען אָנגערעדט צו פאַראַטן מענטשן און צו שלאָגן דעם אייגענעם אַלטן טאַטן. זי, וואָס טוט זיך אָן אין זייד און שלייערט זיך אויס אין גאָלד, וואָס איז זיין בלוט און זיין מאַרך פון די ביינער, זי רעדט אים אָן צו באַנקראָט און ער דערקענט נישט נאָכן שותף׳ס טויט זיין פּאַרטנערס יאָמערנדיקע ווייב און קינדער און ער נעמט צו פאַר זיך זייער בלוטיקן חלק... זי האָט אים דערפירט אין דער פינצטערער נאָכט צו דערהרגענען מיטן אייזערנעם וואָגן דעם אַלטן מאַן אויפן וועג, ווייל זי איז געווען שיכור און איז אַ לוסטיקע געפאַרן פון אַ פּאַרטי; זי האָט אים צוגערעדט פאַר איר צו קויפן אַ שלאָס, אַ קאָסטבאַרע הויז, כדי זי זאָל קענען לעבן רייך און ראַסקאָשנע, בשעת ער האָט זיך פאַרבאָדן ביז איבערן קאָפּ אַריבער אין חובות, וואָס האָבן אים פאַרקירצט דאָס לעבן. זי האָט אים ביסלעכווייז דער׳הרג׳עט מיט זשאַווער, כדי זי זאָל קענען ירשנען זיין פאַרמעגן, זיינע פאַרזיכערונגען און זיינע באַנק־ביכלעך. זי איז געשלאָפן מיטן קברן וואָס האָט אים באַגראָבן און זי האָט שפּעטער מיטן איטאַליענישן באַגרעבער, מיט וועלכן זי האָט זיך באַקאַנט בשעת איר מאַנ׳ס לוויה, געהוליעט אין קאַבאַרעטן און האָט אויסגעגעבן אויף אים איר מאַנס שווער פאַרהאַרעוועט און פאַרבלוטיקט געלט, נאָכדעם ווי זי האָט אים באַגראָבן. זי איז דער גהינום׳דיקער טייוול וואָס האָט אים פאַרפירט פון דער ערשטער רגע אָן וואָס ער האָט זיך אין איר פאַר־ליבט. אפילו זייער איינציקער זון איז געווען אַן אידיאָט און ער איז

געשטאָרבן נאָך אַלס ייִנגעל. הלוואַי וואָלט ער געווען נאָך אויסגערונען אין דער מאַמע׳ס ווערמדיקן בויך... וואָלט ער זיי ביידע פאַרשפּאָרט אַ וועלט מיט יסורים...

די מאַמע בעט זיך אַז דער טאַטע זאָל רעדן שטילער. די מאַמע ווייסט אַז ווען דער טאַטע רעדט, ווען ער דונערט ווי אַ צאָרנדיקער נביא, שטייען די שכנים ביי טירן און פֿענצטער און זיי הערן זיך צו... די מאַמע פֿאַר־מאַכט די פֿענצטער און בעט זיך ביים טאַטן מיט געוויין...

דער טאַטע דונערט קעגן זיינע איידעמס און שנורן. די שנורן זיינען ביי אים די ערגסטע ווייבער אין דער וועלט. דער טאַטע קען נישט פֿאַרגעסן ווי אַזוי איינמאָל, מיט אַ סך יאָרן צוריק, איז ער געפֿאָרן קיין וואַרשע. פּלוצלינג זעט ער ווי אויף די מאַרשאַלקאָווסקע גאַס פֿאָרט אַ דראָשקע מיט אַ פּאָר־פֿאָלק אינעווייניק. די דראָשקע איז אַ דינע, אַן עלעגאַנטע, אַן ערשט־אויסגעפּאַרטיקטע. דאָס ווונדערלעכע פֿערד, אַזוי ווי אַראָפּגעגאַנגען פֿון אַ קעניגלעכן מאָנומענט אַרונטער, טענצלט טריט ביי טריט, טריט ביי טריט, איבערן שטיינערנעם אַספּאַלט... דער טאַטע זעט ווי אַ מאַן זיצט איבער־געבויגן איבער אַ ייִנגע, שיינע דאַמע און ער שעפּטשעט עפּעס אין אירע קליינע אויערן... ווער איז דער מאַן? זיין זון מנחם... אַ ייִנגער שנעק... מנחם האָט דערזען דעם טאַטן און האָט זיך פֿאַרשטעלט דאָס פּנים. ער איז געוואָרן ווייס ווי קרייד. אָבער ער האָט זיך צוגעבויגן צו דער דאַמע און איר געקושט די נאַקעטע פּלייצע... די דראָשקע האָט לייכט און גראַציעז אַוועקגעטענצלט איבער די וואַרשעווער גאַסן...

— די דאָזיקע וואַרשעווער זונה האָט געמאַכט אַז אַ זון, ערשט נאָר־וואָס פֿון דער מאַמעס געלעגער אַראָפּ, זאָל נישט דערקענען אַן אייגענעם טאַטן! — צאָרנט דער טאַטע...

דעם טאַטנס אידעאַל איז שוין דווקא געווען זישע, איינער פֿון זיינע זין אין אַריזאָנאַ. זישע איז אַ קאַרגער מענטש. זישע איז פֿאַרבליבן אַן אַלטער בחור ביזן היינטיקן טאָג...

— דערפֿאַר האָט זישע געלט אין דער באַנק! — שרייט דער טאַטע. ער האָט זיין לייב און לעבן נישט אַוועקגעגעבן צו די נקבות...

אָבער ער ווייסט נישט אַז זישע איז געבליבן אַן איינזאַמער, אַלטער און נעוורויאָסטעניִשער בחור, וואָס איז סיי ווי אַ שקלאַף צו פּרויען, צו קרעטש־מעס און ווייבקעלערס... איינמאָל זאָגט צו מיר זישע אין אַריזאָנאַ:

— דער מאַן קען נישט אַנטלויפֿן פֿון דער פֿרוי. ער מוז איר דינען. ער איז פֿון דעם נאַטור־געזעץ פֿאַרמשפּט צו דינען דער פֿרוי. נעם קאַפּלען: זי וועט אים באַגראָבן און זי וועט אים ירש׳נען. זי פֿאַר׳מיאוס׳ט אים דאָס לעבן אַלע זיינע טעג. נעם מנחם׳ען: זיין גאַנצן לעבן איז ער אַ שקלאַף פֿון ווייבער. שוין איבער אַ פֿערטל יאָרהונדערט ווי זיין ווייב שטאַרבט און זי קריינקט אויס זיין אַרבעט, זיין בלוט, זיין געלט און זיין מאַרך פֿון די

ביינער... און ווען זי וועט ענדלעך שטאַרבן, וועט זי האָבן איבערגעלאָזן אַן אַלטן און צעבראָכענעם מאַן, וואָס וועט שוין נישט האָבן קיין שום ווערט, נישט פאַר גאָט און נישט פאַר לייט... זי וועט אים אויפפרעסן און אויפגריזשן ווי אַ שפּין קראַנקערהייט... און איך אַליין: דו לויפסט אין דער נאַכט צו דער פרוי. דו ברענסט ווי אַ ווילד פייער. דו מאַכסט אַ באַ־שלוס: דו וועסט מער צו איר נישט קומען. גענוג שוין געהוליעט מיט ווייבער. אָבער אין אַ פּאָר טעג שפּעטער: דו לויפסט ווידער ווי אַ משוגענער טייוול דורך נאַכט און דורך ווינט צו איר... דו ביסט געפאַנגען אויף אייביק אין איר נעץ... די פרעמדסטע פרוי איז דיין נאָענטסטע. די ווייטסטע פרוי ציט דיך מוראדיק צו און האַלט דיך אייביק געשפּאַנט אין אַן אייזערנעם שפּינגעוועבס... נישטאָ קיין אויסוועג... צי דו ביסט אַ חתונה געהאַטער אָדער אַן אַלטער בחור — דו האָסט סיי ווי דיין לעבן פאַרשפּילט צו די נקבות...

זישע'ס ווידוי־רייד זיינען אַריין אין מיר ווי אַ פינצטער קול פון דער מענערישער מענטשהייט. זישע איז אַ שרייבער. ער גיט יעדער יאָר אַרויס אַ דין בראָשורל, אַן „אַלמאַנאַך" רופט ער עס, אין וועלכן ער זאָגט אַרויס „געדאַנקען" און גיט עצות אין אַ הומאָריסטישן אופן צו די סטודענטן פון דעם אוניווערזיטעט אין אַריזאָנאַ... אָבער זיינע געדאַנקען וועגן פרויען זיינען צו מיר אָפּשטויסנדיק. האָט נישט די פרוי אויך אַ ראָמאַנטישן עלע־מענט? טראָגט דען נישט די פרוי גאָט, לעבן און געבורט אין אירע איינ־געווייידן?

יאָ, דער טאַטע זיצט קליין און פינצטער ביים גרויסן טיש. עפּעס אַן אוראַלטער גייסט האָט אים פאַרשאַלטן און קליין געמאַכט אַנטקעגן זיין שונא, זיין איידעם... אָבער אין דעם גרויסן קעניגלעכן שפּיגל זיצט ער מאַיעסטעטיש ווי אַ קייסער. ווי אַשמדאי, וואָס דערהויבט זיך פינצטער איבער אַ האַלבן הימל. און אויף דער נאַקעטער, קאַלעכדיקער וואַנט שטייגט זיין שוואַרצער שאָטן נאָך העכער און נאָך מאַכטיקער... איך קוק אָן אַלע מיינע דריי טאַטעס... איך טראַכט וועגן זיי... מען האָט ערשט דערמאָנט דער מאַמעס שוואַנגערשאַפט מיט מיר... יאָ, עס איז אמת: אַ שטערבלעכע און אַ קליינע פרוי איז אַמאָל געווען שוואַנגער מיט מיר... איך בין אַמאָל, מיט הונדערט, מיט טויזנט, מיט אַ מיליאָן יאָר צוריק אפשר, געווען אַ וואָרם, געווען אַ נישטיקער עמבריאָן מיט קוים אַ גוף־און־געביין און מיט אַ ריזיקן קאָפּ מיט גרויסע, בלינדע אויגענעס. און איצט קוק איך אויף די דריי טאַטעס און איך דערזע מיין ענלעכקייט צום דאָזיקן אומבאַקאַנטן איד, וואָס איז אַן איינזאַמער און אַ פאַרשאַלטענער, ווי דער מורא'דיקער איוב, אַרויסגעגאַנגען פון גאָרן קאָסמאָס, כדי מיך אַרויס'כישופ'ן פונם אור־כאַאָס, מיך צונויפזאַמלען פונם תוהו ובוהו, מיך צונויפצזורופן פון מיליאָנען יאָרן ערב מעשה בראשית און מיך אויף

זיינע טאַטעש־ריזיקע הענט אַריינצוזעצן מיט אימפּעט אין דער וועלט אַריין, אין דעם גרויסן און שרפה׳דיקן לעבן אַריין. דו דערזעסט די ענלעכקייט צו אים... דו האָסט זיין קאָפּ און זיין פּנים. זיינע אויגן און זיינע ליפּן. אָבער קיינמאָל האָסטו נישט גע׳ירש׳נט פון דיין טאַטן זיין פייערדיקע צונג פון אַ נביא און אַ דעמאַגאָג. דו האָסט זיין נאָז און זיינע אויערן צו הערן די רייד פון גאָט און פון טייוול... דו האָסט אויך זיין בויך און זיין ברוסטקאַסטן. דו האָסט זיינע פיס און זיינע גרויסע הענט. דו באַזיצט זיינע געדערים, זיינע ציין און זיין כוח גברא. ווי ער, אַזוי וועסטו אויך ליגן מיט דער פּרוי אַ פאַרקנעכטעטער. דו וועסט אַזוי ווי ער, דיין טאַטע, ווערן צו איין פלייש־פּייער מיט איינע, אַן אויסדערוויילטע פרוי... דו וועסט צו איר שרייבן לידער... און ווען ער וועט שטאַרבן, וועט די דאָזיקע פאָרם דיינע געשלאָגן און צעבראָכן ווערן אין דר׳ערד... פּונקט ווי דיינע ברידער, צו וועמען דו ביסט פיזיש ענלעך, און וואָס זיינען אַזוי ווי דו געגאָסן געוואָרן פון איין מעכטיקן גאָס, ווען צעברעכן די פאָרם דיינע מיט זייער טויט... און איז דען שוין אויגענטלעך דיין פאָרם נישט צעבראָכן געוואָרן דורך די מיליאָנען מתים אין די פאַרגאַנגאַנע צייטן, דורך אַלע מענטשלעכע דורות?... יעדער איינציקער מענטש וואָס ווערט אַריינבאַגראָבן אין דר׳ערד — טראָגט אין דר׳ערד אַריין דיין געטלעכע פאָרם, דיין געשטאַלט... דיין סאַמע עקזיסטענץ... גאָט׳ס געוואַלטיק פּנים ווערט צעפאַלן דורך די ווערם און ווערט אויפגעגעסן דורך די פייכטקייטן פון קלימאַט, דורך דעם געלן ליים, דורך די זאַמדן און דורכן פינצטערן אָפּגרונט פון דער ערד, דורך די וואָרצלען פון די ביימער וואָס נידערן צו די טיפענישן כדי צו טרינקען דיין בלוט און דעם מאַרך פון דיינע גלידער.

קליין, פאַרגענגלעך און נישטיק זיצט דער טאַטע ביים טיש... אָבער אין ריזיקן שפּיגל זעט ער אויס מאַיעסטעטיש ווי ער וואָלט געזעסן אויף אַ טראָן. און אויף דער וואַנט שטייט ער מאַכטיק און אומגעהויער, ווי אַ ביבלישער האַר, ווי דער מלך נבוכדנצר, און אויף זיין גרייז־גרויען קאָפּ שטייט פינצטער און בליצט מיט אירע דיאַדעמען אַ גיגאַנטישע קרוין... דער דאָזיקער שאָטן איז דיין קייסער... און דער דאָזיקער טינט־פינצטערער שאָטן וועט דורך קיינעם נישט אַרונטערגעטראָגן ווערן אין דר׳ערד אַריין... נישט קיין ערדיש קבר איז פאַרן דאָזיקן שטאָלצן שאָטן געשאַפן... נאָכן טאַטנס גסיסה וועט ער נעמען געוואַלטיק לויפן און שפּרייזן איבער דערוועלט מיטן אַשמדאיס אימפּעטיקן שפּרייז. ער וועט נעמען וואַנדערן און ער וועט זיך טראָגן איבער די וויסטע מדבריות ווי דער שטאָלצער קייסער שלמה, וועמענס געביין דער אַשמדאַי האָט אויסגעשפּיגן אין דער איינזאַמער וויסטעניש, אַזש פיר הונדערט מיילן ווייט. מען וועט אָפּלאַכן, שפּאָטן און ציניש חוזק פון דעם קייסער שלמה... אָבער מאַכטיק וועט שטיין

איבער זיין קעניגלעכן און קלוגן קאָפּ די שווערע קרוין פון מאַסיוון גאָלד און פון גיגאַנטישע בריליאַנטן — פּאַרגליווערטע בליצן...

חיים שבת רעדט און ער דונערט פון בעט אַרויס און ער באַליידיקט דעם טאַטן. ער באַשולדיקט אים אַז ער האָט געמסרט די „אַחדותניקעס" פאַרן צאַרישן סטראַזשניק. אָבער וואָס איז טאַקע אין דער אמת'ן די מעשה מיטן לאָדזשער „אַחדות"?

דאָס איז פאָרגעקומען אין דעם באַרימטן 1905טן יאָר, ווען איבער דער ריזיקער טעריטאָריע פון צאַרישן רוסלאַנד האָט זיך געטראָגן דאָס פייער פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע. דאָס איז פאָרגעקומען בלויז דריי יאָר פאַר מיין געבורט... (אין יאָר 1908). אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען איך בין געווען אַ קליין אינגל, פלעג איך הערן רעדן און דערציילן וועגן דעם קאַמף פון די העלדישע אַרבעטער, די בונדיסטן, נאַראָדניקעס און סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, אַנטקעגן דעם בלוטיקן צאַר. איך פלעג תמיד הערן ווי מיינע צאַרטע שוועסטערן זינגען דאָס פּאָפּולערע ליד ביי די ניי־מאַשינען וועגן דעם רעוואָלוציאָנער ברוך שולמאַן וואָס האָט דער'הרג'עט דעם צאַרישן פּאָליציימייסטער קאָנסטאַנטינאָוו און ער האָט אַליין אויך באַצאָלט מיט זיין העלדישן לעבן בעת דעם אַטענטאַט.

דאָס ליד ווי „ברוך שולמאַן איז אין גאַס געגאַנגען" און דער גורל פון דעם אַרבעטער־העלד, איז מיר אַריין טיף אין האַרצן... אויך האָב איך געהערט די הערלעכע און העלדישע געשיכטע פון דעם אומשטערבלעכן איד הירש לעקערט, וואָס איז אַ געהאָנגענער אַריינגעגאַנגען אין דער אי־דישער ליטעראַטור, אין דער אידישער דראַמע און אין אידישן ליד פון אברהם ליעסין ביז ה. לייוויק און צו די סאַמע יינגסטע דיכטער... און ער האָט אויפגעשטראַלט שפּעטער איבערן פאָלק...

אין יענע יאָרן האָבן מיר געוווינט אין דער גרויסער פוילישער אינ־דוסטרי־שטאָט לאָדזש און מיר האָבן געהאַט אַ רעסטאָראַציע אויף דער נאָוואָמיעיסקאַ גאַס, אין האַרץ פון דער אידישער געגנט, דעם באַלוט. עס איז, ווי שוין געזאָגט, געווען דאָס באַרימטע רעוואָלוציאָנערע יאָר 1905. אַלע דריי יינגע שוועסטערן מיינע האָבן געאַרבעט אין דער רעסטאָראַציע צוזאַמען מיט מיין מוטער. אונדזערע געסט זיינען געווען די מיטגלידער פון העלדישן בונדישן „אַחדות".

אַ סך מעשות און לעגענדעס האָב איך געהערט דערציילן פון יענע יינגע מענער און פרויען וואָס האָבן ביי אונדז געגעסן און גערעדט רעוואָ־לוציאָנערע רייד און געלייענט פלאַמיקע בראָשורן און געשאָטן פּעך און שוועבל קעגן דעם טיראַן דעם צאַר. יעדער צייט און יעדער היסטאָרישע עפּאָכע האָט אירע שטאָלצע און פייערדיקע העלדן. די „אַחדותניקעס" זיינען געווען די אמת'ע גבורים פון 1905טן יאָר. נאָך איצט זע איך אין דמיון אָנגעצונדענע קעפּ און שטערנס. יענע פלאַמיקע אויגן פון אידישע

בחורים און מיידלעך וואָס יעדער איינציקער פון זיי איז געווען גרייט צו גיין אויף דער תליה. די מערסטע פון זיי זיינען שוין איצט טויט. דאָ און דאָרט קען מען נאָך זען אַן אַלט פּנים פון אַ זקן: זיי זיכער, ער איז געווען דעמאָלט יינג. ער האָט געהאַט אַ גרויסע טשופּרינע. זיינע אויגן האָבן געפלאַמט מיטן פּאַטאָס פון רעוואָלוציע! דאָך באַדאַרף מען האָבן אַ סך קינסטלערישע פאַנטאַזיע אינם צעקנייטשן פּנים פונם דאָזיקן זקן, אַמט־מאָל אַן אַרויפגעאַרבעטן בעל הבית, אַ רייכן מאַן, גאָרנישט קיין אידעאַליסט, אימשטאַנד צו זיין און זען דאָס גראַנדיעזע פּנים פון אַן עפּאָכע... ווען דער גייסט פון העלדישקייט האָט באַהערשט כמעט יעדן איינעם יינגען קעמפער...

מיין טאַטע איז געווען, ווי די לייענער ווייסן שוין פון מיינע פריערדיקע באַשרייבונגען, גאָר אַ קנאַפּער רעוואָלוציאָנער. איינמאָל אין אַ נאַכט, בשעת עס איז ביי אונדז אין דער רעסטאָראַציע פאָרגעקומען אַ שטורעמדיקע פאַרזאַמלונג פונם „אַחדות", און איינער אַ יינגער מענטש האָט געשטורעמט אין אַ הייסער רעדע קעגן דעם צאַר, זיינען פּלוצלינג באַפאַלן די צאַרישע פּאָליציי. הגם אונדזער רעסטאָראַציע איז געווען אויפן ערשטן גאָרן, האָבן די רעוואָלוציאָנערן אָנגעהויבן צו שפּרינגען דורך די פענצטער. איין העלדישע מיידל האָט פאַרן אַנטלויפן אויסגעלאָשן די לאָמפּן. די צאַרישע סטראַזשניקעס האָבן מיט זייערע בלאַנקע סאַבלעס געפאָכעט אין דער לופט, איבער די קעפּ פון די אַנטלויפענדיקע רעוואָלוציאָנערן. זיי האָבן עטלעכע „אַחדותניקעס" פאַרוווּנדעט. אויף די ווענט און אויפן באָדן זיינען געבליבן שטיין פלעקן פון בלוט. אָבער קיין איינציקער רעוואָלוציאָנער איז נישט אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די צאַרישע סטראַזשניקעס.

דעם צאַרס שליחים האָבן אַרעסטירט און שטרענג אויסגעפרעגט מיין טאַטן... און לויט דער זעלבער ווערסיע זאָל מיין טאַטע טאַקע האָבן עפּעס אויסגעפּלוידערט... און באַלד נאָכדעם האָט מיין טאַטע געקראָגן אַ געהיימנישפולע וואָרנונג פונם „אַחדות":

— אויב ער וועט נישט תיכף אָפּלייקענען דאָס וואָס ער האָט געפּלוידערט, וועט ער זיין מיט אַ קאָפּ קלענער...

אין דער היים האָבן מיר זיך שטאַרק דערשראָקן. די מאַמע, וואָס איז אַגב געווען דעמאָלט ערנסט שלאַף אויף אירע אויגן און זי פלעגט גיין אין פּאָזנאַנסקי׳ס שפּיטאָל פאַר היילונג, האָט שרעקלעך געוויינט. דער טאַטע זאָל שפּעטער האָבן געענדערט, האָב איך געהערט, דעם נוסח פון זיינע רייד... אָבער פאַר אַ סך איז ער ממש געבליבן שטיין ווי אַ מסור פון דער רעוואָלוציע... און חיים שבת האָט דעם טאַטן כסדר דערמאָנט די געשיכטע...

איך קען איצט, אַזוי פיל יאָרן שפּעטער, אָפּלייקענען די באַשולדיקונג.

מיין טאַטע איז קיין מסור נישט געווען. עס איז אַבסאָלוט נישט געווען אין זיין כאַראַקטער צו מסר׳ן. אַלץ וואָס מיין טאַטע האָט תמיד געטאָן, איז אוודאי געווען אָפן און ברוטאַל. ער האָט קיין שום זאַכן אין זיין גאַנץ לעבן נישט געטאָן פאַרמאַרסקירטערהייט... עס איז אמת: דער טאַטע האָט די סאָציאַליסטן נישט ליב געהאַט. ער איז פון דער נאַטור געווען אַ פאַנאַטישער רעאַקציאָנער. ווען ער וואָלט געבוירן געוואָרן אַ גוי, וואָלט ער געווען אַ מאָנאַרכיסט. אָבער עס איז גאָרנישט געווען אין זיין שטאָלצן כאַראַקטער צו פאַר׳מסר׳ן די העלדישע אַחדות׳ניקעס. דערצו איז ער געווען אַ פאַנאַטיש ערלעכער מאַן. ריינקייט פון כאַראַקטער איז געווען דער הייליקסטער געבאָט פון זיין לעבן. דער טאַטע פלעגט תמיד, ביי יעדער פאַסיקער געלעגנהייט, ציטירן דעם זאָג, וואָס עס האָט, לויט אים, געזאָגט דער רוסישער צאַר אַלעקסאַנדער דער צווייטער:

— „מסירה האָב איך ליב. אָבער דעם מסור אַליין קען איך נישט פאַרטראָגן".

אַ מסור, אַ פּראָוואָקאַטאָר, האָט ביים טאַטן תמיד אַרויסגערופן ביטערע פאַראַכטונג. וועגן יעדער סאָרט פאַרברעכן פלעגט דער טאַטע איבער׳חזר׳ן דעם אַנעקדאָט וועגן ר׳ הלל הזקן, וואָס האָט געזען שווימען אין וואַסער דעם קאָפּ פון אַ דערמאָרדעטן.

ווי שוין געזאָגט: איצט, אַזוי פיל יאָרן שפּעטער, מישט חיים שבת אויף דאָס דאָזיקע קאַפּיטל פון 1905טן יאָר... צוויי אַלטע לייט שטעכן זיך איינער דעם אַנדערן אין די הערצער מיט ווערטער שאַרפע ווי נאַקעטע באַיאָנעטן... אָבער דער טאַטע איז צופיל שטאָלץ כדי זיך אַפילו צו פאַרענטפערן...

אַ לאַנגע צייט, איך בין זיך מודה, האָב איך פאַראַכטעט דעם טאַטן צוליב דעם דאָזיקן בלבול. ווייל מיין יוגענטלעך האַרץ איז געווען פול מיט שנאה קעגן דעם דעספּאָטישן צאַר און פאַרשטייט זיך, תמיד מיט סימפּאַטיע אויף דער זייט פון די העלדישע רעוואָלוציאָנערן... איך זע, ווי געזאָגט, זייערע בליציקע אויגן פול מיט שנאה צו זעלבסטהערשאַפט און טיראַניע...

— „דער טאַטע וועט זיין מיט אַ קאָפּ קלענער"... איך האָב אַ לאַנגע צייט פשוט נישט פאַרשטאַנען וואָס עס מיינט: ווי אַזוי קען פלוצלינג אַ מענטש ווערן מיט אַ קאָפּ קלענער?...

דער טאַטע איז קיינמאָל אין זיין לעבן נישט געווען קיין פחדן. ער האָט פאַר קיינעם נישט קיין מורא געהאַט און די צאַרישע פּאָליציי וואָלט אים קיינמאָל נישט געקענט חלילה צוברענגען צו אַזאַ פאַרברעכן ווי מסר׳ן רעוואָלוציאָנערן...

ווי אַן אילוסטראַציע פון טאַטנס אומדערשראָקנקייט, וואָלט איך דאָ געקענט ברענגען אַ סך פאַקטן פון זיין לעבן, ווען ער האָט זיך אַנטקעגן־געשטעלט צאַרישע קאָזאַקן, באַנדיטן און שיכורים אין די דערפער,

וואָס פלעגן פּרובירן אַטאַקירן אונדזער היים. אין אַזעלכע מאָמענטן האָט דער טאַטע נישט געוווּסט פון קיין פּחד און ער האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ לייב...

---

חיים שבת האַלט זיך נישט אָפּ פון צו דערציילן ווי אַזוי דער טאַטע האָט איינמאָל גענומען אַ באָד אין אַ הילצערנער באַליע. עס איז געווען אין פּולאַווי. אין שטעטל פלעגט מען כמעט קיינמאָל נישט נעמען קיין באָד... אויסער ווען מען פלעגט זומערצייט זיך באָדן אין דער ווייכסל... איך געדענק ווי אַזוי וואָכן פריער האָט דער טאַטע אויסגעדריקט צו דער מאַמען זיין פאַרלאַנג צו אָפּוואַשן זיך דעם פאַרברודיקטן גוף אין הייסע וואַסער אין אַ באָד. דער טאַטע האָט געהאַט אַ קולט צו פיזישער און גייסטיקער ריינקייט. די מאַמע האָט געווייגלעך געטראָגן וואַסער פונם אייזערנעם פּלומפּ, (אָדער פונם „וואָדאָטשאָנג”, ווי מען האָט עס גערופן פאַרפּוילישט). די מאַמע האָט צוגעגרייט אַ באַליע מיט הייסע וואַסער, וואָס זי האָט אויפגעקאָכט אין אייזערנע טעפּ און טשייניקעס אויף דער פּליטע. דער טאַטע איז געזעסן אַ נאַקעטער אין דער באַליע, אינמיטן שטוב, און האָט שטאַרק הנאה געהאַט פון דעם באָד... פון זיין באָרד און פון זיין לייב זיינען גערונען טראָפּנס הייסע וואַסער און שווייס... די מאַמע האָט אים געוואַשן מיט זייף און די גאַנצע סצענע האָט אויסגעזען מאָדנע און אומגעווייגלעך...

פלוצלינג עפנט זיך די טיר און עס דערשיינט אונדזער שכנטע, אַלטעלע, דעם פּאַפּיעראָשניק'ס שווינדזוכטיקע ווייב. דער טאַטע, גאָרנישט מעשה העלד, דערשרעקט זיך און ער לויפט אַרויס אַ הויל־נאַקעטער פון דער באַליע... אַלטעלע, די אָרעמע אידענע, האָט עפּעס אויסגעשריגן פון שרעק און האָט אַוועקגע'חלש'ט אויפן פּלאַץ. זי האָט זיך שוין מער קיין לעבעדיקע נישט אויפגעהויבן... די אָרעמע פרוי איז געשטאָרבן פון אַ האַרצשלאַג... זי האָט פאַריתומט זעקס יינגע טעכטער...

דער טאַטע פלעגט זאָגן אַז דאָס האָט דער רבונו של עולם באַשטראָפט אַלטעלען פאַר איר מיאוסער געוווינהייט אָפט צו שטיין ביי די טירן פון אירע שכנים און זיך איינצוהערן וואָס מען רעדט... עס איז מערקווירדיק וואָס אין דער אַלטער היים פלעגן פרויען ליב האָבן צו שטיין אונטער דער טיר און זיך איינצוהערן אין מענטשלעכע רייד... אפשר איז עס געווען אינם פאָלק דער געוואַלטיקער הונגער צום מענטשלעכן וואָרט... דער דאָרשט נאָך היימישע נייעס... מען האָט אין שטעטל נישט געלייענט קיין ראָמאַנען פון קאָמפּליצירטע ליבעס און אינטריגעס. אָבער די גרויסע נייגע־ריקייט צו וויסן די סודות פון די מענטשן, צו לייענען אונטער דעכער, טירן און פענצטער די געהיימניש פונם לעבן זעלבסט, צו זען גאָר דאָס לעבן און די שיקזאַלן פון די מענטשן, האָט אַלעמען באַהערשט... און די

דרייסטע האָבן געוואָגט אויפצוגראָבן די כראָניק פון מענטשלעכן לעבן מיט געוואַלט... נישט תמיד באַנוצנדיק די סאַמע שענסטע מיטלען...

חיים שבת געדענקט גאָר די כראָניק פונם שטעטל מיט זיין געוואַלטיקן זכרון. זיין בליציק אויג האָט אַריינגענומען, אַזוי ווי דאָקטאָר פּאַאוסט, אַלע מענטשלעכע מאַניפעסטאַציעס: גאָר די מענטשלעכע לוסטן און שמחות, אַלע חתונות און ימים־טובים. און פּונקט ווי איוב, האָט ער אין זיינע ביינער און געהירן אַריינגענומען גאָר די מענטשלעכע יסורים, אַלע לוויות און אַלע אומגליקן אין שטעטל. ער געדענקט אַזוי ווי עס וואָלט ערשט נעכטן געשען אַלע פּינצטערע באַגרעבענישן פון מענטשלעכע לייבער: פון קינדער און פון אַלע אַלטע לייט, פון מערדער און פון זעלבסטמערדער. פון צניעות און פון קורוועס. פון צדיקים און רשעים. ער האָט אַריינגענומען אונטער זיין שאַרבן גאָר די בעטלערס און די משוגעים, אַלע אידן פון שטעטל און זיי שטייען דאָרטן מאָנומענטאַליש אָוועקגעשטעלט ווי גראַנדיעזע פיגורן אין אַ מוזעאום. נאָר זיי רעדן און זיי לעבן ווייטער. זיי קריגן זיך און זיי שלאָגן זיך און זיי דאַווענען און זיי דוכענען און זיי לאַכן און זיי יאָמערן אַזוי ווי לעבעדיקע מענטשן. און די מינדעסטע פּאַסירונגען פון זיין צייט און זיין סביבה זיינען געבליבן שטיין לעבעדיקע און פרישע אַזוי ווי נאָך נעכטן געשעענע אין זיין טייוולישן זכרון.

חיים שבת, ווי געזאָגט, געדענקט די טויטע מענטשן פונם שטעטל און פון אַלע אירע טונקעלע גאַסן און קוואַרטאַלן. ער רעדט וועגן זיי טאָג און נאַכט. פאַר אים און פאַר זיינס גלייכן זיינען די איינוווינער פון שטעטל, טויטע אָדער לעבעדיקע, תמיד געווען אַנוועזנדיק אינם גייסטיקן און גע־זעלשאַפטלעכן לעבן פון זיין סביבה. אונטערן איינפלוס פון מיין שוואָגער חיים שבת׳ס רעדן וועגן די היימישע געשטאָרבענע, האָב איך געשריבן פאָלגנ־דיקס:

ווען דער גרויסער שריפטשטעלער און סטימולאַנט אין דער יידישער ליטעראַטור, יצחק ליבוש פּרץ, איז געקומען און האָט אויפגעשטעלט פון וויזיע, פון חלום און פון קאָשמאַר זיין מערקווירדיקן דראַמאַטישן ווערק „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק״, באַשרייבנדיק דעם טראַגיש־סימבאָלישן בונט פון די מתים, איז עס פאַקטיש געווען אַ רעזולטאַט פון גאַנצע טויזנט יאָר פאָלקלאָר און פאַרשטעלונג, חלום און בענקשאַפט פון די היימישע איינ־וווינער און די טיפישע תושבים פונם שטעטל, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין געדולד פאַרן טויט און פאַר אייביקייט... זיי האָבן ביי קיין שום אופן נישט געוואָלט איינליגן אויפן קליינשטעטלדיקן בית־עולם. אונדזערע טייערע אידן האָבן פיינט געהאַט דעם מלאך־המות. דער דיכטער האָט די טויטע צוריק אַריינגענומען אין דעם אייביקן טאַנץ פון לעבן...

יאָ, טויזנטער מעשיות און פּאַסירונגען האָט דאָס פּוילישע שטעטל געבוירן וועגן מתים וואָס וואַנדלען אַרום איבער די היימישע געסלעך,

אויף די שול־הייף, אויף די שטילע וועגן אַרום דעם שטעטל. יידן האָבן דערציילט מעשיות ווי אַזוי די מתים נעבעך רייסן זיך אַרויס פון די קברים, אין די פאַרשטויבטע און פאַרליימיקטע תכריכים אויף זייערע צעפוילטע גופים, און זיי פּראָטעסטירן שטומערהייט אויף זייער ביטערער דאָליע. די מענטשן פון די פּיצלעך שטעטלעך האָבן פאַקטיש אַזוי אַרום פּראָטעסטירט אַנטקעגן דעם מלאך־המות. זיי האָבן נעבעך נישט געקענט ליידן אַז זייערע היימישע טרעגערס, קצבים, בעדערס און כלעזמער בעלי־מלאָכות זאָלן פוילן פאַסיוו אין דר׳ערד. די בעטלערס און די משוגעים, די צעבראָכענע און די פאַרשאָטענע, די קרומע און די לאָמע, די טויבע און די בלינדע, די קרוע־בלועדיקע און די איינזאַמע, זיי אַלע האָבן זיך דרייסט, די פאַנטאַזיאָרן פון שטעטל, אַרויסגעריסן פון די אָרעמס פון טויט, אַרויסגעפליקט פון זייער שטילער ערד אויפן בית־עולם, אַזוי ווי כוואַליעס וואָס דער שטורעמווינט רייסט אַרויס פון דער טיפעניש פון די ימים, אַזוי ווי הייסע, אונטערערדישע שטראָמען... די שטעטלדיקע פאַנטאַזיע פירט די מתים צו שעפן פרישע לופט פון דער ריינער, בלויער און קיל־באַגינעבדיקער לופט און לאָזט זיי איינטונקען זייערע טרויעריקע קעפּ אין די שטורקאַצן פון דער אויפגייענדיקער זון, וואָס צערייסט דעם הימלישן פאַרהאַנג און פיקט אַדורך דעם אייזערנעם נעפל און שטעקט אַרויס איר גאָלדענעם קאָפּ. די בטלנים, אביונים און דלפנים האָבן נעבעך טויטערהייט געוויטיקט און פּראָטעסטירט אַנטקעגן די פייערן פון גיהנום, אַנטקעגן די פינצטערע טויערן פון „יענער וועלט", אַנטקעגן די קופּערנע ווערם פונם קבר, אַנטקעגן דער אומגערעכטיקייט פונם שטאַרבן...

די אַלטע מויד און דער היימישער הויקער, דער צעשלאָגענער רעוואָלוציאָנער און דער קרבן פון פּאָגראָם, האָבן זיך אַרויסגעריסן פון די נאָך מיט קיין גראָז נישט באַדעקטע בערגלעך ערד־און־ליים און דעם סאַמע ערשטן און בעסטן פּערסאָנאַזש פון שטעטל וואָס זיי האָבן אָנגעטראָפן אַ צום טויט־איבערגעשראָקענעם, האָבן זיי מיט די טרויעריקע אויגן געגעבן אָנצוגעהערן:

— פאַרוואָס האָט איר מיך נישט קובר געווען ווי אַ ייד? פאַרוואָס פעלט מיר ווייסע ליינוואַנט צו די פיס? פאַרוואָס זענען מיינע תכריכים קורצע? פאַרוואָס איז מיר די האָריקע ברוסט נאַקעט אָפּגעדעקט פאַר ווערם און זאַמד? פאַרוואָס האָט איר זיך אַזוי מוראדיק געאיילט מיך צו באַגראָבן, ווען מיינע גלידער האָבן נאָך געשטאָכן מיט די יסורים פון לעבן??!

די משוגענע פילאָזאָפן פון שטעטל, די בטלנישע אַסטראָנאָמען און שטערנזעערס, די נישט־דערגאַנגענע באָרדן און די אָנגעצונדענע ראָמאַנטיקער, האָבן נעבעך נישט געוואָלט איינליגן אין דר׳ערד, ווען די לופט האָט ווויל געשמעקט מיט די פאַרשיכּורנדיקע פּערפיומען פון די אַרומיקע וועלדער. ווען פון דר׳ערד האָבן פלאַמיק אַרויסגעבליט און אַרויסגעבראָכן

משוגענע קוויאַטן. ווען די זון האָט געפלאַסן און האָט געכוואַליעט מיט גאַנצע וועלטן מיט גאָלד. ווען אין דער שכנות'דיקער וויכסל האָט זיך אַ בראַנדז־נאַקעטיקע געבאָדן דאָס כלה־מיידל אַזוי ווי אַן אַנטיקע און רייצענדיקע געציין. די טויטע האָבן מיט זייערע הענט צעריסן די ערד ממש און זיך אינמיטן נאַכט אַרויסגע'גנב'עט אויף דער פריי ווי גנבים וואָס צעברעכן די גראַטעס פון די קאַזעס. דאָס פאָלק האָט זיך תמיד געשראָקן פאַר די טויטע רעוואָלוציאָנערן, כאָטש עס האָט אַוודאי אַרויסגעוויזן גרויסע סימפּאַטיע מיט די מאָדנע אויפשטענדלער, מיט די ביזאַרע רעוואָלטירער אַנטקעגן דער לאַנגער און אייזערנער שווערד פון מלאך־המות... דאָס פאָלק האָט קיינמאָל נישט פאַרלאָזן אירע טויטע... מען האָט נאָך זיי ווילד געוויינט און אומגעהויער טיף געבענקט... מען האָט זיי אַריינגעוועבט אין לעגענדע און אין מעשה... מען האָט זיי איינגעלאַדן אינם ליבע־פאָלקס־ליד און אין דער שוואַרצער באַלאַדע... מען האָט פאַר זיי ביינאַכט געלאָזן עפענען טיר־און־טויער פון דער שול, כדי זיי זאָלן לערנען און זיך צוטיילן עליות און אויפרופן ווידער די וווּנדערלעכע בעלי־הבתים און אָפּגעשליסענע פאַרשוינען פון שטעטל צו דער הייליקער תורה.

דער דיכטער האָט זיי איינגעלאַדן אין זיין ווערק... עס האָט פּרץ זיי ווידער אָנגעטאָן אין דער גרויסער תאווה פון בונט און דראַמאַטיש לעבן...

---

אַגב האָט חיים שבת געזען פּרץ'ן זעלבסט אין פּולאַווי, ווען ער פלעגט קומען בשעת די הייסע זומער־חדשים אויף וואַקאַציעס. אין שטעטל האָבן געוווינט זיינע נאָענטע קרובים: דער איידעלער פישל פּרץ מיט זיין פרוי און צוויי קינדער. די פרוי און אירע קינדער האָבן זיך שפּעטער, נאָך פישל פּרץ'ס פריצייטיקן טויט פון אַ האַרץ־אַטאַקע, באַזעצט אין תל־אָביב. חיים שבת געדענקט פּרץ'ן און ער דערציילט וועגן אים:

— פּרץ האָט אויסגעזען ווי אַ פּוילישער כראַביע. זיין גרויסע און טונקעלע פּעלערינע האָט אים צוגעגעבן דעם אויסזען פון אַ הימליש וועזן וואָס קען יעדער רגע זיך אויפהייבן פון דער ערד אויף דער פּעלערינעס פינצטערע פליגל און אַוועקשוועבן אין גן־עדן אַריין. און די שקצימלעך אין שטעטל האָבן אים טאַקע גערופן מיטן צונאָמען „פּאַן טוואַרדאָווסקי", אויפן נאָמען פונם לעגענדאַרן פּוילישן כישופמאַכער. פּרץ'ן האָב איך אָפט געזען זיצן אַן איינזאַמען אין קעניגלעכן פּאַרק און שרייבן אָן אַן אויפהער ווי אַ ווילד־באַזעסענער... זיינע פינגער און אַפילו זיינע אַרבל זיינען געווען באַפלעקט מיט טינט. אויך זיין פּנים האָט געהאַט טינט־פלעקן, ווי אַ קוימענקערערס פּנים מיט סאַזעס. יעדעס מאָל פלעגט ער זיך מיט די טינט־פאַרפלעקטע הענט אַ וויש טאָן איבער זיין פּנים. יעדעס איינציקע באַשריבענע בלעטל וואָס פּרץ האָט אַוועקגעלעגט אויף דער באַנק,

האָט דער וויינט ווי מיט אַ געהיימנישפולע האַנט באַלד צוגעגנבעט... אָבער פּרץ'ן, שיינט עס, האָט עס גאָרנישט געאַרט, פּונקט ווי ער וואָלט טאַקע געהאַט געשריבן פאַרן טייוול... און ער האָט טאַקע ווייטער געשריבן — פאַרן חוצפהדיקן ווינט...

מיין שוואָגער דערציילט ווייטער:

— פּרץ פלעגט ליב האָבן צו רעדן מיט די בעטלערס און היימישע משוגעים פון שטעטל... אַפילו דער משוגענער ירמיה האָט געהאַט גע־דולד און גרויס דרך־ארץ פאַר דעם גרויסן כראַביע פּרץ פון וואַרשע... פּרץ האָט זיך צוגעבויגן צום צעפלאַמטן, איינגעריסטן און פאַרטרערטן פּנים פון משוגענעם ירמיה און דער לעצטער האָט זיך צוגעבויגן צום גאון... ביידע, גאון און משוגענער, האָבן זיך קעגנזייטיק אַריינגעקוקט אין די פּנימער... פּרץ פלעגט זיך באַזונדערס אָפּט אַרומפירן מיטן געלן מענדל גאַלילעאוש און מיט אים אינטים איינטענה'ן... מענדל גאַלילעאוש איז געווען אַ קליינטשיק געוואַקסן אידעלע, וואָס איז אייביק געווען קינד... זיין קאָפּ איז שוין געווען גרויער ווי פּרץ'ס קאָפּ. אָבער ער האָט גערעדט און זיך אויפגעפירט קינדיש. גאָט האָט אים גרוי און אַלט געמאַכט. אָבער ער האָט זיך איינגעקראַמפּט אין דער קינדהייט און ער האָט פון איר נישט געוואָלט אַרויס, אַפילו ווען דאָס ציגישע און ברוטאַלע לעבן האָט אים געזעצט מיט שטיינערנע פויסטן אין קאָפּ אַריין און אים געוואָלט רייף און אַלט מאַכן... מען האָט מענדלען גערופן „גאַלילעאוש", ווייל ער האָט תמיד ליב געהאַט צו רעדן וועגן די הימלישע וועגן וואָס ער האָט בעסער געקענט ווי די גאַסן פון שטעטל. אויך האָט ער געהאַט אַ צונאָמען „דאָס שטרויעלע". מען האָט אים אַזוי גערופן ווייל ער האָט מורא געהאַט אויפן וועג אַריבערצושפּאַנען אַ קליינטשיק שטרויעלע. קינדער און לצים האָבן שוין געוווּסט פאַרוואָס מענדל האָט שרעקלעך מורא... און זיי פלעגן אים פאַרויסלויפן און האַרט פאַר זיינע פיס אַוועקלעגן אַ אומשולדיקן גאָלדענעם שטרויעלע... איז שוין נעבעך מענדל גאַלילעאוש געווען גע־צוווּנגען אויסצודרייען דעם דישעל און גיין מיט אַן אַנדערן וועג... ער האָט טאַקע הייס און היציק גערעדט מיט פּרץ'ן וועגן — אַסטראָנאָמיע, שפּאַנענדיק מיטן שרייבער איבער אוניווערסאַלע מרחקים... אָבער אַריבער־שפּאַנען אַ שטרויעלע — דאָס האָט ער נישט געוואָגט... אָבער פּרץ האָט אים חלילה נישט פאַרשעמט. ער האָט צוזאַמען מיט מענדעלע גאַלילעאושן נישט אַריבערגעשפּאַנט דאָס שטרויעלע — נייערט ביידע האָבן זיך פאַר־קירעוועט... איבעריקנס, וועגן זיינען דאָך געווען אַ סך אינם שטעטל. צוואָס האָט מען טאַקע געמוזט אַריבערשפּאַנען געפערלעכע ערטער? מסתמא האָבן די שדים געפּרוווט שטרויכלען דעם מין מענטש מכלומרשט דורך אַן אומשולדיקן שטרויעלע...

בכלל האָט פּרץ געהאַט געדולד און ליבשאַפט צו די שאַטנס פון

דער ערד. ער האָט די איינזאַמע און אַוועקגעוואָרפענע מענטשן אָנגעקוקט מיט זיינע גרויסע, ברענענדיקע אויגן און ער האָט זיי ווי פאַרכישופט. ער האָט זיי היפּנאָטיזירט מיט זיין מענטשלעכער וואַרעמקייט און הייליקער באַציאונג. ער איז געווען פּונקט אַזאַ גרויסער צדיק ווי אַ קינסטלער.

חיים שבת רעדט אינטערעסאַנט וועגן פּרץ׳ן... יאָ, פּרץ האָט געשריבן וועגן די דאָזיקע וויסטע און אומגליקלעכע משוגעים... די געוויינלעך קרוע־בלועדיקע פאַרשווינען און טונקעלע טיפּן זיינען ווי די קיסרים שטאָלצע אַריינגעגאַנגען אין זיינע ווערק. אַזוי ווי אין מייסטער רעמבראַנדט׳ס אָנגעצונדענע בילדער, זיינען זיי געוואָרן אין פּרץ׳ס ווערק צו פּירשטן און פילאָזאָפן, צו רעוואָלוציאָנערן וואָס פּרווון, אַזוי ווי יהושע בן־נון, אָפּשטעלן די זון און מיט געוואַלט לאָזן שטיין אייביקן און אומפאַרגעגלעכן שבת אין אוניווערס... זיי האָבן געלויכטן נישט אַזוי ווייט מיט זייערע גאָלדענע קרוינען, ווי מיט זייערע אָנגעצונדענע קעפּ און הייסע שטערנס, שווער באַלאָדענע מיט מחשבה און מיט פילאָזאָפיע... ווער דערקענט זיי דען נישט אינם „משוגענעם בטלן״ און אין די טראַגישע מתים פון „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק״ וואָס טריאומפירן איבערן טויט אַפילו, און זיי רייסן זיך אַרויס פון די קברים כדי צו צינדן אויף דער ערד די אומשטערבלעכע מרידה פון לעבן?!!...

פּרץ האָט שטאַרק ליב געהאַט דעם משוגענעם ירמיה! — חזר׳ט איבער חיים שבת.

— דעם משוגענעם ירמיה? יאָ, ער האָט נאָך געלעבט מיט זיין שטורמישן לעבן אין מיינע צייטן... איך האָב שוין באַשריבן דעם דאָזיקן איינזאַם־פאַרשאָלטענעם און טעאַטראַליש־מאָדנעם איד אין גאָר זיין טראַגישער שיינקייט און מאַיעסטעטיק... ער איז שוין דעמאָלט, ווען איך בין נאָך געווען איינגעהילט אין דער קינדהייט, אַלט געווען אַ טויזנט יאָר...

---

חיים שבת וויל היינט אין אָוונט עפּעס שטאַרק באַליידיקן דעם טאַטן. ער וויל אים מיט עפּעס אַ דערמאָנונג מוראדיק וויי טאָן. הויבט ער אָן פּלוצלינג דערציילן, בשעת די זילבערנע לייכטער באַלייכטן די גאַנצע שטוב און די פּנימער פון די מענטשן מיט אַ גאָלדענעם, שבת׳דיקן ליכט, אַז מיין עלטסטע שוועסטער שרה׳לע האָט אין שטעטל געבייט תכריכים פאַר די חברה קדישא. חיים שבת רעדט עפּעס מיט אַן אומנאַטירלעכן קול, אַזוי ווי ער וואָלט זיין שיכור פונם ביסל ווישניאַק וואָס ער האָט געטרונקען ביי דער שבת׳דיקער סעודה. אין דער אמת׳ן איז ער שיכור פון שנאה.

ווייניק אידן זיינען געשטאָרבן אין די געסלעך און אין די אַלטע אָרעמע מויערן פונם שטעטל, ווייל די באַפעלקערונג איז דאָך פּראָפּאָרציאָנעל

נישט געווען קיין גרויסע. סיידן בשעתן אויסבראַך  פון אַ מגפה ר״ל, צי ווען אין שטעטל האָט געפּאַנעוועט די שרעקלעכע כאָלערע.  איבערהויפּט, איז די שטערבלעכקייט פון קליינע קינדער געווען אַ גרויסע. קינדער־קראַנקהייטן האָבן אויסגעשעקעט דאָס קליינוואַרג. אַפילו אַזאַ מחלה ווי מאַזלען האָט אומגעבראַכט מאַסנווייז די קינדער. דערצו האָט מען געהאַט די פאַלשע איינרעדעניש אַז יעדעס קינד מוז מיט געוואַלט אַדורכמאַכן די מאַזלען־שלאַפקייט.  ווען איין קינד איז אין אַ פאַמיליע קראַנק געוואָרן אויף מאַזלען, פלעגט מען די איבעריקע קינדער אַריינלעגן אין בעט פונם קראַנקן קינד, וואָס האָט געברענט אין הויכן פיבער, כדי זיי זאָלן זיך בכיוון אָנשטעקן מיט דער קראַנקהייט און וואָס פריער „איבערקומען״ די מאַזלען. אַזוי איז עס אויך געשען מיט מיר אַליין. ווען מיין עלטערער ברודער פּנחס איז געלעגן אין בעטל מיט אַ זייער הויכן פיבער, האָט מען מיך אַריינגעלעגט צו אים אויף אַ גאַנצער נאַכט. איך האָב זיך אַפילו אָנטקעגנגעשטעלט מחמת פּנחס האָט עפּעס גערעדט פון היץ מיט אַזאַ מין פרעמדן און פאַנטאַסטישן לשון. אַז איך האָב זיך דערשראָקן פאַר אים. ער האָט טעג־לאַנג גערעדט מיט אַ געהיימנישפולן לשון פון ווילדער משוגעת און צעמישטער פּאָעזיע. מיך האָט געשראָקן זיין מורא׳דיקע פאַנטאַסטיק... מיין ברודער פּנחס, וואָס האָט קיינמאָל נישט פריער און אויך נישט שפּעטער אַרויסגעוויזן ספּעציעלע פּאָעטישע פעיקייטן, איז פּלוצלינג אין זיין פיבער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פּאָעט.  יענע נאַכט, ווען מען האָט מיך געצוווּנגען צו ליגן נעבן אים און מען האָט מיך ממש מיט שטריק צוגעבונדן צו זיין געלעגער, כדי איך זאָל נישט זיין אימשטאַנד אינמיטן נאַכט אַרויסצולויפן פון בעטל, צוליב מיין שרעקלעכן פּחד, האָב איך בכלל אין אים נישט דערקענט מיין ברודער פּנחס.  עס איז נעבן מיר געלעגן אַ פרעמד און טרויעריק באַשעפעניש, וואָס האָט גערעדט מיט אַ בילדערישע שפּראַך ווי ער וואָלט זיין „באַזעסן״... אַ נביא האָט פון אים אַרויסגעזעצט מיט פייעדיקע רייד.  און איך בין טאַקע נאָך דער דאָזיקער נאַכט געווען אָנגעצונדן מיטן הייסן פיבער פון מאַזלען וואָכנלאַנג...

און דאָסזעלבע האָט מען אין די שטעטלעך געטאָן מיט די מערסטע קינדער אין אידישע היימען. מען האָט זיי בכיוון אָנגעשטעקט. אַמאָל פלעגט מען טראָגן אַ קליין אינגל אָדער אַ מיידל צו אַ שכנ׳ס קראַנקן קינד כדי עס אָנצושטעקן...

איז, ווען עס פלעגט אין שטעטל אָוועקפאַלן אַן איינזאַמער איד, אָדער עפּעס אַ קראַנקע און פאַרוואָרלאָזטע אידענע, ווען דער מלאך המות האָט אינמיטן נאַכט דערוואָרגן מיט זיינע אייזערנע לאַפּעס, אָדער ער האָט דערשטיקט מיט זיינע שטאָליק־האָריקע הענט אַ קליינטשיק אידיש קינדעלע אינם הילצערנעם וויגל, וואָס האָט געפיבערט מיט שקאַרלאַטינע צי מיט טיפוס, פלעגט מען אין מיטן פון דער נאַכט טיילמאָל אָנקלאַפּן אין דער טיר

מיט אַ שטעקן און אויפוועקן אונדזער שוועסטער שרה׳לען. און שרה׳לע איז אויפגעריסן געוואָרן פונם שלאָף מיט פאַרקלעפּטע אויגן פונם זיסן האָניק פון איר יינג־מיידלשן שלאָף און זי האָט אין דער נאַכט, זיצנדיק אַן איינזאַמע ביי זינגערס ניי־מאַשין, אויפגעצייט מיט די הענט די לויזע תכריכים פון ווייסע און גראָבע ליינוואַנט פאַר אַן אומגליקלעך און לעבנס־מידן באַשעפעניש, וואָס האָט זיך שוין אויף אייביק פיזיש געשיידט מיטן גרויען עולם פונם שטעטל, כאָטש איר בענקענדיקע נשמה פלעגט זיך כמעט תמיד צוריקקערן צו די היימישע גאַסן, צו די באַקאַנטע וועגן און שטעגן, צו דער שול און צו אַלע יענע ליבע פּלעצער, ווו עס האָט אָפּטמאָל באַרפוס און אָרעם באַטראָטן און אָנגערירט די היימישע ערד... שרה׳לע פלעגט אַזוי זיצן אַ גאַנצע נאַכט און מיט ברייטע שטעפּ פאַרטיק מאַכן אַ טויטן בגד פאַר אַ קאַלטן מענטשנגוף, ווען דער רבונו של עולם, ביי וועמען טויזנט יאָר איז אַזוי ווי אַן איינציקע שעה ביי אַ מענטש, האָט אים אומ־געקערט צוריק צו צעשטויסונג, ווי עס זאָגט דער בעל התהלים: „דו האָסט זיי אַוועקגעשטראָמט, זיי זיינען ווי אַ שלאָף; אין דער פרי זיינען זיי אַזוי ווי דאָס גראָז וואָס דערנייערט זיך, אין דער פרי שפּראָצט עס אויף און דערנייערט זיך און צו אָוונט צו ווערט עס פאַרשניטן און פאַרדאַרט".

אין דער פרי, ווען מיינע יינגע שוועסטערן טעמעלע און צירעלע פלעגן אויפשטיין פון זייער געמיינזאַמען נאַכטיקן געלעגער, כדי זיך שנעל אָפּ־וואַשן, צו זאָגן „מודה אני", און איבעצובייסן אין איילעניש דאָס אָרעמע און קאַרגע שטיקל ברויט מיט טיי און כדי זיך צו נעמען אַרבעטן דעם גאַנצן טאָג, ביזן שוין טונקעלן אָוונט ביי די אייזערנע ניי־מאַשינען, פלעגן זיי באַגעגענען זייער עלטערע שוועסטער שרה׳לען, אַזאַ מין מאָדנע איינזאַמע און דערשלאָגענע, ווי זי וואָלט געהאַט מיטגע־שטאָרבן מיטן געשטאָרבענעם מענטש... וואָרים אויפנייענדיק די תכריכים, איז זייער עלטערע שוועסטער אַזוי ווי איבער נאַכט עפּעס גרויער און עלטער און פאַרוויסט געוואָרן... זי האָט אַזאַ שווייגנדיקע און שטילע גענייט די ווייסע תכריכים פאַר איינעם אַן אָרעמען, מענטשלעכן באַשע־פעניש, וואָס האָט נעבעך איינזאַם אויסגעהויכט זיין בידנע נשמה, און דער מלאך המות איז איבער איר אַ געדולדיקער געשטאַנען און מיט זיינע פינצטערע און שרעקלעך איינזאַמע הענט האָט ער אָנגערירט אירע דינע און איידעלע פּלייצעס... שרה׳לע האָט צוגעשניטן דאָס גרויע און טרויערי־קע שטיק ליינוואַנט, וואָס גייט איצט טיילן דעם גורל פונם איינזאַמען מת, און שיכור פון טויט איז אַריבער איר קאָפּ און רונד־מיידעלשע אַקסלען געשטאַנען דער טונקעלער מלאך המות און ער האָט אויסגעבויגן אירע ביינער און ער האָט איר יינג פרויאיש האַרץ צעדריקט... וואָרים ער, דער סאַמעראָדנער מייסטער פון טויט, איז אויך נישט געווען גליקלעך פון זיין מלאָכה... איז עס דען עפּעס אַ קלייניקייט צוצונעמען כסדר, טאָג

און נאַכט, די נשמות פון וויינענדיקע מענטשן, וואָס ווילן זיך נעבעך נישט שיידן מיטן לעבן, אַפילו ווי אָרעם און ווי עלנט זיי זאָלן נישט זיין אין שטעטל און אין דער וועלט ?? ! . . . ער, דער מלאך המות, איז דאָך אויך געווען אַ פאַרשאָלטענער מלאך וואָס איז מיט געוואַלט פאַרמשפט געוואָרן צו זיין טרויעריקע פּראָפעסיע . . . און אָפט פלעגט ער שטיין איבער שרה׳לען אַ טויט־שיכורער, מחמת ער האָט ערשט באַזוכט אַ נאַכטיקע קרעטשמע און געטרונקען ווי לוט כוסה נאָך כוסה מיט פינקלענדיק־שטראַלנדיקן וויין . . .

מיינע ביידע שוועסטערן פלעגן דעריבער מיט אומעט זיך צוקוקן ווי זייער עלטסטע שוועסטער שרה׳לע גייט זיך איצט, אין פריען באַגינען, לעגן אין בעט — אַן אַלטע, אַ גרוי־געוואָרענע, אַ דערשלאָגענע פרוי . . . זיי האָבן זייער שוועסטער קוים דערקענט, אַזוי ווי דער מלאך המוות וואָס האָט ווי מיט אַ קיזלשטיין איר שווער צעשלאָגן דעם קאָפּ און אַלע אירע גלידער, וואָלט אויך פאַרענדערט איר צורה . . .

חיים שבת הוסט אָפּ, ער רעדט און ער שילדערט איצט מיט עפּעס אַ מערקווירדיקער פלאַסטישער קראַפט ווי אַזוי שרה׳לעס הענט בייען ביינאַכט די פינצטערע תכריכים . . . יעדער האַלבע שעה און גאַנצע שטונדע קומט אַרויס עפּעס אַ שטויביקער פויגל פונם טאַטנס זייגער־געווערק און ער רופט אויס אויף זיין פויגעלשן קול די שטומע און נאַכטיקע שעהן . . . די באַנאַכטיקע צייט רינט אַרויס אַ הייזעריקע און אַ בלייערנע פון זיין דערוואָרגענעם גאָרגל . . . ווען איך בין געווען אַ קליינטשיק אינגעלע, האָב איך געזען און זיך צוגעהערט צום דאָזיקן הילצערנעם פויגל. איך האָב אים ווויל און היימיש געקענט און ליב געהאַט. ער איז ממש אַריינגע־פלויגן אין מיין האַרצן אַריין. שפּעטער, ווען איך בין שוין אַביסל עלטער געוואָרן, האָב איך אים אַרומגעזוכט אין דרויסן, אין דער פרעמד, מחמת דער טאַטע, וואָס האָט ליב געהאַט אַלץ צו טוישן און צו ענדערן אַלע יאָרן פון זיין לעבן, האָט שוין לאַנג געהאַט ערגעץ ווו פאַרטאַכלעוועט דעם זייגער מיטן ליבן און היימישן פויגל . . . ווען איך פלעג אין דרויסן, אויף די פאַרנאַכטיקע פעלדער, זען שטיין די פוילישע קראָען אָדער וואָראָנעס, ווי מען האָט זיי גערופן, האָב איך תמיד פאַרדעכטיקט אַז איינע פון זיי איז דער פאַרשוווּנדענער פויגל אינם זייגער פון מיין קינדהייט. איך גע־דענק ווויל די דאָזיקע שטומע און שווייגנדיקע פייגל, אַזוי ווי שטומע און אומעטיקע קבצנים, צעבראָכענע און וויסטע באַשעפענישן, פלעגן זיי דער־שלאָגענע, קראַנקע און הונגעריקע, שטיין אויפן פוילישן אָוונטיקן פעלד, אין די פאַרנאַכטן פון ווינטערדיקן שניי און אָפּטמאָל זאַווערוכע, מיט זייער טינטיש־טונקעלער בלויקייט, אַזוי ווי גרויסע פלעקן טינט וואָס איך פאַרגיס אַזוי אָפט אויפן פּאַפּיר בשעת׳ן שרייבן די דאָזיקע שורות, און אַזוי זייענען זיי שוין אויף אייביקע צייטן שטיין געבליבן אין מיין אינגלערישער

וועלט... אָ, וווהין איז טאַקע אַוועקגעפלויגן דער הילצערנער פויגל פון מיין קינדערישן זייגער מיט זיינע שווערע פליגל? ער איז אַוודאי גע־פלויגן אַהין וווהין עס איז אַוועק גאָר דאָס אידישע לעבן און גאָר די פאַרשאָלטענע נשמות אין אידישן פוילן...

חיים שבת רעדט אַלץ און דערציילט אָן אַ סוף און אָן אַ ברעג. דעם טאַטנס פּנים, זע איך, איז צעפלאַמיקט און צעיאַכמערט. די מאַמע זיצט צוזאַמען מיט מיין שוועסטער טעמעלע אַזוי ווי צוויי אַבלים וואָלטן זיצן שבעה אויף נידעריקע טאַבורעטקעס, צי אויף הילצערנע קעסטלעך, און זיי וואָלטן זינקען אין דר׳ערד אַריין מיטן שווערן גוף פון זייער באַוויינטן קרוב... טעמעלע וויל פאַרעדן חיים שבת די ציין. און זי הויבט אָן צו דערציילן אַ מעשה וואָס איך האָב נאָך אייגענטלעך געהערט אין פּולאַווי, מיט יאָרן צוריק, וואָס זעט מיר איצט אויס ווי פאַרצייטנס, טאַקע פון צירע־לעס אײדעלע ליפּן אַרונטער. די דאָזיקע מאָדנע מעשה האָט צירעלע דערציילט דורכן אָפענעם פענצטער, אין דעם ריינעם און דורכזיכטיקן פרילינג, ווען דער בעז־בוים אויפן גרויסן הויף האָט וווּנדערלעך־גרין און וויאָסנעדיק־ניי אויפגעבליט, צו איינעם אַ הויכן און אַ דאַרן בחור, איגנאַץ, דעם אַלטן אַפּטייקערס זון, וואָס איז עפּעס אין אַ גאָר קורצער צייט אַרום באַגאַנגען זעלבסטמאָרד אויף אַ געהיימנישפולן אופן... צירעלע האָט דערציילט דורכן אָפענעם פענצטער... און איר קאָפּ מיט גאָלדענע האָר האָט אַרויסגעשטעקט פון פענצטער־ראָם אַזוי ווי אַ בונטער און רייכער בוקעט מיט ערשט־זוניק־צעבליטע און צעפלאַמטע קוויאַטן... און דער שלאַנקער בחור האָט זיך מאָדנע און ווי אַ פאַרכישופטער איינגעהערט אין דער מוזיק פון צירעלע׳ס רייד... ער האָט אפשר נישט געוווּסט וואָס זי רעדט, אַזוי שטאַרק פאַרליבט און פאַר׳כישוף׳ט איז ער געווען. און איצט, אַזוי פיל יאָרן שפּעטער, דערציילט מיין שוועסטער טעמעלע די פאַסירעניש אויפדאָסניי, אַזוי ווי עס וואָלט ערשט נעכטן געשען און זי זאָגט טאַקע מיט אַ ציטערניש פון פחד אין איר קול:

— איך געדענק עס אַזוי קלאָר אַזוי ווי עס וואָלט ערשט נעכטן גע־שען... און עס שוידערט מיך נאָך איצט אין די ביינער. עס איז געווען אין פריען און קאַלטן באַגינען, ווען אין די קליינשטעטלדיקע און אַרומיקע הייזלעך זיינען נאָך די מענטשן פעסט און טיף געשלאָפן, האָבן מיר, איך און צירעלע זי זאָל זיך מיען פאַר אונדז אַלע אין דעם ליכטיקן גן־עדן, דערהערט אַ זייער שטילן און אַן אײדעלן אָנקלאַפּעניש אין אונדזער טיר. מיר האָבן זיך געוווּנדערט: „ס׳טייטש, ווער קען דאָס אַזוי שטילערהייט קלאַפּן אין אַזאַ מין פריען באַגינען, ווען אַפילו דער רבונו של עולם אַליין שלאָפט נאָך טיף מיט אַ געזונטן שלאָף און ווען אַפילו די גוטע מלאָכים ליגן נאָך אין הימל ווי די געהרגעטע פויערים. מיר ביידע, איך און צירעלע, זי זאָל זיין פון אונדז אָפּגעשיידט, האָלטן ממש אין אונדזערע

אָטעמס פון גרויס אימה און פחד. איך קוק אָן צירעלען. איך זע ווי צירעלע ווערט בלייך אַזוי ווי דאָס קאַלעך פון דער וואַנט. און אין אונדזער טיר קלאַפּט אַלץ דער פאַרבאָרגענער עמעץ זייער שטיל און שטילינקערהייט, גאָרנישט דרייסט געגוג און מיט עפּעס אַן אומערדיש קלאַפּעניש...

— צירעלע, דו הערסט ווי מען קלאַפּט אין אונזער טיר? — פרעג איך איר מיט אַ שעפּטשנדיקן קול. און איידער נאָך צירעלע פּרוווט מיר עפּעס צו ענטפערן, הערט זיך באַלד אַ שטיל קול פון דער אַנדערער זייט טיר.... מיר האָבן ביידע קלאָר דערקענט אונדזער געשטאָרבענע שוועסטער שרה׳לעס קול... מיר דערהערן עס מורא׳דיק קלאָר, כאָטש זי רעדט אַזוי שטיל און מאָדנע פּאַוואָליע, ווי זי וואָלט ציילן אירע רייד, און ווי זי וואָלט ממש אַ לעבעדיקע צו אונדז גערעדט... און שרה׳לע זאָגט צו אונדז שטילינקער־הייט און זייער איידל און צאַרט:

— איך בין דאָך שרה׳לע! איך בין ענקער עלטסטע שוועסטער שרה׳לע! וואָסי, קינדערלעך טייערע, איר דערקענט מיך גאָרנישט?! איך קען דאָך נישט ליגן אַזוי טאָג און נאַכט אַן איינזאַמע אין מיין קבר. וואָס מיינט איר עפּעס, מיינע טייערע טעמעלע און צירעלע: אַז איך בין פון שטיין? און אַז איך קען אַזוי אייביק הערן דעם רעגן קלאַפּן איבער מיין געביין מיט זיינע אייזערנע טראָפּנס? און איר מיינט אַז איך קען אַזוי פאַרטראָגן און ליידן דעם שווערן שניי וואָס איז אָנגעפאַלן איבער מיין בערגל ערד, וואָס רינט אַריין אין מיין וויסט לייב אַריין? און איך קען זיך אַזוי רואיק צוקוקן ווי מיינע ייִנגע ביינער ווערן אויפגעגעסן פון די ווערם? און צי ווייסט איר, קינדער, אַז מיינע אברים צעפאַלן און איך מוז אַליין טאָג און נאַכט צוזען דעם חורבן פון מיין גוף? ווי לאַנג איז דאָס דען דער שיעור אַזוי טיף צו ליגן אין דר׳ערד? איך בעט אייך: מיינע ליבע און האַרציקע שוועסטערן! עפֿנט אויף די טיר פאַר אייער שוועסטער שרה׳לע! לאָזט מיך אַריין אין אייער וואַרעמער שטוב אַריין. לאָזט מיך אָטעמען אַביסעלע מיט אייער אַלט־היימישער וואַרעמקייט. איך וועל אַלץ טאָן וואָס נאָר איר וועט מיך הייסן טאָן. איך וועל לייטיש שקראָבן און אָפּוואַשן ריין די פּאָדלאָגע. איך וועל אויך אויסצוואָגן אייערע לאַנגע און שיינע האָר מיט זייף און וואַרעמע וואַסער. איך וועל קושן זיס אייערע פיס מיט מיינע שוועסטערשע ליפּן. און איך וועל אייך אַפילו צוהעלפן צו נייען די קליידער און די העמדער פאַר אייערע גוטע קונים און שכנים, די גאָספּאָדיניעס. איך געדענק דאָך נאָך ווויל דאָס נייען... איך קען ענק פאַרזיכערן אַז איך האָב דאָס פאַך אונדזערס נישט פאַרגעסן... טייערע קינדער! לאָזט אַריין ענקער עלטסטע שוועסטער שרה׳לע אויף אַ ווײַלע בלויז... איך וועל אויך אויפנייען אַ פּאָר תכריכים פאַר עלנטע מענטשן, וועמענס איינזאַמע טעג זיינען גע־ציילטע... איך ווייס עס: איך האָב געמישט די בלעטער פונם גרויסן

ספר אין הימל און איך האָב געזען אָנגעצייכנט מיט טינט זייערע נעמען צווישן די פּאָר׳משפּט׳ע...

— וואָס זאָל איך אײַך זאָגן? — זאָגט טעמעלע און רוט זיך אָפּ אַ רגע׳לע פון פּחד און עמאָציע אין איר קול און געמיט — מיר זיינען דעמאָלט ביידע שיעור נישט געשטאָרבן פון שרעק... שרה׳לעס רייד און איר טרויעריק געבעט צו אונדז האָט ממש געקענט רירן אַ שטיין אין פעלד... און דאָס שטילינקע קלאַפּן אין דער טיר האָט אַלץ נישט אויפגעהערט. שרה׳לעס ביינערדיקע פינגער האָבן אַלץ קלאָר געקלאַפּט אויף יענער זייט פון דער טיר. אירע טויטע און ערד־קאַלטע הענט האָבן אָנגערירט די מעשענע קלאַמקע און מיט איר געפּרווט עפענען די טיר... (עס שוידערט מיך אין די ביינער ווען איך דערמאָן זיך דאָס איצט!) ביז ענדלעך האָט גאָט געהאָלפן און אַלץ איז ווידער שטיל געוואָרן. מיר זיינען לאַנג געלעגן אין די בעטן און מיר האָבן געהערט ווי אונדזערע ציין האָבן געקלאַפּט איינע אין די אַנדערע... אָבער מיר האָבן אַפילו איצט מורא געהאַט זיך צו באַוועגן. ערשט אין אַ לענגערער צייט אַרום, נאָכדעם ווי עס איז שוין אין דרויסן כמעט געשטאַנען גרויסער טאָג און די נייע זון־שטראַלן האָבן שוין אָנגעהויבן צו שטעכן אין אונדזערע אויגן, זיינען מיר, ציטערנדיקע און טויטלעך־דערשלאָגענע, אויפגעשטאַנען ווי די שאָטנס. מיר האָבן אָבער נאָך אַ לאַנגע צייט מורא געהאַט אַפילו זיך צו דערנענטערן צו דער טיר... מיר האָבן מורא געהאַט אָנצורירן די קלאַמקע און צו עפענען די טיר, די הילצערנע טיר, נעבן וועלכער אונדזער געליבטע שוועסטער שרה׳לע איז אַזאַ איינזאַמע און אַ וויינענדיקע געשטאַנען, אַן איינגעהילטע אין דער אימה׳דיקער נאַכט פון בית עולם, און זי האָט זיך שוועסטערלעך־היימיש און מענטשלעך־תפילה׳דיק געבעטן ביי אונדז ביידע, ביי אירע לייבלעכע שוועסטערן, אַז מען זאָל זי אַביסל אַריינלאָזן זיך אָנצוואַרעמען אירע טויטע ביינער אין אונדזער וואַרעמער סביבה... וואָרים זי קען דאָך נישט אַזוי ליגן דאָרטן אין דעם פינצטערן קבר טאָג און נאַכט אַליין... און עפּעס מורא׳דיקס האָבן מיר נאָך אַלץ געהאַלטן אין איבערלעבן... עפּעס אַ קליינקייט, שטעלט זיך נאָר פּאָר: אַ שוועסטער פון דעם נאָענטן בית עולם האָט זיך קוים אַרויסגעדראַפּעט פון דעם טויטנקבר און זי קומט צו אונדז פלוצלינג באַזוכן און קלאַפּן און רעדן און מאָנען און בעטן ביי אונדזער טיר אַביסעלע היימישע וואַרעמקייט... און מיר ביידע האָבן אַזוי אַכזריות׳דיק געשוויגן, פונקט ווי מיר וואָלטן זיין צו שרה׳לען גאַנץ פרעמדע מענטשן...

די מאַמע הערט אויס די מעשה און וויינט די גאַנצע צייט אין אַ ווינקל פון טעמעלע׳ס וווינונג... און אַפילו אויפן געווייינלעך תמיד סקעפּטישן טאַטן האָט די מאָדנע מעשה אומהיימלעך געווירקט... חיים־שבת איז

פינצטער און שוואַרץ געוואָרן ווי אַ שאָטן אין דער טיפעניש פון דער נאַכט. די מאַמע כאַפּט זיך פלוצלינג אויף ווי פון שלאָף און זי זאָגט:

— טעמעלע! אפשר האָט עטץ פּאָרט באַדאַרפט עפענען די טיר און אַריינלאָזן שרה׳לען... זי וואָלט דאָך אייך חלילה קיין שום שלעכטס נישט געטאָן... זי וואָלט באַלד אַליין צוריקגעגאַנגען... נאָך אַלעם, האָט זי זיך בלויז געוואָלט ביי אייך אָנוואַרעמען אַביסל...

אַלע אין שטוב שווייגן אַ ווײַלע. דער געדאַנק צו עפענען די טיר און אַריינלאָזן די טויטע שרה׳לען מאַכט אונדז אַלע צום שווינדלען ביז טיף אין אונדזערע ביינער... די מאַמע אַליין איז אויך שווינדלרלעך באַוועלטיקט פון אירע געוואַגטע רייד. נאָר זי איז דאָך אַ מאַמע! איר האַרץ האָט פאַר־בלוטיקט אויף איר קינד׳ס וויסטער איינזאַמקייט אין דר׳ערד... עס איז זיכער אַז די מאַמע וואָלט געעפנט די טיר פאַר שרה׳לען, איר קינד, אַפילו ווען זי וואָלט אין דערזעלבער רגע געשטאָרבן פון פחד...

אָבער די מאַמע פילט אַז זי האָט גערעדט אַזוינס וואָס איז איבער־מענטשלעך. וואָס איז צופיל געוואָגט און צופיל פאַרלאַנגט פון טעמעלען און פון צירעלען. זי באַגרייפט די אומהיימלעכקייט וואָס זי האָט דאָ אָנגע־ווייעט מיט איר עצה. זי פּרווט אַפילו אָפּשוואַכן דעם איינדרוק פון אירע רייד מיט פרישע, שוואַכערע רייד:

— טעמעלע, דו געדענקסט: די מזוזה איז דעמאָלט ביי אייך טאַקע געווען נישט אינגאַנצן אין אָרדנונג... דו געדענקסט ווי דער רב האָט דיר געזאָגט, ביים איבערקוקן די מזוזה, אַז זי איז געווען פּסול...

— ניין, מאַמע־קרוין! — פּרווט זיך טעמעלע אַמפּערן מיט דער מאַ־מען. — עס איז נישט געווען די שולד פון דער מזוזה... שרה׳לע וואָלט סיי־ווי־סיי געווען אָנגעקלאַפּט אין דער טיר... זי האָט זיך פּשוט פאַר־בענקט נאָך אונדז... זי האָט זיך געלאַנגווייליקט דאָרטן... נו, טאַקע! ווי לאַנג קען דאָס אַ שוואַך מענטש ליגן אין גרוב און נעבעך צוזען ווי זיין אייגענער לייבלעכער גוף צעפאַלט ממש אויף שטיקער?! עס איז דאָך פּראָסט פּשוט נישט מעגלעך אויסצוהאַלטן.

אין שטוב איז געבליבן שטיין אַ טיף און אַן אומהיימלעך שווייגעניש... עס איז געווען ווי צוזאַמען מיט די ליכט וואָס האָבן זיך אויסגעברענט און פאַרלאָשן, זיינען מיר אַלע פאַרלאָשן געוואָרן...

---

חיים שבת געדענקט עפּעס אַ מאָדנע געשלעג ביי אונדז אין שטוב. דאָס האָט געמוזט זיין אין דעם דערפל בערקאָוויץ. איינמאָל אין אַ טאָג זיינען צו אונדז געקומען צוגאַסט צוויי ברידער, מאָטל און יאָקל גניאָזדע, וואָס האָבן געהאַט אַ ווינטמיל, אַ וויאַטראַק, אין אַ שכנות׳דיקן דערפל. זיי פלעגן זיך אָפט קריגן. אין יענעם שנייאיקן נאָכמיטאָג זיינען ביידע ברידער געזעסן ביי אונדז אין דער קיך און געטרונקען טיי. די מאַמע

איז נאָרוואָס געהאַט אַריינגעגאַנגען אין געוועלבל עפּעס פאַרקויפן צו אַ פויערישן קונה. פלוצלינג האָט מען פון דער קוך דערהערט מורא׳דיקע געשרייען. באַלד האָט מען דערזען ווי אַזוי ביידע הויכע און שטאַרקע ברי־דער שלאָגן זיך אין זייערע קעפּ מיט אייזערנע געוויכטער. דאָס איז געווען אַ פירכטערלעך געשלעג צווישן צוויי גיגאַנטישע ברידער. זיי האָבן זיך אַזוי לאַנג געשלאָגן, ביז זיי האָבן זיך פאַרבלוטיקט צום טויט... אויף דער פּאָדלאָגע זיינען אין אַ טייך מיט בלוט געבליבן ליגן צוויי צעשלאָגענע גי־בורים מיט צעשמעטערטע מוחות. צוויי איינזאַמע אידן. צוליב וואָס האָבן זיך צוויי ברידער, אַלטע בחורים, אַזוי מורא׳דיק צעשלאָגן? פאַרוואָס האָבן זיך צוויי אידן איינער דעם אַנדערן בלוטיק אומגעבראַכט? דער טאַטע האָט געלאָזט פאַלן אַ וואָרט אַז ביידע ברידער האָבן זיך צום טויט דערשלאָגן צוליב עפּעס אַן אויסגעלאַסענע פרוי... דער טאַטע האָט אַפילו געקענט די פרוי... זי איז גאָרנישט געווען קיין אידיש קינד. ביידע ברידער האָבן זיך שטערבלעך פאַרליבט אין דער פרוי, וואָס איז געווען די טאָכטער פון אַן אָרעמען פויער. אָבער זי האָט געזונגען אין וואַרשעווער ווײַנשענק. זי האָט אויך געשפּילט טעאַטער און איז שוין אויך געהאַט געווען אין פּאַריז... דער טאַטע האָט געזאָגט אַז זי האָט אַ זיידענעם פּנים און אַז זי איז אַזוי שיין אַז ער האָט פּשוט מורא איר אָנ־צוקוקן אין פּנים, אַזוי רייצנדיק איז זי... ער האָט איינעם פון די ברידער פאַרקויפט אַ גאָלדן זייגערל פאַר איר.

ביז היינט צו טאָג, ווען איך שרייב די דאָזיקע שורות, שוידער איך פון דער געשעעניש... עס איז געווען דער ערשטער טאָפּל־מאָרד וואָס איך האָב אין מיין לעבן געזען, נאָך איידער איך האָב שפּעטער געלייענט אין ספר בראשית די קין־און־הבל־טראַגעדיע... מען האָט ביי אונדז לאַנגע יאָרן גערעדט וועגן די צוויי מילנער־ברידער.

אָבער איצט, שפּעט אין דער נאַכט שוין, שרייט און הילכט חיים שבת׳ס קול אַרויס ווי פון עפּעס אַ פינצטערן און פאַרשאָלטענעם דיבוק, פונם טונקעלן צימער, ווו ער ליגט אין בעט און זיין ווייב טעמעלע בינדט אים געטריי איבער די בלוטיקע באַנדאַזשן פון זיין טויטן פוס, וועמענס נשמה איז שוין אין גן־עדן, ווי ס׳זאָגט חיים שבת...

און חיים שבת שרייט אין אַ טאָן אַזוי ווי אויך אינם שרעקלעכן דועל פון די צוויי פאַרבלוטיקטע ברידער וואָלט שולדיק געווען מיין טאַטע...

ביידע מענער זיינען אייגענטלעך מאַרטירערס. ביידע לייט זיינען דאָך אומגליקלעכע מענטשן. אָנגעטאָן אין מאַנטלען פון יסורים. פון משוגעת׳ן צעגרייזשעט און פון אייזערנע ווערים צעפרעסן. און דאָך עסט איינער דעם אַנדערנס נשמה אין עפּעס אַן אומדערקלערלעכן און פינצטערן הונגער צו פייניקן, צו נעמען נקמה און צו פאַרגיסן איינער דעם אַנדערנס בלוט און טרערן. ביידע אידן גריזשן זיך זייערע סקעלעטן לעבעדיקערהייט...

שטומע און אומבאַהאָלפענע שטייען זייערע ביידענס איינזאַמע פרויען. טויטלעך־איינזאַמע, ווי די שטיינער, ווייל די אַלטע, געשלאָגענע מוטער פאַרשטייט נישט איר טאָכטער טעמעלע און טאָכטער פילט עפעס אַ מיסטעריעזע שנאה צו מוטער, כאָטש ביידע פרויען זיינען געפאַנגען אין דיזעלבע טרויעריקע שיקזאַלן. ביידע פרויען זיינען ווי פון איין מעכטיקע שלאַנג געבונדן און מרא׳דיק אַרומגעקלאַמערט... אַנשטאָט צו פאַלן איינער אין דעם אַנדערנס אָרעמס, וויינט און יאָמערט יעדער פרוי באַזונדער אין די אָרעמס פון איר דעמאָן...

חיים שבת רעדט איצט מיט היץ און מיט צאָרן, ווי אַ וואַנזיניקער נביא. דאָס זעצט אַרויס פון אים זיין רוח, זיין משוגענער דעמאָן. אָבער, מאָדנע: עס קלינגט צייטנווייז אויך ווי אַ מעלאָדיע וואָס אַ וואונדערלעכער און פאַרכישופטער כלי־זמר שפילט ערגעץ אין אַ פּאַלאַץ אויף אַ גאָלדענער האַרפע... עפעס אַ זייער אידעלער כלי־זמר שפילט און ציט מיט זיינע זייער דינע און נאָבעלע פינגער אויף די געלע סטרונעס פון דער קעניגלעכער האַרפע... און די מעלאָדיע דרינגט אַריין אין מיין האַרץ און מוח און זי מאָנט און דערמאָנט פון אַ סך זאַכן: פון מענטשן, שטעט, ראָמאַנסן, עפּיזאָדן און פּאַסירונגען אין דער פאַרגאַנגענהייט... ער רעדט, חיים שבת, אַזוי ווי אַ ריזיקע, איינזאַמע זשאַבע, פון דער טיפעניש פון אַ זומפּ אַרויס, און איך דערמאָן זיך... איך דערמאָן זיך, איך דערמאָן זיך... פּונקט ווי דאַנטע האָט זיך דערמאָנט פּנימער אין מאַסקעס, געשטאַלטן און פיגורן, וואָס שרייען און יאָמערן אַרויס פון די זומפּן פון יסורים, פון די טאָלן פון נאַכט, פון פייער און פון אייז. יעדער קינסטלער געדענקט זיין צייט, זיין שטאָט, די פּנימער, די אויסגעקרימטע פון ליידן, וואָס ער האָט געזען פאַרביי גיין דורך זיין לעבן, וואָס זיינען שטיין געבליבן אין זיינע אויגן... וואָס האָבן נאָך אין זיין קינדהייט ווי פינצטערע פייגל געפלאַטערט אַרום זיין וויגעלע...

דער טאַטע הערט אויס די אַלע פאַנטאַסטישע מעשות און איך זע ווי דאָס פלייש פאַלט אים ממש איין אויף זיינע טרויעריקע קנאָכנס. זיין איינזאַמע באָרד ווערט נאָך גרויער ווי פריער... כאָטש ער האָט אַ שטאָלענעם כאַראַקטער, שטראָמען זיינע אויגן מיט טרערן...

און אָט חזרט איצט חיים שבת איבער עפעס אַ סקאַנדאַל שוין פון דעם היגן לעבן, אין די בראָנקס. עס איז געווען אין אַ שיינעם שבת נאָכמיטאָג. די גאַנצע היגע משפחה זיינען אַרויסגעפאָרן מיט מיין עלטערן ברודער קאָפּל׳ס אויטאָמאָביל ערגעץ אין ריזיקן בראָנקס־פּאַרק, צו אַ וואַסער. די אייניקלעך, טעמעלע׳ס און מנחם׳ס קינדער, האָבן זיך געשפּילט ביים ברעג פונם וואַסער. מען האָט אויך געדונגען אַ לודקע כדי זיך צו לודקעווען איבער די כוואַליעס. בשעת׳ן איינשטיגן אין דער לודקע איז די מאַמע נישט געווען געניג פאָרזיכטיק און וועלנדיק העלפן איר׳ס אַ געליבט אייניקל,

דאַכט זיך טעמעלע׳ס יינגעל, איז זי צוזאַמען מיטן אייניקל אַריינגעפאַלן אין וואַסער. דער טאַטע, דאָס דערזעענדיק איז געוואָרן צעקאָכט און ער האָט גענומען, ווי עס איז תמיד געווען זיין טבע, צו שעלטן דער מאַמען.

די שטימונג אין דער פאַמיליע איז תמיד געווען קעגן דעם טאַטן. און איצט האָט פשוט אויסגעבראָכן אַ מין לינטש־אַטמאָספערע: „בערטאַ די פּרזשעקופּקע״, ווי מען האָט זי גערופן אין דער פאַמיליענסביבה, האָט אָנגעהויבן פרעך צו זידלען דעם טאַטן. זי האָט מיט כעס אויסגעשטרעקט אירע גרויסע, שפּיציקע הענט, פול באַלאָדן מיט גאָלדענע רינגען און בראַסלעטן, און מיטן פּאַראַסאָל גענומען שלאָגן דעם טאַטן איבערן קאָפּ און איבער דער פּלייצע... צום איינזאַמען טאַטן, צאַרנדיקע און אויפ־געהעצטע, זיינען אויך צוגעפאַלן מיין ברודער פּנחס׳ס ווייב, דבורה, און אויך מנחם׳ס ווייב, גליקע, און אַלע דריי אויפגעהעצטע פרויען האָבן ווי משוגענע וואַלקיריעס געדונערט אויפן טאַטן און אים געשלאָגן...

ווען נישט מיינע ברידער, וואָלטן די אויפגערייצטע ווייבער דעמאָלט געווען געלינטשט דעם אַלטן טאַטן...

די מאַמע האָט שטאַרק געליטן פון דער דאָזיקער געשעעניש. ווען מען האָט זי ענדלעך אַהיימגעבראַכט, איז זי געווען חרוב. זי האָט גע־קראָגן לונגענאָנצינדונג. חדשים־לאַנג איז די אָרעמע מאַמע נעבעך געלעגן אַ שלאַפע אין בעט. און מען קען זיך שוין ווויל פאָרשטעלן וויפיל דער טאַטע האָט איבער איר פינצטער געשאָלטן און געפלוכט...

חיים שבת האָט תמיד ליב צו דערמאָנען אַזעלכע און ענלעכע מעשות און געשעענישן אין דער משפּחה...

---

איידער איך בין אַוועקגעפאָרן אין סאַנאַטאָריום קיין דענווער, האָב איך פאַרבראַכט אַ פּאָר טעג אין הויז פון מיינע עלטערן. איך בין געשלאָפן אין דער קיך, אַרומגערינגעלט פון אייזערנע קופּערטס און קאַסטנס, שווער מיט דיקע בלעך באַשלאָגענע, מיטן דערמאָנטן רוסישן געלט. אויף די אַרומיקע ווענט זיינען איינזאַמע געהאָנגען די ריזיקע זייגערס מיט זייערע ציפערבלאַטן אַזוי ווי מענטשלעכע פּנימער: וויינענדיקע, ציניש, טרויע־עריקע און גראָטעסקע... אין אַלע ווינקלען פון צימער זיינען געשטאַנען די זייגערס און זיי האָבן מיך ווי אָפּגעהיטן... אין דער נאַכט האָבן די אַלע זייגערס אויסגעקלונגען די שעהן מיט זייערע ערנסטע און הייזעריקע קלאַנגען... דאָס גאַנצע לעבן פון מיינע עלטערן און פון מיין משפּחה... גאָר אונדזערע וואַנדערונגען דורך שטעטלעך און דערפלעך; אַלע אונדזערע מילן, רעסטאָראַציעס, קרעטשמעס און געוועלבער; אַלץ איז ווידער פאַנ־טאַסטיש און אומהיימלעך אויפגעגאַנגען אין מיין זכרון... צייט איז צוריקגעקומען און זיך געשטעלט פאַר מיינע אויגן, ווי זי וואָלט זאָגן מיט אַ זייער סענטימענטאַלן קול:

— דאָ בין איך... קוק מיך ווידער אָן, איידער איך גיי אויף אייביק אַוועק אין די מרחקים, צו די שטערן...

דאָס קלינגען פון די אומהיימלעכע זייגערס אין דער נאַכט האָט מיך אויך דערמאָנט אין יענעם קלינגען פון די גלאָקן אין די קליינשטעטלדיקע גויאישע קאָשטשאָלן. דאָס איז געווען אַזאַ מרה־שחורה׳דיק קלינגען אין די פאַרנאַכטן, וואָס האָט אידן אַזוי טרויעריק געמאַכט. האָט אויף זיי אַנגע־וואָרפן אַ פחד. עס איז געווען אַ דערמאָנונג צו אידן אַז מיר לעבן אין אַ פרעמדער וועלט. אַז דער הימל איז נישט אונדזער אידישער הימל און אַז די ערד, כאָטש מיר האָבן דאָ געוווינט טויזנט יאָר צייט, איז אונדז פרעמד. און אַז מיר אַליין זיינען דאָ פרעמדע, איינגעבעטענע געסט אויף אַ גויאישע חתונה. אידן האָבן זיך אין בין־השמשות־צייט געאיילט צו גיין אין בית המדרש אַריין. דאָרטן האָט דאָס קלינגען פון די קריסטלעכע גלאָקן אונדז נישט דערגרייכט. מיר האָבן געקוקט צום אָרון קודש און דערוויל פאַרגעסן אין קאַטוילישן פוילן. דאָס גאָלד פונם פרוכת האָט אונדז געמאַכט גלויבן אין אונדזער פעסטער עקזיסטענץ...

צו יענער צייט האָט מיין טאַטע זיך געגרייט צו עפענען אַ געוועלבל אויף וואַשינגטאָן עוועניו, אין די בראָנקס... וואַשינגטאָן עוועניו און די גאַנצע געגנט איז נאָך דעמאָלט געווען שטאַרק אידישלעך־באַלעבט... כאָטש אפילו דעמאָלט איז עס נישט געווען קיין איבעריקס וואַזשנע רע־זידענץ־געגנט. מיין טאַטע האָט מורא׳דיק געליטן וואָס ער, אַזאַ מין שטאָל־צער און האָנאָראָווער פריץ, באַדאַרף גאָר זיין אָפּהענגיק פון דער שטיצע פון זיינע קינדער, וואָס האָבן אים געזאָגט דעות. בפרט האָט ער נישט געקענט פאַרטראָגן די חוצפה און די שנאה פון זיינע שנירן... אויך האָט ער סיי ווי נישט געקראָגן פון די קינדער גענוג הילף. עס איז פאַקטיש אין שטוב נישט געווען וואָס צום עסן. די מאַמע פלעגט קויפן פאַרן טאַטן פעטע, שעפּסענע פלייש. דער טאַטע איז טאַקע שטאַרק פעט געוואָרן פונם שעפּ־סענעם פלייש. זיין ברייטער בויך איז זיך היפּש צעוואַקסן. איך געדענק ווי קאַפּל, מיין עלטסטער ברודער, פלעגט צוּוואַרפן צום טאַטן:

— טאַטע! דו ווערסט פּשוט געשוואָלן פון פעטקייט! דו באַדאַרפסט עסן ווייניקער שעפּסנפלייש...

און בערטאַ פלעגט זאָגן צום טאַטן מיט אַ געמיין שמייכעלע — אייגנטלעך פלעגט זי קיינמאָל נישט רעדן אויף אַ מענטשלעכן אופן, נייערט שרייען, קוויטשן אַ הייזעריקע און תמיד איבער׳חזר׳ן די זעלבע שוין דערמאָנטע פראַזע:

— שווער־לעבן! קוקט זיך נאָר אָן אין שפּיגל... איר ווערט דאָך פעט און געשוואָלן ווי אַ באַלאָן... איר קענט נאָך אַ ליאַדע טאָג פּלאַצן... איר גראָבט זיך מיט אייערע אייגענע ציין אַ קבר! איר אַליין זאָגט דאָך אַזוי אָפט דאָס ווערטל וועגן אַנדערע פעטע לייט: „מרבה בשר — מרבה רימה״.

אין אַזאַ לאַגע פֿלעגט דער טאַטע עפֿענען אַלערליי קרעמלעך אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק. פּונקט ווי אין די פּוילישע דערפֿער, אין דער צייט פֿון מיין קינדהייט... איך געדענק נאָך ווייל יענע קרעמלעך... זיי שטייען מיר, ווי מען זאָגט, ממש לעבעדיקע פֿאַר די אויגן... אָבער צום טאַטן שטראַלט טאַקע יענע צייט מיט רייכקייט. יעדעס מאָל זאָגט ער צו דער מאַמען, ווען זיינע קינדער באַליידיקן אים:

— רחל־לאה! ווו נעמט מען יענע צייטן ווען איך האָב פֿון אַ זייגערל געצויגן פֿיין פּרנסה. ווען די לופֿט אין די דערפֿער האָט געשמעקט ווי בעז... ווען דאָס ביסל מילך האָט געהאַט טויזנט טעם... ווען אַ פּשוט שטיקל ברויט איז געווען אַ רייך מאָלצייט. ווער שמועסט נאָך אַז מען האָט געקענט צועסן אַ זאַפּטיקע באַרנע, אַן עפּל פֿול מיט וויין, און קאַרשן ווי פֿייער רויטע...

דער טאַטע האָט פֿאַרגעסן די מוראדיקע אָרעמקייט אונדזערע אין די דערפֿער...

...האָט דער טאַטע זיך איצט ווידער געגרייט אויפֿצועפֿענען אַ קרעמל, כּדי צו זיין אומאָפּהענגיק פֿון זיינע קינדער, איבערהויפּט פֿון זיינע אומפֿריינט־לעכע שנירן. אָבער, דאָס איז נישט מער געווען אין די פּוילישע דערפֿער, ווען ער איז געווען אַ יינגער מענטש און האָט געשפּרודלט מיט ענערגיע, ווי אַ פֿאַאוסט... דער טאַטע איז איצט געווען אַן אַלטער מאַן. און ער האָט אַפֿילו רעכט ענגליש נישט געקענט רעדן. דאָס איצטיקע קרעמל איז געווען אין אַ מיאוסער געגנט, צווישן נעגערס און די שוין דעמאָלט אַנקומענדיקע פּאָרטאָריקאַנער... עס איז געווען אַ גאַנץ אומהיימלעכע גאַס, ווו ביינאַכט האָבן זיך אַרומגעדרייט מאַסן פּראָסטיטוטקעס, שוואַרצע, בלאָנד־איירישע און געל־דייטשע פֿרויען... עס האָט געשווימלט מיט מאַטשאַרניקעס און מיט גנבֿים.

די מאַמע, אַזוי ווי תּמיד, האָט ביטער געשוויגן. די מאַמע האָט סיי ווי קיינמאָל נישט געטאָרט אויסרעדן קיין הויך וואָרט... דער טאַטע האָט געהאַלטן אין פּאַקן די פּעק און אין שעלטן דער מאַמען... יעדן טאָג האָט מען געקענט זען אַ פּאַטעטיש בילד: ווי אַזוי אַ טרויעריק און אַלט פּאָר־פֿאָלק האָבן געטראָגן איבער די פֿאַרשנייטע גאַסן שווערע פּעק צום גע־וועלבל, אין אַ קעלער אויף וואַשינגטאָן עוועניו. דאָרטן האָט דער טאַטע געקלאַפּט מיט אייזערנע טשוועקעס אין די אַלטע און פֿרוכנע ווענט... ער האָט אויסגעהאַנגען זיינע פֿאַרצייטישע זייגערס מיט די טרויעריקע ציפֿער־בלעטער... ער האָט די צוויי פֿענצטער אין דער נידער, האַרט ביים טראָ־טואַר, פֿאַרצירט מיט די קליינטשיקע זייגערלעך און מיט כלערליי געפֿאַרבטע געטשקעס און אַנטיקן...

ווען איך בין געפֿאָרן אין סאַנאַטאָריום, קיין דענווער, מיט מיין רעכטער לונג אַ טיף צעלעכערטע, אין פֿיבער, האָב איך אויפֿן גאַנצן וועג פֿון מיין

רייזע, פאָרנדיק מיטן אָמניבוס פון מאַנהעטן ביז צו די הערלעכע לאַנד־שאַפטן פון די קאָלאָראַדער „ראָקי־מאָונטענס", געהערט דעם טאַטנ'ס קלאַפּן מיטן האַמער אין די ווענט פון זיין קרעמל און איך האָב געהערט זיינע טויטע קללות איבערן שוואַכן און נערוועזן קאָפּ פון דער אידעלער און שטילער און געהאָרכזאַמער מאַמען... דער צער פון מיין מאַמען האָט מיך שטאַרק ווי געטאָן...

און איצט, אַזוי פיל יאָרן שפּעטער, רעדט אַלץ חיים שבת וועגן יענעם, און וועגן אַנדערע קרעמלעך... ער זאָגט, און אפשר מיט רעכט:

— שווער! איר האָט תמיד באַזעסן גרויס גאונות צום שלימזלדיקן... דאָן קיכאָט איז געווען אַ קייסער און פאַרגלייך צו אייך... איר זענט דער גרעסטער שלימזל אין דער געשיכטע...

חיים שבת לייענט זיין גאַנץ לעבן די גאַזעטן. און נישט זעלטן רעדט ער מיט אַ ליטעראַרישן לשון...

ווי געזאָגט, דער טאַטע פלעגט זיצן נידעריק ביים ווערקשטאַטל אינם קעלער־געוועלבל. די זון פלעגט שפּילן מיט אירע שטראַלן אויף דעם טאַטנ'ס שיינע הענט. די לאָבוזעס פון דער גאַס פלעגן וואַרפן שטיינער אין טאַטנ'ס פענצטער און אויסהאַקן די שויבן. די לאָבוזעס האָבן צעבראָכן די זייגערלעך מיט די אַלע שיינע צאַצקעס אין דער וויטרינע. אַן אַלטער איד מיט אַ גרייז־גרויער באָרד, אַזוי ווי ברודיקער שניי, פלעגט עפּעס אַזוי ווי אַ צאָרנדיקער נביא אַרויסלויפן פונם קרעמל מיט אַ שטעקן אין דער האַנט און זיך לאָזן לויפן נאָך די יינגלעך, נאָך די בייזע שקצים, וואָס פלעגן מיין טאַטן פאַרוואַרפן מיט שניי און מיט שטיינער...

ביינאַכט פלעגן די נעגערס אויפברעכן די לאָדנס פון די פענצטער און אַרויסטראָגן די זייגערס און אַלץ איבעריקע צעברעכן און פאַרניכטן... דער טאַטע האָט נישט געהאַט קיין ברירה. נאָך אַזעלכע עטלעכע האָלדאָפּס האָט ער געמוזט צומאַכן דאָס קרעמל...

איינמאָל, אין לעצטן טאָג פאַרן צושליסן זיין זייגערמאַכעריי־געשעפט, זיינען אַריינגעקומען אַ פּאָר שוואַרצע יינגעלייט מיט עפּעס אַ טונקעלע פרוי און זיי האָבן ביים טאַטן געפּרוווט „קויפן" אַ גאָלדענע בראָשקע פאַר דער „כלה"... דער טאַטע האָט זיי געוויזן פאַרשידענע בראָשקעס. אָבער באַלד האָבן זיי גענומען ברוטאַל שלאָגן דעם אַלטן איד און אים מורא'דיק צו פּייניקן. צונעמענדיק דאָס שאַכטעלע מיט גאָלדענע צירונג, זיינען די באַנדיטן אַנטלאָפן... ווען די מאַמע איז געקומען, אַן איינגעבויגענע אין דרייען, מיטן טעפּעלע וואַרעמע עסן, וואָס זי פלעגט טראָגן יעדן טאָג צום קרעמל, האָט זי געפונען דעם טאַטן אַ צעקיילטן און אַ צעביילטן אינמיטן געוועלבל, אויף דער שטיינערנער פּאָדלאָגע, אין אַ טייך מיט בלוט... ווען די מאַמע וואָלט נישט געהאַט געקומען, וואָלט דער אַלטער מאַן שיעור נישט אויסגעגאַנגען פון בלוט־פאַרלוסט...

דעם נעקסטן טאָג איז שוין דער טאַטע מער נישט געגאַנגען אינם קרעמל... מיין ברודער קאָפּל האָט איינגעפּאַקט וואָס עס איז נאָך גע־בליבן און האָט די פּעק אַהיימגעפירט מיטן אויטאָמאָביל. אַגב האָט קאָפּל'ס ווייב צע'גענב'עט דאָס רעשטע ביסל צירונג וואָס עס איז נאָך געהאַט איבערגעבליבן נאָך דער רויבעריי פון די נעגערס. אַזוי האָט דער טאַטע גע'טענה'ט. לאַנגע וואָכן איז דער טאַטע געלעגן אין בעט אַ פאַרבאַנ־דאַזשירטער, זיך היילנדיק זיין צעשלאָגענעם גוף. דער טאַטע האָט ווידער געשפּיגן מיט בלוט. די מאַמע האָט טאָג און נאַכט אים צוגעלעגט קאָמפּרעסן צו די ווונדן. דער טאַטע האָט געשאָלטן די נעגערישע באַנדיטן, זיין שנור בערטאַ און — דער מאַמען...

ווען איך בין אין סוף יאָר 1939, שוין נאָכן טאַטנ'ס טויט, צוריקגע־קומען קיין ניו־יאָרק פון קאַלאָראַדאָ, בין איך אין איינעם אַ טאָג געגאַנגען אויף „קבר אָבות" צום טאַטנ'ס קרעמל, אויף וואַשינגטאָן עוועניו. דאָרטן איז איצט געווען איינגעאָרדנט עפּעס אַ נעגערישע קירכע... די נידעריקע פענצטערלעך זיינען געווען אָפּגעפאַרבט אין אַ ריינעם בלוי און עוואַנגעלישע פסוקים האָבן דאָרטן געלויכטן מיט גאָט'ס וווּנדערלעכע פאַרבן... דערנעבן איז געווען אַ „פּיונעראַל־היים", ווו גרופּקעס נעגערס און נעגערטעס האָבן זיך פאַרזאַמלט, באַוויינענדיק זייערס אַ פאַרשטאָרבענעם קרוב, וואָס האָט אַוודאי היפּש געשיכורט... אָבער אויך זיינע טונקעל־געפאַרבטע קרובים, ווערמענס לייבער דער רבונו של עולם האָט אָנגעטאָן אין דעם פינצטערן זייד פון דער נאַכט, זיינען פון דעם פּיונעראַל־היים אַריינגעגאַנגען אינם שכנותדיקן ביר־סאַלאָן און האָבן זיך גוט אָנגעשיכורט, זשלאָקנדיק פון די הויכע קופּלעס ביר דעם שוימענדיק־גרינעם געטראַנק... געוויין און געלעכטער, יאָמער און אויסברוכן פון מאַסנטרויער, געשרייען און ווולגאַרע קולות, האָבן פאַרהילכט די טונקעלע און אומהיימלעכע גאַס, ווערמענס היי־זער זיינען געווען פאַרוואָרלאָזט און אַלט, מיט אָפּגעזענקטע ווענט, אַזוי ווי אַ טויטלעכער שטורמווינט וואָלט דאָ געהאַט אַדורך און אָפּגעריסן די פאַרהענגלעך פון די פענצטער, צעבראָכן די רייצענדיקע וואַזאָנען און פאַר־ניכטעט יעדער מענטשלעכע דעקאָראַציע וואָס צירט אָנגענעם אַ לעבעדיקע גאַס...

איך בין דאָרט געשטאַנען אַן איינזאַמער, ווי דער נביא ירמיהו... מיר האָט זיך געדאַכט אַז אין דער לופט, אינם קאָסמאָס, איז געבליבן שטיין מיין טאַטנ'ס פינצטערע מרה־שחורה, מיין טאַטנ'ס אומהיימלעכקייט, מיין טאַטנס גרויסער און מענטשלעכער יאָמער... אויפן הימל זיינען געריטן ריזיקע רייטערס אויף געוואַלטיקע פערד. די מלחמה־סצענעס פון יאָר 1914 זיינען אויפגעגאַנגען אין מיין דמיון. דער טאַטע שטייט נידעריק אויפן וועג, בשעת די רוסישע אַרמיי ציט אַוועק צו דער שלאַכט פון טויט... דער אָרקעסטער קלאַפּט אַ מאַרש ווי ערב אַן אַטאַקע מיט באַיאָנעטן...

דער שטאָלצער צאַרישער גענעראַל שטרעקט אויס די האַנט צום טאַטן... ביידע מענער דריקן זיך די הענט... דער גענעראַל וויינט. איבערן טאַטנס באַקן רינען גרויסע טרערן... עס איז אַ גרויסער מאָמענט...

און אַט קומט אָן פון ראָג פון דער גאַס מיין טאַטע, מיר דאַכט זיך... ער טראָגט אונטערן אָרעם אַ גרויסן, הילצערנעם זייגער... ער האַלט אין דער האַנט אַ שיינעם שטעקן... די גאָלדענע האַנטאַבע פונם שטעקן איז אַ קליינע סטאַטועטקע פון אַן אַנטבלויזטער פרוי... די פרוי איז אַ יינגע און אַ שטראַלנדיקע... עס בליט ווי אַ גאָלדענע בלום איר הערלעך מויל... עס וואַקסן און עס אָטעמען אירע פולע ברוסטן... די מאַמע איז תמיד אייפערזיכטיק אויף איר... דער טאַטע גייט אַ שווער־געבראָכענער, אַ בלוטיק־פאַרוווּנדעטער מיט אַ קויל אין זיין האַרצן... שיקזאַל־און־שר זיינען געגאַנגען אויף פּאָלעוואַניע אויפן גרויסן הימלישן פעלד און זיי האָבן מיט אַ שאַרפער פייל אַדורכגעשאָסן דעם טאַטנ׳ס האַרץ.

---

חיים שבת האָט אָפּט ליב חוזק צו מאַכן פון דער מאַמעס פרומקייט. און עס איז דאָך תמיד לייכט חוזק צו מאַכן פון דער שטילער און קליינ־טשיקער מאַמען. ווייל זי איז דאָך אייביק די סאַמע שוואַכסטע פון אַלע מענטשן. די מאַמע ענטפערט חלילה קיינמאָל קיינעם נישט אָפּ אויף קיין שום חוזק און קיין שום באַליידיקונגען. די מאַמע האָט נאָך אין איר גאַנצן לעבן אויף קיין לעבעדיקן וועזן נישט אויפגעהויבן העכער ווי געוויינלעך איר קול...

חיים שבת דערציילט עפּעס אַ מעשה ווי אַזוי איינמאָל אין דעם דער־פעלע סטענזיץ האָבן זיך צו כל נדרי ביינאַכט אָנגעצונדן די ליכט אין דער היים, וואָס די מאַמע האָט אַריינגעשטעלט אין אַ קעסטעלע מיט געלן זאַמד. דער טאַטע דערציילט איצט אויך איבער די מעשה מיט דער שרפה. די מאַמע זיצט אַ שטילע אויף דער טאַבורעטקע, אין אַ ווינקעלע, אָבער יעדער רגע גייט זי צו צום ריזיקן און צעבראָכענעם שפּיגל און זי קוקט טרויעריק אויף איר פאַרוויאַנעט פּנים און אויף איר אָפּגעוועלקט לייב. די מאַמע זיפצט שטילערהייט:

— ווי, ווי! וואָס עס איז פון מיר געוואָרן! אַ פינצטערע חורבה! אַן איינזאַמע רואינע!

דאַן גייט זי צו צו איר טאָכטער טעמעלען און זי זאָגט:

— טעמעלע־קרוין! קוק מיך נאָר גוט אָן: איז נישט מיין פּנים גע־שוואָלן?

פון זינט איך געדענק מיין מאַמען, האָט זי זיך אייביק אָנגעקוקט און געדענקט אַז זי איז אַן אַנדערע... אַ פאַרענדערטע... אַ געשוואָלענע... אַן אויסגעטוישטע... די מאַמע האָט אייביק מורא געהאַט אַז שדים זאָלן זי חלילה נישט אויסטוישן... זי האָט דעם דאָזיקן פּחד גענומען פון

עפּעס אַ מעשה מיט שדים וואָס האָבן אויסגעטוישט אַ ייִנגע פרוי אויף אַן אַלטער און קראַנקער ווייב...

דערווייל דערמאָן איך זיך אַ כל־נדרי־אָוונט מיט דער מאַמען. דאָס איז געווען ווען מיר האָבן געוווינט צוזאַמען אויף ברוק עוועניו. עס איז געקומען ערב יום־כּיפּור און די מאַמע האָט זיך געגרייט אָנצוצינדן די ריזיקע ליכט אין אַ קעסטל מיט ליים. און שפּעטער אַוועקצוגיין אין שולכל אַריין, עטלעכע בלאָק ווייטער. און איבערלאָזן אַליין אונדזער שטוב מיט די ברענענדיקע ליכט. איך אָבער האָב מורא געהאַט אַז עס זאָל חלילה נישט אויסברעכן אַן ענלעכע שרפה פון די ליכט, ווי אין דערפעלע סטעטניץ, ווען עס איז, ווי דער טאַטע שווערט זיך און פאַרזיכערט, פאַר ברענט געוואָרן זיין גאַנץ פאַרמעגן. איך האָב מורא געהאַט אַז איצט זאָלן מיר נישט פאַרברענט ווערן מיינע ביכער, מיינע בערג מיט מאַנוסקריפּטן, וואָס איך האָב מיטגעבראַכט אין גרויסע וואַליזעס פון דענווער סאַנאַטאָריום, ווו איך האָב גאַנצע דריי יאָר צייט טאָג און נאַכט געשריבן...

איך אַליין האָב אין יענעם אָוונט געמוזט פאַרלאָזן די שטוב. האָב איך געבעטן דער מאַמען אָדער צו בלייבן אין דער היים און אָפּצוהיטן די ברענענדיקע ליכט. אָדער זיי אָנצוצינדן ביי אַ שכן... די מאַמע האָט שרעקלעך געליטן און האָט נישט געקענט מסכים זיין אויף קיין איינציקע פון מיינע עצות... דורך איר גאַנצן לעבן האָט די מאַמע כסדר גע־מאַכט קאָמפּראָמיסן ווען אַלץ. אָבער קיינמאָל נישט אין איר באַציונג צום רבונו של עולם... נישט ווען איר פרומקייט... צו גאָט איז די מאַמע געבליבן אַ געטרייע כלה... פאַר גאָט האָט זי ריטעריש געשטריטן... גאָט איז געווען איר איינציקע און גרויסע ליבשאַפט, אויסער די ליבשאַפט צו אירע קינדער. רעליגיע איז געווען איר אייזערנע פעסטונג. דאָ, אויף דעם דאָזיקן פעלד פון האַרץ, געפיל און פון געוואַלטיקן גלויבן, האָט נישט געקענט זיין קיין שום רייד פון נאָכגעבן אָדער קאָמפּראָמיס...

מיר האָבן זיך נאָך לאַנג געקריגט און איך האָב ווי געטאָן מיין מאַמען... מיט מיין איפּערעגונג, נאַרישע רייד און אומווירדיקע באַ־האַנדלונג פון אַ זייער רירנדיקע און איינזאַמע פרוי, וואָס האָט פּאַטעטיש געדינט צו גאָט...

איך האָב געזען: די מאַמע האָט אַריינגעשטעלט די מאַסיווע, חלב׳דיקע ליכט אינם געלן און פּיכטן ליים פונם קעסטל. באַרירנדיק דאָס ליים מיט אירע געלע, שוואַר־באַאָדערטע און אַלט־געוואָרענע הענט, האָב איך געזען איר קינפּטיקן קבר אין דער ברוקלינער ערד און עס זיינען פאַר מיר אויפגע־גאַנגען אירע הייליקע הענט אין דער טרונע... יאָ, די הענט וואָס האָבן מיך געהאַלטן צום ערשטן מאָל און מיך צוגעדריקט צו אירע בריסט, ווען איך בין נאָך געווען קליין און נישטיק ווי אַ וואָרם... די דאָזיקע הענט האָבן מיר אַרויסגענומען פון די געוואַלטיקע הענט פון גאָט און האָבן מיך

געצערטלט מיט מוטערלעכע צערטלעכקייט. די דאָזיקע אויגן אירע האָבן מיך אָנגעקוקט מיט אַזוי פיל ליבשאַפט און אַריינגעלויכטן אין מיר איר מאַמעשע ליבשאַפט און גוטסקייט און רחמנות און טרייסט און פּאָעזיע...

און באַלד האָבן זיך די ריזיקע ליכט אָנגעצונדן אַזוי ווי זיילן און זיי האָבן גענומען טריפן טרויעריק און ווי מיט אַן אוראַלטן און היסטאָרישן צער פון אַ געפייניקטן פאָלק... און די מאַמע איז רואיק און שטיל גע־שטאַנען ביי די ליכט און זי האָט מיט אירע טרויעריקע הענט פאַרשטעלט אַזוי ווי מיט גרויסע, הערבסטיקע בלעטער, איר אײדעלן פּנים. טרערן פון אירע וויינענדיקע אויגן זיינען שטילערהייט געפלאָסן צווישן אירע פינגער, אויסגעבויגענע פון קריינקונג און פון ווייטיק. דער מאַמעס טרערן זיינען אַריינגערונען אין דעם רויטן ליים אַריין און האָבן נאָס געמאַכט די ערד צוזאַמען מיטן טריפנדיקן חלב. די מאַמע איז אַלץ געשטאַנען ביי די ליכט און האָט שטיל געציטערט און זי האָט טיף געבעטן צו איר גרויסן און אינטימען און געוואַלטיקן אידישן גאָט, דעם הערלעכן גאָט וואָס האָט געוויזן זיין אַלט און אידיש פּנים צו אירע ווייטע און וווּנדערלעכע אָבות.

איך האָב געקוקט אויף דער מאַמען, אויף די טריפנדיקע ליכט, אויפן אומגעהויערן דרויסן וואָס צינדט זיך פלאַמיק אָן צו כל נדרי... איך האָב געקוקט אויף די האָריזאָנטן, אויף די וואָלקנס וואָס זיינען שטיין געבליבן אין געשטאַלט פון מלאָכים מיט קרוינען אויף די קעפּ, וואָס שוועבן, דאַכט זיך, לוט־שיכורע פון וויין און זייערע פליגל ברענען... און איצט האָט מיר באַנג געטאָן אויף מיין נאַרישן פּחד פאַר אַ שרפה... וואָס זיינען דען ווערט אַלע מיינע ליטעראַרישע מאַנוסקריפּטן אין פאַרגלייך צו דער גרויס־קייט פון אַ יום־כיפּור און דער מאַמעס אומגעהויערער געפיל? וואָס איז דען גאָר די פּוסטע און די אינגלערישע שרעק און דער פּחד פאַר אַ שרפה פון פּראָזע און פּאָעזיע אין פאַרגלייך צו דעם וואָס איך האָב פלוצלינג איצט דערפילט, דערפאַרן און דערזען? דאָ איז געשטאַנען אַ קליינע פרוי וואָס איז אויפגעשטיגן ווי אַ ברענענדיקער זייל ביז צום רבונו של עולם און האָט געבעטן פאַרגעבונג אויף זינד וואָס זי איז נישט באַגאַנגען און האָט געבעטן לעבן און געזונט פאַר איר מאַן און קינדער און פאַרן גאַנצן פאָלק... איך האָב זיך דערפילט קליין און נישטיק אַנטקעגן דער מאַמעס מעכטיקער גרויסקייט...

איך בין צוגעגאַנגען צו דער מאַמען, וואָס האָט זיך איצט געגרייט אַ שטאַרק דערשלאָגענע פון דער קריגעריי מיט מיר, צו גיין אין שול. איך האָב איר געזאָגט:

— מאַמע! פאַרגיב מיר מיין שטות... זאָל דיר גאָט העלפן אַז דו זאָלסט זיין געזונט, מאַמע! בעט דיר אויס אַ גוט יאָר... גאָט זאָל העלפן אַז — — —

אָבער די מאַמע האָט מיר נישט געלאָזט ענדיקן דעם זאַץ. די מאַמע

האָט אַצינד אויסגעבראָכן אין אַ שטילן געוויין. די מאַמע האָט מיך אַרומגעכאַפּט און האָט מיך מוראדיק פעסט איינגעקלאַמערט אין אירע אָרעמס. די מאַמע האָט מיך געקושט און האָט אַוודאי מיר אַ מיליאָן מאָל מוחל געווען מיינע אויפרעגונגען און קאַפּריזן. די מאַמע האָט געמורמלט צו מיר:

— שיעלע, אוי, שיעלע־קרוין! איך האָב דיך ליב! איך האָב דאָך דיך אַזוי שטאַרק ליב! זאָל דיך גאָט באַשירעמען און באַשיצן אויף אייביק!

די מאַמע האָט מיך געקושט און האָט מיר געווינטשן אַ סוף דאָס גן עדן אויף דער ערד, מיט אַ ווייב און מיט קינדער... די מאַמע איז געווען טיף גערירט וואָס איך האָב זי איבערגעבעטן אין דעם סאַמע לעצטן מאָמענט, פאַרן גיין צו כל־נדרי...

די מאַמע איז איצט געווען נאָס פון טרערן. און אויך איך בין געווען אַדורכגענומען פון דער רירנדיקע און טיף־מענטשלעכער סצענע: פון דער מאַמעס ברענענדיקע געפילן צו מיר און צו גאָט! איך בין געשטאַנען אין הוילער ציטערניש פאַר דער מאַמעס ממש אומגעהויערער, מענטשלעכער גרויסקייט! אָ, די מאַמע איז אין מיינע אויגן געווען זייער גרויס!

און, ווען עס איז שוין געווען גוט טונקעל אין דרויסן, איז די מאַמע אַ גליקלעכע אַוועקגעגאַנגען אין שולכל אַריין צו כל נדרי. די גאַס, תמיד אַ טומלדיקע, איז איצט געוואָרן שטיל און ליידיק. אַלע טירן פון די הייזער און פון די געשעפטן אויף ברוק עווניו זיינען געווען פאַר־שלאָסן. איך אַליין בין נישט געגאַנגען צו כל נדרי. איך בין דאָך פאַרבליבן אין שטוב און איך האָב געטריי אָפּגעהיטן די ליכט און איך האָב זיי די גאַנצע צייט באַטראַכט און צוגעזען ווי זיי בויגן זיך איין, ווי זיי פאַרברענען זיך אַליין און ווי זיי זינקען מיט די הייסע טראָפּנס חלב טיף אַריין אין דער טיפעניש פונם ליים. איך בין געווען באַהערשט פון דער גרויסקייט פון דער מאַמעס גלויבן און געפיל. איך האָב געזען מיינע אָבות אין דער אידישער געשיכטע. איך האָב געזען די ווייטע און די טיפע דורות פון אָדם׳ען אָן דורך דער גאַנצער אידישער געשיכטע. איך האָב געמישט די בלעטער פון תנ״ך און אָנגעקוקט אידישע קעניגן, דיכטער און מאַרטירער. עפּעס איז אויפגעגאַנגען אין מיר אַ ווייטער עפּיזאָד פון אַ כל־נדרי־נאַכט, ווען איך בין נאָך געווען אַ קליין אינגעלע. טאַטע־מאַמע און מיין עלטערער ברודער זיינען אַלע אוועק אין שול צו כל־נדרי. און עפּעס בין איך איבערגעבליבן אינגאַנצן אַליין מיט אַ ריזיקן בוך פון פּוילישער געשיכטע. און איך מיש די בלעטער מיט די פּאָרטרעטן פון פּוילישע מלכים און איך קוק אויף זייערע ריזיקע גאָלדענע קרוינען און אויף זייערע פּנימער וואָס דריקן אויס אַזוי פיל הערשערישע אַמביציע און מאַכט־גיריקייט... אָבער ווי אומגעהויער שענער און ווייזער זיינען אונדזערע קעניגן דוד און שלמה, פון וועמענס געשטאַלטן עס שטראַלט מיט פייער און מיט גאָלד...

איך האָב אַזוי לאַנג געבלעטערט דעם זיידענעם תנ"ך ביז די מאַמע איז צוריקגעקומען מיט אַ ליכטיקן פּנים אַזוי ווי די זון און זי האָט פרום אַ קוש געטאָן די מזוזה און האָט געקושט דאָס שוין היפּש אָפּגענוצטע מחזור פאַרן אַוועקלעגן עס אויף אַ ווײַלע, כּדי פאַרן שלאָפן גיין ווידער דערין צו זאָגן און צו בעטן, און זי האָט מיך געקושט און זי האָט גע־קושט גאָט, דעם גרויסן און אייביקן אידישן גאָט — איר הערלעכן חתן אין די הימלען, וועמען זי וואַגט קיינמאָל נישט אָנצוקוקן אין פּנים אַרײַן, און אויך נישט אין געשטאַלט, פּונקט ווי זי האָט דעם טאַטן נישט געוואַגט אָנ־צוקוקן פאַר דער חתונה מיט אים...

---

די עלטערן פון חיים שבת, משה איטשע־מאיר׳ס און זײַן מוטער, די לאָמע בילה די הייבאַם, האָבן זינט אַ סך יאָרן געוווינט אין גאָלאָמב, אַ דערפעלע ווו עס איז געווען אַ גרויסער טײַך און מען פלעגט דאָרט כאַפּן פיש. די אײַנוווינער פון גאָלאָמב, אידן און גוים, זײַנען מערסטנס געווען פישערלײַט און זיי האָבן געלעבט פון פישפאַנגערײַ. חיים שבת׳ס טאַטע, משה איטשע מאיר׳ס, איז פריער געווען אַ שניידער, אַזוי ווי זײַן טאַטע. שפּעטער, ווען ער האָט חתונה געהאַט, איז ער געוואָרן אַ פישער. איך בין נישט גאָר זיכער צי איך געדענק אים, הגם ער פלעגט אַמאָל קומען אין דער היים פון מײַן שוועסטער טעמעלע. יעדנפאַלס איז מיר עפּעס געבליבן שטיין אין זכרון אײַנער אַ ברייטער איד, ווי אַ דעמב, מיט אַ לאַנגער און גרויסער באָרד. דאָס זאָל האָבן געווען זײַן חיים שבת׳ס טאַטע, דער פישער. ער פלעגט פאַר מיר און פאַר מײַן עלטערן ברודער מיטברענגען מאַנפּלעצלעך. לויט חיים שבת׳ס ידיעות זאָל דאָס דערפל גאָלאָמב האָבן עקזיסטירט גאַנצע ניין הונדערט יאָר. עס איז דאָרטן אויך געווען אַ פאַר־צײַטישע טומאה פון אַזאַ טיפע עלטער. ווען חיים שבת רעדט וועגן זײַן געבורטסדערפל גאָלאָמב, שטראַלט ער ממש אויף...

חיים שבת׳ס מאַמע, די לאָמע בילה די הייבאַם, ווי מען האָט זי גערופן אין גאָלאָמב און אין די אַרומיקע דערפלעך און שטעטלעך, איז געווען אַ הייבאַם. זי האָט אָפּגענומען די קינדער, אידישע און גויאישע, פון אַלע אַרומיקע דערפלעך און שטעטלעך. עס איז נישט געווען קיין וועטער אין גאָלאָמב געווען שלעכט, וואָס זאָל זײַן אימשטאַנד דער גאַנץ־שוואַכער פרוי אָפּצוהאַלטן פון צו דערפילן אירע פליכטן. זי האָט איר פאַך באַטראַכט ווי אַ הייליקע שליחות, צו וואָס דער רבונו של עולם, געלויבט און גע־אַכפּערט זאָל זײַן זײַן נאָמען, האָט איר באַשטימט. זי איז געווען אַ קלײנע פרוי, אַ תמיד שמייכלענדיקע און אַ לאָמע אויף אַ פוס. זי האָט געהאַט אַ פּנימל ווי פון אַ פויגל. אין די ערגסטע שנייען, רעגנס און זאַווערוכעס פלעגט בילה די לאָמע דערפילן אירע הייליקע פליכטן צו איד און גוי. מען האָט, געקענט זען איבערן פוילישן וועג ווי עס פאָרט אַן אײַנזאַמער וואָגן,

מיט אַ פּאָר דאַרע פּערדלעך געשפּאַנט... נעבן פּויערל וואָס טרייבט די פערד מיט דער בייטש, זיצט אַ קליינטשיקע אידישע פרוי מיט אַ פּעקעלע פעסט צוגעדריקט צו זיך... אַז מען רופט אַ הייבאַם אין אַ אידיש הויז, טאָר זי חלילה נישט גיין אַליין, צוליב די שדים און רוחות און כלערליי אַנדערע שלעק, וואָס טשאַטעווען אַרום דער קימפּעטאָרין און קענען חלילה איר אָנטאָן אַ סך שלעכטס, אָפּטמאָל אַפילו הרג׳ענען. כדי צו פאַרהיטן אַז די קימפּעטאָרין זאָל חלילה נישט שטאַרבן אָדער דעם ניי־געבוירענעם קינד זאָל אויך גאָרנישט געשען, פלעגט משה איטשע מאיר׳ס מיטגיין מיט זיין ווייב, די הייבאַם. אָפּטמאָל פלעגט מען זען ביינאַכט ווי עס גייט אַ אידיש פאָרפאָלק דורך שניי און דורך רעגן איבער דער פּוילישער לאַנד־שאַפט... זיי גייען צו אַ אידיש הויז, כדי אָפּצונעמען אַ אידיש קינד... פעסט האַלט אין זיין האַנט משה איטשע מאיר׳ס די אייזערנע לאַמטערנע, אַזוי ווי אַ שטערן, וואָס באַלויכט דעם אומהיימלעכן וועג דורך נאַכט און ווינט און דורך די גוי׳אישע פעלקער, וואָס האָבן פיינט אידן נאָך אין זייערע מאַמעס בייכער.

די לאַמע בילה, אַ קליינטשיקע און אַ שוואַכע, האָט אָפּגענומען אין איר לאַנגען און וואונדערלעכן לעבן טויזנטער אידישע קינדער ביי טייערע אידישע, כשר׳ע מאַמעס... זי פלעגט טראָגן בשעתן גרויסן מאָמענט פון אָפּנעמען אַ אידיש קינד ברייטע און שניי־לויטערע פאַרטוכער פון דיקע ליינוואַנט, וואָס די פּויערים פלעגן איר שענקען... זי פלעגט מיט זיך אויך טראָגן, כדי די שדים זאָלן זיך דערשרעקן, אַמאָל אַ מעסערל, אַ קניפּיקל, אַ נאָדל, צי אַ פּעקעלע מיט שפּילקעס... אַלץ היימישע זאַכן וואָס די שדים האָבן נישט ליב... בפרט פלעגן די שדים ממש אויפציטערן ווען בילה די לאַמע האָט מיט זיך מיטגעבראַכט אַ הייליק ספר, אַ שטייגער: אַן אַלט אידיש־טייטש מעשה־ביכל פון פאַרצייטנס, צי גאָר אַמאָל אַ מוסר־ספר׳ל.

אין פּוילן איז געווען אַ מנהג אַז די הייבאַם פלעגט פון יעדן קינד, וואָס זי האָט ברוך השם אָפּגענומען, געמאַכט אַ קניפּל... ווען די הייבאַם איז געשטאָרבן, פלעגט מען איר מיטגעבן אין קבר אַריין אַ גאַנצן קאַסטן מיט קניפּלעך...

בילה די לאַמע הייבאַם איז שוין געווען אַ זייער אַלטע פרוי, ווען זי איז געשטאָרבן. עטלעכע צדיקים האָבן איר מספּיד געווען... איין הייליקער צדיק האָט געזאָגט פאַרן אָפּענעם קבר אַז זי איז געווען גאָט׳ס אַ מלאך, וואָס איז בלויז געקומען אויף דער ערד כדי אָדורכצופירן גאָט׳ס שליחות... פאַקטיש איז זי נישט געשטאָרבן מיט קיין מענטשלעכן טויט... פשוט, דער מלאך האָט זיך צוריקגעקערט צום רבונו של עולם אין הימל אַריין... זי האָט אָפּגענומען אידן און גוים אין די טויזנטער, ממש אַ גאַנץ פאָלק... און עדות זיינען די טויזנטער קניפּלעך וואָס אירע ביינער האָבן מיטגענומען אין דר׳ערד אַריין... בלויז אירע ביינער... זי אַליין,

אַ גאָלדענער מלאך, שוועבט דאָ פאַר אונדז, בענטשט אונדז, איידער זי קערט זיך אום צוריק צום כסא הכבוד...

אַלע מענטשן ביי דער לוויה, גרויס און קליין, אידן און גוים, האָבן געוויינט און געיאָמערט. מען האָט אין גאָלאָמב און אין די אַנדערע דערפלעך לאַנג גערעדט וועגן בילה׳ס שטילע און גרויסע מעשים פאַר די אָרעמע מענטשן.

---

איינמאָל אין אַן אָוונט, ווען דער טאַטע איז געזעסן ביים טיש, אַזוי ווי תמיד, אַ טיף־דערשלאָגענער, אַ מורא׳דיק מרה־שחורה׳דיקער אין זיין האַרץ און געמיט, האָט חיים שבת עפּעס אַזוי ווי פּלוצלינג גענומען רעדן וועגן דעם פּריצה׳לע פון גאָלאָמב. ווען חיים־שבת פלעגט זיין מער ווי געוויינלעך משוגע, פלעגט ער פאַרמסרן דעם טאַטן פאַר דער מאַמען, אַז דאָס פּריצה׳לע פון גאָלאָמב האָט געוואָרפן אַן אויג אויפן טאַטן... און ער פלעגט נאָך אָנזאָגן זיין שוויגער אַז זי זאָל אָפּהיטן דעם טאַטנ׳ס געגנג ביי דער נאַכט... לויט אים האָט נאָך דאָס פּריצה׳לע ביזן היינטיקן טאָג פאַרפאָלגט מיין ראָמאַנטישן טאַטן. צייט און פלאַץ האָט פּאַקטיש געשפּילט אַ קנאַפּע ראָלע אין מיין שוואָגער׳ס מוח... פּונקט ווי דער טייוול האָט געקענט אָנצינדן דאָס וווּנדערלעכע האַרץ פון דאָקטאָר יאָהאַן פּאַאוסט צו דער פאַרצייטישער גריכישער קעניגין העלענע, אַזוי האָט דער וואַנזיניקער חיים שבת זיך געקענט דערלויבן די פאַנטאַזיע אַז דאָס פּריצה׳לע פון גאָלאָמב, וואָס איז שוין זינט לאַנגע יאָרן פאַרוואַנדלט אין שטויב, זאָל נאָך אַלץ פירן אַ געהיימנישפולן ראָמאַנס מיטן טאַטן... אפשר האָט חיים־שבת דעם דאָזיקן ראָמאַנס אויסגעטראַכט פון זיין היציקן קאָפּ...

אָבער מיין גאָטזעליקע מאַמע האָט דעם טאַטן קיינמאָל אין איר לעבן נישט פאַראַטן. פונדעסטוועגן איז געווען אין איר האַרץ נאָך איין גרויסע ליבשאַפט: גאָט! גאָט איז געווען דער מאַמעס אומגעהויערער געליבטער. צו גאָט האָט די צאַרטע און איידעלע פרוי אין ביטערע יסורים זיך תמיד מודה געווען. צו גאָט האָט זי פאַרטרויט אירע אינטימסטע סודות. פאַר אים האָט איר פאַרבלוטיקט האַרץ געשטראַלט ווי אַ גרויסער ברילייאַנט. צו גאָט האָט זי דערציילט פון איר לעבן. פאַר גאָט האָט זי מענטשלעך און אינטים געעפנט איר האַרץ און נשמה. צו גאָט האָט זי זיך באַקלאָגט אויף אירע גרויסע עוולות. גאָט, דער געוואַלטיקער גאָט וואָס האָט באַשאַפן הימל און ערד, איז געוואָרן קליין פאַר איר גרויסער ליבשאַפט. אין רבונו של עולם האָט זי געלעבט און אויפגעשטראַלט מיט גאַר איר שיינקייט. אויף זיין הייליקער קני האָט די מאַמע געערוט. אויף זיין שויס האָט די מאַמע זיך אויסגעוויינט. צו גאָט האָט זי געשעפּטשעט שיר־השירים. צו אים האָט זי גאָלד־געשטראַלט מיט איר אייביקן תהלים־זאָגן. פאַר גאָט האָט זי געצונדן די זילבערנע לייכטער מיט גרויסע ליכט ערב־שבת. קיינער האָט

רעכט נישט געוווּסט אַז די מאַמע האָט אַ געליבטן — דעם רבונו של עולם זעלבסט. דער דאָזיקער הערלעכער ראָמאַנס האָט באַלויכטן איר אָרעמען און יסורמדיקן לעבן מיט אַ געוואַלטיקער וואַרעמקייט און נחת. און דאָס איז געווען די שענסטע ליבשאַפט וואָס איך האָב געזען צווישן די מענטשן־קינדער.

---

תמיד פלעגט עס אויסגיין צו די קעפּ פון די צוויי איינזאַמע פרויען: די מאַמע, אַרויפגייענדיק מיטן טאַטן די אויסגעקרימטע טרעפּ צו זייער וווינונג, פלעגט כאַפּן טויטלעכע קללות פון טאַטנס געפּערלעכן מויל שוין די רעשט פון דער גאַנצער פינצטערער נאַכט... די דאָזיקע קללות געדענק איך מיט שוידער פון קליינערהייט אָן. זייער פינצטערע שפּראַך איז מיר אַריין אין די ביינער. דער טאַטע פלעגט מיט מוראדיקע קללות שעלטן אַ קליינע שוואַכע און צעבראָכענע פרוי, וואָס איז שוין פון פאַרויס געווען אַ פאַר־שאָלטענע פון שיקזאַל. בכלל ווייסן קוים דערוואַקסענע מענטשן, ספּעציעל עלטערן, וועגן דער געוואַלטיקער מאַכט פון ווערטער אויף ייִנגע נשמות... זיי קאָנען קוים די מעכטיקע קראַפט און די אומגעהויערע באַ־דייטונג פון ווערטער, וואָס ווערן אַרויסגעזאָגט פון די עלטערע און גאָענטסטע מענטשן, אויף דער פּסיכיק פון קינדער. אַזעלכע שרעקלעכע ווערטער פורעמען פּאַקטיש אונדזער צוקונפט און כאַראַקטער אין דער צאַרטער קינדהייט.

די מאַמע פלעגט מוסר'ן דעם טאַטן אין דער שפּעטער נאַכט פאַר זיין רעדן אַזוי פריי און פאַרביסן צום אײדעם, וואָס האָט שפּעטער געפּייניקט זיין ווייב צוליבן טאַטנס רייד... איך פלעג הערן ווי די מאַמע זאָגט צום טאַטן פון איר אײַזערנעם בעטל אויס:

— מאָטלשי, דו געדענקסט דאָך דעם זאָג: „אַז איינער האָט אַ געהאָנ־גענעם אין דער משפּחה, טאָר מען צו אים נישט זאָגן: „הענג מיר אויף דעם פיש צו טרוקענען".

מיין שוועסטער טעמעלע, איבערבלייבנדיק אַליין מיט איר וואַנזיניקן מאַן, פלעגט אויך דורך דער גאַנצער נאַכט נישט צוטאָן קיין אויג און זי פלעגט זיין געצוווּנגען אויסצוהערן ווי חיים שבת זידלט מיט די וואול־גאַרסטע אויסדריקן איר גאַנצע משפּחה...

טעמעלע פלעגט געוויינלעך שווייגן, פּונקט אַזוי ווי מיין גאָטזעליקע מאַמע פלעגט דורך איר גאַנץ לעבן שקלאַפיש שווייגן... וואָריםביידע דערשלאָגענע און געשטראָפטע פרויען האָבן וויל געוווּסט אַז זייערע מענער זיינען גהינום'דיקע כאַראַקטערן און זיי קענען יעדער איינציקע רגע גע־בראַכט ווערן צו וואַנזיניקע אויסבראָכן פון כעס און אפילו קראַנק ווערן אויך. פאַר ביידע פרויען איז בלויז איבערגעבליבן איין מיטל אין לעבן: שווייגן און — פאַרשווייגן... אינסטינקטיוו האָט טעמעלע, די

טאָכטער, זיך אָפּגעלערנט פון דער מאַמען תמיד צו שווייגן און בלויז שטילערהייט צו קרעכצן און זיך אויסוויינען דאָס פאַרוויטיקטע האַרץ פאַר גאָט . . .

---

ווען דער טאַטע איז שוין געווען אין לאַנד פון די שאַטנס, האָט עס מיך מוראדיק געצויגן, ווי דורך עפּעס אַ געהיימנישפולע מאַגיע, צו מיין שוועסטער טעמעלעס הויז. איך פלעג בענקען צו זיין דאָרטן אין דער אָנוועזנקייט פון טאַטנ׳ס געצנדינערישע רעליקוועס. די זון, איידער זי פלעגט איינגאַנצן אונטערגיין צו דער אַנדערער זייט פונם פּלאַנעט, פלעגט זי פריער זייער צאַרט און מיט גאָלדענע הענט אָנרירן דעם טאַטנס רירנדיקע זאַכן . . . זי פלעגט באַגילדן און באַלויכטן דעם טאַטנס איינגעקויפטע געצינס וואָס האָבן נאַקעטיקע, מיט זייער קלאַסישער פאָרם, גערייצט דאָס אויג . . . אין אַ ווינקל, אויף דער קאָמאָדע, פלעגט שטיין אַ סטאַטועטקע פון אַ שלאַנקער געטין, די געצין דיאַנאַ . . . אין אַ צווייטן ווינקל האָט אין מאַרמאָר אַ יינגע קייסערינע אָנגעטאָן איר גאָלדענע קרוין. דאָ האָט אַ הונט, וואָס דער טאַטע האָט מיט ליבשאַפט אָפּגעפּאַרבט אין זילבער, געשפּרונגען אויף זיין בעל הבית מיט אַ טויטן פויגל אין זיין פּיסק . . . דאָ האָט דער טאַטע געלאָזן שטיין זיינע קליינע, חנעוודיקע קונסטווערק. אָבער יעדעס מאָל ווען איך פלעג דאָ קומען, איז שוין געווען ווייניקער זאַכן פונם טאַטן. דאָס האָט זיי אין זיין אומהיימלעכער שנאה צום טאַטן מיין שוואָגער חיים שבת פאַרניכטעט. ער פלעגט מיט אַ שווערן האַמער צעברעכן די קעפּ פון די איידעלע פרויען . . . ער פלעגט צעשמעטערן די שיינע טאָרסאָס פון וווּנדערלעכע גריכינס, וועלכע דער טאַטע האָט מיט טיפער פאַרערונג צו די געצינס, זיי אַלע אָפּגעפּאַרבט אין אַ ליכטיקן גאָלד. ער האָט אכזריותדיק פאַרניכטעט דעם טאַטנס הערלעכן האַרעם פון בראָנדז און פון מאַרמאָר, אַזוי ווי אברהם אָבינו האָט צעבראָכן מיט צאָרן זיין פאָטער תרח׳ס שטומע געצן . . . און וואָס מער ער האָט זיי צעבראָכן, אין זיין משוגענער שנאה, אַלץ מער האָט ער אַליין, חיים שבת, געקרוגן אַ פאַרשטיינערטן פּנים . . . יאָ, ער האָט געקרוגן אַ האַרטן, קאַלטן, פרעמדן און צעשלאָגענעם פּנים, אַזוי ווי גאָט וואָלט אויסגעצויגן זיין אייזערנעם אָרעם און ער וואָלט אים געשלאָגן מיט קיזלשטיינער איבערן קאָפּ און איבערן פרעמדן, איינזאַמען פּנים . . . עס האָט גאָט אַליין אים פּיינט געקרוגן פאַר זיין צעשטערן דעם טאַטנס אַנטיקן און קונסטווערק. גאָט אַליין איז קיינמאָל נישט אייפערזוכטיק געווען אויפן טאַטנס ליבע און באַוווּנדערונג צו די גריכישע און פּאַגאַנישע געטשקעס.

דער טאַטע האָט ליב געהאַט ביידע: די געוואַלטיקע נאַטור־ווערק פון די הענט פון גאָט און די קונסטווערק וואָס מענטשן האָבן באַשאַפן . . . ער

איז אייביק געשטאַנען אין שטוינונג און אין עקסטאַז פאַר גאָט׳ס אָטעם־פאַרכאַפּנדיקע לאַנדשאַפטן און פאַרן מענטש.

---

מיין שוואָגער חיים־שבת האָט נישט שטאַרק געהאַלטן פון מיין ברודער פיליפּ. פאַרן פּשוטן און נאַטירלעכן חיים שבת, וואָס האָט געלעבט זיין לעבן אַזוי פּרימיטיוו ווי אַ בוים אין וואַלד, ווי אַ שטיק עלעמענטאַרע קראַפט, און וואָס האָט גערעדט מיט אַ מילגרוימיק־זאַפטיקן לשון פון דעם טויזנט יאָריקן אידישן פאָלק אין פוילן — איז אויסגעקומען פרעמד, אומנאַטירלעך און סנאָביש מיין ברודער פיליפּ׳ס געשטאַלט, נאָמען, כאַראַקטער, קליידונג און מאַניערן. חיים שבת פלעגט זיך תמיד, מיט רעכט, וואונדערן איבער דער מאָדנער פאַרשידנאַרטיקייט פון מיינע ברידער און שוועסטער. יעדער איינציקער זון פון מיין קליינטשיקער מאַמען איז געווען אַן אַנדערע וועלט. קיינער איז צו קיינעם נישט ענלעך געווען. אַפילו מיין טאַטע האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין פונוואַנען עס קומט צו אים דער דאָזיקער מאָדנער און אין גרונט גאַנץ פרעמדער זון פיליפּ. ער האָט אים פּשוט נישט געקענט און נישט דערקענט...

כמעט קיינער אין דער פאַמיליע האָט נישט גערן פיליפּן, אויסער די מאַמע און דער יינגערער דור אין דער פאַמיליע, זיינע פלימעניקעס, שוין דאָ־הי געבוירענע. צו די יינגע מענטשן איז פיליפּ אַזאַ וואָס שמעקט מיט ראָמאַנטיק און מיט פרעמדס. ער טיילט זיי מתנות און ער נעמט אויס מיט זיינע מוסקולען און ספּאָרט־באַרימערייען. ער רעדט אַן ענגליש מיט אַ פראַנצויזישן אַקצענט. וואָס שייך די מאַמע, האָט זי אים ליב ווי אַ לייבלעך קינד. מעג אַן אייגן קינד טויזנט מאָל ענדערן זיין נאָמען, זיין קליידונג, זיין פיזישן אויסזען און די געדאַנקען פון זיין מוח אַפילו. פאַר איר, פאַר דער מאַמען, בלייבט ער דאָך דאָס קינד וואָס איז אין איינער אַ נאַכט אַרויסגעגאַנגען אַ מוטער־נאַקעטער פון איר טראַכט. צו איר איז ער דער מאַן וואָס מען האָט אים געדאַרפט אָפּוואַשן מיט זייף און וואַרעמע וואַסער פון דער מאַמעס בלוט־פלעקן. און עס איז דער „העלד" וואָס האָט פון אירע פולע, מוטערלעכע בריסטן געזויגן די הייסע, מאַמעשע מילך, וואָס האָט אים דערנערט אויפן גאַנצן לעבן. זי האָט אים אין די אומהיימלעכע פוילישע נעכט געוויגט אין דעם וויגעלע און האָט צו אים געזונגען דאָס האַרציקע אידישע קינדער־ליד. אַזאַ ליד האָט ער קיינמאָל אין זיין לעבן מער נישט געהערט. אַפילו נישט אין דער גראַנדיעזסטער אָפּעראַ. אַ מאַמע פאַרגעסט קיינמאָל נישט אַלע פּאַזן פון דעם מענטש וואָס איז אויסגעוואָקסן פון אַ קליינטשיקן ווערעמל צו דער גאַווה, אַמביציע און דעם פאַרנעם פונם איצטיקן באַרימער און פאָזעאור. פיליפּ פראַנסוא, ווי ער האָט זיך איצט סנאָביש גערופן, האָט אין סך הכול געהייסן פּנחס וועלוועלע. זי געדענקט אים נאַקעטערהייט, אַזוי ווי גאָט געדענקט אַלע מענטשן נאַקעט.

גאָט זעט דאָך קיינמאָל נישט די אָנגעטועגע מענטשהייט. גאָט זעט נישט דאָס קינד אינם העמדל, דעם מאַן אין סמאָקינג, דעם מת אין תכריכים. בייערט גאָט זעט גאָר די מענטשן נאַקעטע און קינדישע נאָך ווען זיי האָבן זיך געשפּילט נידעריקע ווי ווערם ביי דער ערד, ביים זאַמד און ביים געלן ליים. גאָט געדענקט ווייל אַלע דורות. און אַזוי אויך געדענקט די מאַמע אַלע אירע לייבלעכע קינדער פון איר טראַכט אָן... פאַר דער מאַמען וואָס וואַקסט אַראָפּצוצו, צו דער ערד, עקזיסטירן נישט קיין שום קעניגן, קיין קרוינען אויף זייערע קעפּ און קיין גילדערנע סצעפּטערס פון מאַכט און גלאָריע אין זייערע געלע און ליימיקע הענט... די מאַמע איז יעדער איינציקע רגע פון איר לעבן — מאַמע צו איר קינד. שפּעטער, ווען דער זון וואַקסט אויס, געדענקט ער בלויז — אויב ער האָט דעם גוטן ווילן און ליטישן כאַראַקטער — די מוטער און די איינצלנע מאָמענטן פון זיין מוטערס גוטסטקייט. עס איז אָבער אונמעגלעך פאַר אים צו געדענקען די גאַנצע לאַנגע קייט פון איר וואַרעמער מוטערשאַפט צו אים, פונם הילצער־נעם וויגל אָן... ער שעמט זיך עפּעס אויך דאָס אַלץ צו געדענקען. עס איז דאָך קעגן זיין שטאָלץ פון פאַריסענער דערוואַקסנקייט צו געדענקען ווי די מאַמע קנעפּלט אים אויף די הייזלעך און זי פירט אים משתין זיין און צום דערליידיקן זיך. ער טאָר נישט געדענקען ווי די מאַמע מאַכט אים טרוקן און ווי אַזוי די מאַמע באָדט אים אויס נאַקעטערהייט אין דער וואַנע. און ווי אַזוי זי האָט דאָס וואַסער פאַר דער וואַנע געטראָגן פון דער וויכסל מיט נאָסעס אויף אירע איינגעבויגענע און צעשלאָגענע פּלייצעס. אָבער די מאַמע שטייט אַפילו פאַרן אָרון פון איר פאַרברענטן און גרוי־געוואָרענעם זון און זי קוקט אויף זיין אַש־בלויען פּנים און זי דערקענט אים היימיש און עס איז ווי זי וואָלט אים נאָך אַלץ פּילן אונטער איר האַרצן ווי אַן עמבריאָן. ווי גאָט טראָגט דעם מין מענטש אין גאָר זיינע מיליאָנען מאָמענטן, אין זיין גאַנצער עפּישער צייט־געשטאָלטיקונג, טראָגט די מאַמע אין איר זכרון מיליאָנען זיך־געשטאַלטיקונגען פון איר איינציקן זון־גע־שטאַלט. זי האָט אים פּאַקטיש פון אַ צייטווייליקער עקזיסטענץ אין צייט פאַרוואַנדלט אין אַ געטלעכע, אייביקייטס־וואַרעמע און אומשטערבלעכע עקזיסטענץ...

דער זון אָדער די טאָכטער ליגט שוין אַ צעפּוילטער און צעברעקלטער אין קבר און שטינקט. אָבער די מאַמע פרייט זיך נאָך מיט זיין עמבריאָן און מיט זיין מענטש ווערן אין איר וויטיקלעכער און דאָך גערולדיקער טראַכט. זי פילט ווי אַזוי אבר מיט אבר נעמען זיך האַרציק צוזאַמען כדי אינעווייניק אין איר מוטערשאַפטס־ווערקשטאַדט הויך אויפצוטורעמען צו אַ מאַן פון שפּעטערדיקער אַמביציע, קוראַזש און פאַרמעסט מיט זיין שיקזאַל און געפירט פון זיין שר אין דער וועלט אַריין. ער טרינקט ראָסקאָשנע איר בלוט ווי הייס און פליסנדיק און שטורמיש לעבן. דער וואָס וויגט זיך

אויף דער תליה איז בלויז אַ שאָטן פון איר מוטערלעך גליק וואָס ציטערט נאָך ווי אַ סימפאָניע אין איר גאַנצער אויפגעציטערטער און שטורמדיקער מוטערשאַפט.

— פנחס וועלוועלע! איך דערקען דיך גאָרנישט. האָסטו טאַקע פאַר־געסן דיין מאַמעס היימישן לשון? — פרעגט די מאַמע, אַנקוקנדיק איר „פראַנצויזישן" זון, וואָס איז פּלוצלינג געקומען צוגאַסט צו דער מאַמען און צו דער משפּחה. אייגנטלעך איז ער געקומען צוגאַסט צו זיין פרויס קריסטלעכער משפּחה וואָס זיינען אַגב ריינע קאַטוילִיקן...

פיליפּ פראַנסואַ קען נישט מער קיין איינציקן וואָרט אין אונדזער אידישן לשון. ער האָט פאַרגעסן זיין טאַטע־מאַמעס שפּראַך. ווי לייכט עס איז צו פאַרגעסן אידיש. האָט דאָך כמעט אַ גאַנץ אידיש פאָלק אין די פאַראייניקטע שטאַטן מכלומרשט פאַרגעסן דאָס הייליקע אידישע לשון...

אָבער איך געדענק פנחסן פון בעלגיע. עס איז געווען אַ צייט ווען פנחס פלעגט יעדן טאָג קויפן דעם וואַרשעווער „היינט" אָדער דעם „מאָמענט", צי גאָר די „נייע פאָלקס־צייטונג", אין שמולעוויטש׳ס בוכהאַנדלונג אויף דער לאַנגער קיוויט סטראַטע אין אַנטווערפּן. ער האָט אָן קיין אידישע צייטונג נישט געקענט לעבן. ער פלעגט ביי מיר אויך אויסבאָרגן אידישע ביכער צום לייענען. ער פלעגט רעדן אַ געשמאַקן און פאָלקסטימלעכן אידיש. ווען איך בין אין סוף יאָר 1924 אָנגעקומען קיין אַנטווערפּן, האָט מיך פנחס אַריינגעפירט אין דער „רעסטאָראַציע אַש", אויף לעווריק סטראַטע, אין דער היימישער אידישער געגנט. דאָרטן פלעגן עסן די אידישע אימיגראַנטן. און דאָרטן האָט מען גערעדט פּויליש, גאַליציאַניש, רוסיש און אונגאַריש אידיש. און פנחס האָט מיט אַלעמען גערעדט דאָס פּראָסטע און „געמיינע" לשון. אין מיין אַרכיוו געפינען זיך נאָך דריי פאָטשטוווקעס פון דער שיינער שטאָט ניצע. ווען פנחס איז דאָרט געווען, האָט ער די פּאָסטקאַרטלעך געשיקט קיין ניו־יאָרק, אין די בראָנקס, צו אונדזערע עלטערן. פון איין זייט פון די קאַרטלעך לויכט טוריסטיש אַראָפּ דער באַנאַליש־בלויער ים, די טונקעל־גרינע פאַלמענבוימער, די פּאַלאַצלעך ביים ברעג, די עלעגאַנטע, זומערדיקע אַרומשפּאַצירערס. און פון דער צווייטער זייט לויכטן די פאַרצאַקטע אותיות פון פנחס׳ס כתב, אין אַ פּשוטן אידיש... עס איז געשריבן אויף אַן אופן ווי די אותיות וואָלטן זאָגן: „אונדזער שרייבער קען נישט קיין שום אַנדערע ליטערעס אָדער בוכשטאַבן. ער קען נאָר שרייבן אונדז אַליין, די אייביקע אידישע אותיות... אונדזער פּראָסטער און היימישער אַלף־בית איז אים ליב צום האַרצן".

די דאַרע און איינגעשרומפּענע מאַמע רעדט איר אוראַלטן, פּלושענעם, וואַרעמען און תחינה׳דיקן אידיש צו איר אַסימילירטן זון. אָבער פיליפּ פראַנסואַ האָט אויסגעטאָן זיין מאַמעס ווערטער פון זיין לייב און פון זיין בלוט. ער האָט אַרויסגעבראָכן אידיש פון האַרצנס טיפעניש ווי אַ שלעכט

געקעכטס פונם מאָגן. און צוזאַמען מיט זיין פּאַראַטענעם אידיש האָט ער אויך, פֿאַרשטייט זיך, פּאַראַטן זיין פּנים, זיין פלייש און זיין פּערזענלעכקייט. פּנחס וועלוועלע רופט זיך איצט פיליפּ פראַנסואַ גאַראַ. ער גילט אין זיין שטאָט און קריסטלעכער סביבה אַלס פראַנצויז. אַלס ריין־בלוטיקער און קלאָר־ראַסיקער גוי. ער האָט אויך פיינט אידן. ער באַהאַלט אַפילו נישט פאַר זיינע אייגענע זיין צוגעקלעפּטן אַנטיסעמיטיזם.

די מאַמע גייט אַוועק אין אַ ווינקעלע און זי וויינט. זי שוידערט פון אַזאַ מין שנאה צו אידן מצד איר אייגן בלוט־און־פלייש. חיים שבת נעמט זיך לייטיש קריגן מיט פיליפּן. אָבער זיין אופן פון רעדן, זיין געשטאַלט, זיינע גראָבע מאַניערן, זיינע אָרעמע מלבושים, די לעכער אין זיין גע־שטופּעלטן פּנים, די גרויסע און געשוואָלענע הענט ווי שטיקער ליים פון דר׳ערד, אַלץ, אַלץ שאָקירט דעם ממש געבוירענעם פּריץ און אַריסטאָקראַט פיליפּ פראַנסואַ גאַראַ.

צו אַלע צרות באַרימט זיך גאַר פיליפּ מיט זיין גיין אויף פּאָלעוואַניע. דער מאַמעס זינדל פּנחס וועלוועלע איז געוואָרן אַ גוי׳אישער יעגער. ער גייט ווינטער־צייט אויף יאַגד מיט זיינע פראַנצויזישע פריינט, מיט די קריסטלע־כע פּריצים און פעאָדאַלן, וואָס זיינען דאָ אָנגעקומען נאָך אין דער צייט פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע און בשעת דעם מוראדיקן טעראָר.

פיליפּ באַרימט זיך ווי ער פאַנגט חיות. ווי ער פאַרבלוטיקט אומ־שולדיקע גאָט׳ס באַשעפענישן. ווי ער פאַרוואונדעט און צערייסט די אברים און די פליגל פון צאַרטע פייגל. ווי ער צעפליקט מיטן מעטאַלענעם שרויט די לייבער פון טייבעלעך און פאַזאַנען. פיליפּ באַרימט זיך מיטן שעכטן גאָט׳ס לעבנס אין די וועלדער.

— קיין שום איד טאָר נישט טויטן קיין שום זאַך וואָס לעבט און אָטעמט מיט גאָט׳ס ווילן! — רופט זיך אָפּ אַן אויפגעצאָרנטער חיים שבת. — גאָט באַשטראָפט פריער אָדער שפּעטער דעם מערדער פון אַזעלכע בלוטיקע פאַרברעכנס.

פיליפּ ווערט אָנגעצונדן. מען זעט אַז עס ציט אים באַשיינפּערלעך די האַנט צום רעוואָלווער... ווען דאָס וואָלט נישט געווען זיין אייגענע משפחה, וואָלט ער צעשאָסן די מענטשן ווי די פייגל...

ווען דער טאַטע האָט נאָך געלעבט, האָט ער געזאָגט אַז פיליפּ האָט זיך געשמדט, אַז ער געהערט צו דער קאַטוילישער קירכע. אַז אים קאָסט אָפּ וואַזשנע געלט די גויאישע געזעלשאַפט. אַז ער פּרובירט זיך איינקויפן אין יחוס ביי די פראַנצויזישע אַנטיסעמיטן. אַז ער ציטערט פאַר די פּריצים, זיי זאָלן אין אים חלילה נישט דערקענען דעם פּוילישן איד. פיליפּ האָט טאַקע שטאַרק מורא פאַר זיין אידישער פאַמיליע. ער בעט זיך ביי זיי אַז מען זאָל אים נישט באַזוכן און נישט אָפּשטאַטן קיין וויזיטן אין שיקאַגאָ. ווען איינער אַ ברודער, אַ שטייגער מנחם, וואָס מוז זיך באַרגן

געלט ביי פיליפן אַלע מאַנטיק און דאָנערשטיק, פּאָרט אַדורך דאָס לאַנד פון איין קאָוסט צום אַנדערן, האָט ער ליב אָפּצוטרעטן אין שיקאַגאָ ביי פיליפן. ער טעלעפאָנירט אים אָפּ אַהיים. פיליפּ וווינט אין אַ רייכן האָטעל, אין דער קריסטלעכער געגנט פון שטאָט. פיליפּ, אָן אויפגערעגטער, קומט געוויינלעך אין זיין אויטאָמאָביל צום אומגעבעטענעם גאַסט אין האָטעל אָדער ער באַשטימט זיך מיט אים צו טרעפן אין אַ רעסטאָראַציע. ער וואָגט נישט אַהיימצונעמען צו זיך זיין מאָדנעם, אידישן ברודער. ער פאַר־ברענגט מיט אים אַ פּאָר שעה און ער זעט פון אים ווי עס איז פּטור צו ווערן... געוויינלעך געפינט ער אַ לייטישן תירוץ פאַרוואָס זיין פרוי האָט נישט געקענט קומען. זי האָט געמוזט גיין אויף אַ טשאַריטי־באַל, ווו זי איז „טשער־ליידי"... אָבער שפּעטער שרייבט פיליפּ אָפּנהאַרציק צו אונדזער שוועסטער טעמעלע אַז מען זאָל אים מער נישט באַזוכן... אַז ער האָט געהאַט צרות און שרעק. אַז ער איז געצוווּנגען צוליב זיינע גע־שעפטן צו פאַרבאָרגן זיין אידישקייט מישטיינס געזאָגט... און טעמעלע בעט זיך טאַקע ביי דער פאַמיליע נישט אָפּצוטרעטן ביי פיליפן. אָבער, עס העלפט נישט. און תמיד לעבט פיליפּ אין פחד און אין ציטערניש דערקענט צו ווערן אַלס איד דורך דער פראַנצויזישער געזעלשאַפט. פאַקטיש איז ער אַליין דער טרויעריק־געראַניעטער פויגל, וואָס די אומברחמנותדיקע יעגערס פאַנגען אין וואַלד... עס זיינען שטענדיק זיי וואָס פירן אָן די פירכטער־לעכע יאַגד איבערן באַיוון און קליינטשיקן איד פּנחס וועלוועלע, וואָס איז אַ צו אָרעמער שוישפּילער כדי צו זיין אומשטאַנד צו שפּילן די אומדאַנק־באַרסטע און אומהיימלעכסטע ראָלע אין טעאַטער פון לעבן...

איך זיץ געוויינלעך אַ שווייגנדיקער ביים טיש און איך קוק זיך צו צו דער אומעטיקער קאָמעדיע. פיליפּ רעדט זייער אַ סך און זייער איילי. ער זשעסטיקולירט מנחם־מענדל־אַרטיק מיט זיינע נערוועזע אידישע הענט. סוף כל סוף איז ער דורך און דורך אַ אידישער מענטש פון פוילן. ווי אַזוי קען ער אַפילו חלומען צו פאַרמאַסקירן זיין איינזאַמע און טרויעריקע אידישקייט? איז דען פאַראַן דאָס פייער וואָס זאָל קענען אויסברענגען די טיפּיש־סעמיטישע שטריכן אין זיין פּנים, וואָס זיינען ווי מיט אייזן אַריינ־געשניטן? איז דען פאַראַן די וואַנע מיט וויטריאָל וואָס זאָל זיין אומשטאַנד אָפּצושיילן מיט איר שרפהדיקן בראַנד די הויט פון איר אידישקייט? וואָרים ממש מיט אַ ברוטאַלן געוואַלט ברעכט זיך אימה׳דיק אַרויס זיין אידיש בלוט און זיין היסטאָריש־אידישער אָפּשטאַם. אַפילו די פרעמדע אַנטיסעמיטישע פראַזן קומען אַרויס פון זיינע ליפּן אויף אַ אידישן שטייגער. עס שרייט אַרויס דער באַליידיקטער איד פון אַלע זיינע אברים און מינעס, פונקט ווי ער וואָלט געהאַנגען אויף אַ תליה הויך אין דער לופט און וויפל די פייגל זאָלן נישט פּיקן זיינע אברים און וויפיל די ראַצן ביינאַכט זאָלן ווילד־הונגעריקע נישט גריזשען זיין פלייש, קען קיין שום

כוח אין דער וועלט נישט אָפּמעקן דעם איד פון דעם איד׳ס פאַרשאָלטענעם און געשלאָגענעם גוף...

ווען איך בין נאָך געווען אַ קליינטשיק אינגעלע, געדענק איך, האָבן די פויערים אין דערפעלע סאָסנאָוו געפאַנגען אַ קוראָפּאַטווע. זיי האָבן דעם פויגל אַ פאַרווונדעטן אַריינגעבראַכט צו אונדז אין שטוב אַריין. איך געדענק ווי די פויערים האָבן ביטער חוזק געמאַכט פון דעם טרויעריקן פויגל. דער פוילישער שניי איז נאָך געלעגן אויף זייערע וואָנסעס, קוטשמעס און קאָזשוכעס. די פויערים האָבן געשאָטן חוזק אויפן אַדרעס פונם געכאַפּטן פויגל. די איינזאַמע קוראָפּאַטווע איז געשטאַנען אין אַ ווינקעל פון אונדזער שטוב. זי האָט געבלוטיקט פון אירע וווּנדן, זי האָט שטיל געיאָמערט פון ביטערע יסורים. זי איז געוואָרן מענטשלעך...

איך האָב קיינמאָל מער אין מיין לעבן נישט געקענט פאַרגעסן די פאַרווונדעטע קוראָפּאַטווע. אין דרויסן איז געלעגן דער אומענדלעכער פוילישער שניי. אָבער אונטערן שניי, האָט מען געפילט, איז געווען לעבן. דאָס פשוטע גראָז, די פלאַנצן, די בוימער און די בלומען, אַלץ וועט אויפסניי אין געציילטע חדשים אַרום אָנפאַנגען ווידער צו לעבן מיט אַ שטראַלנדיקן און אומענדלעכן לעבן. אָבער פאַר דער דאָזיקער צעשלאָגענער קוראָפּאַטווע איז קיין שום האָפנונג נישט געווען. די פויערים האָבן זיך ציניש און געמיין געוויצלט אויפן חשבון פון איר געשמאַקן פלייש. פאַר זיי איז דער פויגל געווען אַ מאָלצייט. פאַר מיר — אַן אייביקע דערינערונג פון יסורים פון אַ שטומע באַשעפעניש. און איצט דערמאָן איך זיך עפּעס פּלוצלינג אין דער קוראָפּאַטווע, ווען מען רעדט וועגן יאַגד... און מיר דאַכט זיך אַז די קוראָפּאַטווע איז גאָר מיין ברודער פיליפּ פראַנסואַ אַליין...

און נאָך עפּעס קומט מיר אויפן זינען, בשעת פיליפּ באַרימט זיך אַזוי לוסטיק און גאַרנישט אידישלעך מיט זיינע בלוטיקע וואַלד־טראָפּייען. עס גייט אויף אין מיין זכרון אַ בילד פונם רענעסאַנס־פעריאָד, פון דעם איטאַליענישן מאָלער פראַנצעסקאָ טרייני, וואָס איך האָב ערגעץ ווו געזען. די מאָלעריי הייסט „דער טריאומף פון טויט". עס שטעלט פאָר ווי אַזוי אַ גרופּע פּריצים־יעגער קערן זיך אום אַהיים פון דער פריילעכער און ברוטאַלער יאַגד, רייטנדיק אויף זייערע ווילדע און אימפּעטיקע פערד. די קעניגלעכע קליידער אויף די פּריצים און פּריצות זיינען פאַרבלוטיקט פון די אומשולדיקע קרבנות. זייערע פּנימער לויכטן מיט זאַטקייט, באַזויפּנקייט און ליידנשאַפט. די לוסטיקע מענער און פרויען זיינען עקסטאַטיש און גליקלעך פון רציחה און מאָרד. זייערע ווילדע געשרייען פאַרהילכן ממש די לופט. אָבער פּלוצלינג רייטן זיי צו צו אַ פּלאַץ ווו עס ליגן אויסגעלעגט אין דריי רייע, אומגעהיבלעוועטע טרומנעס די מתים געפאַלענע פון דער שרעקלעכער פּלאָג. איינע פון די מתים איז, ווי מיר דאַכט זיך, אַ שוואַנגערנדיקע פרוי מיט אַן אויפגעשפּיצטן און געשוואָלענעם בויך. די צוויי

אַנדערע שטומע גופים זיינען פון מאַנספאַרשוינען, שוין כמעט פאַרוואַנדלטע צו סקעלעטן און וועמענס אויסשטייענדיקע ביינער מען קען ממש ציילן ווי די סטרונעס אין האַרפן. איינער אַן עלטערער גלח לייענט עפּעס אַרויס פון אַ געלע מגילה פאַר די צעהיצטע מענער און פרויען וואָס האַלטן קוים איין פאַר די לעדערנע ציימלעך די פייערדיק־גאָלדיקע פערד. דער צע־קנייטשטער גלח׳טשינע רעדט עפּעס וועגן דער אייביקער פאַרגענגלעכקייט פון אַלע סאָרטן פאַרגעניגנס, איינגעשלאָסן די בעסטיאַלישע תאווה צו טויטן לעבעדיקע קרעאַטורן. גאָט׳ס ריינע באַפליגלטע באַשעפענישן. און פלוצלינג, ווי דורך אַ בליץ געטראָפן, בלייבן שטיין די לוסטיקע יעגערס בלאַסע און אויף טויט־דערשראָקענע... זייער פרייד איז פאַרשטערט געוואָרן און זייערע רויט־אָנגעצונדענע פּנימער ווערן פינצטער ווי די נאַכט. טונקעלע שאָטנס נעמען זיי אַרום, אַזוי ווי גרויסע, שוואַרצע ווערם וואָלטן איבער זיי געקראָכן...

די מאַלעריי פון די יעגערס אויף די פערד און די דריי שטומע מתים אין די טרומנעס און דעם איינזאַמען גלח וואָס לייענט אַרויס, ווי פון קעניג קהלת׳ס אַלטן ספר — דאָס אַלץ איז אומפאַרגעסלעך... און מיר דאַכט זיך אַז צווישן די צעהיצטע פריצים־רייטערס האָב איך אין שקיעהדיקן פאַר־נאַכט דערקענט — מיין ברודער...

אין דער ביטערער אָרעמקייט פון אונדזער שטוב און סביבה האָט מיין ברודער פיליפ תמיד געשטרעבט צו אַ רייכערן און פילפאַרביקערן לעבן. איך געדענק אַז אין פולאַווי, אַ פּאָר יאָר איידער פיליפ איז אַוועקגעפאָרן קיין בעלגיע, איז אָפּט געקומען צו רייד וועגן זיך אויסלערנען אַ לייטישע מלאָכה. אין שטעטל איז געווען דער איינציקער גאָלדשמידט און גראַווירער, מרדכי ליבפעלד, וואָס האָט געהאַט אַ געוועלבל אויף דער פולאַווער הויפּט־גאַס. קיינמאָל, אַדורכגייענדיק די גאַס, פלעג איך נישט פאַרפעלן אַריינ־צוקוקן אין דער היימלעכער וויסטאַווע. אין דעם אויסשטעל־פענצטער האָט מען געקענט זען אַביסל צירונג: בראָשקעס, בראַנזאָלעטן, אויערינגלעך, קייטלעך, סיגנעטן, פינגערלעך, ציגאַרשפּיצן און מגן־דוד׳לעך פון גאָלד און פון זילבער. דאָס אינגלערישע אויג איז צוגעצויגן געוואָרן דורכן גלאַנץ און עשירות פון גאָלד. דער גאָלדשמידט אַליין פלעגט זיצן ביים טישל נעבן פענצטער, און פון זיין אָפענעם מויל פלעגן אַרויסגלאַנצן צוויי שורות מיט זילבערנע ציין. איך פלעג זיך ווונדערן: פאַרוואָס האָט דער גאָלד־שמידט נישט אַריינגעשטעלט קיין ריין־גילדערנע ציין אין זיין מויל אַריין? מען פלעגט אָבער זאָגן אַז די ציין זיינע זיינען טאַקע פון פּלאַטין... אָבער בשעתן זון־פאַרגאַנג אין שטעטל פלעגן זיך אַלע זאַכן אין דער וויסטאַווע פינקלענדיק אָנצינדן און אויך דעם גאָלדשמידט׳ס העלע ציין זיינען פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אמתן גאָלד...

איך אַליין האָב נישט געהאַט קיין נייגונג צו ווערן אַ גאָלדשמידט...

כאַטש גאָלד האָט מיך געוואָלטיק אינטערעסירט... יעדער מין גאָלדוואַרג: אַ גאָלדענע פּרוי אין גאַס... דאָס גאָלד פון אויפשטראַלנדיקן פרילינג... דאָס רייכע גאָלד פון לעבן... דאָס גאָלד פון וויין, פון ליבע, פון מוזיק און פון ליטעראַטור...

אָבער פיליפּ האָט זיך דווקא יאָ געוואָלט אויסלערנען די שיינע מלאָכה פון גאָלדשמידעריי. אים האָט, ווי געזאָגט, געצויגן צו אַן אידעלע מלאָכה. אים האָט נישט געשמעקט צו זיין אַ שערער. זיך צו לערנען דאָס געמיינע פאַך ביי מיין ברודער מנחם אין דער ראַזורע. אים איז נישט ליב געווען צו זיצן דעם גאַנצן טאָג אין מנחם׳ס פאַרויכערטער און פאַרקאָפּטשעטער ראַזורע און צו פאַרנעמען צוזאַמען מיטן געדיכטן רויך פון די ציגאַרעטן די געמיינע און די וווּלגאַרע רייד פון די אייביקע פּוסט־און־פּאַסטניקעס. אויך נישט צו שערן די קעפּ פון די פּויערים וואָס פלעגן אין אַ מאַרק־טאָג פאַרפלייצן די ראַזורע מיט זייערע לייזיק־לאַנגע האָר. פיליפּ האָט געוואָלט זיין אין זיין לעבן אַ גאָלדשמידט. אָבער דער גאָלדשמידט ליבפעלד האָט פאַרלאַנגט פאַרן אויסלערנען די אידעלע מלאָכה צו מיין ברודער גאַנצע פונפציק זילבערנע זלאָטעס. דער טאַטע האָט נישט געוואָלט פטרן פונפציק זלאָטעס פאַר פיליפּן. ער האָט פונקט דעמאָלט געהאַלטן אין פיבערישן איינהאַנדלען דאָס טויטע רוסישע געלט...

געדענק איך איינע אַ נאַכט ווען עס איז אויסגעבראָכן אַ קריגעריי וועגן דעם ענין. עפּעס האָט פיליפּ, וויסנדיק אַז די גערעכטיקייט איז אויף זיין זייט, פלוצלינג געקראָגן לשון און ער האָט אָפן באַשולדיקט דעם טאַטן אַז ער האָט נישט קיין איבעריקן חשק אויסצולעגן אָדער אויסצובאָרגן פיליפּן די פונפציק זלאָטעס פאַרן גאָלדשמידט. דער טאַטע איז אַריינגע־פאַלן אין גרימצאָרן. ער האָט נישט פאַרטראָגן קיין רייד פון אָפענער מרידה אין זיין מלוכה... דער טאַטע איז צוגעפאַלן צו פיליפּן און אים געפרווט פּאַטשן... די מאַמע איז צוגעלאָפן און זי האָט מיט איר אייביק־געשלאָגענעם לייב און קאָפּ פאַרשטעלט פאַרן טאַטנס בייזע הענט איר זון פנחס... האָט דער טאַטע געלאַנדעט קלעפּ אויף דער מאַמען... די מאַמע האָט אָנגעהויבן צו יאָמערן... און פיליפּ, איך מוז דאָ זאָגן דעם ריינעם אמת, האָט זיך עפּעס גאָרנישט דערשראָקן פאַרן טאַטן. ער האָט אַפילו געוואָגט צוצוואַרפן דעם טאַטן העזה׳דיקע ווערטער:

— טאַטע, די דאָזיקע קלעפּ וועל איך אייביק געדענקען... דו וועסט נאָך חרטה האָבן אויך פאַרן שלאָגן מיך און ספּעציעל — דער מאַמען! אַלע מיינע ברידער און אַמעריקע וועלן געוויר וויסן פון די דאָזיקע ברוטאַלע קלעפּ...

און אַלע ברידער, די גאַנצע פאַמיליע, האָבן טאַקע געוווּסט פון דעם טאַטנס קלעפּ. איך בין שוין געהאַט געלעגן אין בעטל און דעם טאַטנס באַרבאַרישע האַנדלונג האָט מיך מורא׳דיק אויפגעצאָרנט. און איך קען

שוין קיינמאָל נישט פאַרגעסן ווי אַזוי דער טאַטע האָט אין יענער אימה׳דיקער נאַכט געשלאָגן אונדזער גוטער מאַמען און מיט זיינע שווערע פויסטן ווי מיט קיזלשטיינער געזעצט און איר יאָמערנדיקן קאָפּ, אין איר מיט מאַמעשע טרערן־פאַרגאָסענעם פּנים. עס איז געווען אין דעם טאַטנס בלוט עפּעס אַ פינצטערע רוצחישקייט, וואָס קריינקט מיך תמיד און וואָס רעגט מיך אויף געפערלעך, אַפילו איצט, אַזוי פיל יאָרן שפּעטער, ביים שרייבן די דאָזיקע שורות. און איך בין נישט אימשטאַנד דאָס צו פאַרשווייגן. דעם טאַטנס טיראַנישער כאַראַקטער פייניקט מיך גרויזאַם און פינצטער ווי אַ שטורעם וואָס האָט נאָך בשעת דער קינדהייט זיך מורא׳דיק פאַרקריצט אין מיין מוח און האַרץ. און איך פיל אַז מעשים און האַנדלונגען פון מענטשן דאַרפן און מ ו ז ן קלאָר אַרויסגעבראַכט ווערן. דאָס מענטשלעכע שלעכטס טאָר נישט פון קיינעם נישט פאַרגעסן ווערן... פונקט אַזוי ווי דאָס מענטשלעכע גוטס באַדאַרף דערמאָנט און געפייערט ווערן אין שטאָלצן און אין פייערדיקן וואָרט... דעם גוטן און לייטישן מענטש באַדאַרף אויף אייביק אַרויפגעשטעלט ווערן אַ פינקלענדיקע קרוין אויפן קאָפּ.

אַגב פלעגט מיין עלטערער ברודער פּנחס מיך שלאָגן פון צייט צו צייט אין דערפל נאָוואָגוראַ. ער פלעגט מיך ברוטאַל באַהאַנדלען. איך האָב פאַר אים מורא געהאַט. און דעם מענטש פאַר וועלכן מען האָט תמיד מורא, האָט מען געוויינלעך נישט איבעריקס ליב. מיין שטילע, אָרעמע היים איז פאַר מיר פון מיין קינדהייט אָן געווען אַ גהינום צוליב דעם דאָזיקן טיראַן, וואָס האָט, ווייזט אויס, געמוזט איבער עמעצן הערשן און אויף אַ שוואַכערן וועזן פון זיך אויסלאָזן זיין כעס און צאָרן. איך בין געווען זיין קרבן, ווייל איך בין געווען דער יינגסטער און דער שוואַכסטער אין דער פאַמיליע. אין משך פון לאַנגע יאָרן האָט זיך אין מיין האַרצן אָנגע־זאַמלט, ביזן היינטיקן טאָג, אַ שנאה קעגן מיין ברודער. די דאָזיקע שנאה, איך חזר איבער, האָט זיך אין מיר נישט אויסגעלאָשן אַפילו איצט, ווען איך שרייב די דאָזיקע שורות. כאָטש אַרומטראָגן שנאה אין האַרצן איז אַ זייער נוצלאָזע און אומווירדיקע אייגנשאַפט און איך פאַרשטיי ווויל די נאַ־רישקייט פון דעם. וואָרים קיין שום זאַך אין דער וועלט עקלט מיך נישט אַזוי שטאַרק ווי מענשלעכע שנאה. און פיינט צו האָבן אַן אייגענעם ברודער — מיין גרויסער גאָט! ווי זינבלאָז דאָס איז!

איך געדענק אַז אין שטעטל האָט מיין ברודער געהאַט אַ צאָל חברים. איינער פון זיי האָט געהייסן פיניע. ער איז געווען אַ בחור אין מיין ברודערס יאָרן, אָבער פיל קרעפטיקער ווי ער אין זיין פיזישן געבוי. און אַ סך רויער, פרימיטיווער און ברוטאַלער. איך ווייס אייגנטלעך נישט צוליב וואָס דאָס איז אויסגעבראָכן. אָבער איינמאָל, ווען מיינע טאַטע־מאַמע זיינען פונקט נישט געווען אין דער היים, איז פלוצלינג מיין ברודער׳ס חבר פיניע אַריינגעפאַלן ווי אַ שטורעם. ער איז אַרויפגעפאַלן אויף מיין ברודער מיט

אַ מין חיה׳שן אימפּעט און ער האָט אים מורא׳דיק צעשלאָגן. עס איז צווישןביידע אינגלעך אויסגעבראָכן אַזאַ ווילד און ברוטאַל געשלעג, וואָס האָט מיך מיאוס שאָקירט. זיי זיינען ביידע געלעגן אויף דער פּאָדלאָגע און האָבן זיך איינער דעם אַנדערן דערלאַנגט מורא׳דיקע קלעפּ. מיין ברודער פּנחס איז געווען אַ סך שוואַכער ווי זיין פעסט־געבויטער חבר. פּיניע האָט מיט זיינע פויסטן געקלאַפּט אין מיין ברודערס מוח ווי מיט אייזערנע האַמערס. און דאָס געשלעג איז גאָרנישט געהאַט געקומען צו קיין סוף. אַנשטאָט צוצופאַלן צו מיין ברודערס שונא און אים לייטיש צו צעבוטשערן מיט אַן ענלעכער פּאַרביסנקייט און ברוטאַליטעט ווי זיין אייגענע ברוטאַליטעט, בין איך אַ פּאַסיווער און געליימטער געשטאַנען אין אַ זייט... עס האָט מיך ממש אונטערגעטראָגן דאָס דאָזיקער העפטיקע און אַוודאי אַ־יך זינלאָזע געשלעג, ווי עס איז זינלאָז יעדער מין געשלעג צווישן מענטשן, בפרט צווישן אידן. וואָס איז אײגענטלעך דעמאָלט פאָרגעקומען אין מיר? — פרעג איך זיך דורך די אַלע יאָרן זינט די דאָזיקע סצענע איז פאָרגעקומען. און איך בין זיך מודה: איך האָב נישט קיין קלאָרן ענטפער. עס איז מעגלעך אַז איך בין פון דער נאַטור בכלל נישט געווען גענייגט צום אַקטיוון אופן פון רעאַגירן אויף מענטשלעכער רשעות. עס איז אויך מעג־לעך אַז מיין דעמאָלטיקע אינסטינקטיווע שנאה צו מיין ברודער האָט מיך פּאַראַליזירט אין דעם מאָמענט ווען איך האָב אָן אַ שום ספק זיך באַדאַרפט אַנבעמען זיין קריוודע. עס איז אפשר אויך מעגלעך אַז פּראָסטער און נידעריקער פּחד האָט מיך אָפּגעהאַלטן פון זיך אַקטיוו צו באַטייליקן אינם דאָזיקן העסלעכן געשלעג. סיי ווי דערמאָן איך דאָ מיין דעמאָלדיקע האַלטונג און האַנדלונג ווי אַ זייער מיאוסע און פּחדנות׳דיקע געמיינקייט פון מיין זייט. ביזן היינטיקן טאָג קען איך זיך דאָס גאָרנישט מוחל זיין. מיר טוט אייביק באַנג אויף מיין מיאוסער פּאַסיוויטעט. בפרט ווען שפּעטער מיט יאָרן פלעג איך הערן פון מיין ברודער אַז עס טוט אים תמיד וויי דער קאָפּ... און די מאַמע פלעגט זאָגן אַז עס טוט פּנחסן וויי דער קאָפּ אַלס רעזולטאַט פון יענעם געשלעג...

די פאַמיליע צ. האָט אין דעם זעלבן יאָר עמיגרירט אין דעם ווייטן קאַליפאָרניע. יענעם נידעריקן פאַרשויך, פּיניע, וואָס האָט געקענט זיין חבר אַזוי גוי׳איש־ברוטאַל און באַרבאַריש שלאָגן, האָב איך אויף אייביק פיינט געקראָגן. איך וואָלט געוואָלט צוריק ייִנג ווערן אויף אַ מאָמענט און ווידער איבערלעבן יענע שרעקלעכע סצענע און צופאַלן צום דאָזיקן ברוט מיט מיין גאַנצן כוח און אים שלאָגן אָן אַ סוף, אָן אַ סוף, אָן אַ סוף... שלאָגן די געמיינע מענטשלעכע ברוטאַליטעט... שלאָגן די מיאוסע חיה אין דעם מין מענטש... אָבער וואָלט טאַקע מיין שלאָגן געווען אַ מענטש־לעכע טאַט? טראָצדעם וואָס מיין ברודער האָט מיך תמיד אומפריינטלעך באַהאַנדלט, שטיי איך דאָך אָן אייביק־פאַרשולדיקטער אַנטקעגן אים, ווייל

איך האָב זיך פאַר אים נישט אָנגענומען און נישט געקעמפט אויף זיין זייט, אויף דעם צד פון מיין לייבלעכן ברודער, אין יענעם אפשר וויכטיקסטן מאָמענט פון זיין לעבן... ווען נאָר איך דערמאָן זיך דאָס אַלץ, פאַרשעם איך זיך טיף פאַר זיך אַליין... און די חרפה פאַר זיך אַליין איז אפשר די שרעקלעכסטע חרפה...

פנחס, געדענק איך, האָט ליב געהאַט צו מאַנדרעווען שוין קליינערהייט. ווען דער טאַטע האָט אין נאָך פינצטערן באַגינען גענומען דאָס פעקל מיט זייגערלעך און ער פלעגט זיך אַן איינזאַמער אַוועקלאָזן איבער די שכנות־דיקע דערפער, כדי „אָפּצונאַרן" וועלכן פויער מיטן פאַרקויפן אים אַ זייגערל, פלעגט פנחס זיך צוכאַפּן צום טאַטנס אַרבעטס־כלים און נעמען קלאַפּן, ניטעווען, לייטן און צוטשעפּן אויערלעך צו עסטרייכישע און רוסישע מטבעות און זיי פאַרוואַנדלען אין מעדאַליאָנען. דער טאַטע האָט פיינט געהאַט אַז מען פלעגט זיך באַנוצן מיט זיינע אינסטרומענטן. דאָך, אַז עס פלעגט אַמאָל טרעפן, און ער האָט צופעליק אויסגעפונען פנחס'ס פיינע אַרבעטן, פלעגט ער אויסדריקן זיין באַוווּנדערונג פאַר פנחס'ס געשיקטע אַר־טיזאַנישע הענט. ווען דער טאַטע איז געשטאָרבן, האָט פנחס גענומען ירושה דאָס דאָזיקע קעסטל מיט אינסטרומענטן: העמערלעך, צווענגעלעך, שרויפּנציערס, פינצעטן, פיילן, שפּילערס און זעגערלעך.

איינמאָל האָט געטראָפן אַז די מאַמע האָט געפונען ערגעץ באַהאַלטן אין שטוב אַן אוצר מיט דרייצען קליינע, פּרעכטיקע זייגערלעך... זי האָט דאָס מיר אונטערגעטראָגן אַ מתנה — מיין ירושה פון טאַטן... איך האָב די שיינע זייגערלעך צוגענומען פון מיין מאַמעס איידעלע הענט און זיי אַריינגעלעגט אין מיין קופערט וואָס איז געווען פול מיט מאַנוסקריפּטן. מיר האָט אָבער באַנג געטאָן וואָס איך האָב זיי גענומען ביי דער גוטער מאַמען, כאָטש זי האָט זיי מיר געגעבן מיטן גאַנצן האַרצן... איך האָב זיך געפילט אַביסל שולדיק: בשעת זיין לעבן האָב איך דאָך דעם טאַטן גאָרנישט געגעבן. ווען איך בין געקומען קיין אַמעריקע, האָט מיר דער טאַטע באַלד אין ערשטן טאָג ביים מאָלצייט געשאָנקען אַ טייער זייגערל. ער האָט עס מיר אָנגעטאָן אויף דער האַנט מיט אַ לעדערל. און עס איז לאַנגע יאָרן געטריי געגאַנגען, מיר וויזענדיק די צייט מיט זיינע לאַטיינישע ציפערן. איצט האָט מיך געפייניקט די פראַגע: פאַרוואָס זאָל איך נעמען ירושה פון טאַטן? עס קומט דאָך מיר נישט... און איך האָב דעם זעלבן אָוונט אַרויסגענומען פון מיין קופערט די שטילע זייגערלעך און זיי אַ פאַרשעמטער און אַ פאַרשולדיקטער צוגעטראָגן צו מיין מאַמען, וואָס איז געזעסן אין אַ ווינקעל פון דער קיך און האָט געטרונקען הייסע טיי.

— מאַמע, איך האָב די זייגערלעך ביי דיר באַלד נישט געדאַרפט נעמען. איך וויל נישט נעמען קיין שום ירושה פון טאַטן. גיב זיי בעסער פנחס'ן...

די מאַמע האָט אומגערן צוריקגענומען די זייגערלעך און זי האָט שטיל

אין איר טונקעל־באַלויכטענעם קיך־ווינקעלע געווײנט, זיצנדיק אַ שטומע ווי די זייגערלעך אויף אַ נידעריקער טאַבורעטקע, ווי פאַראַבלט...

און ווען פּנחס איז געקומען, האָט די מאַמע אים טאַקע אונטערגעטראָגן די דרייצן חנעוודיקע זייגערלעך אין אַ הילצערנעם קעסטעלע, ווי אין אַ טרומנעלע. ביי עטלעכע פון די אַלטמאָדישע זייגערלעך זיינען נאָכגעהאָנגען מעשענע שליסלעך, כדי זיי אָנצוציען.

איך געדענק אַז איינמאָל ווען פּנחס איז געקומען צו גאַסט צו אונדז אין די בראָנקס, ווען דער טאַטע האָט נאָך געלעבט, האָט ער דערזען אַ פּרעכטיקן טיפאַני־זייגער אין טאַטנס מוזעאום, ווי מען האָט אָנגערופן מיט חוזק זיין שטוב מיט כלערליי זייגערס און אַנטיקן. פּנחס איז געווען אַ האַנאָראָווע מענטש. ער האָט געהאַט חשק צו באַזיצן דעם פּירקאַנטיקן שטיי־זייגער. אָבער נישט חלילה פאַר אומזיסט... וויפיל דער טאַטע האָט געפאָדערט, האָט פּנחס באַלד אַרויסגענומען זיין טייסטער און האָט אים באַצאָלט... אָבער בערטאַ האָט געפּלוידערט אַז דער טאַטע האָט באַדאַרפט אַוועקשענקען פּנחסן דעם זייגער אַלס מתנה, מחמת פּנחס האָט מער פון אַלע קינדער צושטייער געגעבן אַ סך יאָרן צום אויפהאַלטן דאָס הויז פון זיינע עלטערן... תמיד זיינען אַלע אין דער משפּחה געווען קעגן דעם טאַטן, וואָס האָט פּאַקטיש נישט געהאַט קיין באַגריף פון זיין שרעקלעכער איינזאַמקייט... א״יך דער מחבר פון די דאָזיקע שורות איז געווען אויף דער זייט פון דער גאַנצער משפּחה, וואָס האָט אַוודאי מיט רעכט געטאַדלט דעם טאַטן — אָבער זיי זיינען געווען בלינד צו זיינע מעלות, צו דער טראַגיק און גרויסקייט פון זיין לעבן. דער טאַטע האָט אַליין אויך, נישט פאַרשטאַנען די גרויסקייט פון זיין פּערזענלעכקייט... דאָס האָב איך דערזען ערשט יאָרן שפּעטער, ווען איך האָב אים דערזען אויף אַ דיסטאַנץ אין צייט. ווען זיין לעבן איז צו מיר געוואָרן ליטעראַטור.

איך האָב אַן אומעטיקער זיך צוגעקוקט צו דער טראַנזאַקציע מיטן טיפאַני־זייגער. עפּעס איז מיר די סצענע פאָרגעקומען אומנאַטירלעך און אומהיימלעך: ווי אַזוי אַביסל אַן אָפּגעפּרעמדטער און שטייפער זון האַנדלט איין ביים אַלט־און־גרוי־געוואָרענעם טאַטן אַ טיפאַני־זייגער... ווי אַזוי דער טאַטע פאַרלירט זיך נישט און ער לויבט די מעלות פונם זייגער און ווי אַזוי אַרום טיש זיצן די זין, די שנירן און דער איידעם חיים־שבת און זיי האַלטן זיך קוים איין פון אַרויספּלאַצן מיט אַ געלעכטער. די שנאה פאַנגעוועט ווילד... מען חוזקט פון טאַטנס זייגערס... די איינציקע וואָס פאַרשטייט די סיטואַציע איז די מאַמע. אָבער די מאַמע שווייגט אייביק. די מאַמע איז געבוירן געוואָרן און געקומען אין דער וועלט אַריין כדי אָפּצושווייגן איר לעבן...

אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט פּנחס געדינט מיטן אַמעריקאַנער מיליטער אין פראַנקרייך. ער איז געווען אַן אָפיציר. ער

האָט זיך באַטייליקט אין ביטערע שלאַכטן מיטן נאַצישן שונא. ער איז פאַר־וואונדעט געוואָרן בשעת דער אינוואַזיע אויף נאַצישער טעריטאָריע. שוין לאַנגע יאָרן ווי איך האָב מיין עלטערן ברודער פנחס נישט געזען...

דאָס סאַמע לעצטע מאָל וואָס איך האָב אים געזען איז געווען ביי דער מאַמעס לוויה. ער איז אין יענעם באַגינען געקומען צופליען מיט אַן עראָפּלאַן פון שיקאַגאָ, ווו ער וווינט ביזן היינטיקן טאָג. אין דעם טונקעלן ליכט פון פיונעראַל־זאַל האָב איך אויף אים לאַנג געקוקט און איך האָב אין דעם איצטיקן פיליפּ גאַראָ קוים דערקענט דאָס ייִנגעל מיט וועלכן איך פלעג צוזאַמען קלייבן שוואַמען און יאַגדעס אין די וועלדער פון נאָוויגאָרע. פּנחס פלעגט טראָגן די קיישלעך מיט יאַגדעס צום פּולאַווער היימישן מאַרק כדי זיי צו פאַרקויפן און זיך אָנצוזאַמלען געלט אויף אַ פּאָר לעדערנע שיך. איצט, ווען מען האָט זיך שוין געגרייט צוצודעקן דער מאַמעס אָרון און איידער מען האָט אויף אייביק איינגעהילט אין די תכריכים איר מילך־ווייסן און בלוטלאָזן פּנים, איז מיין ברודער פנחס צוגעפאַלן צו מאַמעס גוף און גענומען קושן איר הייליק פּנים... די קברנים האָבן אים אַוועק־געטריבן פון אָרון... אָבער עס איז שוין אויף אייביק געבליבן שטיין אין מיין זכרון די אומגעוויינלעכע סצענע: ווי אַזוי מיין ברודער פיליפּ פראַנסוואַ גאַראָ נעמט קושן דער מאַמעס טויטן פּנים ווי דאָס טייערע און זיידענע פּנים פון אַ געליבטע...

איך דענק אַז כאָטש דאָס איז געווען עפּעס אַ פרעמדער, נישט־ייִדישער זשעסט, איז עס אָבער געווען אַן עכטער און טראַגישער אויסדרוק פון ליבשאַפט צו דער מאַמען...

זינט דעמאָלט האָב איך מער פון פּנחסן נישט געהערט... זיין פּחד אַנטדעקט צו ווערן אַלס ייִד האַלט אים אָפּ פון יעדער מין קאָנטאַקט מיט דער משפּחה. אָדער אפשר זיינען פאַראַן אַנדערע סיבות?

אין די לעצטע צוואַנציק יאָר זינט איך האָב אים נישט געזען, איז די משפּחה געוואָרן עלטער און קנאַפּער. די עלטערע מענטשן שטאַרבן דאָך אויס. דער ייִנגערער דור, וואָס קומט אַרויס פון דעם שויס פון צייט, זיך אויסצודריקן קאָנסערוואַטיוו, איז אונדז פרעמד, ניי און אומבאַקאַנט. יעדער איינציקער מענטש, אויב ער לעבט גענוג לאַנג, ווערט דורך צייט — דער רעזשיסאָר פונם געוואַלטיקן לעבנס־שפּיל — פאַרוואַנדלט אין אַ חונה המעגל וואָס דערקענט קוים דאָס פּנים פון די נייע דורות... פּנחס לעבט נישט מער דאָס לעבן פון דער משפּחה. ער ווייסט אַפילו נישט פון אירע טויטן און פון אירע געבורטן. ער געהערט צו אַן אַנדערער סביבה און צו אַן אַנדערער וועלט... ער לעבט אין דער משפּחה פון זיין קאַטוילישער פרוי איזאַבעלאַ...

איינמאָל, ווען בערטאַ, דאָס ווייב פון מיין עלטסטן ברודער קאָפּל, איז געלעגן שוין אַ שטאַרבנדיקע אין שפּיטאָל, און איך האָב אויף איר

פאַרלאַנג זי באַזוכט, האָט זי מיר צווישן אַנדערעס דערציילט אַז פיליפּ פּראַנסואַ איז געשטאָרבן. אַז אירס אַ נאָענטער פריינט האָט פּאַראַיאָרן באַזוכט שיקאַגאָ און ער האָט פון דאָרטן געבראַכט די איוב־בשורה...

איך האָב אָנגעקוקט די שטאַרבנדיקע בערטאַ... פון איר אַמאָליקער רייצנדיקער פּרויען־שיינקייט איז נישט געבליבן קיין שפּור. ווו איז איצט געווען דאָס שמעקנדיקע לייב וואָס האָט געגרייצט און פאַרשיכורט מענער? ווו זיינען געווען אירע פּעך־שוואַרצע האָר וואָס האָבן אין מאַסיווע כוואַליעס אַנגערירט דעם שניי פון אירע אַקסלען? אַ חורבה פון אַ פּרוי איז איצט געלעגן מיט אויסגעלאָשענע אויגן אויפן אייזערנעם שפּיטאָל־בעט. און איך האָב זיך אַליין געפרעגט: חלומט זי? זאָגט זי באַוווסטזיניקן ליגנט? האָט זי אויסגעטראַכט פּנחס׳ס מכלומרשטן טויט? אָדער אפשר איז עס טאַקע אמת...

איך בין אַהיימגעגאַנגען און אין מיין איינזאַמקייט ביטער געוויינט. אַהיימגייענדיק האָב איך דעם גאַנצן וועג מיט ערשט־געפאַלענעם שניי טונקעל געמאַכט מיט די טראָפּנס פון מיינע טרערן אַזוי ווי עס וואָלט פון מיר געדעגנט נאָכדעם ווי עס האָט פון גאָט געשנייעט. איז דאָך פּנחס געווען דער סאַמע נאָענטסטער צו מיר — לויט די יאָרן — פון אַלע מיינע ברידער. מיט אים בין איך דאָך געווען צוזאַמען אין דער היים...

צום גליק איז די נייעס פון זיין טויט געווען פאַלש. ערב איר אייגענעם שטאַרבן האָט בערטאַ אָודאי געמוזט חלומען פון זיין טויט. פון קיין גוטס וועגן מענטשן האָט זי קיינמאָל נישט געקענט חלומען. פיליכט איז זי שוין אויך נישט געווען ביי די קלאָרע געדאַנקען. סיי ווי: זי איז געבליבן געטריי איר גאַנץ לעבן און האָט געמוזט זאָגן ליגנט אַפילו ביים סאַמע ראַנד פון קבר...

---

מיין שוואָגער חיים שבת מאַכט חוזק פון דער מאַמעס געשענקטער וואָך אַן דירה געלט... די מאַמע שווייגט אַ טרויעריקע. איך ווייס פון וואָס חיים שבת חוזקט אַזוי ביטער... די מאַמע האָט זיך עפּעס איינגערעדט אַז דער מר. פישער, דער אַגענט פון הויז, האָט איר איינמאָל בשעת׳ן דינגען די וווינונג, צוגעזאָגט אַז זי וועט מעגן וווינען אַ גאַנצע וואָך אָן איינציקן סענט דירה־געלט. איך ווייס נישט צי איז דאָס מצד דעם אַגענט געווען אַזאַ מין וויץ. צי האָט ער דער מאַמען טאַקע אויף אַן אמת׳ן צוגעזאָגט, ווען מיינע עלטערן האָבן זיך אַריינגעצויגן אין זייער וווינונג אויף ברוק עווניו און ווען דער טאַטע איז שוין געווען קראַנק מיט קענסער, אַז ער וועט זיי שענקען גאַנצע זיבן וווּנדערלעכע טעג און נעכט, פאַרשטייט זיך, אַן צו צאָלן אַן איינציקע פּעני דירה־געלט...

יעדן חודש, ווען עס פלעגט אָנקומען דער ערשטער טאָג פון מאָנאַט, איז דער אידישער, אָבער שטאַרק פאַר׳גוי׳אישטער אויפמאָנער פונם דירה־

געלט דערשינען ביי אונדז אין דער טונקעלער שטוב. איך זע ווי אַזוי די מאַמע, אַן אַש־גרויע, ברעכט זיך אירע פינגערביים ציילן דאָס גראָז־גרינע געלט: גאַנצע זיבן און צוואַנציק טאָלער מיט פונפציק סענט. די מאַמע זוכט אויס פון פאַרשידענע ווינקלען פון שטוב שטיקלעך געלט. די קאַקראָטשעס שרעקן זיך איבער און ווערן מורא׳דיק געשטערט אין זייער רו. עס איז מיר פשוט אַ ווונדער אַז די מיליאָנעניאַריקע און שטאַרק קלוגע קאַקראָטשעס, באַלאַדענע מיט אַן אוראַלטער דערפאַרונג, האָבן דורך דער צייט נישט אויפגעגעסן דאָס פּאַפּירענע געלט... וואָרים די שענסטע ביכער פון מיין ביבליאָטעק, די פיינסטע און קלוגסטע קלאַסיקער, האָבן זיי מיר שוין מיאוס פאַרברודיקט... די מאַמע זוכט ענדלעך אויס צווישן אַלטע צייטונגען און זשורנאַלן, צווישן ברודיקע מלבושים און פאַרצייטישע שמאַטעס, און אין די פינצטערע טיפענישן פון אַלערליי טעפּ און געשיר, דאָס טרויעריקע פּעקל דירה־געלט. דער פרעמדער מאַן מיטן מעטאַלענעם פנים וואַרט אַן אומפריינטלעכער און אַפילו מיט אַ געוויסן עקל פאַרן שמוציקן געלט... די מאַמע בעט זיך ביים דזשעניטאָר מיט אַ טיף־הכנע׳דיקן קול, שיעור נישט מיט אַ וויינענדיקער שטימע:

— מיסטער פישער! איר האָט דאָך ווויל צוגעזאָגט מיר צו שענקען אַ גאַנצע פרייע וואָך דירה־געלט... גאַנצע זיבן טעג האָט איר מיר „גע־פּראָמיזט" — אַן אַ גראָשן „רענט"... שוין צוויי יאָרן ווי מירביידע וווינען דאָ... מיין מאַן האָט דאָך דאָ, אין אייער ליכטיקער וווינונג, אָנגעהויבן צו קרענקען... אָט אין דעם וואַנציקן צימערל איז מיין מאַן מיר אָפּגע־שטאָרבן... פאַרוואָס פּאַזוואָליעט (דערלויבט) איר מיר איצט נישט אָפּ־צוּוווינען בשלום „די וואָך", מישטיינס געזאָגט?

— מיסיס, פאַרוואָס איילט איר זיך אַזוי מיט דער „וואָך"? וואָס איז, איר גייט שוין חלילה פאַרלאָזן די וווינונג? ווו וועט איר, איך בעט אייך, היינט קריגן אַזאַ הערלעכע וווינונג פאַר אַזאַ נישטיקן „רענט"?! מיסיס־לעבן, זייט זיכער: איידער איר וועט זיך אַרויסציען, קריגט איר „די וואָך" אַ פערזענלעכע מתנה פון מיר...

ער רעדט, דער אָרעמער דזשעניטאָר, ווי ער וואָלט נעבעך זיין אַ גאָט... אין זיינע רויע הענט, מיינט ער אין זיין פאַריסנקייט, שטעקט דער גרויסער כישוף פון דער אַלמעכטיקער צייט... ער טראָגט אַרום דער מאַמעס זיבן טונקעלע טעג און נעכט אין דער קאַלטער און אומ־היימלעכער וווינונג, ווו דער טאַטע איז געשטאָרבן, ממש אונטער זיינע פּאַלעס... ער באַהאַלט אין זיינע גנבישע קעשענעס גאַנצע זיבן בלאַנקענ־דיקע טעג און זיבן פינצטערע נעכט, ווי סאַמעטענע טעפּיכן...

— ניין, מיסטער פישער! איר זענט נישט גערעכט! — זאָגט די מאַמע אַ טיף־געפאַלענע און אַ מענטשלעך־דערשלאָגענע. איך ווויל אָפּוווינען די זיבן טעג פריער... וואָס עפּעס פאַלט אייך גאָר איין אַ נאַרישע מחשבה אַזאַ:

ערשט פֿאַרן אַרויסציען זיך זאָל איך אָפּווינען די „אומזיסטע“ זיבן טעג?... איר האָט דאָך אונדז ביידע צוגעזאָגט די זיבן טעג צו ווינען אינגאַנצן אומזיסט צוזאַמען מיט מיין גאָטזעליקן מאַן... איצט, אַז מיין מאַן איז נעבעך געשטאָרבן אין פֿינצטערע יסורים, דאָ אין אייער פֿאַרשאָלטענעם און ווילגאָטנעם צימערל, וווהין גאָט׳ס שטראַלנדיקע זון קומט קיינמאָל נישט צו און ווו משוגענע שוואָמען וואַקסן אויף די ווענט ווי אין פּוילישן וואַלד — קומט דאָך מיר פּאַקטיש — לויטן אמת׳ן חשבון, וואָס איך בין אַפֿילו גרייט פֿאָרצולעגן פֿאַר גאָט אַליין, פֿאַר דעם וואָס לעבט אייביק — קומט דאָך מיר, לויטן אמת׳ן און ערלעכן חשבון גאַנצע פֿערצן טעג, גוטע צוויי וואָכן...

דער דאָזיקער דיאַלאָג צווישן דער מאַמען און דעם הויז אַגענט מיסטער פֿישער קלינגט צו מיר אומגעווײנלעך טרויעריק. די מאַמע צעכליפּעט זיך ביטער. איך קוק זיך אַזוי צו, זיצנדיק ביי מיין שרייבטישעלע, און איך הער דאָס סאַמע איינזאַמע לשון פֿון דער גרויסער און נאַקעטער מענטשלעכער אָרעמקייט, מיט אירע פֿינצטערע אַרויסשטאַרטשנדיקע ביינער און שפּיציקע קנאָכנס. אַזוי מורא׳דיק אָרעם, פֿאַלט מיר איין, זיינען נאָר די טויטע לייט אין זייערע טיפֿע און ווערעמדיקע קברים... די שטומע און קאַלטע ביינער אין די צעפּוילטע הילצערנע טרומנעס זיינען אַזוי פֿינצטער אָרעם און נאַקעט און דערשלאָגן צום טויט... דורך דער מאַמען רעדט, דאַכט זיך מיר אויס, גאָר די מורא׳דיקע אָרעמקייט פֿון דער גאַנצער וועלט... עס קרעכצט דאָ אויס דורך אירע שטומע און בלוטלאָזע ליפּן גאָר דאָס קבצנות פֿון אַלע איינזאַמע מענטשנצייטן... אוודאי האָט דער וואָס לעבט אייביק, הקדוש ברוך הוא, אין די געוואַלטיקע זיבן טעג באַשאַפֿן אַ געוואַלטיקע וועלט־שײנקייט. אָבער ער האָט אין דער קאָסמישער רייכקייט, אין דער פּאָעטישער וועלט־עשירות אַריינגעבראָכן אַ פֿינצטערע נאַכט, די אייביקע מענטשלעכע נאַכט פֿון אָרעמקייט... די מאַמע לאָזט דערווייל ווייטער נישט נאָך:

— מיסטער פֿישער! דערמאָנט זיך ווייל אין אייער גוטן זכרון: איר האָט דאָך מיר, בנאמנות, אַליין צוגעזאָגט די וואָך מיט אייערע אייגענע ליפּן... מיין מאַן האָט עס געהערט! אַז אַ שטערבלעכער מענטש גיט אַ נדר צו אַ צווייטן שטערבלעכן נפֿש, מוז ער האַלטן זיין ערלעך וואָרט פֿאַר גאָט און פֿאַר לייט... מיסטער פֿישער, גדעדענקט: מיין גאָטזעליקער מאַן, וואָס איז מיר דאָ אָפּגעשטאָרבן אין אייער ווערמדיקן חדר׳ל, וועט עס ביי אייך אויפֿמאָנען... איך האָב עדות!...

איך ווייס אייגנטלעך נישט גענוי וועלכע עדות די מאַמע מיינט... מיינט זי אפֿשר די טרויעריקע ווענט וואָס שיילן זיך מיטן קאַלעך פֿון פֿאַראַיאָרן, פֿון פֿאַר צוויי יאָרן, פֿון פֿאַר זיבן, אַכט און צען יאָרן? מיינט זי אַז די ברוינע קאַקראָטשעס און די פּלאַכע וואַנצן וואָס פֿליען אַרום

בײַנאַכט, זײַנען עדות? צי זײַנען אפשר עדות די מיט טרערן־פאַרגאָסענע נשמות פון יענער וועלט, וואָס האָבן באַזוכט דאָ דעם טאַטן בשעת זײַן פּינצטערער גסיסה? צי זײַנען גאָר עדות די ווונדערלעך־גרויע ווראָבלעס וואָס שטייען תמיד אויפן ראַנד פון פענצטער און זיי פּיקן אַזוי חנעוודיק די קרישקעס מיט פאַרדאַרטע ברויט וואָס די מאַמע שטעלט פאַר זיי אַרויס אין אַ פאַרצעלייענעם טעלער, וואָס פלעגט מיט יאָרן צוריק געהערן צו איר קאָלעקציע מיט פסח׳דיקן געפעס? די הערלעכע פויגל, וואָס זינגען תמיד אַזוי ווונדערלעך, אַפילו אין די אומעטיקסטע וועטערן, און זיי לערנען אָפּטימיזם דער געפאַלענער מענטשלעכער נשמה...

— מיסיס, וואָס רעדט איר עפּעס מאָדנע נאַרישקייטן? וואָס טײַטשט איר אַרײַן אַלערליי משוגעת׳ן אין אַ גאַנץ פשוטן ענין. איך האָב נאָך אַזוינס אין מײַן לעבן נישט געהערט... אײדער איר וועט זיך אַרויסציען, פאַר מײַנטוועגן קען עס שוין איצט געשען, וועט איר קריגן אַ באַלוינונג אײערע זיבן טעג... הלוואי ציט איר זיך שוין טאַקע אַרויס, וואָלט איך די וווינונג ממש פאַרצוקערט! — זאָגט שוין איצט דער הויז־אַגענט אַביסעלע אַן אומגעדולדיקער...

— און וואָס וועט זײַן, מיסטער פישער, אַז איך וועל חלילה שטאַרבן און נישט באַוויזן אָפּצוווינען מײַנע זיבן אומזיסטע טעג און נעכט... איך בין דאָך אײן אַלטע פרוי... און אַ שווער־געטראָפענע פון דעם ביטערן טויט פון מײַן מאַן, עליו השלום... אָט האָט דאָך טאַקע מײַן מאַן נישט דערלעבט די וואָך אײערע, מישטײנס געזאָגט...

— נו, וועט שוין אײער זון, דער שרײַבער, אָפּווינען די זיבן טעג! — זאָגט דער אַגענט מיט געמײנעם חוזק...

מיר ווערט איצט עפּעס מאָדנע אומהײמלעך אויך שוין צו שטעקן אין דער גאַנצער ביזאַרער געשיכטע... איך וויל גאָרנישט אַז אײנער אַ שטערבלעכער מענטש, און נאָך דערצו אַזאַ מין נישטיקער סאָרט מענטש ווי דער מיסטער פישער, זאָל דאָס מיר גײן שענקען זיבן טעג און נעכט מיט לעבן... מיר ווערט עפּעס זײער אומהײמלעך פון דער גאַנצער לע־בערלעכער און ביזאַרער, אָבער אויך צו מיר מורא׳דיקער אַוואַנטיורע... צײַט געהערט בלויז צו גאָט אַלײן. אין זײַן קאָסמישער באַנק האַלט דער רבונו של עולם אײנגעפּראָווירן לעבעדיקע צײַט אויף צו לעבן און צו אָטעמען פאַר אַלע דורות, פאַר אַלע אומענדלעכע באַשעפענישן פון די ספערן, פאַר גאָר די שטערבלעכע קינדער פון דער גאַנצער ערד, וואָס אדם האָט מיט זײַנע אײגענע אויגן ווײל געזען און אָנגעקוקט פאַר זײַן גע־בורט אין הימל... אדם האָט די אַלע נאַקעטע נשמות אַרײַנגענומען אין זײַן אײביקן זכרון... גאָט האָט אײַנגעשלאָסן אין זײַן געוואַלטיקער באַנק די מאָסיווע, גאָלדענע שטאַבעס פון דער אומענדלעכער צײַט פאַר מיר, פאַר דער מאַמען און פאַר אַלע מענטשן פון אַלע דורות און צײַטן... און דאָ

קומט צו גיין עפּעס איינער, אַ מיאוסער פּאַרשוין, מיט אַ ווערמדיקער נשמה און מיט צעפּוילטע הענט און פיס, מיט אַ גוף וואָס צעפּאַלט נאָך איידער ער ליגט אין גרוב, און ער האַלט מכלומרשט אין זיינע ברודיקע און געלט־גייציקע הענט, הגם ער איז דאָך בלויז אַ דינער פון אַ נאָך מער גייציקן הויז־אייגנטימער, דעם גאָלדענעם און דעם מאַכטיקן שליסל פון צייט...

מיך פאַרדריסט אויך וואָס די גוטע מאַמע מיינע האָט איבערהויפּט פאַרקאָכט אַזאַ מין אומהיימלעך געקעכץ וועגן די זיבן טעג... מיין אַבערגלויבערישע נאַטור מאַכט מיך עפּעס פילן זייער אומעטיק. טאַקע אמת, אַלע זאַכן ליגן אין די טייוולישע הענט פון דעם פאַרשאָלטענעם און אַלץ־פאַרדאַרבנדיקן מין מענטש. אָבער צייט, לעבן און אייביקייט — דאָס האָב איך תמיד אָנפאַרטרויט אין די געוואַלטיקע הענט און אין דער שליטה פון העכערע און מעכטיקערע כוחות. איז, אויב נישטיקע מענטשעלעך אַזוינע רירן זיך שוין אויך צו צו מיין פּערזענלעכער צייט, צו דער אומבאַוווסטער לענג און צו דער מיסטעריעזער סומע פון מיין אייגענעם לעבן, וואָס גאָט האָט מיר געשאָנקען אַ מתנה, בין איך שוין חלילה גאָר אַ פאַרלוירענער מענטש... מיין אייזערנע פעסטונג איז געפאַלן... מען רויבט מיר ממש צו די לעצטע גרויסע פּאָזיציע... מיין אינטימער כוח רינט מיר אַרויס אַזוי ווי דאָס פלאַמיקע און שפּריצנדיקע הייס־בלוט פון אויפגעטרענטע אָדערן, אָדער ווי שמשון הגיבור׳ס אייזערנע קרעפטן, ווען די פאַלש־און־פאַרפירערישע דלילה האָט זיינע דראָטענע האָר און פעכיקשוואַרצע ווי די פינצטערניש אין אַן אָפּגרונט, אין אירע קרייד־בלייכע און פינצטער־פאַלשע הענט. דורך אַלע יאָרן פון מיין לעבן, כאָטש די נייגעריקייט האָט מיך אָפט געמאַטערט, האָב איך תמיד געווייכט פון אַלערליי טרעפּערקעס, קאָרטנלעגערינס און ציגאַנקעס, ווייל איך האָב קיינמאָל נישט געוואָלט אָנגעטרויען מיין געטלעכע צייט און מיין שיקזאַל אין ציטערנדיקע און אין טייוולישע מענטשנהענט... איך האָב תמיד געפילט און געוווּסט אַז עס איז בלויז מיין געטלעכער און קעניגלעכער שר וואָס פירט מיך אייביק אין די ריכטיקע וועגן און ער ריכטעט פון הימל אויס מיינע טעג און מיינע מעשים. אַ שטיל און רחמים׳דיק־געטריי אויג קוקט אַראָפּ פון דעם הימל׳ס פענצטער און טוט אויף מיר תמיד אַכטונג...

— מאַמע־קרוין, לאָז אָפּ! — בעט איך זיך ביי דער מאַמען מיט אַ רחמנות׳דיקן, אָבער אַן אינערלעכן ביטערן קול... מאַמע טייערע, פאַרגעס אין די זיבן טעג... עס לוינט זיך דאָך נישט אַזוי שרעקלעך צו דערנידעריקן צוליב אַזאַ קליינינקייט...

— ניין! — ווערט די מאַמע עפּעס גאָר פּלוצלינג אַן עקשן. — מיר קומט פון אים די זיבן טעג... ער האָט דאָך ווייל צוגעזאָגט דעם טאַטן זאָל זיך מיען... זאָל מיסטער פישער מורא האָבן... דער טאַטע וועט

עס ביי אים מאָנען פון הימל אויס... דער טאַטע וועט אים עס קיינמאָל נישט מוחל זיין!...

די מאַמע דונערט שוין אַצינד מיט עפּעס אַ פרעמדן קול אין זיך... ווער, טראַכט איך, האָט איר דאָס פּלוצלינג דערלאַנגט אַזאַ מין קול? דאָס איז נישט מער דער מאַמעס שטענדיקער הכנעה׳דיקער קול... דאָס דונערט אין דער אייביק־שוואַכער און געשלאָגענער פרוי אַ פרעמדער מענטש, אפשר טאָקע דער טאַטע אַליין?... דער גויאיש׳דיקער איד מיסטער פישער קוקט איצט אָן מיט שטוינונג מיין קליינוווקסיקער מאַמען... ער ווייסט גאָרנישט וואָס זי רעדט... און אינסטינקטיוו נעמט ער זיך עפּעס אויך מאָדנע און מורא׳דיק איינברעכן... דו פילסט אַז ער איז באַהערשט פון עפּעס אַן איררעציאָנעלן פּחד. אַ שרעק אַזאַ וואָס איז שוין מער נישט ערדיש. מר פישער גייט אַוועק מיט כעס... אָבער עס איז קלאָר און שטאַרק קענטיק: דער מאַמע׳ס הימל האָט אים אָנגערירט. די שטיינערנע קניעס ברעכן זיך ביי אים איין ווי ווייכע זאַמד. די תמיד סענסיטיווע און קוים־זשיפּיענדיקע מאַמע האָט מיט אַן איבערערדישן כוח איינגעבראָכן אַ מענטש וואָס גאָט׳ס הימל האָט אים נאָך קיינמאָל פריער נישט געהאַט אָנגערירט... אַזוי פיזיש־גראָבהויטיק איז ער געווען... און איצט גייט פּאַקטיש אַוועק אין דער פּערזאָן פון מיסטער פישער — אַ שאָטן...

די מאַמע איז געשטאָרבן אין מושב זקנים, קיינמאָל נישט אויפמאָנענדיק דעם חוב ביים דזשעניטאָר, ווייל זי איז פּלוצלינג אוועק פון דער וווינונג... און אין קאָסמאָס זיינען געבליבן שטיין אירע זיבן לויטערע, אומשולדיקע און ממש פּאַרבלוטיקטע טעג... טעג וואָס אַפילו דער רבונו של עולם זעלבסט איז איר געקומען... ווי אַזוי וועט איר גאָט איצט באַצאָלן מיט די זיבן הייליקע טעג?... ניין, נישט אַפילו מיט דעם הערלעך־געשילדערטן גן־עדן איז דער גוטער רבונו של עולם אימשטאַנד צו פּאַרגיטיקן מיין גאָטזעליקער מאַמען... נייערט אויף דער סאַמע ערד... נאָר אין אַן אָרעמער און ערדישער מענטשן־וווינונג... די מאַמע וועט זיך גאָרנישט שעמען אַפילו ביי דעם וואָס לעבט אייביק צו מאָנען... און זי וועט נעמען פאַר אַ שותּף צום מאָנען דעם טאַטנ׳ס נשמה... די מאַמע איז אַ געוואַלטיקע עקשנ׳טע...

ווער ווייסט: אפשר וועט זי אין איינעם אַ גרויסן טאָג צוריק אַראָפּגיין אויף דער ערד אין אַ נייעם גלגול און זי וועט אויפמאָנען אירע זיבן פשוטע טעג און נעכט... טעג וואָס זיינען מעכטיק שווער אַזוי ווי אייזן און ווי גאָלד... זיי ליגן ערגעץ אין דער הימלישער באַנק און בערג מיט פּראָצענט וואַקסן שוין אָן אויף זייערע שטומע קעפּ... אפשר, פאַלט מיר איין, איז די מאַמע שוין ערגעץ ווו דאָ צוריק אויף דער ערד. איך הער, דאַכט זיך מיר, איר קינדעריש געוויין... אַ יינגע, שטראַלנדיקע מור־

טער וויגט שוין אין אַ הילצערנעם וויגעלע דאָס קליינטשיקע שטיקל גאָלד אירס — מיין מאַמען... מיין מאַמע וואַקסט... אַז די מאַמע וועט ווערן אַביסל גרעסער, זי וועט מיך דערקענען, וועט זי מיך אָנקוקן מיט אירע קינדערישע אויגן — מיך, אַן אַלטן איד... און זי וועט זיך מאָדנע וואונדערן... פאַרוואָס איז זי געשטאָרבן און פאַרוואָס איז זי צוריק געקומען פון הימל? קלאָר אַז די מאַמע איז געקומען אויפמאָנען אירע זיבן טעג און נעכט אָן צו באַצאָלן דירה־געלט...

---

אין די ערשטע יאָרן, נאָכדעם ווי חיים שבת איז אַהיימגעקומען פון משוגעים־הויז, איז מיין שוועסטער טעמעלע נישט געווען מיט אים אַליין ביינאַכט אין הויז. אין אַ שכנות׳דיקן צימערל זיינען געשלאָפן אירע צוויי דערוואַקסענע זין. דער מאַן וואָס האָט באַגערט צו זיין אין זיינע ווילדע מאָמענטן איר שוחט, און ער איז עס שוין עטלעכע מאָל שיעור חלילה נישט געווען, איז באַוואַכט געוואָרן פון צוויי היימישע זשאַנדאַרן — זייערע זין. אָבער ווען די ביידע זין האָבן מער נישט געוואינט מיט זייערע עלטערן, יעדער איינער פון זיי גייענדיק מיט זיין אייגענעם וועג אין לעבן, איז טעמעלע געבליבן זיצן אינגאַנצן אַליין מיט אַ מאַן וועמענס גוף זי האָט געקענט פון די נעכט פון ליבע — אָבער וועמענס נשמה איז איר איצט געווען אומבאַקאַנט... אין פּחד פלעגט זי אַפילו ביינאַכט נישט צוטאָן קיין אויג. געווען נעכט ווען זי איז אַפילו אַן איינציקע רגע נישט געשלאָפן. זי האָט געהיטן זיין יעדער שריט און באַוועגונג ביינאַכט, ווי מען היט אָפּ די גענג פון אַ ווילדע און געפערלעכע חיה... זיין צורה איז געווען פאַרענדערט. זיין געשטאַלט איז געוואָרן צו אַן אַנדער געשטאַלט. אַ פרעמדער מאַן האָט זיך אַריינגעקליבן אין איר וווינונג און אין בעט איז מיט איר געלעגן טיילמאָל אַ טיגער...

חיים שבת האָט געהאַט זיינע ביטערע און אויך זיינע גלאַסענע צייטן. ער פלעגט צייטנווייז רעדן ווי אַ מענטש און צייטנווייז ווי אַ חיה אין אורוואַלד. די דאָזיקע חיה פלעגט אויף לענגערע מאָמענטן איינדרימלען אין אים. אין פּחד פאַר זיין מכּלומרשטער אימפּאָטענץ און אין גרויסער ליבשאַפט און מורא׳דיקער אייפערזוכט צו זיין פרוי, האָט חיים שבת געפונען דעם גרויסן און מעכטיקן טרייסט אין פרומקייט, און רעליגיעזן געפיל. אין זיין אויפריכטיקן און פאַרצווייפעלטן הונגער צו גאָט פלעגט ער ממש עסן דער מאַמעס קליינע תהילימלעך מיט די געלע, צעקנייטשטע און אויסגעריסענע בלעטלעך, וואָס פלעגן זיך ברעכן אונטער זיינע פאַרקראַמפּטע פינגער. אַזוי ווי יענער געהיימנישפולער וואָרם מיטן טונקעלן און שטאַרקן קאָפּ וואָס גריזשעט אויס מיט זיינע וואָרמדיקע ציין בראָנדזענע דענקמעלער פון דענקערס און קריגערס אויף היסטאָרישע בית עולם׳ס, אַזוי האָט ער אויסגעגעסן אין זיין הונגער צו גאָט די פינצטערע אותיות פון דער

מאַמעס האַרציקע תהילים׳לעך. די מאַמע, אייביק אַזאַ מין גאָטספאַרכטיק פרומע און עקזאַלטירטע אידענע, איז איצט גאַרנישט, ווי שוין פריער באַ־שריבן, געווען גליקלעך מיט איר איידעמס נייעם און מאָדנעם סאָרט פרומ־קייט. דאָס איז געווען די מרא׳דיקע פרומקייט פון אַ משוגענעם, פון איי־נעם אַן איינזאַמען און צעבראָכענעם מענטש, ווען ווען דער רבונו של עולם האָט באַרבאַריש און ברוטאַל געשלאָגן איבערן קאָפּ מיט אַן אייזערנעם האַמער און האָט אים צעמישט די געהירן, ווי ער האָט שוין איינמאָל אין אַ פאַרצייטישן טאָג מיט שטורעמס צעמישט די געהירן פון די פעלקער וואָס האָבן געבויט דעם טורעם פון בבל — אַזוי ביזן היינטיקן טאָג...

ביידע מענטשן, מאַן און ווייב, פלעגן זיצן אין די נעכט, ווען קיינער איז צו זיי נישט אַראָפּגעקומען, אין דער פינצטערניש. תמיד און אומדער־מידלעך פלעגן זיי רעדן וועגן גאַלאַמב, חיים שבת׳ס געבורטס־דערפעלע. וועגן בערקאָוויץ און דזשאַרזשיק, די דערפלעך פון מיין פריער קינדהייט. זיי פלעגן זיצן אין דער פינצטערניש צוליב אָרעמקייט, קאַרגנדיק פון לאָמפּ דאָס ביסעלע עלעקטרישע ליכט... עס קלינגט מאָדנע אַז אין דער שטאָט ניו־יאָרק, אין דער סאַמע צעבליצטער מעטראָפּאָליע אין דער גאַנצער וועלט, זאָל ערגעץ ווו אַן איינזאַמע פאַרפאַלק זיצן ביינאַכט אין דער אור־פינצטערניש.

ווען איך פלעג אַמאָל פלוצלינג קומען צו זיי אויף באַזוך, האָב איך געצווייפלט צי איך זאָל זיך אונטערנעמען אַרויפצוגיין די העכער דריי גאַרנס מיט הילצערנע און געדרייטע טרעפּ, ווייל קיין ליכט, ווי שוין דער־מאָנט, האָט ביי זיי אין די פראָנט־פענצטער נישט געלויכטן. איך פלעג דעריבער צווייפלען צי זיי זיינען אין דער היים. אַרויפגייענדיק ענדלעך די שווערע און אומהיימלעכע טרעפּ, האָב איך אָנגעקלונגען אינם גלעקל פון דער טיר און איך האָב זיך אַוועקגעזעצט וואַרטן אַ האַלבע שעה אויף די טרעפּ, ביז מיין שוועסטער טעמעלע פלעגט זיך געני אָריענטירן אין די אַכטצען אייזערנע און מעשענע שלעסער ביי דער טיר און באַוויזן ענדלעך צו עפענען די שווער־מיט־מעטאַל באַלאָדענע טירן. אינעווייניק פלעגן זיי ביידע זיצן ביים גרויסן שפּיגל אַזוי ווי איין ריזיקער מענטש... ביידע זיינען פאַרשמאָלצן געוואָרן צו איין טויזנטיאָריקן באַשעפעניש. אין איר פחד פאַר זיינע משוגעת־אויסבראָכן האָט טעמעלע געהאַט איין ברירה: אויך צו ווערן משוגע! עפּעס אויך אַריינצווואַקסן אין זיין אומהיימלעכן וואַנזין. צו ווערן אַ טייל פון דעם פייערדיקן גהינום אין אים. צו וויסן ווען צו דערוואַרטן געפאַר און שטורעם. זי איז ביסלעכווייז מיט די יאָרן געוואָרן אַ שטיק חיים שבת. און ער — אַ שטיק טעמעלע. ביידע מענטשן האָבן גערעדט ווי מיט איין קול און צו דערזעלבער צייט. זיי האָבן ביידע געדענקט מיט איין מוח און מיט די זעלבע מחשבות. זיי פלעגן פיזיש ווערן ענלעך איינער צום אַנדערן. די אַרויסגעפאַלענע האָר פון זיין שיטער־געוואָרענער און

גרויער באָרד פלעגן שטיקלעכווייז אַרויסוואַקסן צוריק אויף איר פּנים. דער חילוק פון געשלעכט איז אויך כמעט פאַרשווונדן געוואָרן צווישן זיי. צייט מעקט אָפּ דעם חילוק צווישן אַלט־געוואָרענע מאַן און ווייב. (אַפילו אַ הונט וואָס ווינט לאַנגע יאָרן ביי אַן אַלטע פרוי נעמט אָן איר געשטאַלט. און די פרוי ווערט ענלעך צו אַ הונט...) איך פלעג זיך פונדעסטוועגן תּמיד זעצן ביי דעם טישל צו דער טיר צו, מיט מיין כראָנישן פּחד פאַר מיין שוואָגער... תּמיד פלעג איך זיין צוגעגרייט צו אַנטלויפן פון דער שלאַכט צו דער טיר, טאָמער ברעכט טאַקע די שלאַכט אַמאָל אויס, די שעה זאָל חלילה נישט קומען...

חיים שבת האָט גערעדט, ווי געזאָגט, פונם גאַנצן שטעטל מיט אידן. אָבער תּמיד פלעגט אויפטויכן אין דעם מוטנעם און אומהיימלעכן ים פון זיין מערקווירדיקן זכרון דאָס פּנים פון אַ געוויסן טיפּ אָדער פּערסאָנאַזש, וואָס האָט זיך מיט געוואַלט אַריינגעדיבוק׳ט אין זיין געדעכעניש. צום ביישפּיל: ווי אַזוי דער איינזאַמער מענטש אין שטעטל פלעגט אַרומטראָגן אויף זיין סקעלעטישער ברוסט די פאַרזשאַווערטע מעדאַלן פונם צאַר. דער מענטש איז שוין ממש געהאַט צעפאַלן מיט זיינע וויסטע און אויסגעטרוקנטע ביינער. קוים דער פאַרזשאַווערטער סקעלעט האָט זיך נאָך ווי עס איז צוזאַמענגעהאַלטן אין זיין געלער און שלאַבעריקער הויט, אונטער צעריסענע שמאַטעס און צעפלאָכטענע לאַכעס. ער איז געווען דעם שטעטלס אומהיימ־לעכער משוגענער. ער איז גרוי און אַלט געוואָרן נאָך בשעת דער ערש־טער וועלט־מלחמה. אפשר איז ער שוין אַרויס פון דעם מוטערלייב אַ פאַרטיק־געוואָרענער זקן. אַהיימגעקומען איז דעם „צאַר׳ס אידישער גע־נעראַל״, ווי מען האָט אים מיט ביטערניש אָנגערופן, אַ פרעמדער, אַ גרייז־גרויער און אַן איינזאַמער איד פון דער טויטלעכער שלאַכט. אָבער אויף דער ברייטער ברוסט האָט ער געטראָגן דעם מעכטיקן רוסישן צאַר׳ס אייזערנע מעדאַלן. די ברוסט זיינע איז זיך שוין כמעט אויך געהאַט צעפאַלן און צעפוילט געוואָרן. זיין איינזאַמער קאָפּ איז שוין געווען גרוי ווי ביי אַ טויב און מרא׳דיק צעשלאָגן פון די קלעפּ פון לעבן. זיינע ציין זיינען געווען געלע און צעפוילטע. זיין גאַנצע פיגור איז געווען עפּעס חיה׳ש־ווילד און אויסגעקרימט און אַ טיף־איינגעבויגענע צו דער ערד ווי דער אַמביציעזער קייסער נבוכדנצר אין דער נאַכטיקע וואַלדווילדערניש. אָבער די אייזערנע און פאַראָסטעטע מעדאַלן טראָגט דעם צאַר׳ס אידישער גענעראַל שטאָלץ אויפן צעבראָכענעם און טויטן ברוסטקאַסטן. קיין וואָרט און קיין קרעכץ גייט קיינמאָל נישט אַראָפּ פון די טויטע ליפּן פון דעם אַלטן קריגער־איד... ער איז צוריקגעקומען פון דער מורא׳דיקער שלאַכט — אָן שום לשון. איין שטיק שטומער ווייטיק. ער האָט ערגעץ אין טרערנדיקן זומפּ פון דער בלוטיקער באַטאַיל פאַרגעסן אַלע מענטש־לעכע ווערטער. ער האָט אין וואַלד און אין פעלד און אין טאָל פון יסורים

אויף אייביקע צייטן איבערגעלאָזן זיין שפּראַך און זיין צעשניטענע צונג. ער איז צוריקגעקומען פון דער מלחמה — פּאַקטיש א מת. רעדוצירט צו אַן איינזאַמע און אַ מורא׳דיקע סטראַשידלע פון קריג און גלאָריע...

שוין אַלס קליינטשיק אינגעלע האָב איך אים נאָכגעקוקט און אָבסער־ווירט זיין יעדער שריט און באַוועגונג אין די אָפּגעבּרענטע גאַסן פון שטעטל. ער איז געווען די ריכטיקע דעקאָראַציע צו די פאַרשרפה׳טע קוימענס און ווענט־סקעלעטן פון די געסלעך. איך האָב זיך אַליין געפרעגט:

— ווער איז דער דאָזיקער געשפּענסטערדיקער און שטומער איד מיט דער שטאָלצער מינע פון אַ גענעראַל? איז ער אפשר געווען אַ פעלדמאַרשאַל אין דעם צאַר׳ס אַרמייען ??? אָדער איז ער אַ קאַריקאַטור אַזאַ פון ביטערער און מורא׳דיקער סאַטירע אויף מלחמה? אפשר, איז מיר גאָר איינגעפאַלן, איז ער גאָרנישט קיין איד? צער און פאַרצווייפלונג גיבן צו אַלע מינים מענטשן איין טראַגיש פנים. דאָס פנים פון אידיש־היסטאָרישן צער. אידן זיינען דאָך אַן אוראַלטע פאָלק אויף דער ערד. און יסורים האָבן אין משך פון יאָרטויזנטער מיט אייזערנע האַמערס אויסגעהאַמערט אַ טיפּיש אידיש פנים, וואָס איז אַ סינאָנים פאַר וויטיק. צער און אומגליק זיינען מאַכטיקע סקולפּטאָרן. זיי גרימירן גאָר די פנימער פון אַלע דערשלאָגענע און צעשלאָגענע אַרמייען מיט איין סאָרט מאַסקע, גרים און פינצטער גע־שטאַלטעניש. קוק זיך אויפמערקזאַם איין אין די געפאַנגענע פריזאָנערס און אַרעסטאַנטן אויף די פאַרצייטישע באַרעליעפן וואָס פאַראייביקן די געוואַלטיקע נצחונות פון די פרעה׳ס און צעזאַרס און קייסאָרים און קעניגן און פירשטן. אַפילו די נישט־אידישע פלעגניקעס האָבן אידישע פנימער... אידישע אויגן און אידישע נעז. אַלע אוניווערסאַלע געשלאָגענע מענטשן פון דער וועלט האָבן איין אידישן פנים. דאָס דאָזיקע אידישע פנים מיינט — היסטאָרישער צער. מענטשלעכע יסורים. פינצטערע טראַגיש־קייט. אומענדלעכע מלחמות צווישן די פעלקער וואָס לאָזן איבער צע־שטערטע שטעט און ישובים, מיט טייכן בלוט און טרערן פון אַלטע לייט, פון פרויען און קינדער. אומזיניקע, בלוטיקע שלאַכטן מיט אומשולדיק־פאַרגאָסענעם בלוט פון די אָרעמסטע פון דער ערד, פון פויערים וועמענס פעלדער זיינען חרוב געוואָרן און מיט אינוואַלידן וואָס קענען נישט לעבן און נישט אַרבעטן אויף זייער ברויט.

און, איך פלעג טראַכטן, נאָכקוקנדיק דעם איינזאַמען אידישן גענעראַל אין שטעטל: דער פאַריסענער צאַר ניקאָלאַי דער צווייטער און די צאַריצאַ האָבן אים באַדאַרפט אָנקוקן ווי אַזוי ער טראָגט ביז צום גרוב זיינע מע־דאַלן פאַר מענטשלעכער העלדישקייט... קייזער ווילהעלם מיט די פאַר־שפּיצטע און גערמאַנישע וואָנסעס האָבן אים געדאַרפט אָנקוקן און אים אויפזעצן אַ פאַרגליווערטן רייטנדיק אויף אַזאַ העלדישן, מיטן קאָפּ פאַרי־סענעם פערד צום הימל און אים אוועקשטעלן אַלס דענקמאָל פון משוגענער

מלחמה צווישן די פּאַמפּעזע פּאַמניקעס אויף דער קייזער פרידריך׳ס שטראַסע... דאָס איז זייער שטאָלצער העלד! דאָס איז דער איינזאַמער טויט־גענעראַל! דאָס פּאַראייביקט זיין טרויעריק געשטאַלט און זיין מיזעראַבל פּנים זייערע פאַרברעכערישע מעשים און זייערע בלוטיקע וועלט־מלחמות...

די דאָזיקע לעבעדיקע און ציניש קאַריקאַטור פון מלחמה איז מיר געבליבן שטיין אויף אייביק איינגעקריצט אין מיין קינדישן זכרון...

---

חיים שבת און טעמעלע האָבן זיך ביידע שטילערהייט געלעבט אין זייער וואַזיניקן, און דאָך היימישן און וואַרעמען קאָסמאָס. זיי האָבן פּאַקטיש נישט אָנערקענט די עקזיסטענץ פון דער אויסערלעכער וועלט. העכסטנס פלעגן ביידע אַלטע מענטשן אַראָפּקוקן דורכן פענצטער צו דער גאַס צו, אויף דער וואַשינגטאָן עוועניו, און זען ווי אַזוי דאָס לעבן פון דער יוגענט גייט אָן. ווי עס ווערן געשלאָסן צווישן זיי ביים סאָדע־וואַסער־געוועלבל באַקאַנטשאַפטן, ראָמאַנסן און שידוכים, פונקט ווי אין פּאַלקלאָר ביים פּאַר־צייטישן ברונעם. אָבער געערדט האָט מען וועגן אַמאָליקע פאַרשווינען אויף אַן אופן ווי עס וואָלטן געווען ערשט־געשעענע פּאַסירונגען פון טאָג, פון דער שעה און פון דער רגע. די קעגנוואַרט האָט מען תמיד אויסגעמיטן מיט אַ פּאַנאַטישער עקשנות׳דיקייט. צום ביישפּיל: ווען מיין ברודער קאָפּל איז געשטאָרבן, בין איך געפאָרן צו מיין שוועסטער טעמעלען אין די בראָנקס כדי צו זיין מיט זיי אין דער פינצטערער צייט און כדי זיי אָנצוזאָגן ווען און וווּ עס קומט פאָר אונדזער עלטסטן ברודער קאָפּל׳ס לוויה. קיין טעלעפאָן אין הויז האָבן זיי דאָך קיינמאָל נישט געהאַט און קיין נייע צייטונ־גען האָבן זיי קיינמאָל נישט געלייענט. חיים שבת האָט מיך באַגעגנט זייער פיינטלעך און מיט עפּעס אַ מורא׳דיקן פּנים, ווי אַ חיה פול מיט לויער. ער האָט אויסגעשריגן אויף מיר:

— צו וואָס ביסטו געקומען אונדז צו רופן צו דער לוויה? פאַר וואָס האָסטו צוגערויבט אונדזער ביסל רו? צו וואָס האָסטו אונדז אָפּגעבריט מיטן טויט? טעמעלע איז קראַנק. דו ווייסט דאָך: איך בין משוגע! ווי אַזוי קענען מיר זיך ביידע שלעפּן צו אַ לוויה?...

איך האָב זיך דערפילט שרעקלעך שולדיק.

עס פלעגט טרעפן אַז איך פלעג אַמאָל קומען צו זיי בייטאָג. ווייל די געגנט איז ביינאַכט שוין געווען שטאַרק אומהיימלעך. פּאַרטאָריקאַנער האָבן ווי אַ שוואַרץ און מורא׳דיק פאָלק פון אינזעקטן אָדער היישעריקן גע־נומען פאַרפלייצן אַלע אַרומיקע גאַסן. אַרויפגייענדיק די דריי גאַרנס מיט געדרייטע טרעפּ, פלעג איך ערשט זען אַז טעמעלע איז נישטאָ אין דער היים. זיי זיינען ביידע געגאַנגען איינקויפן שפּייז אויף דער טומלדיקער בעטגייט עוועניו. איך פלעג זיך שטילערהייט אַוועקזעצן אויף די טרעפּ,

נעבן מיין שוועסטערס טיר און נעמען וואַרטן אויף זייער אָנקום. איך האָב וויל געוווסט אַז זיי וועלן באַלד אָנקומען, אויס דער אייביקער מורא טאָמער גנבֿ'עט זיך אַ גנבֿ אַריין אין זייער וווינונג און נעמט צו דאָס אַלטע צירונג אָדער אַנדערע טייערע זאַכן פון שטוב. איך פלעג דערווייל אויסלייענען די אידישע צייטונגען וואָס איך האָב פאַר זיי מיטגעבראַכט. באַלד פלעגן זיי טאַקע אָנקומען. אָבער אַרויפצוגיין די פינצטערע טרעפּ פון די דריי הויכע גאָרנס איז פאַר זיי געווען אַ ביטערע אונטערנעמונג. איך פלעג זיצן אויף די טרעפּ אַ געדולדיקער און אַ שווייגנדיקער, נישט אויסרעדן קיינמאָל קיין וואָרט, ביז איך פלעג זיי דערזען נעבן זיך. איך האָב זיי נישט געוואָלט איבעראַשן, כדי זיי זאָלן זיך נישט יאָגן אויף דעם שווערן טרעפּנאַרויפגאַנג. איך פלעג זיך צוזעצן און צוהערן זיך צו זייער לאַנגען טרויעריקן און ווי אַן אייביקייט דויערנדיקן גאַנג איבער די קרומע און ברודיקע טרעפּ. די אידן אין דער מדבר האָבן אַרומגעבלאָנדזשעט גאַנצע פערציק יאָר. ביז זיי זיינען געוואָרן אַלט און אויסגעשטאָרבן און געלאָזן ליגן זייערע ביינער אין זאַמד. און דאָ די צוויי אידן בלאָנדזשען אויף זייער לאַנג און שווער אין דער וויסטעניש פון די נישט באַלויכטענע שטיגן. זיי גייען איינזאַמע איבער די טרעפּ. זיי טראָגן די זעקלעך מיט איינגעקויפטע שפּייז. זיי רוען זיך לאַנג, לאַנג אָפּ און זיי רעדן. זיי רעדן תמיד וועגן פאַרצייטנס אַזוי ווי עס וואָלט ערשט נעכטן געשען. איך זע ווי זיי זיינען ביידע אַלט געוואָרן. איך בין דאָך „ערשט" געווען אויף זייער חתונה. דער גאָלדענער טיגער פון קאַמ־טשאַטקאָ איז אַן עדות... דאָס אַלט ווערן איז עפּעס אַ גרויסע, מעכטיקע דראַמע, טראַכט איך. ווי אַזוי צוויי קינדער ווערן זקנים. ווי צייט דרייט זיי איין, שרומפּט זיי איין, קאָרטשעט זיי איין, ברעכט זיי איין אין די ביינער און מאַכט קליין זייערע גופים און נידערט זיי נידעריק צו דער ערד. אָ, דאָס אַלט ווערן פון מענטשן איז געוואַלטיק און פּירכטערלעך... אַזוי ווי גאָט וואָלט יעדן איינציקן מענטש פון זיין קינדהייט אָן געהאַלטן אין זיינע הענט נעבן אַ ריזיקן פייער און זיי צעשמאָלצן די גלידער און זיי איבערגעפאָרמט אַזוי ווי אַ שטיק גאָלד און זיי פאַרענדערט דאָס פלייש און דאָס פּנים...

פון די פענצטער אין דרויסן הערט מען אַלערליי קולות פון אידישע מאַמע'ס אויף זייערע קינדער, געשרייען פון פאָרלעך וואָס ליבן זיך אינטימע אינמיטן העלן און העלישן טאָג, עקסטאַטישע זיפצן פון ליבע און תענוג, די פרעכע אויסגעשרייען פון פּראָסטיטוטקעס וואָס פרעמדע מענער צע־שלאָגן זיי ביז בלוט. ווינט און ווייטיק פון לעבן שרייט אַרויס דורך די אָרעמע און ברודיקע פענצטער פון די ריזיקע בראָנקסער מויערן. מען הערט רעדן שפּאַניש, ענגליש, פּויליש און — אידיש. יאָ, דאָס פּראָסטע און ער־דיקע פאָלק רעדט נאָך אידיש. אידיש קלינגט נאָך וואַרם אין אידישע הייזער, אויף די ליפּן פון דעם טייערן און פּשוטן פאָלק. זיי וועלן אַלט

ווערן און שטאַרבן מיט אידיש אויף די ליפּן. פאַר זיי גייט אידיש נישט אונטער. אידיש לעבט נאָך דאָ אין די בראָנקס, בשעת אָפּיציעל האָט מען עס שוין לאַנג פאַרמשפּט צום אונטערגאַנג. אַ לשון וואָס איז דורך יאָר־הונדערטער איינגעוואָרצלט אין בלוט און אין מאַרך פון פאָלק וויל נישט שטאַרבן. ווי אַ וואַלד, ווי אַ טייך וויל נישט שטאַרבן. דאָ, אין די אידישע צייטונגען וואָס איך האַלט אין דער האַנט, שטאַרבט אידיש. אָבער נישט אין די בראָנקס, נישט אין די דאָזיקע טונקעלע שטיבער. און ווען אַ פאָלק רעדט אויף אידיש, איז אַ מורא׳דיק פאַרברעכן אידיש צו באַליידיקן, אידיש צו מיסהאַנדלען. עס איז פּונקט אַזאַ פאַרברעכן, טראַכט איך, זיצנדיק אַן איינזאַמער אויף די טרעפּ, ווי צו שעכטן מענטשן, צו שיקן מענער, פרויען און זייערע טייערע קינדער אין די גאַז־אויוונס אַריין. אידיש האָט אַ געוואַלטיקן פּאַטאָס! עס איז מוטער־מאָרד צו שעכטן מאַמע־לשון. און ווער עס טוט עס, מעג עס זיין אויך אין ישראל, איז אַ מערדער פונם וואַרעמען לעבן און אָטעם פון אידיש.

חיים שבת און טעמעלע קריגן זיך וועגן די סאַמע טריוויאַלסטע זאַכן. חיים שבת הויבט אָן ביטער צו שעלטן מיין שוועסטער... ער קען אויך די טרויעריקע מלאָכה, טראַכט איך, פּונקט ווי מיין טאַטע... זיי שעלטן ביידע מייסטערהאַפט, מיט אַן אויסגעהאַמערטן לשון. די קללות זייערע זייי־נען ווי אייזערנע זאַצן. עס טוט מיר מורא׳דיק וויי... פאַרוואָס אייגנטלעך ווינט די דאָזיקע פרוי מיט אַ משוגענעם מאַן איר גאַנצן לעבן כמעט? שטייט דען איבער איר איינזאַמען קאָפּ דער שיקזאַל ווי אַ ריזיקער פּאָלישער פּאָליציאַנט מיט אַ נאַקעטער סאַבלע פון קאַלטן שטאָל אין דער האַנט און ער צווינגט איר מיט אים, מיטן אייביקן פּאַציענט, צו וווינען? פאַרוואָס טאַקע, פרעג איך זיך, האָט די נאָך אָפּילו איצט שיינע פרוי אים אַרויסגענומען פון משוגעים הויז? ווער האָט איר געצוווּנגען איר לעבן צו טיילן מיט אים? ווער באַפעלט איר אַלט צו ווערן מיט אַ משוגענעם מאַן? און אין די פינצטערע נעכט זאָל זי איינגיין פון פחד און ציטערן פאַר זיין יעדער באַ־וועגונג. טעמעלע שלאָפט נישט קיינמאָל ביי דער נאַכט. זי היט אים אָפּ ווי אַ חיה אין וואַלד־ווילדניש, וואָס קען יעדער רגע ווערן ווילד און נעמען צעשטערן און פאַרניכטן און טויטן...

און פאַרוואָס האָט אויך מיין מאַמע אַזאַ מין מורא׳דיקע צוציונג צו איר טיראַנישן מאַן? האָבן זיי ביידע, מוטער און טאָכטער, דען ליב זייערע דעספּאָטישע מענער? ווען מען זיצט ביי טעמעלען אין שטוב, און עס זיינען נאָך אַמאָל אָנוועזנדיק היימישע געסט, ווי מיין ברודער קאָפּל און זיין ווייב בערטאַ, קומט תמיד און כמעט אונפאַרמיידלעך אויף די אייביקע פראַגע: האָט אפשר די מאַמע דאָך ליב דעם טאַטן? איז עס פּאַרט דאָס אומגעווייג־לעכע פייער פון ליבע וואָס האַלט זיי ביידע אַזוי מורא׳דיק צוזאַמען דורך אַלע שטורעמס און הוראַגאַנען פון זייער לעבן? אָבער טעמעלען פאַלט בשעת

מעשה גאָרנישט איין אַז אויך זי אַליין, אַזוי ווי זי וואָלט זיין אַ געבונדענע פון שיקזאַל, גייט אין די וועגן פון איר מוטער. און אפשר, טראַכט איך, גייט אויך אונדזער מוטער אין די וועגן פון איר מאַמען? און די באָבע איז געגאַנגען אין די וועגן פון דער עלטער־באָבען? און אפשר זיינען גאָר די מאַמעס פון פאָלק געגאַנגען אויפן זעלבן וועג ווי גאָר זייערע אורמאַמעס אין דער אידישער געשיכטע? וואָס קומט דאָ אייגנטלעך פאָר? האָבן די דאָזיקעביידע פרויען, מיין מאַמע און מיין שוועסטער, איין באַשטימטן וועג אין זייערע לעבנס? גייט די טאָכטער אין די שיקזאַליקע טריט פון אַ טויזנט פאַרגאַנגענע מאַמעס אין דער אידישער געשיכטע, אין דער אידישער אייביקייט? בינדט זיי זייער שר די הענט דען? האָט די ביידע פרויען, און די הונדערטער און טויזנטער פרויען אין דער אוראַלטער פאַמיליענקייט, דער שיקזאַל געקאָוועט אין קופּערנע קייטן?

איז עס סוף־כל־סוף דער אַלטער אַפּאַשן־טאַנץ פון ברוטאַליטעט און געשלעג? איז עס די אייביק־טרויעריקע קריגעריי פון מאַן און פרוי? און ביינאַכט, אויפן בעט, ביים ווייסן ליכט פון דער אויסגעקרימטער און ווי אַ חיה רויט־און־רויער־אָפּגעשוונדענע לבנה — דאָס אומשטערבלעכע שפּיל פון ליבע, לוסט און תאווה? טוט מיין שוואָגער חיים־שבת מיט מיין שוועסטער טעמעלע דאָס זעלבע וואָס דער טאַטע טוט מיט דער מאַמען? זיינען ביידע פרויען טיראַניש פאַרכישופט פון זייערע מענער־דעספּאָטן? איך דערמאָן זיך אַ פראַנצויזישן מלחמה־פילם. צוויי פריינט, אַנטלאָפענע פון די שלאַכט־פעלדער, שלעפּן זיך מיט זייערע לעצטע כוחות אויף אַן אייזיקן פעלד. אָבער דער געמיינזאַמער עלנט, די פינצטערע איבערלעבענישן און שרעק, דער ביטערער הונגער פאַרייניקט זיי נישט אויף קיין איינציקן מאָמענט. ביידע צעבראָכענע מענטשן צעקריגן און צעשלאָגן זיך ווי שונאים. אָבער זיי קענען זיך אויך קיינמאָל נישט צעשיידן... זייער געמיינזאַמער גורל האָט זיי פאַרמשפּט צום אייביקן געשלעג און ברוטאַלן געראַנגל...

דער גאַנג איבער די טרעפּ דויערט זייער לאַנג. עס איז געווען ווי דער לאַנגער גאַנג פון די אידן אין מדבר. הונגעריקע נאָך גייסט האָבן די אידן געבלאָנדזשעט אין גאָט'ס אומהיימלעכע וויסטענישן און געזוכט זייער גאָט, זייער שיקזאַל און זייער צוקונפט. דאָס האָבן איצט חיים־שבת און טעמעלע שווער און טרויעריק געשפּאַנט איבער די אויסגעקרימטע טרעפּ צום הימל. אָבער וואָס נענטער זיי זיינען געקומען צום הימל, אַלץ שווערער איז געוואָרן פאַר זיי דאָס אָטעמען. אַרויפגייענדיק אין דער הויך — זיינען זיי פאַקטיש געגאַנגען דעם באַרג אַראָפּ פון זייערע לעבנס, ווי פאַר'משפּט'ע מענטשן, וואָס גייען שטומערהייט צו זייער עקזעקוציע...

פּלוצלינג דערמאָנט זיך חיים שבת אין עפּעס אַ מעשה וועגן דעם טאַטנס

גאָלדענעם רינג. יאָ, דער טאַטע טראָגט אויפן פינגער פון דער רעכטער האַנט אַ גאָלדענעם סיגנעט מיט אַ גרויסן בריליאַנט וואָס שטראַלט און פינקעלט אין דער פינצטערער נאַכט ווי דאָס אויג פון אַ הערלעכן מלאך. דאָס מאַכט זיין שיינע האַנט אויסזען שטאָלץ און פירשטלעך... די מאַמע, תמיד אַ טיף־געפאַלענע, וווּנדערט זיך דורך איר גאַנץ לעבן: ווער האָט דעם טאַטן געשאָנקען דעם גאָלדענעם רינג מיטן גרויסן שטערן? האָט אַ פראָסטיטוטקע אָדער אַ פרינצעסין געשאָנקען דעם טאַטן די רייכע מתנה ווען ער איז געווען אַ גרויסער קופיעץ אין אַדעס, ביים שוואַרצן ים, און זיין זיידענע באָרד איז געווען נאָך פינצטערער ווי דער פינצטערער ים? דער טאַטע שווייגט תמיד געהיימנישפול וועגן דעם פאַרדעכטיקטן אוצר. אָפטמאָל ווען דער טאַטע איז אין אַן אויפגעלעגטער שטימונג — צום ביישפיל: שבת, נאָכן אויסשלאָפן זיך — בעט איך זיך ביי אים אויסצוטאָן דעם גאָלדענעם רינג. איך מעסט אָן דעם רינג אויף מיין דינעם פינגערל. איך וואַג צו חלומ׳ען: ווען איך וועל זיין אַ „גרויסער", וועל איך טראָגן גאַנצע צען מאַסיווע רינגען פון ריינעם פערצן קאַראַטיגן גאָלד אויף אַלע מיינע צען פינגער... גאָרנישט אַנדערש... און צען ריזיקע בריליאַנטן, ווי די שטערן אין פינצטערע נעכט אויפן טיף־שוואַרצן הימל, וועלן לויכטן אויף מיינע הענט מיט אַ ליכט וואָס ווערט קיינמאָל נישט מיד און נישט פאַר־מינערט אין זייער קאַלטן פייער... אָבער ו ו ע מ ע נ ס איז פאָרט דעם טאַטנס געהמנישפולער רינג מיטן גרויסן, אייז־קאַלטן בריליאַנט?

דער טאַטע, ווי געזאָגט, שווייגט אייביק. און זיין שווייגן פאַרטיפט נאָך טיפער די מיסטעריע. אפשר גאָר איז דער טאַטע באַגאַנגען אַ פאַרברעכן צוליבן דאָזיקן רינג? אפשר האָט מען דעם רינג צוגערויבט ביי אַ פירשטין אין אַ פאַלאַץ? צי איז דער רינג אַ צייכן פון אַ גרויסן, קעניגלעכן ראָמאַנס אין זיין לעבן?... סיי ווי, דאָס קאַפיטל פון טאַטנס וואַנדערונגען און אַוואַנטורעס אין צאַרישן רוסלאַנד בלייבט צו מיר, זיין יינגסטן זון, אַן אייביקע געהיימניש. אין זעלטענע מאָמענטן, ביי ספעציעל פייערלעכע פאַמיליען־געלעגנהייטן, ווען עס זיינען אָנוועזנדיק געסט אין שטוב, פרעמדע מענטשן, פלעגט דער טאַטע אָנהויבן צו רעדן מיט פייער און עלאָקווענץ וועגן די דראַמאַטישע געשעענישן וואָס האָבן מיט אים געטראָפן אין טיף־רוסלאַנד. אַזש ביזן ווייטן אוראַל, וווּהין ער האָט אָנגעשפאַרט. ער האָט אויך דערציילט וועגן אַן אַטענטאַט אויף אים. אין יענע מאָמענטן, ווי קליין איך בין געווען, האָב איך דערזען גאָר אַן אַנדערן טאַטן... ער האָט גערעדט מיט אַ בריליאַנטענער שפראַך וועגן רייכע און פילפאַרביקע אַוואַנטורעס פון זיין לעבן. נאָר וויפיל אָבסערווירנדיקן חוש אַלס שרייבער איך האָב שוין דעמאָלט יאָ באַזעסן, האָב איך אָבער נישט געהאַט גענוג שכל צו נעמען אַ פעדער אין דער האַנט און פאַרשרייבן אויף שנעל דעם טאַטנ׳ס גאָלדענע רייד, ווי זיי זיינען אַראָפגעגאַנגען רייך און ראַסקאָשנע פון מיין

טאַטנס ליפּן... ער האָט אין אַזעלכע מאָמענטן גערעדט מיט עקזאַטישער דערציילונג, מיט פּאַרטיקער ליטעראַטור...

חיים שבת רייצט זיך מיט דער מאַמען. ער זאָגט צו איר:

— שוויגער לעבן! וואָס אייגנטלעך קלאָגט איר אַזוי פיל אויפן טאַטנס טויט? האָט ער דען אייך נאָך נישט גענוג ווי געטאָן? ער האָט דאָך אייך אונטער אייערע אויגן פאַראַטן מיט אַ בלאָטער נקבה... ווען דען איז דער רינג אויב נישט אַ גאָלדענע מתנה פון איינער אַ נפקא, צי פון אַ גנב'טע אין אַדעס? ווער ווייסט: איר זעט דאָך באַשיינפּערלעך אַז קיין גוטס דערציילט נישט דער רינג אויף אייער מאַנס האַנט. ווען דער שווער איז געווען אין רוסלאַנד, דערציילט ער דאָך אַליין אַז ער האָט קיין תהילים נישט געזאָגט...

אָבער די מאַמע שווייגט. עס איז שווער צו זאָגן וואָס אַזוינס די מאַמע דענקט אין דער אמת'ן. וואַרשיינלעך איז זי דעם טאַטן אַלצדינג מוחל. עס איז נישט פאַראַן קיין שום זאַך אין דער וועלט וואָס זי וואָלט דעם טאַטן נישט מוחל געווען... אַפילו די ערגסטע באַליידיקונגען און בזיונות האָט זי דען נישט דעם טאַטן מוחל געווען?! און אַפילו פעסטע קלעפּ אויף איר לייב אויך. איך אַליין געדענק ווי אַזוי דער טאַטע, אַן אויפגעצאַרנטער ווי עפּעס אַ ווילדע חיה, פלעגט צופאַלן צו דער מאַמען און שלאָגן דאָס שוין טויזנט מאָל געשלאָגענע לייב. דעמאָלט פלעגן מיר, קינדער, געפאַלן און אומבאַהאָלפן אויסיאָמערן צו גאָט אונדזער פּראָטעסט וואָס דער טאַטע וואָגט צוצופאַלן צו דער מאַמען און איר צו שלאָגן... און ווער קען דען וויסן צי האָט ער זי נאָך מער נישט געשלאָגן אונטער אונדזערע, די קינ־דערס, אויגן? די מאַמע וועט קיינמאָל אַזאַ זאַך נישט דערציילן נישט צו קיין קינד און אַפילו נישט צו גאָט וועט זי וואָגן צו פאַר'מסר'ן איר מאַן.

זיי רעדן ביידע, מיין שוועסטער טעמעלע און חיים שבת, לאַנגע שעה'ן אויף די טרעפּ, אָן אַ שום גוזמא, וועגן דעם טאַטנס גאָלדענעם רינג און פון דעם ריזיקן ברילייאַנט וואָס לויכט דאָרטן אין דער איינזאַמער פינצטער־ניש פון זיין קבר, אין דער ברוקלינער רויער ערד, אויפן טאַטנס צעפוילטן פינגער... איך זיץ אויף די טרעפּ מיטן פּעקל צייטונגען אויסגעשפּרייט אַרום מיר, וואָס איך האָב געבראַכט צו טעמעלען: דעם „פאָרווערטס", דעם „מאָרגן זשורנאַל" און דעם „טאָג". און בשעת זיי רעדן אַזוי, דערמאָן איך זיך אין אַ מאָמענט וואָס איך האָב קיינמאָל פריער אין מיין לעבן נישט געזען קיין מער רירנדיקן און קיין מער פּאַטעטישן מאָמענט. דאָס איז געווען אין טאָג פון דעם טאַטנס ערשטן יאָרצייט. מיר זיינען אַרויסגעפאָרן צו דער ברוקלינער ערד, ווו מיין טאַטע איז געלעגן צווישן זיבנע מאָדזשיצער לאַנדסלייט, אויף דער קרקע פון אידישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד, אונטער זיין מצבה. איך בין געשטאַנען ביים טאַטנ'ס קבר מיט מאָדנע געפילן. דאָס סאַמע מאַזשאָרנע געפיל איז געווען אַז אין דעם טאַטנ'ס

גוף איז באַגראָבן מיין אייגענע פאָרם און געשטאַלט. וואָרים דער וואָס שטייט דאָ, אין מיין געשטאַלט און פּנים, איז בלויז אַ נישטיקער און אַ פאַרגענגלעכער שאָטן פון דעם אמת׳ן איך וואָס פוילט נעבעך אין דר׳ערד. איך בין געפורעמט אין מיין טאַטנ׳ס פּנים און געשטאַלט. איך בין באַשאַפן אין מיין טאַטנ׳ס פאָרם. איך געהער דאָך, פיזיש און מענטאַליש, צו מיין טאַטנ׳ס גייסט און כאַראַקטער. איך האָב אַ קלאָר געפיל: איך פויל ביים טאַטן אין קבר. מיין אמת׳דיקער גוף ווערט צעשטערט אין זיין גוף. איך פויל און ליג אין דר׳ערד ביים טאַטן. און די מצבה דאָ איז עפּעס אויך אַוועקגעשטעלט פאַר מיר, אין מיין זכרון. מיין פאַמיליענאָמען שטייט דאָ רוי און ברוטאַל איינגעקריצט אינם קאַלטן גראַניט... פּשוט, איך, זיין ייִנגסטער זון, בין מיטגעשטאָרבן מיטן טאַטן אין טאָג פון זיין שטאַרבן... און איצט בין איך שוין אויך אַן אַלטער מאַן, פּונקט ווי דער טאַטע, וואָס ווערט מיט מיר אַלט אין קבר...

און בשעת איך שטיי אַזוי מיט כלערליי געפילן ביים טאַטנס מצבה, ביים טאַטנס רויע, ליימיקע און הייליקע ערד, ווי די ערד וואָלט זיין זיין גוף און זיין געביין און, פאַרשידענע מחשבות אַטאַקירן, ווי פינצטערע ראָבן, מיין צעהיצטן מוח, דערזע איך מיין מאַמען... די מאַמע האָט, אַזוי ווי תמיד, געפאַסט דעם טאָג ווען זי איז געפאָרן צום טאַטנס קבר. און ווען זי איז דאָ קוים־מיט־צרות אָנגעקומען, האָט זי גערעדט צום טאַטן אויף גאָר אַן אינטימען און היימישן שטייגער, אין דער טיפעניש פון דר׳ערד אַריין, לאַנגע, לאַנגע שעה׳ן, און זי קוקט טיף אין דער אַלט־היימישער ערד אַריין... אַזוי רעדט אַ ווייב צו איר מאַן אין בעט און אַזוי קוקט אַ ווייב אָן איר מאַנס גליענדיקן פלייש מיט אירע פאַרחלשטע אויגן, אין דער אור־פינצטערניש פון דער נאַכט, ווען טייכן מיט לבנה־ליכט שוימען זיך אַרום די בענק, די טישן און דאָס בעט... די מאַמע האָט געבעטן דעם טאַטן אַז ער זאָל זיך סטאַרן — אַגב גאָרנישט ווי עס איז געווען זיין טבע ביים לעבן... און ער זאָל זיין אַ לייטישער מליץ יושר און אַז ער זאָל זיך מיען פאַר אַלעמענס טובה וועגן, גאָר אָן שום דיסקרימינאַציעס, פאַר די שנירן, פאַר די איידעמס, פאַר די אייגענע קינדער און פאַר די קינדערס קינדער... אַז ער זאָל עפּעס טאָן סוף־כל־סוף פאַר דער גאַנצער משפּחה. די מאַמע האָט אַריינגעבעטן, אַריינגע׳תהילימ׳ט, אַריינגעוויינט איר גרויסן מענטשלעכן עלנט אין קבר אַריין. די מאַמע איז אָן דעם טאַטן געווען אומגליקלעך. די מאַמע איז איצט געווען אַ צעבראָכענער שאַרבן, מיט ריח פון טויט און אירע מידע גלידער. די מאַמע איז שוין איצט געווען שטאַרק אָפּגעשוואַכט, פונם שטענדיקן פאַסטן. און אַזוי ווי איין זייט פון דער מצבה איז געווען ליידיק, אָן דער מאַמעס דאַטע פון איר קומענדיקן טויטנטאָג, אָבער מיט איר פולן נאָמען און מיט איר געבורטסטאָג און יאָר אַריינגעקריצט ברוטאַל אינם קאַלטן פעלז, איז זי אינסטינקטיוו און ווי אַ

שווערער, איינזאַמער שטיין אַרויפגעפאַלן אויפן טאַטנס קבר, אויף איר קומענדיקער און איצט רויער בתולה־קרקע... זי איז אַרויפגעפאַלן אויפן טאַטנס טויטן פלייש ווי אויף אַן אייגענעם מאַן וואָס איז נאָך לעבעדיק און וואַרם און באַשיצנדיק. סיי ווי, דער טויט האָט פאַר דער מאַמען אין דעם איצטיקן מאָמענט נישט געהאַט קיין שום רעאַליסטישע באַדייטונג, קיין שום פחד נישט. זי איז איצט סיי־ווי־סיי שוין געווען מער טויט ווי לעבעדיק. ווי שוין געזאָגט, אַ מראַ׳דיק־אָפּגעשוואַכטע פונם פאַסטן, איז די מאַמע אַוועקגעפאַלן אויף איר אייגענער טייל קרקע... זי איז געפאַלן אויפן טאַטנס קבר און אויף דעם פיצל ערד וואָס זי וועט באַלד אַליין אויס־פילן מיט דער פינצטערער שווערקייט פון טויט אין אַלע אירע שטומע און דאָך יאָמערנדיקע ביינער — אַ טויטלעך־הונגעריקע נאָך דעם טאַטנס בלי־ציקן גייסט, וואָס האָט דאָך איר תמיד באַלעבט און האָט איר געהאַלטן געשפּאַנט און איר געשאָנקען קראַפט מיט זיין פייערדיקן צאָרן, מיט זיין פינצטערן קוראַזש, מיט זיין טייוולאָנישן מוט און יאָגעניש צו גליק און צו אומגליק. מיט זיין ווילדן און מורא׳דיקן שטורעם און טעמפעראַמענט, ווי דער שיקזאַל וואָלט איבער זיין קאָפּ און פלייצע געשמיסן מיט מעטאַלענע בייטשן... און איצט, ווען איר אייגן לעבן האָט זיך גענומען אויסלעשן אין איר, האָבן אירע אַלטע גלידער און איר גאַנץ טרויעריק לייב־און־נפש געבענקט נאָך זיינע, דעם טאַטנס, טויטע ביינער, נאָך זיין נפש און נאָך זיין גייסט. זי איז אומגעפאַלן אויף אים מיטן לעצטן פאַל שוין פון אָפּ־געדאַנקטן לעבן צום טויט... אַלע אירע גלידער זיינען געווען צייטיק צום פאַלן. דער ברייט־צעצווייגטער בוים פון לעבן, וואָס האָט אויף זיינע מעכטיקע און אייזערנע צווייגן אַלע זיינע שטורעמדיקע מענטשנקינדער, האָט זי איצט אומ׳ברחמנות׳דיק אַראָפּגעטרייסלט פון זיך און אַ זערג־און־זעץ געטאָן צו דר׳ערד, צו איר טייל קבר...

אין דעם דאָזיקן מאָמענט האָב איך געפילט אַז די מאַמע וועט שוין פון איצט אָן לאַנג נישט לעבן. איך בין געווען זיכער, כאָטש די מחשבה האָט מיך שטאַרק אָפּגעשראָקן, אַז די מאַמע וועט שוין אין דעם אייגענעם יאָר שטאַרבן און אַז זי וועט גיין פאַרלייגן דאָס שטומע שטיק דר׳ערד פון איר קרקע און זי וועט צוריק קומען צום טאַטן און זי וועט ווידער ווערן איין לייב מיטן טאַטן, ווי אין דער גרויסער נאַכט פון איר חופה, מיט אַרום זעכציק יאָר צוריק...

אין דעם דאָזיקן מאָמענט איז מיר אויך קלאָר געוואָרן אַז דאָס אייביקע פּרעגעניש אין דער משפחה, ווען נאָר מיר קומען זיך צוזאַמען ביי אַ גלעזל טיי מיט ציטרין, פאַרוואָס די מאַמע האָט מיט אַזאַ געוואַלטיקער געדולדיקייט געליטן דורך איר גאַנץ לעבן פון אַ מאַן אַ טיראַן, איז אַ פשוט נישטיקע פראַגע און גאָר נאַאיוו געפרעגט. די מאַמע איז דאָ אַוועקגעפאַלן מיט לוסטעניש אויפן קבר פון איר געליבטן... יאָ, דער טאַטע, קען מען

דרייסטערהייט זאָגן, איז געווען איר געטלעך־באַשערטער און גרויסער מאַן. איר טיראַנישער און אַכזריותדיקער זיווג... ער האָט באַשטראַלט מיט אַקטיוו פייער און מיט שעפערישקייט איר גאַנץ לעבן. זיי ביידע האָט פאַרבונדן אַ לעבן מיט גרויסע יסורים. אַפילו דעם טאַטנס רציחה האָט איר ליבע און איר ליבשאַפט געשטאַרקט און געמוטיקט און אויסגעקאָוועט מיט אייזערנע קייטן... און אַלע נאַרישע פראַגן וועגן דער מאַמעס באַציונג צום טאַטן האָבן מיר איצט אויסגעזען מורא׳דיק לעכערלעך...

און בשעת איך האָב אַזוי נאָכגעטראַכט וועגן טאַטן, און מיר האַלטן זיך שוין אין דערוווייטערן פונם טאַטנס קבר און פון דער טאָפּעלער מצבה, אין וועלכע עס איז שוין איינגעקריצט דער מאַמעס נאָך לעבעדיקער נאָמען — זע איך, זיך אומקוקנדיק אויף צוריק און וועלנדיק אַריינעמען אין זכרון און אין האַרצן די גאַנצע טויט־לאַנדשאַפט אַרום טויטן טאַטן, ווי בערטאַ גייט צו צום טאַטנ׳ס קבר. זי שטעלט זיך אָפּ ביי זיין איינגעפאַלענעם בערגל ערד, פאַרהויבט אַ ביסל דאָס קלייד און איז — משתין... דאָס נעמט זי אויף אַ ווולגאַרן אופן, ווי אַן עכט־אויסגעלאַסענע, נקמה אינם שווער... ווען מיין ברודער קאָפּל האַלט איר דאָס שפּעטער פאָר מיט כעס, שרייט זי היסטעריש און פּרוווט דאָס אַפּליקענען אויף אַן אומבאַהאָלפענעם אופן, זידלענדיק קאָפּלען אויף שפּאַניש...

מיר גייען צו צום אויטאָמאָביל. און אויפן וועג באַגעגענען מיר אַ סך קברים פון לאַנדסלייט, פון פריינט און אַפילו פון דער אייגענער משפחה... אָט איז די רויע און טויט־געטרייע ערד פונם קבר פון חיים שבת׳ס ברודער, קלמן פּאָדרוזשניק... קלמן האָט איבערגעלאָזט אין דער אַלטער היים, אין שטעטל, זיין פרוי און צוויי קינדער. גראָד האָב איך זיין ווייב גע־קענט... זיי האָבן געוווינט אויפן „גרויסן בוידעם״, אינם זעלבן הויז ווו מיינע ביידע שוועסטערן האָבן געוווינט און געהאָט זייער שניידעריי. בשעת חיים שבת רעדט וועגן זיין ברודער, ווי ביטער ער איז געשטאָרבן, ווערנדיק פריער יאָרנלאַנג צעפוילט אין בעט פון אַ פּאַראַליזש און אַז דאָס האָט אים גאָט געשטראָפט פאַר איבערלאָזן אין פּוילן זיין ווייב און קינדער און דאָ האָבנדיק חתונה געהאַט מיט אַ גויע, מיט וועמען ער האָט געהאַט אַ צאָל קינדער, און די מערסטע פון זיי זיינען עכטע גויים — דערמאָן איך זיך דעם „גרויסן בוידעם״...

---

איך געדענק דעם גרויסן בוידעם פונם הויז מיט די צוויי בלייערנע לייבן אויפן הילצערנעם גאַנעק. איך בין דעמאָלט אַוודאי געווען אַ יינגעל פון אַרום זיבן אָדער אַכט יאָר. מיינע ביידע שוועסטערן, טעמעלע און צירעלע, פלעגן מיך אָפּט אַרויפשיקן אויפן גרויסן בוידעם כדי צו פרעגן ווי שפּעט עס איז. קיין אַלטפרענקישע טורמס מיט קיין עפנטלעכע זייגערס זיינען אין שטעטל פולאַוו נישט געווען. און קיין לעבעדיקער זיי־

גער איז ביי מיינע שוועסטערן אין זייער אָרעמער און ענגלעכער שטוב נישט געשטאַנען. מיינע שוועסטערן האָבן געהאַט קליינע, גאָלדענע זייגער־לעך, כלה־מתנות. אָבער זיי זיינען זעלטן געגאַנגען. אַרויפקומענדיק איבער די אויסגעריבענע און אויסגעקרימטע, הילצערנע שטיגן צום גרויסן בוידעם, אַזש אויפן דריטן גאָרן, האָט זיך פאַר מיר אַנטפּלעקט געדיכט און בונטיק דאָס מענטשלעכע לעבן. דאָ האָבן געוווינט עטלעכע פּראָסטע, בעל מלאכה׳שע משפחות. קודם כל: אונדזערס אַ וויטער קרוב, ר׳ שמחה אייזנהענדלער מיט זיין ווייב מינקע־שרה׳ס און מיט זייערע צוויי טעכטערלעך דאָברעלע און גיטעלע. דאָברעלע איז געווען אפשר מיט אַ יאָר עלטער פון מיר. און גיטעלע אַוודאי אַ פּאָר יאָר יינגער. מיט גיטעלען פלעג איך זיך שוין שפּילן אויפן טונקעלן, גראָז־גרינעם הויף, אין פראָנט פון די אַלטע, צעקלאַפּטע לייבן, וואָס האָבן אויסגעזען ווי צוויי טרויעריקע אידן, וואָס פאָרן מידע אַהיים פונם יאַריד. אויך די בלייערנע לייבן זיינען אַזוי ווי אַריינגעוואַקסן אינם אַלגעמיינעם, שווערן אידישן לעבן. גיטעלע האָט גע־האַט אַ קעפּל מיט פלאַמיק־רויטע האָר, אַזוי ווי זי וואָלט טראָגן די אונטערגייענדיקע זון אויף אירע דינע און נערוועזע פּלייצעס, און אַ געלן, באַשפּרענקעלטן פּנים ווי מיט קאַשע באַדעקט. זי האָט מיך, איך ווייס נישט גענוי פאַרוואָס, דערמאָנט אין די געפאַרבטע און אומעטיקע פּנימער פון די מאַדאָנעס אין די טיפע וועלדער, וואָס הגם זיי זיינען אַליין אויך גע־וועזן קינדער, האַלטן זיי שוין אויף די שויסן גרויסע קינדער, אַזוי ווי אַלטע, געלע אידן.

ר׳ שמחה אייזנהענדלער פלעגט יעדער פּאָר חדשים, איבערהויפּט זומער־צייט, שלאָף ווערן אויף די לונגען. ער איז געווען אַ סוכאָטניק. ער פלעגט ליגן אין אַן אַלטמאָדישן, הילצערנעם בעט מיט אַ סך קישנס און שפּייען מיט בלוט. פאַר אים, אויף אַ טאַבורעטקע, איז געשטאַנען אַ שיסל בוכ־שטעבלעך אָנגעפּילט מיט אַ טונקעלן בלוט. ער איז געווען אַ זייער פעטער און אַ שווערער איד. זיין ווייב מינקע־שרה׳ס פלעגט דערציילן מיין מאַמען אַז איר מאַן ר׳ שמחה׳ן האָבן די דאָקטוירים שוין פון לאַנג אָן פאַרבאָטן צו האָבן מיט איר וועלכע עס איז עסקים... אָבער פון דער נאַטור איז ער אַ הייסער, ליידנשאַפטלעכער מאַן. ער קען זיך נישט באַהערשן און ער באַצאָלט טייער פאַר זיין פּאַסיע. ר׳ שמחה איז געווען אַ קלאַסישער טיפּ פון אַ שווינזוכטיקן מענטש אין די צייטן ווען די דאָזיקע מוראדיקע קראַנקהייט האָט אומגעבראַכט מיליאָנען מענטשן. און מערסטנס האָט דער מלאך המוות געקאָסיעט אין דעם פעלד פון דעם אָרעמען פאָלק.

מיין שוואָגער חיים שבת האָט געהאַט עטלעכע ברידער אין אַמעריקע. איינער פון זיי, קלמן פּאָדרוזשניק, ביי וועמענס קבר מיר האָבן זיך ערשט געהאַט אָפּגעשטעלט, האָט איבערגעלאָזן אין שטעטל פולאַוו זיין ווייב שפּרינצע־רחל־לאה׳ס מיט צוויי קינדער. קלמנ׳ס פרוי האָט טאַקע דאָ

געוווינט, אויפֿן גרויסן בוידעם, מיט איר זון און טאָכטער. די טאָכטער האָט געהייסן זלאַטקע די רויטע און זי האָט אויך געהאַט אַ גרויסן קאָפּ מיט געלע האָר, אַזוי ווי מעש, אָדער ווי די בורשטין־געלע לבנה אין סוף חודש. זי איז שוין געווען פּרויאיש־צייטיק און אַ פּעסט־געבויטע מויד. פֿון איר ענגער בלוזקע האָבן מיט אַ ווילדער לעבנס־עקשנות אַרויסגעשפּאַרט צוויי מעכטיק־צעוואַקסענע, מילך־קלאָרע בריסטן. אירע היפּטן זיינען אויך געווען פּעסט־געהאַמערטע פֿון איינעם אַ מייסטער וואָס האָט נישט געשפּאָרט קיין מאַטעריאַל אויף אויפֿצובויען אַ געשטאַלט פֿון אַ מויד. זי האָט געהאַט אַ פּאָר פּיס ווי צוויי זיילן אין אַ טעמפּל. און שטאַרקע, מאַסיווע הענט ווי דיקע צווייגן פֿון אַ בוים אין וואַלד. זי האָט גערעדט מיט אַ הייזעריקער, הויכער שטימע. עס איז געווען ווי פֿון טרויער און אָרעמקייט איז דאָך אַרויסגעוואַקסן אַ צוקונפֿטיקע געזונטע אידישע מאַמע.

זלאַטקע די רויטע האָט צייטנווייז געאַרבעט אַלס דינסט ביי מיינע שוועסטערן טעמעלע און צירעלע. אויף וויפֿל איך בין אימשטאַנד איצט צו געדענקען, איז זלאַטקע ביי מיינע שוועסטערן אין שטוב נישט געווען צו שטאַרק גליקלעך. מחמת מיין שוועסטער צירעלע איז שוין דעמאָלט געווען אַ היפּשלעך שלאַפֿע, אַ שטאַרק נערוועזע און אַן אויסגעמאַטערטע פֿון דער אייביקער האָרעוואַניע ביים ניי־מאַשין. מיר האָט עס שוין דעמאָלט שטאַרק וויי געטאָן וואָס זלאַטקע ווערט אָפּט באַליידיקט. וואָרים אין מיינע אויגן איז זי געווען אַזוי ווי אַ יתומה... איר טאַטע אין אַמעריקע, חיים שבת׳ס ברודער, האָט פֿון איר נישט געוואָלט וויסן...

זלאַטקע׳ס יינגערער ברודער, ודיה׳לע, איז געווען אַ עפּילעפּטיקער. אינמיטן גאַס, אין גרויסן און העלן טאָג, פֿלעגט ער פּלוצלינג אומפֿאַלן מיטן צעבראָכענעם קאָפּ אויף די שטיינער פֿונם ברוק. ער פֿלעגט זיך וואַרפֿן און צאַפּלען ווי אַ געשאָכטן קאַלב. פֿון זיין צעקרימטן מויל פֿלעגט רינען אַ שניי־ווייסער שוים, געמישט מיט בלוט. אַ כאָפּטע קינדער און היימישע לאָ־בוזעס פֿלעגן זיך אַרומקלייבן אַרום אים. אויך דערוואַקסענע מענטשן פֿלעגן זיך אָפּשטעלן און קוקן אויפֿן אומגליקלעכן. מען פֿלעגט פּרווון אונטערצולעגן עפּעס אַ מלבוש אונטער זיין צע׳ניזוק׳טן קאָפּ און אים לאָזן אַזוי לאַנג ליגן אויף די שטיינער, ביז עס פֿלעגט אים אַביסל בעסער ווערן. ווען ער איז קוים געקומען צו זיך, פֿלעגט ער זיך אויפֿהויבן און אַהיימגיין אַ צעשלאָגענער, אַ פֿאַרבלוטיקטער, אַזוי ווי נאָך אַ פֿינצטערן געשלעג און געראַנגל מיטן טונקעלן מלאך... זיין קאָפּ פֿלעגט תמיד זיין ווייך ווי פּוטער פֿון די קלעפּ פֿון די שפּיציקע קיזלשטיינער אין גאַס. ער איז אויך שטענדיק געווען אַ שטאַרק אָפּגעלאָזענער און אַ פֿאַרברודיקטער. עס האָט אים זעלטן אַ מוטערלעכע אָדער אַ שוועסטערלעכע האַנט אַמאָל אָפּ־געוואַשן דאָס פֿינצטערע פּנים. האָר האָט ער געהאַט אַזוי ווי זיין שוועסטער זלאַטקעס, געלע ווי די לבנה. און דאָס פּנים זיינס איז געווען, ווי געזאָגט,

צעשלאָגן פון דער אייזערנער האַנט פון זיין גורל און אויך פאַרבלוטיקט און פאַרטרערט. עס האָט אוודאי פון אים שטאַרק געעקלט. דאָס היימישע שטעטל פלעגט געווײנלעך אַזעלכע חולה נופל׳דיקע באַשעפענישן באַטראַכטן פאַר פאַרשאָלטענע מענטשן. און דאָך האָט זיין צעבראָכן, גלאַדיאַטאָריש גע־שטאַלט געוועקט רחמנות אין מיין אינגלערישן האַרצן. הונגעריקע און געראַניעטע חיות, פאַרפאַלגטע פונם בייזן יעגער, האָבן אַזאַ מין אומגליקלעך פנים ווי ודיה׳לע האָט געהאַט. יאָ, ער האָט אויך דערמאָנט אין די פאַרציי־טישע פרינצן, וואָס די רוימישע לעגיאָנען האָבן געבראַכט געפאַנגענע קיין רוים, געקאָוועטע אין קייטן... איך פלעג אים אָפט אַהיימפירן אונטערן אָרעם נאָך אַזאַ אַטאַקע פון עפילעפסיע... אָבער, ער איז נישט געווען געוווינט צו מענטשלעכער צערטלעכקייט. ער פלעגט זיך אַרויסרייסן פון מיינע הענט און לויפן זיין אייגענעם וויסטן און פאַרשאָלטענעם וועג...

אויפן גרויסן בוידעם האָבן אויך געלעבט אַ שפּאָר ביסל אנדערע אידישע פאַמיליעס. זייער אָפט פלעגן מיר הערן געשרייען פון אַ ווילדער מויד, וואָס איינער אַ גאַסניונג פלעגט איר ברוטאַל ממית׳ן. זי פלעגט פּלוצלינג אַמאָל אויפרייסן די טיר פון ענגען אַלקערל. זי פלעגט אַרויס־לויפן אַ מוטערנאַקעדיקע און זי פלעגט שרייען:

— טייערע מענטשן, אידן, ראַטעוועטץ מיך! דער פינצטערער רוצח קאַטעוועט מיין אומגליקלעך לייב! געוואַלט, וואָס וויל ער האָבן פון מיין לעבן?

אָבער קיינער פון די מענטשן אויפן גרויסן בוידעם האָבן די מויד נישט געפרוווט ראַטעווען. מען האָט גוט געוווסט אַז דער רוצח׳ישער יינגאַטש, איר געליבטער, איז טאַקע אַ ווילדער רוצח און אַז עס איז אַ סך געזינטער מיט פינטען דעם שלעגער זיך נישט אָנצופאַנגען... איך פלעג אין אַזעלכע מאָמענטן אָנקוקן די היסטערישע מויד: אַ געפּאַקטע, אַן אויסגע־פּילטע, האָט זי אויסגעזען ווי אַ פלעמישע ווייבספאַרשוין אויף אַ מאָלעריי פון מייסטער רובענס. אַ פאַרשווינטע אַזאַ אַלע וואָס אירע פליישיקע גלי־דער גליען און שרפה׳ן מיט תאווה. און אַזאַ מאַסיווע שטיק הוילע און מעכטיקע נאַקעטקייט האָב איך נאָך קיינמאָל פריער נישט געהאַט געזען פאַר מיינע אויגן. עס האָט מיך אוודאי געוווּנדערט אויף די האָר אונטער אירע שווייסיק־פייכטע אָרעמס. האָר ווי פייער, ווי הייסער זשאַר פון דער זומערדיק־פאַרנאַכטיקער זון. און אירע צייטיקע בריסטן פלעגן זיך וואַרפן און טרייסלען צום ריטם פון אירע פאַרצווייפלטע געשרייען. זי פלעגט אַרומלויפן הין און צוריק איבערן גרויסן בוידעם, אַ צעביילטע און אַ צעשלאָגענע פון דעם יינג׳ס, פינטע׳ס, שווערע און אייזערנע לאַפּעס. איר קאָפּ מיט פלאַם־רויטע האָר האָט זיך געוואָרפן אין דער לופט אַזוי ווי אַ שטורקאַץ מיט פינקען וואָס צעשפריצן זיך אין אַ שטאָק־פינצטערער נאַכט, בשעת אַ שטערן פאַלט פון הימל און ווערט צעזעצט אויפן האָריזאָנט,

אַנרירנדיק אין זיין טויטנשפּרונג די ערדישע אַטמאָספערע. די פּלוצלינגע דערשיינונג פון אַזאַ נאַקעדיקער מויד פלעגט מיך אינגאַנצן צעטרייסלען...
עס איז געווען — פאַרשטייט זיך: געזען מיט מיינע  א י צ ט י ק ע  א ו י ג ן, — ווי זי וואָלט אַן אַנגעצונדענע אין לײַדנשאַפטן אַרויסגעגאַנגען פון רובענס׳ס אַ פאַרצייטישע מאָלערײַ, וואָס שילדערט אַן אויסגעלאַסענעם יום־טוב פון די געצן אָדער אַ היימיש־פלעמישן קאַרנאַוואַל.
פינטע פלעגט נאָכלויפן נאָך דער נאַקעדיקער מויד אַ שטאַרק־צעיאַכ־מעטער און צאָרנדיקער. ער פלעגט זי אָננעמען ברוטאַל ביים קאַרק און צוריק אַרײַנשלעפּן אינם אַלקערל, ווו ער פלעגט איר אײַנשטילן מיט פרישע, מוראדיקע קלעפּ. איצט פלעגט זיך קוים הערן איר יאָמערן און שלוכצן און אירע פאַרשטיקטע אויסגעשרייען פון תאווה׳שן תענוג.
פינטע, איר געליבטער, איז געווען דער אויסוואורף פונם שטעטל. ער האָט ליב געהאַט אָפּט צו טרייבן ברוטאַלע קאַטאָווועסן. אָפּצוטאָן צו דער פראָסטער באַפעלקערונג, איבערהויפּט צו די אָרעמע און הילפלאָזע מענטשן, אַלערליי אכזריות׳דיקע שפּיצלעך. איין ביישפּיל אַזאַ: אין שטעטל האָט זיך שוין זינט שיינע יאָרן אַרומגעדרייט אַן אַלטער באָק, וואָס פלעגט שלאָפן אויפן הויף פונם בית־המדרש, אָדער אין הקדש, צוזאַמען מיט די אָרעמע־לייט און משוגעים. מיט דער צייט האָט דער באָק אָנגענומען דאָס געשטאַלט פון אַן אַלטן פאַרוואָרלאָזטן מענטש. ער איז געוואָרן אַ געשטאַלט אין דער דראַמע און אינם פאָלקלאָר פונם שטעטל. האָט געטראָפן אַז אין אַ טאָג האָט פינטע מיט אַ שאַרפן מעסער אָפּגעשניטן זיין זכר׳ישן אָרגאַן... דער אומגליקלעכער באָק איז נעבעך געלאָפן איבערן שטעטל מיט אַ יאָמערלעכן געשריי, אַ געפּייניקטער אין מורא׳דיקע יסורים. דער גאַנצער וועג איז גע־ווען פאַרגאָסן מיט בלוט פון דעם באָק׳ס בלוטיקער וווּנד... ביז ער איז נעבעך אָפּגעגאַנגען אין בלוט אויף די טרעפּלעך פונם אַלטן בית־המדרש. דאָס איז געווען אַ ברוטאַלער מאָרד פון אַן אומגליקלעך באַשעפעניש... מען האָט געשמועסט אין שטעטל אַז דער באָק איז געווען עפּעס אַ גלגול פון איינעם אַ היימישן ייד אין שטעטל, וואָס איז פאַרפּייניקט געוואָרן און איז געשטאָרבן פאַר זיין צייט.
פינטע איז מיט יאָרן שפּעטער געוואָרן דער געהילף צום באַגרעבער אין שטעטל. דאָס איז געווען אַ מלאכה וואָס האָט געפּאַסט צו זיין כאַראַק־טער. אָבער אין דער צייט פון די נאַצישע באַנדיטן האָט ער מיט נאָך אידישע קברנים פאַרנאַרט אַ גרופּע געשטאַפּאָ לייט אויפן בית־עולם און ער האָט זיי אָפּגעשניטן די חיה׳שע קעפּ. די נאַציס האָבן פינטען צוזאַמען מיט זיינע חברים געהאָנגען אינמיטן מאַרק, פאַר די אויגן פון די אידן, וואָס האָבן פינטען איצט באַטראַכט ווי אַ קדוש. איידער מען האָט אויף פינטע׳ס האַלדז פאַרוואָרפן די פּעטליע, האָט ער אָנגעשפּיגן אינם קרעציקן פּנים פון נאַצישן תליון... אין מיינע אויגן, ווען די לאַנדסלייט האָבן מיר

דערציילט די געשיכטע, איז פינטע אויסגעוואַקסן צו אַ נאַציאָנאַלן העלד. הלוואַי וואָלטן אין פוילן אַ סך פינטעס אָפּגעשניטן די ביצים פון די פאַסקודנע דייטשן. דאָס וואָלט געקילט אונדזער בלוט אין אייביקן הונגער נאָך נקמה פאַרן אומשולדיק־פאַרגאָסענעם בלוט פון אונדזער אומגליקלעך פאָלק... און איך רוף טאַקע איצט די אידן פון די קומענדיקע דורות נקמה צו נעמען אין די דייטשן! זאָל מען אין אַלע דורות שלאָגן עמלק׳ן! זאָלן דאָס אידן נישט פאַרגעסן!

יאָ, עס האָט מיך געצויגן עפּעס אַ כוח פון געוואַלטיקער נייגיריקייט צום גרויסן בוידעם און צו זיין פּילפּאַרביקער באַפעלקערונג. צו זיין אָפּט־מאָל צינישער און ברוטאַלער לעבנס־מאַניפעסטאַציע. עס האָט דאָרט געזעצט מיט געדיכטע און פינצטערע פייערן פון לײַדנשאַפט. אויך פלעגט מען דאָרט תמיד קאָכן און פרעגלען אויף די פייערן פון די אויוונס, אין קופּערנע פאַנען, אין ריינדלעך און אין אייזערנע פאַטעלנעס. אין הויכע, אָפּגעקלאַפּטע טעפּ און אין בלעכענע טשייניקעס. די ניי־מאַשינען האָבן געקלאַפּט צום ריטם פון אַלערליי זיסע, בענקענדיקע ניגונים און אָפטמאָל גאַנץ פּרעכע לידער, וואָס די געזעלן פון ר׳ שמחה אייזענהענדלער׳ס ווערקשטאַדט האָבן געזונגען. די ווערטער פון זייערע לידער האָבן זיך נישט געענייטיקט אין קיין ספּעציעלער טיפּזיניקער פאַרטייטשונג. זייערע וויצן זיינען געווען גראָבע און וולגאַרע. זיי האָבן אויך בגנבה געררויכערט און אַ צין־גרויער רויך איז תמיד געשטאַנען אין דער לופט ווי אין גהינום. די אַלע וויצן און ווערטלעך פלעגט עפּעס אַ דיקער און געשוואָלענער פּאָפּוגיי אין אַן אייזער־נער שטייג איבער׳חזר׳ן אויף אַ צינישן אופן. מיט זיין אויסגעקרימטן שנאָבל האָט ער אַלץ נאָכגעזאָגט וואָס נאָר די געזעלן האָבן אין אים אַריינגע־רעדט, אַריינגעלאַכט און אַריינגעזונגען.

עס האָט קיינער נישט געקענט געגוי דערציילן ווער עס האָט דאָ אין איינעם אַ טאָג געבראַכט דעם חוצפּה׳דיקן פויגל מיט די ווונדערלעך־גע־פאַרבטע פעדערן, וואָס זיינען דאָ מיט דער צייט, אַזוי ווי די מערסטע איינוווינער, אַלט און ברודיק געוואָרן. מען האָט אויך נישט געוווּסט צו וועמען אייגענטלעך ער געהערט. פאַקטיש איז ער געווען נאַציאָנאַל אייגענטום. מיט דער צייט איז ער געוואָרן אַ באַליבטער פאַרשוין ביי די אָרעמע איינוווינער אויפן גרויסן בוידעם... ער האָט געגעסן פון דעם זעלבן געקעכטץ וואָס אַלע האָבן געגעסן. אַלע מענטשן דאָ האָבן געגעסן פון זייער גרויער אָרעמקייט און אויך ער האָט פונם זעלבן געגעסן. גע־הונגערט האָט ער קיינמאָל נישט.

דער אוראַלטער און פאַר׳חושכ׳טער פּאָפּוגיי (אין היימישן שטעטל פלעגט מען זאָגן „פּאָפּוגייער”), וואָס איז אַלט און גרוי געוואָרן צוזאַמען מיטן בונטן איינוווינערטום פונם גרויסן בוידעם און האָט אויסגעזען ווי אַ פאַרצייטישער איד, ווי עפּעס אַ שליח וואָס וואַנדערט שוין זינט ווייטע

דורות אויף די שטויביקע, היסטאָרישע וועגן, אפשר אַזש פון דער הייליקער שטאָט ירושלים, איסטאַמבול אָדער גאָר פון דמשק, האָט מאָדנע חוזק געמאַכט פון די מענטשן אויפן אידישן גרויסן בוידעם. ער איז דאָ געווען דער קלאָון, דער לץ און דער בדחן פון דער גרויסער און טרויעריקער לעבנס־חתונה אָדער קאָמעדיע. ער האָט אַלע געשעענישן, סצענעס און מענטשן אונטערפּרעטירט אויף זיין גראָבן און ציניש אופן, אַזוי ווי עפּעס אַ מאָדנע און ביזאַרע באַשעפעניש, וואָס פאַרשטייט וויל די טראַגי־קאָמעדיע פונם מענטשלעכן לעבן. בשעת לוויות אין שטעטל פלעגט דער מולטיקאָלירטער פויגל נאָכמאַכן די פינצטערע יללות און געוויינען פון די צעבראָכענע און צעקראָכענע ווייבער. אמת׳ער דיקער יאָמער פלעגט פינצטער שפּאָרן פון זיין אַלטן, גרין־אָפּגעבלאַקירטן האַלדז. אָפּטמאָל פלעגט זיך מיר גאָר דאַכטן אַז דער פויגל איז שוין אין דער אמת׳ן זינט לאַנגע צייטן צוריק געשטאָרבן. איינער אַ ברוטאַלער יעגער האָט אים אומגעבראַכט אין דער וואַלדיקער ווילדערניש. נאָר זיין גוף איז אויסגעשטאָפּט געוואָרן מיט אַזוי פיל מענטשלעכן געוויין און מיט היסטערישן געלעכטער. און עס שפּאַרט פון אים מעכאַניש אַרויס מענטשלעכער יאָמער און וויץ. עס ברעכן זיך אַרויס פון זיין דערשטיקטן גאָרגל גראָבע כוואַליעס מיט לייטישן הומאָר און אַמאָל אויך מיט איידעלער פּאָעזיע און מיט גאָלדערנער ליריק... אַלץ, אַלץ וואָס עס איז נאָר פאָרגעקומען אויפן גרויסן בוידעם, די גאַנצע דראַמע פונם שטעטל, האָט געפונען זיין ציניש און זיין טראַגישן אָפּקלאַנג אינם פּאָפּוגיי, אין זיין הילכיקער, הייזעריקער און דערוואָרגענער אינטערפּרעטאַציע פונם גאָרן אידישן לעבן.

מיט דער צייט האָט דער דאָזיקער אידישער אַקטיאָר, דער קלוגער פּאָפּוגיי, אויך חוזק געמאַכט פון מיין ווייניקייט. ווי נאָר איך פלעג אַרויפקומען אויף דעם דריטן גאָרן, האָט מיך שוין דערזען דער אוראַלטער פויגל מיט זיין בליציקן און שיקלדיקן אייגל און ער האָט הויך אויסגעגאָרגלט, פול מיט חוזק אין זיין פּאָפּוגייאישער שטימע:

— א י ד ן, ו ו י ש פּ ע ט א י ז ? ״

און איידער נאָך איך האָב געהאַט די מעגלעכקייט טאַקע צו פרעגן ווי שפּעט עס איז, האָבן אין אַ חוזק׳דיקן כאָר שמחה אייזענהענדלער׳ס געזעלן מיר שוין געענטפערט די צייט פונם טאָג, מיך אָפּט אָפּנאַרנדיק. און אויך דער פּאָפּוגיי פלעגט באַלד איבער׳חזר׳ן די שעה פונם טאָג, צי פון שוין צופאַלנדיקן פאַרנאַכט, ווען די פאַרגייענדיקע זון האָט רויט געפאַרבט דעם פויגל׳ס ברודיקע און אָפּגעבלאַקירטע פעדערן און אין אַלע ווינקלען פונם גרויסן בוידעם האָבן זיך גענומען אָפּזעצן שטיקער זון אַזוי ווי זעלטענע פאַרצייטישע צירונג... אין די ברודיקסטע ווינקלען

זיינען געבליבן שטיין גאָלדענע כוסות, פאַנטאַסטישע לייכטער און קעניג־לעכע קרוינען.

מיין טאַטע, דער אַפּיקורוס און ראַציאָנאַליסט, איז פונדעסטוועגן גע־ווען אויך היפּש אָבערגלויביש און פול באַקלעפּט מיט מעשיות אין דעם געדיכטן וואַלד פון אידישן פאָלקלאָר. ער פלעגט זאָגן וועגן דעם פּאָפּוגיי צו דער מאַמען:

— דאָס איז עפּעס טאַקע גאָרנישט קיין פּשוטער פויגל... ער מוז קומען פון אַ פּאַרצייטישן פּאַלאַץ... און ער אַליין איז אַ גלגול פון אַ פאַרשאָלטענעם קייסער. ער מוז שוין אַלט זיין אַ שיינע פּאָר טויזנט יאָר.

ווי שוין, באַשריבן, פלעגן אויפן גרויסן בוידעם פאָרקומען וואַזשנע חתונות, לוויות, ברית'ן און אַלערליי פאָלקס־פייערלעכקייטן און רוזשנע ימים־טובים. איינמאָל אין אַ שבת צונאַכטס, ווען מיינע שוועסטערן האָבן געוואָלט אָנהויבן די גרויע וואָך פון שווערער האָרעוואַניע ביי די ניי־מאַשינען, בין איך אַרויפגעקומען ווי געווייגלעך כדי צו פרעגן ווי שפּעט עס איז... עס איז אָבער געווען אומזיסט מיין פרעגעניש. מחמת קיינער האָט מיך נישט געזען און נישט געהערט. אַ חברה כלי־זמרים האָבן גע־שפּילט אויפן פידל, פלייט, באַס און אפילו טראָמפּייטער. די פּנים'ער פון די כלי־זמרים זיינען געווען ממש הונדערט־יאָריקע. צעקנייטשטע און צעבראָכענע אידישע פּנים'ער פונם צער'פולן, אידיש־שווערן און היסטאָריש־לאַנגן לעבן. זייערע פון־צייט־און־צרות געקאַרבטע געזיכטער זיינען געווען ענלעך צום פּאַפּוגיי'ס ערענסטן און צעשלאָגענעם פּנים. די דאָזיקע אוראַלטע אידישע קלעזמערס, האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, זיינען עס געווען די זעלבע וואָס האָבן שוין געשפּילט ביי די טייכן פון בבל דאָס היסטאָרישע אידישע ליד. זיי האָבן געשפּילט פאַר קיסרים אין פּאַלאַצן... זיי האָבן געצווונגענערהייט פאַרווײַלט מיט אידישן קלאָג און יאָמער פּריצים, פּרינצן, פירשטן און מלחמה־פירערס... דאָס זיינען די ל ו י י ם וואָס האָבן געשפּילט אין געוואַלטיקן בית המקדש די געזאַנגען פון תהילים.

חברה יינגוואַרג, היימישע שניידער־און־שוסטער־יינגען פונם שטעטל, האָבן ווילד געטאַנצט מיט זייערע שיינע און צעהיצטע מיידן, אויסגעפּוצטע אין עסיק און אין האָניק. איך קען נאָך ביזן היינטיקן טאָג גאָרנישט פאַרגעסן זייערע הערלעכע טענץ: קאַדרילן, רעדלעך, שערעלעך און פריילעכסן. איך האָב זיך פּשוט נישט צוגעגלויבט מיינע אייגענע אויגן ווי אַזוי פּראָסטע און היימישע יינגען זאָלן אימשטאַנד זיין אַזוי שיין, פאַרשייט און שטורמיש צו טאַנצן, ממש ווי די גוי'אישע פירשטן און באַראָנען. דאָס זיינען געווען אַלטמאָדישע, אידיש־היימישע טענץ, וואָס זיי האָבן דאָ אויס־געטאַנצט מיט כוח און מיטליידנשאַפט, וואָס איך האָב ערשט אין יאָרן שפּעטער געזען טאַנצן אין בעלגיע און אין פראַנקרייך, בשעת די מיטל־

אַלטערלעך־פּילפּאַרביקע קאַרנאַוואַלן. אַזוי האָט אייגענטלעך תמיד גע־טאַנצט דאָס פֿאָלק. דאָס פֿאָלק טאַנצט אומעטום און אין אַלע צייטן אויפֿן זעלבן שטייגער.

די יינגען, די געזעלן, האָבן גערעדט צו זייערע צעפּלאַמטע פּריילינס און דינסט־מוידן אין אַ מין דייטשמערישן לשון, ווי אין שמר׳ס ראָמאַנען. עס האָט פֿון זיי היימיש געשמעקט מיט וואַלד און מיט פּערפֿיום־ריחות. פֿינטע האָט ביי יעדן טאַנץ געוויזן וואָס ער קען צוזאַמען מיט זיין גע־ליבטע, די צעשלאָגענע מויד, וואָס האָט איצט אַזאַ גליקלעכע געשטראַלט שיעור נישט ווי אסתר המלכה. יאָ, איך האָב געהאַט אינגאַנצן פֿאַרגעסן אין מיין שליחות: צו פֿרעגן ווי שפּעט עס איז אויפֿן אידישן זייגער. די טענץ און די מעלאָדיעס האָבן מיך פּשוט פֿאַר׳כישופֿ׳ט. איך בין זיך געשטאַנען קליינטשיק און שטיל אין אַ ווינקל און צוגעזען מיטן אוראַלטן, היסטאָרישן פֿאָפּוגיי האָב איך באַטראַכט דאָס שטורעמדיקע ספּעקטאַקל און די הילכיקע חתונה־קאָמעדיע פֿון לעבן. אַ שטיק געזונטע לעבנס־לוסטי־קייט פֿונם היימישן שטעטל האָט זיך פֿאַר מיר בונט און פֿייערלעך אָפּ־גערעדט.

אַלץ האָט אין יענעם שבת צונאַכטסטיקן אָוונט אויסגעזען ווי אַ פֿאַר׳כישופֿ׳ט שפּיל. און דער וואָס האָלט דעם געהיימנישפֿולן שליסל און דעם סוד צום גרויסן רעטעניש פֿונם אידישן לעבן איז געווען דער מאָד־נער פֿאָפּוגיי, וואָס איז צו מיר אין די שפּעטערדיקע יאָרן אויפֿדאָסניי הימלעך און טונקל אַנטקעגנגעקומען אין לעבן און אין דער ליטעראַטור, ביי פֿאַרשידענע געלעגנהייטן... דאָס איז אפֿשר דערזעלבער פֿויגל אין גאָר דער וועלט־ליטעראַטור: דער אַלבאַטראָס פֿון סעמיועל טיילאָר קאָל־רידזש באַרימטער פּאָעמע: „דער אַלטער מאַטראָז"; די ראָב פֿון עדגאַר עלען פּאָו; דער אַלבאַטראָס פֿון שאַרל באָדלער; די גאָלדענע פּאַווע פֿון איציק מאַנגער און משה לייב האַלפּערין.

---

— ווו איז אַהינגעקומען ר׳ שמחה אייזענהענדלער מיט זיין פּרוי מינקע־שרה׳ס אוןביידע טעכטערלעך דאָברעלע און גיטעלע? ווו זיינען די שוין איצט פֿאַר׳חושכ׳טע שפּרינצע רחל־לאה׳ס מיט איר רויטהאָריקער טאָכטער זלאַטקע די רויטע, און דעם חולה־גופֿל׳דיקן ודיה׳לע מיטן תמיד צעשלאָגענעם שאַרבן אַזוי ווייך ווי פּוטער? ווו איז די ווי בראַנדז־אָנגעצונדענע, ראָבוסטע מויד וואָס שרייט אַ מורא׳דיק־צעשלאָגענע פֿון פֿינטע׳ס אייזערנע ידים:

— „אַ פֿינצטערע כאָלערע זאָל אים אַריין אין די קישקעס! אַ בראַנדפֿייער זאָל אים פֿאַר׳שרפֿה׳נען דעם פּעטן בויך זיינעם!"

און ווו איז ערגעץ פֿינטע דער מאַטשאַרניק מיטן האַרטן און גע־שטופּעלטן פּנים? און ווו איז דער פֿאַרשאָלטענער קייסער — איך מיין

דעם ביזאַרן פּאַפּוגיי, אַן אויסגעשטאָפּטער מיט אידישע צרות און מיטן אידישן הומאָר און אידיש־געדיכטן פּאַלקלאָר ?!?

ווו איז דער שניי פון דעם פאַרגאַנגענעם יאָר? — פרעגט אַ טרויעריקער דער פּאָעט פון מיטלאַלטער, פראַנסואַ ווילאָן, וואָס איז אַ שיכור׳ער אויסגעגאַנגען אין נאַכט און אין טרערן, הענגענדיק אויף דער תליה און זיך איינזאַם וויגנדיק אין קאַלטן ווינט פון דער וועלט.

---

און, ווען חיים שבת און טעמעלע גייען איצט איבער די טרעפּ אַזאַ לאַנגען און שווערן גאַנג, ווי זייער לאַנגען און שווערן לעבן דורך דער וועלט, פון טאָג פון זייער חתונה אָן, האָב איך צום ערשטן מאָל געטראַכט אַז אויך מיינע פראַגעס בנוגע זייער צוזאַמענלעבן און די שאלות פון דער גאַנצער משפחה פאַרוואָס מיין שוועסטער האָט אָפּגעלעבט אין פחד און אין אימה מיט אַ וואַנזיניקן מאַן, וואָס האָט איר געוואָלט שעכטן אין איינער אַ שרעקלעכער נאַכט — אַז אויך די דאָזיקע מכלומרשט פּסיכאָלאָגישע פראַגע אויף וועלכער אַ באַלזאַק וואָלט אָנגעשריבן נישט איין סאַלידן וואָלום מיט נאָוועלן — און אַז גאָר דאָס רעטעניש פון זייער אומהיימלעכן צוזאַמענלעבן, איז פשוט נאַאיוו און אומזיניק. עס איז געווען אַ גרויסע לעבנסשלאַכט און אַ געוואַלטיקע ליבשאַפט צווישן זיי. ווי צווישן אונדזערע טאַטע־מאַמע. און זייער זיווג איז געהאַמערט געוואָרן אין הימל, מיט אייזערנע רינגען געקאָוועט און מיט פשוטן פייער פון לעבן איז דאָס שווערע מעטאַל געוואָרן צוגעלייט איינס צום אַנדערן, און אויף קיינמאָל נישט מער זיך פאַנאַדערצושיידן.

און, ווען דאָס אַלטע און איינזאַמע פאָרפאָלק זיינען ענדלעך אַרויפגעקומען אויפן דריטן גאָרן, האָבנדיק לאַנג געגאַנגען, געבלאָנדזשעט און ווערנדיק דערווייל מיד און אַלט — און מיין שוועסטער האָט מיך דערזען זיצנדיק און שטומערהייט וואַרטן, איז זי מיט אַ גרויסער פרייד צוגעפאַלן צו מיר און האָט מיך אַרומגענומען און האָט מיך געקושט... ווי געזאָגט, ווען זיי זיינען ענדלעך אַרויפגעקומען פון דעם גאַנג איבער די טרעפּ — איז מיר עפּעס קלאָר און יאַסנע געוואָרן אַזוי ווי אין אַ גרויסן פרימאָרגן, נאָך אַן אורפינצטערער נאַכט, ווען אַן אומגעהויערע זון שטראַלט אויף, און איך בין מיט זיי ביידע צוזאַמען אַריינגעגאַנגען אין זייער טונקעלער שטוב אַריין מיט אַ נייער נשמה, אַזוי ווי עפּעס אַ פרישער מענטש... (וואָרים ערשט זיצנדיק אויף די טרעפּ האָב איך פאַקטיש איבערגעטראַכט און אַנאַליזירט דער מאַמע׳ס פאַלן מיט בענקעניש און ליבשאַפט צום טאַטנס שטיקל ערד... צו דעם שטיקל רויע ערד וואָס האָט געשמעקט מיטן טאַטנ׳ס לייב און נפש).

און פון אַלע זייטן פון די חדרים האָבן פּלוצלינג אָנגעהויבן צו קלינגען,

אזוי ווי די גלאָקן פון קאָשטשאָלן אין די פוילישע דערפער, דעם טאַטנ׳ס גרויסע און אַלטע זייגערס, וואָס האָבן זיך דאָ באַהאַלטן אין די ווינקלען און זיי האָבן גערעדט אין אַ כאָר מיטן טאַטנ׳ס אַלטן קול, ממש ווי פון סאַמע הימל אַרונטער... און איך קען ערלעך זאָגן אַז איך האָב זיך נישט דערשראָקן... ווארים דאָס איז געווען עפּעס אַ שטאַרק געלייטערט קול. אַ קול וואָס האָט ווי געזאָגט צו מיר:

— דיין טאַטע לעבט! אָבער ער לעבט נישט מער אויף דער ערד פון אַנגסטן און יסורים. און מיר זיינען דיין טאַטנס בית המקדש. מיר קלינגען אַזוי פון פּאַרצייטנס אָן אין דיין לעבן, נאָך פון דיין קינדהייט אָן. און אַזוי ווי איוב איז ער ענדלעך געלייטזעליקט געוואָרן מיט תשובה, מיט גלויבן און מיט גאָט. און טאָג און נאַכט, אַזוי ווי ביים לעבן, איז די מאַמע נעבן אים... אָבער איר געמיט איז ליכטיק... די מאַמע שמייכלט מיט אַ הערלעכן שמייכל אויף איר הייליקן פאַרמעטענעם פּנים!...

---

אין די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז עפּעס פאָרגעקומען אין דעם הויז פון מיין שוועסטער טעמעלע און מיין שוואָגער חיים שבת:
ווען איך פּלעג איצט קומען זיי באַזוכן, האָב איך דאָרטן געפונען צוויי יינגע, גויאישע ווייבער... איינע איז געווען אַן איטאַליענישע פרוי, מיט אַ סע־מיטישן אויסזען, שטאַרק ענלעך צו אַ אידיש קינד. זי האָט געהייסן אַנד־זשעליקאַ און זי איז געווען דאָס ווייב פון טעמעלעס עלטערן זון, סידני. זי איז געווען אַ פרומע קאַטוילישקע און האָט זיך טאָג און נאַכט גע־מאָדליעט. אַ גאָלדענער קרייץ האָט זיך געבאָמבלט צווישן אירע פולע און צייטיקע בריסטן... די צווייטע איז געווען אַ דייטשע פרוי און זי איז געווען דאָס ווייב פון טעמעלע׳ס יינגערן זון, טשאַרלי. מיין שוועסטער טעמעלע האָט פאַרביידע יינגע ווייבער טאָג און נאַכט געקאָכט און געבייט אויף דער ניי־מאַשין. זי איז דאָך פאַקטיש איר גאַנץ לעבן, אַזוי ווי איר מאַמע, געווען אַ דינסט. זי האָט געמוזט ד י נ ע ן. זי האָט געמוזט זיין אַ שקלאַף. און גאָט האָט איר אייביק צוגעשיקט מענטשן, פאַר וועמען צו קנעכטן און צו האָרעווען ביז איבער אירע כוחות. צו נייען, צירעווען קאָכן און רייניקן. צו באָדן, וואַשן און צוואָגן, גענוי ווי איר מוטער, מיין מאַמע, עליה השלום. טעמעלע האָט נישט געקענט קיין ענגליש. אָבער די ווייבער האָבן גערעדט צו איר אַביסל אידיש. בפרט האָט די דייטשע שנור כמעט גערעדט איר לשון...

ביידע פרויען זיינען געווען שוואַנגער. מיט הויכע און מיט שפּיציקע בייכער. זיי האָבן דעריבער נישט צוגעטאָן קיין האַנט אין קאַלטן וואַסער. זיי זיינען דאָ געווען די קעניגינס... טעמעלע און חיים שבת האָבן פּאַק־טיש זייערע קינדער קיין שום אידישע דערציונג נישט געגעבן. זיי זיינע

אויסגעוואַקסן פּאַרטיקע גויים. זיי האָבן קיינמאָל נישט באַזעסן דאָס מינדסטע ביסל דרך ארץ פאַר זייער אומגליקלעכן טאַטן. דער טאַטע, זייענדיק אָפּט אַ פּאַציענט אין משוגעים־הויז, האָט זיין פּאָטערלעכע אויטאָריטעט נישט געקענט אַרויפצווינגען אויף זיינע ביידע זין. ער איז דאָך טאָג און נאַכט געווען באַשעפטיקט מיטן פליקן און שלאָגן די צעבראָכענע און געלע בלעטלעך פונם אַלטן תהילימ׳ל, אין וועלכן ער האָט אַריינגעזאָגט זיין האַרצנסגעבעט און האָט אייביק געבעטן צו גאָט: „און זאָלסט מיך מאַכן רואיק פון מיין אַנגסט”... און אויך איצט, ווען זיינע ביידע גויאישע שנירן האָבן זיך דאָ אַרומגעדרייט האַלב־נאַקעטע, אָן אַ שום סימן פון צניעות און ווייבלעכער באַשיידנקייט, האָט ער נאָך העפטיקער, נאָך מורא׳־דיקער, זיך געשאָקלט אַזוי ווי אַ ווינט וואָלט אים פעסט געהאַלטן אין זיינע אייזערנע לאַפּעס און ער וואָלט מיט אים געשליידערט, אַזוי ווי ער וואָלט זיך געגרייט אים אַראָפּצוזערגן פונם בוים פון לעבן ווי אַן עלנט בלאַט, און ער האָט כמעט יאָמערנדיק אַרויסגעשריגן דעם ווונדערלעכן און דעם באַל־זאַמיש־זיסן תהילים. עפּעס איז אין זיין זאָגן הויך דעם תהילים געווען אַ באַגער, ווי ער וואָלט בכיוון געוואָלט איבערשרייען די מעלאָדיעזע און תאווה׳דיקע קולות פון די צעוואַקסענע און שוואַנגערנדיקע, פרעמדע נקבות, מיט זייערע גוי׳איש־רייצנדיקע, אָפּגעדעקטע לייבער. ווו האָט ער דאָס פריער געזען אַזעלכע ווייבער? אין די מוזעאומס אין דער וועלט... ווען ער האָט מיט יאָרן צוריק באַזוכט דעם באַרימטן „לוווער”. טיציאַנס און רובענס׳ס נקבות האָבן אַזוי רויט און פלאַמיק געלויכטן מיט זייערע אָנגעצונדענע לייבער, אויף וועלכע די זון איז קיינמאָל נישט אונטערגעגאַנגען...

חיים שבת פלעגט אויך אַזוי ווי ווערלן פאַרטויבן דאָס קול פון מאָנונג אין זיין וואַנזיניקן מוח... ער פלעגט עפּעס ווערלן אַריבערשרייען זיין געוויסן. סוף כל סוף ווער וועלן דאָס זיין די קינדער, „די ממזרים”, ווי ער פלעגט זיי בייז אָנרופן, וואָס וועלן אַרויסקומען פון די דאָזיקע קריסטלעכע ווייבער? קיין אידן וועלן זיי נישט זיין. קיין רבנים אויך נישט. חיים שבת טראַכט פון זיין טאַטן, פון זיין זיידן, פון יענע געוואַלטיקטע דורות אידן וואָס זיינען געגאַנגען אויף קידוש השם און זיינען פאַרבליבן אידן... כאָטש מיט צעשלאָגענע קעפּ , מיט צעבראָכענע ריפּן, מיט צעבלוטיקטע גופים. אָבער זיי זיינען פאַרבליבן אידן — אין גן־עדן... חיים שבת קוקט טאַקע אויף די פּאָרטרעטן פון זיין ווייב, טעמעלעס, באָבע און זיידע... מיט אַ סאַרקאַסטישן שמייכל אויף איר ביטער פּנים, ווי יענע גאַנץ איינזאַמע און עקשנות׳דיקע בתולה, די קייסערינע עליזאבעטה, כאָטש איינגעטונקען אין גאָלד און אין צירונג און אָנגעטאָן אין אַ שטראַלנדיקער קרוין ווי די זון, קוקט אַראָפּ פון מאַסיוון פּאָרטרעט אַרונטער די שטאָלצע באָבע רייזל. זי קוקט אָן דעם זיידען, ר׳ לייבוש יואלקעס, וואָס זיצט ביים טיש אין דער פּאָזע פון אַ גייסטיקן פירשט, אַן אמת׳ן נגיד און מעצענאַט אַלאַ

ר׳ שמואל הנגיד, און ער האָלט אין זיינע פּאַרמעט־בלאַסע הענט דאָס גרויסע, אָפענע ספר... זיין ברייטע באָרד איז ווייס ווי שניי... די ברילן פאַלן טיפער אַראָפּ איבער זיין נאָז. די באָבע האַלט אויך אין אירע הענט אַ ספר, אַוודאי אַ גרויסן טייטש־חומש, און זי זאָגט צום זיידען:

— נו, לייבישל! וואָס זאָגסטו אייגנס צום דאָזיקן פיינעם עסק? שיינע צייטן האָבן מיר דערלעבט! מיר וואָס ציען אונדזער גאָלדענעם יחוס אַזש פון דוד המלך, פון דון יצחק אַברבנאַל, מיר וועלן דאָס האָבן איטאַליענישע און דייטשע אייניקלעך...

סידני, דער עלטערער זון, האָט זיך תמיד געגרויסט אַז ער איז אַן אָפיציר אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי. ער פלעגט אין די סוף־וואָכן אַהיימ־קומען צו טאַטע־מאַמע און מיטברענגען זיינע אָפיצערסקע קליידער און שיך. אויך אַ שטיק שטאָל־קאַלטע געווער... די מאַמע פלעגט ביז שפּעט אין דער נאַכט וואַשן און פּרעסן די אָפיצירסקע קליידער... צוזאַמען מיט דער זיידענער אונטערוועש פון אירע גוי׳אישע שנורן... אַן אָפיציר אין היימישן שטעטל איז דאָך עפּעס געווען דער סאַמע העכסטער יחוס און אידעאַל... וועלכעס אידישע מיידל איז דען נישט געפאַלן פאַר אַ צאַריש־שטייפן, פאַר אַ גאַלאַנטן דייטשן אָדער אַן עסטרייכיש־שמייכלענדיקן אָפיציר?! און מיינע צאַרטע, בלאַסע און גראַציעזע שוועסטערן האָבן אויך, אַזוי ווי די מערסטע אידישע מיידלעך, שטילערהייט פאַרערט אָפיצערן... איצט האָט די מאַמע דערלעבט דאָס נס... איר אייגענער עלטסטער זון איז אַליין אַן אָפיצער... זי פּרעסט זיינע אָפיצירסטע הויזן מיט אַ סך מוטערלעכן שטאָלץ... זי ברענגט אויך אַריין, בשעת איך זיץ ביים גרויסן טיש, אַ שטיק געווער אין אירע קליינע, ציטערנדיקע הענט... זי האַלט דעם אייז־קאַלטן ברויניגג אין אַ ווייכן טוך איינגעוויקלט... זי עפנט אים אויף ווי מען עפנט דאָס פּנימ׳ל פון אַ ניי־געבוירן קינד צווישן אַ סך ווינדעלעך... און זי זאָגט געוויינלעך צו חיים שבת׳ן:

— קום נישט צו נאָענט... איך האָב עס בלויז געוואָלט ווייזן שיען...

סידני פלעגט זיך באַרימען אַז אַלץ טוען פאַר אים די פּראָסטע סאָל־דאַטן, די דענשטשיקעס, אין די קאַזאַרמעס. אַז מען פלעגט רעדן אין שטוב וועגן חתונה מאַכן אים, פלעגט ער אַראָגאַנטיש זאָגן:

— וואָס טויג מיר אַ ווייב? איך וועל זי נישט באַדינען. איך וועל פאַר איר נישט אַרבעטן. איך וועל מיט מיינע אייגענע הענט נישט פּוצן מיינע שיך... זעט ווי מיינע הענטלעך זיינען גלאַטיק... דאָס זיינען אָפיצערסקע הענט. אַריסטאָקראַטישע הענטלעך האָב איך. איך בין נישט דער נאַרישער טאַטע וואָס האָט געפּוצט שיך אויף גרענד און עסעקס סטריט.

דאָס פלעגט סידני חוזק מאַכן פון חיים שבת, פון זיין אייגענעם טאַטן. וואָרים ווען חיים שבת איז געווען אין אַמעריקע פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, פלעגט ער שטיין אין די דאַון־טאַונער גאַסן און פּוצן שיך...

איך האָב דעמאָלט, ווען איך בין נאָך געווען אַ זייער קליין אינגעל, נישט געקענט פאַרשטיין וואָסאַראַ סאָרט מאָדנע מלאָכה דאָס איז. וואָרים ווער עלכער משוגענער וועט עס גיין אין גאָס אַריין און זיך לאָזן פּוצן זיינע שיך פון אַ פרעמדן מענטש? פון אַזאַ מין לוקסוס האָט מען נאָך אין שטעטל נישט געוווּסט... אַפילו דער רייכסטער מענטש אין שטעטל האָט זיך אַליין מיט אַ בערשטל און מיט שוואַקס געפּוצט זיינע שיך. ביזן היינטיקן טאָג אַפילו קען איך זיך נישט דערלויבן אַז דאָס קלענסטע יינגעל, מעג עס זיין אַן אָרעם און אויסגעדאַרט נעגערל, זאָל זיך טיף אַראָפּבויגן צו מיינע פיס און ער זאָל פּוצן מיינע קאַמאַשן מיט זיינע מענטשלעכע הענט... מיר פלעגן דעריבער תמיד חוזק מאַכן פון חיים שבת׳ן, וואָס האָט אין זיין בויט, ווען ער איז נאָך געווען אַן איינזאַמער בחור, געפּוצט שיך אויף גרענד און עסעקס סטריטס... ווי אַזוי קען זיך דאָס בכלל אַ מענטש, וואָס איז באַשאַפן געוואָרן אין דעם קעניגלעכן געשטאַלט פון גאָט, אַראָפּבויגן ני־דעריק צו יענעמ׳ס שוויסיקע פיס און פּוצן זיינע פאַרשטויבטע און פאַר־בלאָטיקטע שיך?

סידני האָט זיך נאַריש געגרויסט און זיך באַרימט אַז ער וועט קיינמאָל נישט חתונה האָבן און קיינמאָל נישט ווערן קיינעמ׳ס שקלאַף. זיין פּסי־כאָלאָגיע איז געווען פון אַן אַלטן בחור. חיים שבת פלעגט זיך בייזערן... אָבער די מאַמע טעמעלע פלעגט געבן געזעצט איר זון:

— אַז סידני וויל בלייבן אַ פריילײדיקער, זאָל ער... כאָטש איך וואָלט שוין געוואָלט האַלטן אַן אייניקל אויף דער קני...

— דו וועסט האַלטן, דו וועסט האַלטן... האָב נאָר געדולד! — האָט חיים שבת געשריגן.

ווי אַזוי איז עס פּאָרט געקומען צו דעם אַז דער איינגעשפּאַרטער סידני זאָל אַזוי שנעל חתונה האָבן?

נעבן דער מיליטערישער רעקרוטן־אָפּטיילונג אין ברוקלין, וווּ מען פלעגט רעקרוטירן יינגעלייט פאַר דער אַמעריקאַנער אַרמיי, איז געווען אַן איטאַליענישע רעסטאָראַציע. דאָרטן פלעגט סידני שפּילן אין קאָרטן מיט זיינע קאַמעראַדן און דאָרטן האָט ער זיך באַקאַנט מיט דער נישט איבער־ריקס־שיינער איטאַליאַנקע וואָס האָט שוין פון פריער געהאַט אַ מאַן מיט פיר קינדער. איר מאַן איז פון איר געוואָרן אָפּגעפרעמדט. דערצו איז ער עפּעס איין נאַכט געשלאָפן אין אַ קאַלטן צימער, אין אַ האָטעל אויף טיימס־סקווער. כדי זיך אָנצוואַרעמען, האָט ער אָנגעצונדן דעם גאַז־אויוון און ער איז דערשטיקט געוואָרן פון גאַז אינמיטן שלאָף... צוזאַמען מיט אים איז אויך דערשטיקט געוואָרן אַן אָרעמע נעגערישע גאַסנמיידל, וואָס ער האָט אַראָפּגענומען פון דער גאַס כדי זי זאָל טיילן אויף איבער נאַכט זיין געלעגער. דאָס קליינע, קריינקלעכע און איינזאַמע גאַסנמיידל האָט אויך געטיילט זיין טויט...

אין אַנדזשעליקאַ, אַ פּרוי מיט פיר קינדער, האָט זיך סידני פאַרליבט און באַלד מיט איר חתונה געהאַט. זי איז געווען אַ פרומע קאַטויליטשקע... סידני האָט נאָך באַוויזן, איידער ער איז אָפּגעשיקט געוואָרן אויפן פראָנט קיין איראָפּאַ, איר שוואַנגערנדיק צו מאַכן מיט זייער ערשטע קינד... סידני האָט זיך באַטייליקט אין איבער זיבעציק באָמבאַרדיר־מיסיעס איבער דעם פאַרשאָלטענעם דייטשלאַנד. אין דעם היסטאָרישן טאָג ווען עס האָט אויסגעבראָכן דער צווייטער פראָנט, האָט זיך סידני באַטייליקט צוויי מאָל, באָמבאַרדירנדיק דעם בלוטיקן שונא׳ס פּאָזיציעס אין פראַנקרייך. ער איז תמיד אַרויס בשלום פון אַלע שלאַכטן. אָבער נאָך דער מלחמה, ווען ער איז צוריקגעקומען אַ געזונטער אין די פאַראייניקטע שטאַטן, האָט ער זיך צוריק אָנגעשלאָסן אין דער אַרמיי אַלס פלי־אינסטרוקטאָר. ער איז ווידער געשיקט געוואָרן קיין איראָפּאַ. איינמאָל איז זיין עראָפּלאַן אַראָפּגעפאַלן אי־בער ענגלישער ערד. ער איז געלעגן חדשים׳לאַנג אין שפּיטאָל. עס האָט אים איצט געפעלט די רעכטע האַנט... אָבער טעמעלע האָט דערפון נישט געטאָרט וויסן...

— איך וועל מיט מיינע אייגענע הענט נישט פוצן מיינע שיך! איך בין נישט ווי דער טאַטע וואָס האָט געפוצט שיך פון פאַרבייגייערס אויף גרענד און עסעקס סטריט! — מיט גרויס ביטערניש און זיין קול האָט איצט חיים שבת איבערגע׳חזר׳ט די ווערטער פון זיין זון. — אַוודאי, דער וואָס לעבט אייביק האָט מיין זון באַשטראָפט מיטן אָפּהאַקן זיין האַנט פאַר זינדיקן מיט די רייד! פון אַ טאַטן טאָר מען נישט חוזק מאַכן... ער וועט טאַקע מיט זיינע אייגענע הענט נישט פוצן זיינע שיך... גאָט הערט געוויינלעך יעדעס איינציקע וואָרט וואָס אַ מענטש זאָגט. ווי צו דעם מענטש וואָס רעדט נאַרישע און אומזיניקע רייד...

טעמעלע ווייסט נישט וואָס עס איז געשען מיט איר זונס האַנט. זי חזר׳ט אַלץ כסדר איבער אַז זי וועט אים אויסהיילן די האַנט מיט אַ זעלטענעם זאַלב... זי האָט אַזאַ מין זאַלב וואָס היילט אויס אַלע ווונדן פון דעם מענטשלעכן פלייש...

— יאָ, די זאַלבן דיינע וועלן אים פונקט אַזוי פיל העלפן ווי באַנקעס צו אַ טויטן! אַ נס וועט דער רבונו של עולם אָפּטאָן מיט מיין זון און די רעכטע האַנט וועט אים פלוצלינג נעמען אַרויסוואַקסן פונ׳ם אַקסל ווי אַ צווייג פונם שטאַם פון אַ בוים! — זאָגט חיים שבת מיט ביטערניש און מיט רוגזה. עס איז ער, דער טאַטע, וואָס ווייסט דעם ריינעם אמת: מען האָט זיין עלטסטן זונס האַנט אָפּגעשניטן אין אַ שפּיטאָל אין ענגלאַנד... אַדורכ־געגאַנגען אַ גאַנצער דורך דער לאַנגער בלוטיקער וועלט־מלחמה. קיין איינציקן מאָל איז ער אַפילו נישט פאַרוווּנדעט געוואָרן אויף די טויטלעך־געפערלעכע מיסיעס איבער עמלק׳ס רויבערישן לאַנד... און גאָר לעצטנס, שוין לאַנג נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט גאָט אים צוגענומען די

רעכטע האַנט... אַ גרויזאַמער וויץ אַזאַ!... פונדעסטוועגן האָט עס סידנין נישט געשטערט אין די שפּעטערדיקע יאָרן צו ווערן אַ קרופּיע אין פּאַבלהאַפּטע קאַסינאָס און געמבלינג־הייזער. פון דעם קאָרטן און ווירפל־שפּילער אין די קאַזאַרמעס אויף סאָלדאַטסקע שיפּן און אין די פּאָרטן, איז ער דאָך אויסגעוואַקסן אַ קרופּיע און מיט זיין לינקער האַנט שאַרט ער דאָס גאָלד אויף די רולעטקע־טישן, בשעת דער רעכטער אַקסל ציטערט נערוועז צוזאַמען מיטן ליידיקן אַרבל...

---

היינט ביינאַכט פּוצט טעמעלע די גרויסע זילבערנע לייכטער. איך דער־קען די לייכטער עפּעס אַזוי ווי זיי וואָלטן וואָרם אַרויסלייכטן פון מיין קינדהייט. יאָ, דאָס זיינען טאַקע די זעלבע לייכטער וואָס האָבן אַ סך יאָרן, אפשר פון טאַטע־מאַמעס חתונה אָן, געלויכטן אין אונדזער שטוב. דאָס זיינען די לייכטער וואָס דער זיידע האָט געגעבן דעם טאַטן דרשה־געשאַנק צוזאַמען מיט אַ רוימישן שאַך און אַ זילבערנעם איינבאַנד פאַר אַ קליינעם סידור. דער שאַך, געדענק איך, האָט געהאַט פיגורן פון רוימישע לעגיאָנען. ווען געסט פלעגן אַמאָל קומען צו אונדז אין שטוב אַריין, פלעגט דער טאַטע מיט זיי שפּילן אין שאַך. איך פלעג קליינערהייט אַרויפשטעלן אויפן שאַך־ברעט די פיגורן פון זילבער און פון בראָנדז. איין טייל פונם שלאַכטפעלד איז באַזעצט געוואָרן מיט רוימישע לעגיאָנען, מיט צעזאַרן בראש, מיט די שיינע פערד און מיטן טורעם. די צווייטע טייל פונם שלאַכט־פעלד — מיט זילבערנע לעגיאָנען. און דער סידור איז געווען אַ פאַר־צייטיש קונסטווערק אין מאַסיוון זילבער, וואָס וווּנדערלעכע הענט פון אַ אידישן גאָלדשמידט האָבן אויסגעהאַמערט אין יאָר 1793. די דאַטע איז דאָרט אין אַ ווינקל געווען איינגעקריצט. די לייכטער האָט טעמעלע צוגענו־מען פון שטוב נאָך מיין מאַמע׳ס פּטירה... און ווען זי פּוצט היינטביי־נאַכט מיט זאַמד די זילבערנע לייכטער, דאַכט זיך מיר אַז זי פּוצט מיין לייב, זי פאַרוווּנדעט מיינע גלידער מיטן שטעכיקן זאַמד. זי פּוצט אַראָפּ פון מיינע געהירן די היימישע זכרונות. אין דרויסן איז אַ רעגנדיקע נאַכט. די בליצן אויפן הימל זען אויס ווי געטלעכע הענט מיט נערוועזע, אַנגע־צויגענע אָדערן. פייערדיקע הענט פון הימל וואָס טראָגן אַרויף ציטערנדיקע און שווידערנדיקע נשמות צו גאָט, נשמות פון ערשט־געשטאָרבענע און שרעקלעך־דערשראָקענע מענטשן. יעדער איינציקע נשמה שטייגט אַרויף צו גאָט אין דער באַגלייטונג פון מלאך המות, וואָס איז הונדערט מיליאָן מייל הויכע און הוילע פינצטערניש און וואָס טראָגט אַ קרוין פון ריינע גאָלד אויף אַ חושכ׳דיקן קאָפּ און אַ פאַרמאַסקירטן פּנים... און אויך ציטערט די אָרעמע נשמה אין דער באַגלייטונג פון זיין שר, וואָס איז הונדערט מיליאָן מייל ברייליאַנטענע ליכטיקייט און רחמים... צום דאָזיקן שר האַלט זיך די נשמה אין איין טוליען, אין פּחד און אין אימה... און, פּוצנדיק

די זילבערנע לייכטער פון מיין טאַטע־מאַמע׳ס הויז, דערציילט טעמעלע עפּעס אַן אומהיימלעכע געשיכטע ווי אַזוי מען האָט נאָך מיט אַ סך יאָרן צוריק, ווען זי איז געווען אַ פּיטשינקע מיידעלע, געראַטעוועט אין שטעטל די כאָלערע־קראַנקע. זי אַליין, טעמעלע, איז דעמאָלט געווען קראַנק אויף דער אימה׳דיקער כאָלערע. טעמעלע דערציילט גענוי וועגן דעם:

— דאָס האָט געמוזט זיין אין יאָר 1912. די שווידערלעכע כאָלערע־מגפה איז פּלוצלינג אַזוי ווי אַ משוגענע שרפה אויסגעבראָכן אין שטעטל און האָט זיך מורא׳דיק־שנעל פאַרשפּרייט אין די אַרומיקע שטעטלעך און דערפלעך, ביי די פּויערים. עס איז געווען אַ שרעקלעכער תשעה באב אין שטעטל. יעדעס מאָל פלעגט דער פּייערלעשער־וואָגן אַדורכפאָרן די זייטיקע געסלעך מיט אַ פרישע גרופּע מתים, וואָס זיי האָבן אַרויסגעפירט פון די קריסטלעכע הייזער און היימען. עס האָט פּשוט נישט אויסגעמיטן קיין איינציק גויאיש הויז, אַפילו נישט פון די פּריצים, פון דער זשאַנדאַמעריע און אויך נישט די בעטנדיקע גויים אין די קאַטשאָלן. די כאָלערע האָט אַרויסגעריסן אירע קרבנות פון אַלע קלאַסן פון דער גויאישער באַפעלקע־רונג. פון מאַגיסטראַט, פון דער טומאה, פון די געוועלבער און ווייַנשענק. איך געדענק ווי די שיכורים פלעגן זיצן אין דער שענק פון וואַצלאַוו קוראָפּאַטווע. די פּויערים פלעגן קומען אויפן יאַריד און נאָכן פאַרקויפן זייער פּראָוויאַנט, גרינצייג און פּירות און נאָכדעם ווי זיי האָבן איינגעקויפט אַלער־ליי מכשירים פאַר דער גאָספּאָדאַרסטוואָ (ווירטשאַפט), פלעגן זיי קומען אין דער שענק, זיך אַוועקזעצן אויף די בענק ביים באַר און זשלאָקן פון גרויסע קופלעס מיט ביר און איבערדרייען אין די העלדזער אַריין גלעזער מיט שפּירט אַזוי ווי בענזין. אַ סך פון די שיכורים זיינען געבליבן ליגן טויטע אין דער שענק. איינמאָל איז אויך געפאַלן פון דער שרעקלעכער כאָלערע דער שענקער אַליין. אַפילו דאָס פייער פון בראָנפן האָט זיי נישט געקענט באַשיצן פונם פייער פון דער מגפה. ביינאַכט פלעגן ליגן אין די רינשטאָקן נאַקעטע מתים. אויך טויטע קינדער, וואָס עלטערן האָבן אַרויס־געוואָרפן הפקר אין די געסלעך, פאַרן טויטנוואָגן...

אידן האָבן ווייניקער געליטן ווי די גויים אויף דער קראַנקהייט. עס זיינען געווען „חברה כאָלעריקעס״ וואָס פלעגן קומען אין די פאַרשאָלטע־נע שטיבער און זיי פלעגן פּרובירן צו ראַטעווען די אומגליקלעכע קרבנות. אַפילו דער רב אַליין האָט מתיר געווען די שוואַכע און די קינדער. ער האָט געלאָזט אויסרופן אין שול אויפן באַלעמער אַז מען מעג עסן, אויב מען איז אָפּגעשוואַכט, אַפילו אין הייליקן טאָג פון יום־כיפור... איבער־הויפּט די אָפּגעצערטע פרויען, די יינגע מאַמע׳ס און שוואַנגערנדיקע ווייבער. די „חברה כאָלעריקעס״, ווי מען האָט זיי מיט חוזק גערופן, זיינען מערסטנס באַשטאַנען פון בלאַטע יינגען, מאַטשאַרניקעס, פערדס־גנבים, טרעגערס, פּעדערשלייסערס, קאָרטנשפּילערס, בעטלערס און גלאַט אַזוי

הימישע משוגעים און קרוע־בלוע־פאַרשווינען. עס זיינען געווען צווישן זיי אויסגעלאַסענע מיידן, און אפילו זונות. זיי פלעגן פלוצלינג אַריינפאַלן אין אַ אידישער שטוב אַריין מיט אַ שרעקלעכן טומל און געשריי. קודם־כל האָבן זיי באַפוילן די ווייבער זיך אויסצוטאָן מוטער־נאַקעט און אָן שום חרפה פלעגן זיי וואַשן דאָס לייב מיט בראָנפן און מיט טערפּענטין. זיי פלעגן מיט זייערע אייזערנע ידים רייבן די פּלייצע, דעם „קרזשיזש". זיי פלעגן אויך אומפאַרשעמט מאַסאַזשירן דאָס גאַנצע לייב, דאָס הינטערחלק און אַפילו דאָרט ווו ווייבער שעמען זיך שטאַרק... זיי פלעגן אָפטמאָל רייבן דעם בויך מיט ציגל, מיט זאַמד און זיי פלעגן זיך מערסטנס באַנעמען חוצפה'דיק און געמיין צו יינגע ווייבלעך און צו מיידלעך... מען האָט אַפילו געשמועסט אין שטעטל אַז זיי פאַרפירן כשר'ע אידישע טעכטער און רעדן זיי אָן צו זינד... דערצו פלעגן זיי שיכור'ן, נואָפ'ן און נאָך אַמאָל גנב'ענען אויך... נישט אַזוי פיל ביי ביטערע אָרעמעלייט ביי וועמען עס איז סיי ווי נישט געווען נעבעך וואָס צוצו'גנב'ענען. נייערט ביי אַ היי־מישן גביר אין הויז פלעגן זיי אַמאָל גאַנץ וואַזשנע אַרויסטראָגן די זילבערנע לייכטער אונטער די פאַלעס, אָדער אין דעם גרויסן און טרויעריקן טומל פלעגן זיי אויסטאָן אַ שטיק גאָלדענע צירונג ביי אַ גביר'ס שטאַרבנדיקע ווייב אָדער טאָכטער. דיזעלבע געמיינע חברה כאַלערעניקעס וואָס האָבן זיך געסטאַרעט צו ראַטעווען אידישע מענער און ווייבער פון דער ווילסטער מגפה, זיינען אויך געווען די באַגרעבערס. מחמת די חברה קדישא האָט זיך פשוט נישט געקענט קיין עצה געבן מיט די מתים. פלעגן זיי בשעת מעשה אַ סך שיכור'ן און זויפן אויפן חשבון פון די פאַרביסענע גבירים. זיי פלעגן זיך, ווי געזאָגט, ספּעציעל לוסטיק מאַכן און אפילו פראַוון אָרגיעס אין די גבירישע הייזער... איינעם פון זיי, מען האָט אים גערופן „הערצעלע משה מלאך", האָבן די דאָרפישע סטראַזשניקעס אַרייַנ־געזעצט אין קאָזע פאַר באַנעמען זיך פאַדלע, בשעת'ן מכלומרשטן ראַטעווען מענטשן פון דער כאַלערע, מיט דער איינציקער, גערעטענער טאָכטער פון דעם גרויסן גביר, דעם וואַלד־סוחר און פאַדריאַטשיק חיים־דוד בייער... אָבער דיזעלבע טאָכטער, וואָס האָט געהייסן רחמה'לע און געהאַט אַ צונאָמען „די קאַרמעלקע", אַוודאי צוליב איר זיסקייט, האָט זיך שטאַרק באַמיט אים צו באַפרייען פון קאָזע אַ דאַנק איר טאַטנ'ס פאַרבינדונגען מיט די צאַרישע סטראַזשניקעס...

ווען עטלעכע לייט פון דער „חברה כאַלערעניקעס", ווי פינטע עקדיש און פעלטע דער קצב־יינג, זיינען איינמאָל אַריינגעפאַלן אין אונדזער שטוב און האָבן אָנגעהויבן צו רייבן דאָס יינגע לייב פון טעמעלען, האָבן זיי געזען אַז עס האַלט שמאָל מיט איר... איינער פון די יינגען האָט איר איינגעריבן מיט ברענענדיקן שפּירט דאָס לייב און ער האָט געזאָגט צום אַנדערן, צו זיין חבר:

— לאָז איר אָפּ, דו נאַר איינער. עס איז שוין אומזיסט דאָס רייבן דייגס. אַ שאָד, כ׳לעבן, דאָס ביסעלע געשמאַקע בראָנפן וואָס דו פאַרגיסט אויף איר... זי גייט דאָך באַלד עסן קליסקעלעך אין גן־עדן... דו זעסט דאָך ווי די פינצטערע געשווירן וואַקסן ביי איר ווי אויף היזון... און ווי זי ברעכט אַרויס פון אירע געדערים שטיקער כאָלערע...

טעמעלע האָט אָנגעהויבן שטאַרק צו וויינען. פּלוצלינג עפנט זיך די טיר און דער טאַטע פאַלט אַריין אין שטוב ווי אַ שטורעמווינט. באַלד זעט ער וואָס דאָ קומט פאָר און ער נעמט יאָגן די חברה כאָלערניקעס מיט אַ בייטש:

— אַרויס פון מיין שטוב, איר געמיינע, בלאָטע יינגעןן! גייט׳ץ צו אַל׳ די שוואַרצע יאָרן! אַזוי אַרום ראַטעוועט איר אַ אידיש קינד? גייט׳ץ און צעברעכט׳ץ הענט און פיס מיט אייער לייב און לעבן! ווערט׳ץ גע׳ביזוק׳ט!

טעמעלע האָט זיך שווער געראַנגעלט מיט דער כאָלערע. טאָג און נאַכט פלעגט די מאַמע זיצן ביי איר בעטעלע, וויינען, קלאָגן און זאָגן תהילים פון אַ קליינטשיק תהילימ׳ל און בעטן גאָט אַז איר קינד זאָל געזונט ווערן. איינמאָל זעט טעמעלע אין חלום ווי די מומע מירל שטייט אין שטוב, ביי דער פליטע, און זי וואַלגערט מיטן וואַלגערהאָלץ אַ גרויס און פלאַך טייגעכץ, וואָס איז געל און איז ענלעך צו דער פולער, צייטיקער לבנה. די מומע מירל שטראַלט ממש מיט אַ ליכטיקן פּנים און זי רופט טעמעלען צו זיך מיט אַ זיסלעך קול:

— קום צו מיר, מיין לאַכטיק קינד! האָב נישט קיין מורא, מיין באַ־טעמט מיידעלע... עס וועט דיר זיין ביי מיר וויל ווי די וועלט...

טעמעלע האָט אָבער וויל געוווסט און געדענקט אַז די אײדעלע מומעשי מירל איז שוין אין גן־עדן זיבט אַ היפּשע פּאָר יאָר. דאָס איז דאָך די־זעלבע מומעשי מירל, דעם טאַטנ׳ס אַ ייִנגערע שוועסטער, וואָס איז נאַכן טויט געקומען צו חלום דעם טאַטן און האָט זיך פּאָר אים באַקלאָגט אַז די תכריכים זיינען ביי איר צו קורץ און דער רבי אין מאַדזשיץ האָט שפּעטער געהייסן אַז חברה קדישא זאָל אויפגראָבן איר פרישן קבר און אַריינגעבן צו דער מומע מירל אַ פּאָר מעטער ליינוואַנט... און איצט, ווען די גוטע מומע מירל האָט געהאַלטן אין אויסשטרעקן צו טעמעלען אירע לאַנגע, צאַרטע הענט אַזש פון גן־עדן, ווייזט אויס שטאַרק בענקענדיק נאָך אירע קינדער, האָט זיך די פיבערנדיקע טעמעלע אַרויסגעריסן פון איר מיט אַ מורא׳דיקן געשריי:

— געוואַלט, מאַמע! מאַמעשי־קרוין! איך וויל לעבן! איך וויל נישט גיין צו דער מומעשי מירל עסן קליסקעלעך... איך וויל געזונט ווערן!

טעמעלע האָט אין יענער נאַכט אַלעמען אויפגעוועקט און זי האָט געזאָגט צו דער מאַמען און צום טאַטן, וואָס איז געשטאַנען אין ווייסן העמד,

אַ ציטערנדיקער, מיט אַן אָנגעצונדענעם ליכט אין דער האַנט און ער האָט געפּרוווט איר אײדל צו באַרואיקן:

— מאַמעשי! טאַטעשי! אויב איר גלויבט מיר נישט אַז איך האָב געזען די טויטע מומעשי מירל, טאָ קוקט זיך גוט אײַן: אָט דאָרטן ליגט נאָך דאָס גרויסע וואַלגערהאָלץ מיט וועלכן די מומע מירל האָט געוועלגערט דאָס אייער־געלע טייגעכץ... און זי האָט געוווּנקען צו מיר מיט אַזעלכע לאַכטיקע אויגן...

טעמעלע איז אַדאַנק דעם איבערשטן געזונט געוואָרן. אָבער פונעם שטעטל זײַנען אַ סך היימישע און לײַטישע אידן און אידענעס אָפּגעמעקט געוואָרן דורך דער כאָלערע. אַפילו פון דער חברה כאָלערעניקעס זײַנען גאָר ווייניק מענטשן איבערגעבליבן... די מגפה האָט ממש אָנגעמאַכט אַ חורבן אין שטעטל...

טעמעלע איז בכלל אַן אָבערגלויבישע פרוי... זי האָט אַ סך מאָל אין לעבן באַגעגנט טויטע, נישט־גוטע און שדים... ווען מען רעדט אין שטוב וועגן אונדזער שוועסטער צירעלע, דערציילט טעמעלע:

— איינמאָל, אפשר בלויז אַ וואָך איידער איך בין געפאָרן צו חיים שבת קיין אונגאַרן, האָט זיך ביי אונדז אין שטוב די טיר פּלוצלינג אויפגעבראָכן, אַזוי ווי אַ שטורעם וואָלט אַריין אין שטוב. עס איז געווען פאַרנאַכט. און עס איז אַרײַנגעלאָפן פון דעם בלויען און צופאַלנדיקן אָוונט עפּעס אַ קליינטשיקע באַבקעלע, אַ גאַרנישטס אַזאַ, קוים עס האָט געזשיפּיעט. אָבער באַלד האָט מען דערין געזען אַ געוואַלדיקן כוח, מיט אַ ממש הימלישן אימפּעט. עס איז גלייך צוגעלאָפן צו מיין שוועסטער צירעלען און איר אין פּנים עפּעס מורא׳דיקס אַרײַנגעשריגן. צירעלע איז געוואָרן בלאַס ווי קרייד. דאָס באַבקעלע האָט אַזוי ווי קוים אָנגערירט צירעלע׳ס דערשראָקן פּנים מיט אירע סקעלעטנדיקע הענט. פינצטערע הענט פון טויט! איך האָב געוואָלט אָנכאַפּן דאָס באַבקעלע און ווען איך האָב שוין געהאַלטן אין מיינע פאַרצווייפלטע הענט איר שמאַטעדיק קליידל, האָט מען גאָר דערזען אַז עס איז אַ נאַקעטער סקעלעט. די פינצטערע ביינער האָבן זיך אַרויס־געזען פון די צעפּוילטע שמאַטעס, וואָס זײַנען געווען תכריכים... טרוי־עריקע און קראַנקע קנאָכנס פון אַ ווערמדיקן און שוין צעפּוילטן סקעלעט. דאָס אימפּעטיקע באַבקעלע איז בליצשנעל פאַרשוווּנדן געוואָרן ביי דער טיר... צירעלע איז געבליבן זיצן אויף אַ טאַבורעטקע, אַ טויט־בלייכע ווי די וואַנט... איצט האָב איך געוווּסט אַז צירעלע איז שוין נעבעך אַ פאַר׳משפּט׳ע... וואָרים אַ הימלישער כוח האָט צירעלען אָנגערירט... דאָס באַבקעלע איז געווען אַ שרעקלעכער שליח פון הימל. עס איז אפשר געווען דער מלאך המות אַליין וואָס האָט זיך דאָ, אין דעם אומהיימלעכן פאַרנאַכט אַרײַנגעבראָכן און האָט מיט זיינע ביינערדיקע הענט אָנגערירט צירעלע׳ס צעשראָקענע אברים...

— טאַקע פון דעם מאָמענט אָן האָט צירעלע נעבעך אָנגעהויבן צו קריינקען און אויסצוגיין ווי אַ ליכט...

ווען מיין שוועסטער טעמעלע רעדט וועגן דעם באַבקעלע פון הימל, שווידערט זי אויף, און מיר אַלע, וואָס הערן זיך צו, שווידערן אויך... עס גייט אַדורך אַ סקרוך דורך אונדזערע דערשראָקענע און טרויעריקע ביי־נער... וואָרים מיר דערפילן פּלוצלינג יענע געוואַלטיקע כוחות פון הימל, די פינצטערע גזרות, וואָס דעצידירן אונדזערע לעבנס און גורלות.

---

איז, צוריקגייענדיק צו אונדזער מעשה: טעמעלע׳ס צווייטער זון, טשאַרלי, האָט אויך געקעמפט ערגעץ אין איטאַליע קעגן די דייטשן. און די ביי־טערע איראָניע איז אַז בשעת אירע ביידע העלדישע זין האָבן געפאָכטן און האָבן זיך פאַרבלוטיקט אין קאַמף מיטן פירכטערלעכן שונא פון דעם אייביקן אידישן פאָלק אין פאַרלויף פון זיין געשיכטע, האָבן ביידע קריסטלעכע ווייבער דאָ, אין ניו־יאָרק, געשוואַנגערט מיט זייערע עמבריאָנען... איינע — אַן איטאַליאַנקע, אַ קאַטוילישע ווייב... די צווייטע — אַ טאָכטער פון דער דייטשער, דער ריין־אַרישער ראַסע, וואָס האָט אויסגעשאָכטן אויף דער פאַרשאָלטענער פוילישער ערד אַ מיליאָן טייערע אידישע קינדערלעך. און אַ אידישע מוטער האָט ביידע פרעמדע פרויען באַדינט אין זייער שוואַנגער־שאַפט מיט אַ פרעמדן, אייגנטלעך אויף אַ האַלב נישט־אידישן דור...

עס מוז געזאָגט ווערן אַז דאָס דייטשע ווייב האָט געפּרוווט איינרעדן טעמעלען אַז איר פאָטער איז געווען אַ איד. טעמעלע האָט געזען איר טאַטן. ווער ווייסט, אפשר איז ער טאַקע געווען אַ איד.

חיים שבת, אַזוי ווי תמיד אין די פאַרנאַכטן, שאָקלט זיך פּאָרכטיק ביי שמונה־עשרה... ער גרייט זיך שוין צו גיין אַרבעטן אינם דאַון־טאַונער „פיונעראַל־האָום״, וו ער וואַשט די געשוואָלענע, די צעשמעטערטע, די צעקראָכענע גופים פון די טויטע... ער וואַשט זיי מיט גרינעם זייף און מיט זיינע אייגענע לויטערע טרערן. ער האָט ביטער רחמנות אויף יעדער איינעמס טרויעריקן און איינזאַמען פלייש! ווי זיי זיינען מורא׳דיק איינזאַם, די מתים. ווי זיי ווייגען ממש טויטערהייט פון איינזאַמקייט! ווי זיי יאָמערן אין זייערע ביינער פון דעם וויסטן עלנט! ווער פון די טויטע איז דען נישט מורא׳דיק עלנט אין זיין לעצטן גאַנג צו דער מאַמע־ערד? אַפילו אַ קייסער איז פּונקט אַזוי עלנט ווי אַ בעטלער און ווי אַ גאַסנפּרוי אינם ביטערן און לעצטן גאַנג צו די ווערם...

טעמעלע גרייט תמיד צו פאַר חיים שבת אַ פּעקעלע מיט עסן... פּונקט ווי די מאַמע פלעגט אים מיטגעבן אַ זעקעלע מיט עסנוואַרג ווען ער פלעגט גיין אין בית המדרש אַריין דאַווענען מיטן טאַטן בשעת אַ יום־טוב... ווי זיס פלעגט דעמאָלט זיין דאָס טייערע עסן פון דער מאַמען... דאָס לויטערע שטיקל חלה מיט האָניק... אָבער איצט איז חיים שבת

אַן אַלטער מאַן... און עס גלוסט זיך אים גישט צו עסן צווישן די איינזאַמע מתים... ווי אַזוי קען מען נעבעך עסן אינמיטן פון טויט און מענטשלעכן טרויער, ווען מען זעט ווי אַזוי דער גרויזאַמער מלאך המות פראַוועט זיין פינצטערע סעודה, ווען ער גריזשעט מיט זיינע קופּערנע ציינער די גלידער פון די נעבעך טרויעריק דערשלאָגענע.

טעמעלע פאַרגעסט אויך נישט מיטצוגעבן חיים שבת'ן אַ אידישע צייטונג, כדי ער זאָל לייענען אין דער סאַבווי און עס זאָל אים זיין היימלעך מיט די טייערע און הייליקע אידישע אותיות... יאָ, אידישע אותיות זיינען הייליקע... און הייליק זיינען אויך, זאָל עס דאָס גאַנצע פאָלק וויסן: ה י י ל י ק ז י י נ ע ן א ו י ך ד י א ו ת י ו ת פ ו ן ד ע ם ל ש ו ן א י ד י ש... אָבער טעמעלע שלעפּט צוריק אַרויס פון חיים שבת'ס קעשענעס די זיבן געלע תהילים'לעך... וואָרים דאָס, זאָגט זי, איז שוין צופיל... צו וואָס באַדאַרפן זייטיקע מענטשן זען אַז ער איז משוגע... דערביי רעדט טעמעלע די גאַנצע צייט אַז זי וועט סידנין אויסהיילן די שלאַפע רעכטע האַנט זיינע מיט דער וווּנדערלעכער זאַלב... לויט איר שכל האָט זיך סידני, איר העלדישער זון, בלויז עפּעס אָפּגעבריט די האַנט... זי וועט פאָרן קיין קאַליפאָרניע צו איר זון... עס וועט דויערן אַ שטיקל צייט און זי וועט אים אויסהיילן די האַנט מיט דער זאַלב...

— נישט מיט זאַלבן, נאָר טאַקע מיטן תהילים קען מען אויסהיילן אַ אידנ'ס האַנט און זיין גאַנצן לייב און לעבן! — דונערט איצט אַן אויפגעקאָכטער מיין שוואָגער חיים שבת...

טעמעלע שווייגט אָצינד אַ דערשלאָגענע... און חיים שבת גלוסט עס פאַרט נישט אוועקצוגיין פון דער וואַרעמער און היימישער שטוב צו די טויטע לייבער ערגעץ אין אַן אומהיימלעכער געגנט, ווי ער האָט אַמאָל, נאָך מיט יאָרן צוריק פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, געפּוצט שיך... איז דען נישט בעסער, טראַכט ער, צו אַרבעטן און אַפילו צו פּוצן קאַמאַשן און צו בויגן זיך נידעריק און הכנעה'דיק צו יענעמ'ס פאַרבלאָטיקטע פיס, איידער צו זיין אַן אָפּיצער, צו זיין שטאָלץ און גאווה'דיק און זיך צו שעמען זיך צו פּוצן די אייגענע שיך און גאָט זאָל באַשטראָפן און אָפּהאַקן מיט זיין שאַרפער שווערד די רעכטע, וואַרעמע האַנט?! — אַזוי טראַכט חיים שבת... און חיים שבת טראַכט פון נאָך עפּעס אויך, איידער ער גייט ענדלעך אַרויס אין דער אומהיימלעכער נאַכט אַריין, מיטן פּעקל עסנוואַרג און מיט דער אידישער צייטונג, וועגן די צווייי גוי'אישע טעכטער וואָס ער לאָזט איבער אין דער היים... ווי מאָדנע פרום און פאַנאַטיש ער איז, תמיד מיטן תהילים'ל אין זיינע אַלטע הענט, וועמענס טונקעל־בלויע אָדערן זיינען איינגעצויגן און איינגעקאָרטשעט, פילט ער עפּעס פאָרט אַ געוואַלטיקן מאַגנעטיזם צו די צווייי פרעמדע ווייבער מיט די צעשויבערטע האָר... די טונקעלע און די געדיכטע האָר אַזוי ווי וועלדער פינצטערע... מיט די

נאַקעט־אָפּגעדעקטע פּלייצעס און אָרעמס... מיט די בריסטן וואָס ווערן ביי זיי יעדער טאָג פולער און רייצנדיקער... גאָט מאַכט זיי גרייט די בריסטן כדי געזויגן צו ווערן אין הונגער און אין דאָרשט צום אייביקן לעבן פון די קומענדיקע דורות... דאָרטן, אויף די פאַרבלוטיקטע שלאַכטפעלדער אין פאַרשאָלטענעם אייראָפּאַ, און אויף די ווייטע, אַזיאַטישע פראָנטן, בלוטיקן אָפּ יינגע זין, גייען אויס העלדישע און געוואַלטיקע מענער... און דאָ, אין דער היים, שוואַנגערן די פרויען מיט נייע דורות... אין איילעניש איז מען געשלאָפן אין די לעצטע נעכט, כמעט פרעמדע איינער צום אַנדערן, אומבאַקאַנטע, אָבער מיט מורא׳דיק־הייסע, לעכצנדיקע לייבער... די וואָס גייען שטאַרבן, שליידערן אַריין אין די טראַכטן פונם פרויענטום פייערדיקע שפּריצן מיט לעבן... אַ שטורעם און אַ רעגן פון גאָט׳ס פאַר׳כישופטע און פאַרשאָלטענע זוימען ווערן אַריינגעשפּריצט אין די געבערמוטערס פון יינגע ווייבער, ווען די מענער האָבן קוים צייט געהאַט רעכט אָנצוקוקן די פּנימער... אין די טונקעלע פינצטערנישן פון די אומהיימלעכע מלחמה־נעכט האָט מען זיך נאַקעטע געראַנגעלט אין די היימישע טאַטע־מאַמעשע ווינונגען און אַלט־מאָדישע בעטן מיט פרעמדע ווייבער, וואָס אַ סך פון זיי וועלן אויסטראָגן זין און טעכטער פון מענער וואָס זיי וועלן קיינמאָל מער נישט זען... וואָרים זיי זיינען פאַר׳משפּט צו שטאַרבן אויף אומבאַקאַנטע טעריטאָריעס, בלוטיק אויסצוגיין אין ווייטע דזשאָנגלס, צו זינקען פון די אויפגעריסענע בייכער פון שיפן אין די אָפּגרונטן פון טיפע ימים און צו ווערן אויפגעגעסן און אויפגעגריזשעט דורך שאַרקס און דורך חיות רעות אין די געדיכטע און אומהיימלעכע וועלדער. דאָס איז די טראַגעדיע פון מענטשן און די קאָמעדיע פון צייטן און דורות... אַזוי שוין זינט אָדם און...

אַנדזשעליקאַ די איטאַליאַנקע איז אַ מויד וואָס קען מיט אירע פרוי־אישע רייצן דערוועקן ממש אַ מת צו זינד... און ערנאַ די דייטשקע זעט אויס צו זיין אַ פרומע, אַ פעטע, אַ שקלאַפישע און אַ געהאָרכזאַמע ווי אַ גאָטישע בלאָנדע מאַדאָנע... אירע פלאַמיקע האָר רירן זאָן אירע שמעקע־דיקע אָקסלען, די פולע בריסטן אירע, צייטיקע און צעבליטע, אין ריטם פון איר שוואַנגערשאַפט, ווערן זיי יעדן טאָג ווייכער, מוטערלעכער, גע־שוואָלענער מיט זיסע מילך, פון דעם גאָלדענעם האָניק און די גוט־געצוקערטע באַוואַרקע וואָס טעמעלע גיט איר צו טרינקען כמעט יעדער האַלבער שטונדע... און עס איז טאַקע שווער אוועקצוגיין אין דער פינצטערער נאַכט אַריין, ערגעץ צו דער אומהיימלעכקייט פון אַ לוויה־הייס, ווו יעדער רגע ברעכט זיך אויף די טיר און די ברוטאַלע קברות־מענער, מיט רויען געשריי און מיט ווינטיקן אימפּעט, טראָגן אַריין אַ פרישן מת, איינגעהילט אין אַ צעקנייטשטער איינשיט... און פון דעם שטומען הורג גייט מיט פאַרצווייפעלטן יאָמער פון זיין משפּחה... און פון דעם קאַלטן

פלייש רינט נאָך מיט טרערן פאַר זיין גסיסה... אַ, יעדער איינזאַמער מאַן אָדער פרוי ווײנט נאָך מיט לעבעדיקן און מענטשלעכן געוויין אין זיינע וויסטע און צעבראָכענע ביינער... ער איז מורא׳דיק אויסגעמאַטערט פון זיין שטאַרבן און ער איז השתנה׳דיק־נאַס פון אַ ים מיט יאָמער.

טעמעלע זיצט ביים טיש מיט דער געלער צעראַטע, אַ קלאָר געוואַשענע מיט טעמעלע׳ס קליינע און רונדע הענט. אייגענטלעך דער מאַמע׳ס ערלעכע הענט... טעמעלע לייענט דעם „פאָרווערטס״ מיט אַ פאַרגרעסער־גלאָז...

זי לייענט די פינצטערע נייעסן פון דער מלחמה. די אידישע אותיות ווערן ממש געשוואָלן אַזוי ווי גרויסע און מיאוסע ווערם אונטער דעם קרישטאָ־ליק געשליפענעם פאַרגרעסער־גלאָז, וואָס דער טאַטע האָט איינמאָל צוזאַמען מיט אַנדערע שמאָכטעס און אַנטיקן אַהיימגעבראַכט פון דער בויערי, פון די דאָרטיקע לאָמבאַרדן. טעמעלע לייענט מיט גרויל און מוטערלעכן פחד וועגן שיפן וואָס זיינען געזונקען געוואָרן צום גרונט פון ים. זי זעט דורכן פאַרגרעסער־גלאָז די שוואַרצע און קריכעדיקע ווערם וואָס עסן דאָס פלייש און גריזשן די קנאָכנס פון די טויטע קינדער. ווער ווייסט אין דעם מאָמענט — פרעגט זיך מיט גרויליקן פחד דאָס מוטערלעכע האַרץ — ווו עס זיינען אירעביידע זין? אין וועלכע אומהיימלעכע וועלדער און שלאַכטן בלוטיקן זיי חלילה אָפּ? סידני איז שוין אַרויס פון שפּיטאָל... אָבער די „פאַרוואונדעטע״ האַנט בריט אים נאָך אַלץ. ער איז שוין אַוודאי ווידער אין אומהיימלעכע סכנות. טשאַרלי, לויט די לעצטע בריוו זיינע, איז גאָר אין איטאַליע... ער וואַנדערט מיט זיינע אַרמיי־קאַמעראַדן איבער די רואינען פון אַנטיקע שלעסער... ער גייט אין די טריט פון די לעגיאָנען וואָס האָבן מיט זייערע באַגראָבענע קעפּ וועלטבאַרימט געמאַכט יוליוס צעזאַרן... ביינאַכט שלאָפן זיי אונטער דער לבנה אין די חורבות פון פּאַלאַצן, ווו עס וואַלגערן זיך פּאַרצייטישע צעשמעטערטע געצן, וועמענס צעבראָכענע אברים די לבנה וואַשט מיט זיסע מילך...

פלוצלינג קומט צו טעמעלע מיטן פאַרגרעסער־גלאָז צו עפּעס אַ בילד פון אַ נאַקעטער פרוי... טעמעלע באַטראַכט דאָס בילד אויפמערק־זאַם. דער טענצערינס צי דער שוישפּילערינס גלידער רונדיקן זיך ווייך אונטערן פאַרגרעסער־גלאָז. טעמעלע זאָגט:

— זע נאָר, חיים שבת, וואָס עס קען היינטיקע צייטן פּאַסירן אין דער וועלט: אַז אַזאַ נאַקעדיקע פרוי זאָל ווערן אָפּגעפאָטאָגראַפירט און אַריינ־געשטעלט אין בלאַט אַריין. ווי זי שעמט זיך גאָרנישט, די זונה!

— פאַרוואָס זאָל זי זיך שעמען? דו מיינסט טאַקע אַז עס איז אַזוי ווי פאַרצייטנס ווען אַ מאַן איז דאָס גאַנצע לעבן געשלאָפן מיט אַ ווייב און ער האָט זי רעכט נישט געקענט?! ער האָט אָסור געוווסט ווי אַזוי זיין ווייב זעט אויס אָן די קליידער און אָן דעם העמד אויף איר לייב?!...

— חיים שבת, וואָס רעדסטו נאַרישקייטן? גיי שוין בעסער צו דיין אַרבעט! קוק שוין בעסער אויף די טויטע!

— וואָס שיקסטו מיך צו די טויטע?! איך וויל בעסער נאָך זיין אַ רגע׳לע דאָ הינען, אין דער היימישער וואַרעמקייט...

און חיים שבת באַשמעקט די לופט מיט די ברייטע און האַריקע נאָז־לעכער פון זיין געשטופּלטער נאָז... ער באַשמעקט דעם ריח פון די וואַרעמע און שוואַנגערנדיקע לייבער פון זיינע ביידע מאָדנע, ווייטע און געשוואָלענע שנירן, פון פרעמדע פעלקער, וואָס פאָרען זיך טאָג און נאַכט אַרום אין טואַלעט־צימער, שמירן און פּוצן זיך מיט כלערליי אוילן, וואַזעלינעס און פּערפיומען די לייבער זייערע און חיים שבת זאָגט:

— אַוודאי, זיי שעמען זיך נישט! — מיינענדיק די צוויי גוי׳אישע נקבות זיינע. — אַ גאַנצן טאָג זיינען זיי אין „טוילעט”... שטענדיק לאַקסירן זיי און קריינקען! זאָג איך דאָך טאַקע: אַמאָליקע צייטן האָט אַ מאַן נישט געקענט זיין וויב ביזן טויט. ביז מען האָט זי געלעגט אין דר׳ערד אַריין... אָט נעם טאַקע די מעשה וואָס ווערט געבראַכט אין תלמוד...

און חיים שבת ציטירט פון אַ צייטונג וואָס ער האָט ערשט די טעג געלייענט:

„אַמאָל איז געווען אַ מעשה מיט איינעם אַ מענטשן, וואָס האָט גענומען אַ פרוי, וועלכע האָט געהאַט בלויז איין האַנט און ביז דעם טאָג פון איר טויט האָט ער נישט געוווּסט פון איר פעלער... האָט רבי יוסף געזאָגט: „זע ווי פרום און באַשיידן די פרוי איז געווען, אַז איר מאַן האָט איר אַזוי ווייניק געקענט”. האָט ר׳ חייא אים געענטפערט: „עס איז אַ גאַנץ געוויינ־לעכע זאַך פון אַ פרוי צו באַהאַלטן אירן אַ פעלער; זאָג בעסער, ווי פרום איז געווען דער מאַן, וועלכער האָט זיין אייגענע פרוי ניט געקענט.”

— דאָס איז דאָך טאַקע אויסטערליש! — זאָגט שוין טעמעלע מיטן פאַרגרעסער־גלאָז אין דער האַנט איבער דעם אידישן בלאַט־צייטונג... און זי ווערט רויט באַלויכטן פון אַ צניעות׳דיקן פייערל...

— גאָרנישט אַזוי ווי בערטאַ — זאָגט טעמעלע — וואָס פלעגט ביי אונדז אַרומגיין אַ מוטער־נאַקעטע אין די זומערדיקע היצן... עס איז איר הייס! — פלעגט זי אָפּזוכן אַן אויסרייד...

---

צייט עפנט אויף וווּנדערלעכע געשעענישן און פאַסירונגען פון לעבן. צייט — די אומגעהויערע פילם־לענטע, אויף וועלכער עס באַוועגן זיך גאָר די מענטשלעכע דורות אין אַלע זייערע טראַגישע און קאָמישע מעשים און טונקעלע פאַסירונגען. צייט — וואָס פירט אַרויס און שלינגט איין גאָר די דורות פונם וויגל אָן דורך די בעטן פון שלאָף, פון תאווה, פון קראַנק־הייט, גסיסה און טויט — ביז צו די קברים אין דער ערדיקער און ווערעמ־דיקער טיפעניש... אַלע טראַגעדיעס און אַלע קאָמעדיעס ווערן דורכן

געניאַלן לעבנס־רעזשיסאָר אויפגעפירט אויף דער געוואַלטיקער בינע פון צייט...

ביידע פרעמדע ווייבער האָבן מיט דער צייט געבוירן קינדער צו זייערע מאַנען. ביידע אידישע מענער האָבן זיך צוריקגעקערט צו זייערע גוי'אישע ווייבער, וועלכע זיי האָבן טאַקע רעכט נישט געקענט. ווען סידני איז צוריקגעקומען, האָט ער דער מאַמען אין די בראָנקס גאָרנישט געזען, ווייל ער האָט נישט געוואָלט איר אָנטאָן קיין צער אַז זי זאָל זען מיט אירע מאַמעשע אויגן ווי אַזוי איין אָקסל זיינער איז ברוטאַל אָפּגעבראָכן געוואָרן, אַזוי ווי די האַנט און אַ שטיק פלייצע איז אָפּגעבראָכן פון אַ פאַרצייטישן סקולפּטור־ווערק, וואָס די טיפעניש פון דער ערד האָט אפשר יאָרטויזנטער לאַנג געהאַלטן פאַרבאָרגן. זיין ווייב אַנדזשעליקאָ האָט געוווינט אין לאָס אַנגעלעס און דאָרט אַהין איז סידני געפאָרן...

אויך טשאַרלי, נאָכדעם ווי זיין מאַמע האָט געטריי באַדינט זיין דייטשע פרוי נאָכן געבורט צו איר מיידעלע, איז צוריקגעקומען מיט אַ ווונד אין קאָפּ און מיט אַ צעבראָכענער נשמה... ער האָט מעכטיק אָפּ־געבלוטיקט אין דער שלאַכט מיט די דייטשן און איטאַליענער... און איצט איז ער אַהיימגעקומען אָנקוקן דאָס טעכטערל, דאָס בלאָנדע שוועלבע־לע מיט כמעט נאָך בלינדע אייגעלעך, פון זיין דייטשער ווייב... ער איז צוריקגעקומען אַן אַנדערער, אַ פרעמדער, אַ ווייטער... ער איז שוין גע־לעגן אינם לייבנגרוב. ער האָט אַריינגעקוקט אינם מויל פונם לייב... ער האָט געזען זיינע שרעקלעכע ציין און דעם טויט. זיין מוטער טעמעלע האָט געזען אין איינער אַ שפּעטער און רעגנדיקער נאַכט, אַזוי ווי דער הימל און די ערד מיט אַלע לעבנס צווישן זיי וואָלטן געוויינט, אַריינקומען אַן אַלטן מאַן, וואָס איז געווען אפשר נאָך עלטער ווי זיין טאַטע חיים שבת. זיין פאַרוווּנדעטער קאָפּ איז שוין געווען גרוי. טעמעלע האָט זיך געפרעגט: איז דער דאָזיקער אַלטער מענטש איר יינגסטער זון, וועמען זי האָט ערשט נישט לאַנג צוריק געוואַשן און איינגעשלעפערט מיט אַ יידיש קינדער־ליד אינם וויגעלע? יאָ, די מלחמה מאַכט אַלט און טרויעריק אפילו גאַנצע פעלקער. דער איינצלנער מענטש קערט זיך אום פון דער שלאַכט — כמעט אַ זקן, אַ חונה המעגל. ער דערקענט מער נישט זיין דור.

ווען ביידע מענטשן, טעמעלע און חיים שבת, זיינען איצט ווידער גע־ווען מיט זיך און מיט זייערע טונקעלע שאָטנס אַליין, און טעמעלע האָט איצט געקענט אַביסל אויסרוען און אויסהיילן אירע אַלטע און מידע הענט פון דעם כסדר'דיקן וואַשן אין הייסע און קאַכעדיקע וואַסערן די ווינדעלעך פאַר אירע אייניקלעך — איז זיי גאָר אַ גרויסער אומעט און אַן איינזאַמ־קייט באַפאַלן צו זיין פלוצלינג צוריק אַליין... טעמעלע פלעגט איצט טאָג און נאַכט רעדן אַז זי וויל פאָרן קיין קאַליפאָרניע היילן מיט דעם גע־היימנישפולן זאַלב איר זונ'ס אָפּגעבריטע האַנט... טעמעלע פלעגט אָפט

קריגן גלאַנציקע פאָטאָגראַפיעס פון סידנין מיט זיין היפשער פאַמיליע. תמיד פלעגט סידני שטיין אונטער זיין איטאַליעניש וויבל מיטן רעכטן אַקסל — צי גלאַט אַזוי אונטער עפּעס אַ שטייניקן זייל אָדער אַ סטאַטוע, כּדי די מאַמע זאָל נישט דערקענען אַז ער האָט נישט די רעכטע האַנט... אַז די מלחמה האָט אים אָפּגעבראָכן און האָט אים אויפגעגעסן אַ לעבעדיקע, אַ וואָרם־בלוטיקע האַנט...

די מאַמע פלעגט שעה׳נלאַנג מיטן טאַטנ׳ס ריזיקן פאַרגרעסער־גלאָז זוכן די אָפּגעבריטע האַנט פון איר זון סידני...

סידני, וואָס האָט תמיד אָפּגעלאַכט פון ווייבער, און האָט אַלעמען ציניש פאַרזיכערט אַז ער וועט קיינמאָל נישט חתונה האָבן, ווייל ער וויל נישט פאַר קיין שום ווייב שווער אַרבעטן און שקלאַפן — האָט אין משך פון געציילטע יאָרן גאַנצע פינף מאָל שוואַנגערדיק געמאַכט זיין איטאַליענישע ווייב אַנדזשעליקאַ... ער איז איצט געווען אַ טאַטע פון גאַנצע אַכט קינדער: פינף אייגענע און דריי פון אַנדזשעליקאַ׳ס פריערדיקן מאַן.

און אין איין טאָג האָבן ביידע, טעמעלע און חיים שבת, באַשלאָסן צו פאַרלאָזן די וווינונג אין די בראָנקס, ווו זיי האָבן אָפּגעלעבט אַ סך יאָרן פון זייער לעבן. ווו זיי זיינען אַלט, מיד און קראַנק געוואָרן. און ענדלעך צו פאָרן קיין קאַליפאָרניע, צו זייער זון סידני מיט זיינע אַכט קינדער... די אַלטע מאַמע וועט צוריק פונם אָפּגעבראָכענעם אַקסל פון איר זון אַרויס־כּישופ׳ן אַ נייע, אַ גאָלדענע האַנט. דורך דער צייט האָט אגב אַנדזשע־ליקאַ געליטן אַן אַפּאָפּליעקציע און זי איז געוואָרן פּאַראַליזירט אויף אַ האַלבן גוף...

אָבער זיי האָבן אויך באַשלאָסן אָפּצוטרעטן אויפן וועג קיין לאָס אַנ־געלעס אין אַריזאָנאַ, אייגענטלעך אין דעם אוניווערסיטעט־שטעטל ווו עס וווינט שוין זינט לאַנגע יאָרן, נאָך פון ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה, מיין ברודער זישע. ווען זישע וואָלט געטראָגן אַ באָרד ווי דער טאַטע, וואָלט זיין באָרד שוין פון לאַנג געווען ווייס ווי שניי. זישע האָט זיך אויפגעבויט אַ הויז פאַר זיך אַליין. און לעצטנס האָט ער זיך אָנגעהויבן צו באַקלאָגן אויף איינזאַמקייט... די יאָרן שטייען נישט... זישע׳ס קאָפּ האָר איז געוואָרן גרוי ווי ביי אַ טויב... און וואָס עלטער זישע איז געוואָרן, אַלץ מער האָט ער עפּעס געענומען אַריינגעראָטן אין טאַטן אַריין מיט זיין לייב און נפש... ער איז באַלאָדן געוואָרן מיטן טאַטנ׳ס עלטער. עס איז געווען אַ ביטערע איראָניע אַז דווקא אין דעם טאַטן, וועמען ער האָט אָפּן פיינט געהאַט און אים מיט שפּאָט גערופן „צאַר ניקאָלאַיקע״, האָט ער געענומען אַריינגעראָטן און מיט יעדן טאָג איז ער ממש געוואָרן אַלץ ענלעכער צו אים, ביז איך האָב שיעור נישט געמיינט, ווען איך פלעג אים דערזען, אַז דער טאַטע לעבט, כאָטש דער טאַטע איז שוין געווען טויט זינט שיינע יאָרן. דער טאַטע האָט איצט געלעבט אין זיין זון זישע׳ן... דער טאַטע איז אויפגעע־

שטאַנען תחית המתים. און אַלץ אַרום דעם טאַטן האָט מיך איצט אָנגעהויבן געוואַלטיק צו אינטערעסירן... זיצנדיק אַזוי ביי מיין שוועסטער'ס און שוואָגער'ס היימישן טיש, האָב איך זיך דערמאָנט פון טאַטן, אין יענע טעג ווען איך בין מיט אים געפאָרן פון פולאַווי קיין וואַרשע... אייגנטלעך האָב איך געוווסט אַז דאָס פּאָר איך שוין אַוועק אויף אייביק פון פוילן; אַז איך וועל זיך שוין קיינמאָל נישט אומקערן אין שטעטל... מיר ווייסן פּאַרויס אַ סך זאַכן פון אונדזער שפּעטערדיקן לעבן... מיר ווייסן אַפילו וועלכע קראַנקהייטן מיר וועלן האָבן אין די קומענדיקע יאָרן... מיר ווייסן וועלכע איבערלעבענישן מיר וועלן אַדורכגיין אין די אויפגייענדיקע טעג און נעכט פון אונדזער לעבן... מיר ווייסן וועלכע פרויען מיר וועלן באַגעגענען... אַ געהיימנישפולער נביא זיצט אין אונדז און דערציילט אונדז פון אונדזער צוקונפט אין די שפּעטערדיקע ציטן.

איך געדענק אַז נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, אַרום דעם יאָר 1919, האָבן מיר דערהאַלטן אַ בריוו פון אונדזער ברודער זישע. זישע האָט אונדז געשריבן אַז ער האָט געדינט אין אַמעריקאַנישן מיליטער. אַז שיעור־שיעור האָט מען אים געשיקט מיט אַ שיף אין אונדזער שטעטל, אַזש ביז צו דער ווייכסל... אַז ער איז איינגעלאַדן געוואָרן אין „ווייסן הויז" אין וואַשינגטאָן. דער דעמאָלטיקער פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, ווודראָו ווילסאָן, דריקט זישען האַרציק די האַנט. ער פרעגט אים וואָס ער טוט און צי ער האָט אַ ווייב. דער פּרעזידענט ווילסאָן שמייכלט זייער גאַלאַנט צו זישען און ער דערלאַנגט אים אַ גאָלדענעם מעדאַל. אייגער פון די אַנוועזנדיקע גענעראַלן, פּאַקטיש דער גענעראַל פּערשינג, טשעפּעט צו אייגנהענטיק דעם מעדאַל צו זישע'ס לאַץ... זינט יענעם מאָמענט אָן איז זישע אויף אייביק אַריין אין דער אַמעריקאַנער געשיכטע... איך בין געווען זייער שטאָלץ אויף מיין העלדישן ברודער! דער טאַטע האָט אַרומגעטראָגן מיין ברודער'ס געלע „פּיקטשע" אין די גאַסן. זישע האָט געטראָגן אַ שטייפן יוניפאָרם פון דער אַמעריקאַנער אַרמיי, מיט אַ זייער ברייטן הוט...

מיין ברודער מנחם האָט זיין גאַנץ לעבן געפּלאָנעוועט ווי אַזוי זיך איינצוקויפן אין פּריינטשאַפּט מיט זישען. ער האָט אויסגערעכנט אַז זישע האָט אַ סך געלט. אויך אַ הויז און אַ געשעפט פון איבערגעטראָגענע קליידער. מיין ברודער מנחם האָט אייביק געפּלאָנעוועט און אויף אַ ביטערן אופן אויסגעאַרבעט זיין שטיקל ברויט. ער האָט תמיד געטראַכט פון אַ שותפות מיט זישען. און איינמאָל, אינמיטן חודש יאַנואַר, האָט ער באַשלאָסן צו פאָרן צו זישען... וואָכנלאַנג איז ער מיט אָמניבוסן געפאָרן קיין אַריזאָנאַ. אויפן וועג האָט ער פּשוט געבעטלט אויף צו שטילן זיין הונגער... אַ טויט־הונגעריקער, אַ פאַרוואָרלאָזטער און אַ פאַרלייזיקטער, איז ער אָנגעקומען אין אַן אָוונט אין אַטען, אַריזאָנאַ, ווו מיין ברודער זישע

האָט געוווינט, אַן איינזאַמער און אומעטיקער מאַן. פוןביידע צדדים בין איך קוים דערגאַנגען וואָס עס איז פאָרגעקומען ביי זייער מאָדנער באַגע־געניש...

עפּעס אַ נאַכטיק־פינצטערער שניי איז, ווי צעבראָכענער צינק, געפאַלן פון דעם פּוסטן און קאַלטן און איינזאַמען גאָטס־הימל אָן אויפהער. עס איז געווען אַ וואָלקנדיקע און אַ טינטיש־חושכ׳דיקע נאַכט. אַ נאַכט אָן שום האָפענונג. זישע זעט ווי ביים פענצטער, אונטער מוטנע און ברודיקע שויבן, שטייט עפּעס אַן אַלטער, מידער און גרויער פויגל און ער פּיקט דעם אומעט פון די שויבן... ער פּיקט און ער לאָזט זישען ביי קיין שום אופן נישט איינשלאָפן, ווי ער וואָלט זיך וועלן מיט אים רייצן און צו להכעיס׳ן... ענדלעך, אַן אויפגעצאָרנטער, באַקלעפּט מיטן קלעפּעדיקן און וואָלענעם שלאָף, נעמט זישע אַראָפּ פון דער וואַנט זיין יאַגד־ביקס און ער צילעוועט אויפן פרעמדן און אומהיימלעכן נאַכט־פויגל. און ער טרעפט אים מיט אַ האָגל פון קוילן־קנײדלעך גלייך אין זיין טרויעריקן פּנים אַריין... זישע זעט ווי אַזוי דער פרעמדער פויגל פאַלט גלייך אַוועק אין שניי, ווי אַן אונטערגעשאָסענער... און ער הערט אויך ווי דער פויגל וויינט עפּעס מיט אַ זייער וואַרעמען, אַ מענטשלעכן, אַ ברידערלעכן גע־וויין... זישע גייט אַרויס אין דער פינצטערער נאַכט און ער זעט — צו זיין שוידער און פּחד — אַז אָנשטאָט אַ דערשאָסענעם פויגל ליגט גאָר אין שניי אַ פאַרוווּנדעטער מענטש. און עס בלוטיקט אונטערן מענטש און אַרום אים דער ברודיקער שניי. און פון דעם אומבאַקאַנטן מענטשנ׳ס צעשאָסענעם פּנים שטראָמט וואַרם, שטראָמט מענטשלעך, שטראָמט אייגן־ברידערלעך בלוט. און אַזוי אַ פאַרבלוטיקטער און אַ גראַניעטער גרייפט מנחם זיין ייִנגערן ברודער זישע אין זיינע אָרעמס און ער קושט אים מיט געוואַלט און מיט עפּעס אַ טראַגישן עקסטאַז און באַדויערן און פּחד און ליבשאַפט און תפילה אין זיין צעבראָכענעם האַרצן...

— זישע ברודער! — הערט זישע אַ ברידערלעכן קול אין דער שניי־קאַלטער נאַכט.

— מנחם־ברודער! — יאָמערט אויף זישע און ער ציטערט אינגאַנצן אַזוי ווי אַ שטורעם וואָלט אים געהאַלטן אין זיינע מאַכטיקע הענט און מיט אים געציטערט איבער ים און נאַכט און יבשה...

און זישע האָט אין דער דאָזיקער נאַכט און אין דער פינצטערער רגע דערקענט זיין אָרעמען, זיין עלטערן ברודער מנחם. ער נעמט אים אַריין אין זיינע אָרעמס. ער האַלדזט אים מיט דער וואַרעמקייט פון זיין גוף. ער פירט אים ווי עס איז אַריין אין זיין הויז. ער זאָגט און ער רעדט:

— פאַרוואָס, מנחם, האָסטו צו מיר פריער נישט געשריבן אַז דו קומסט צו מיר? איך האָב דאָך דיר שיעור נישט געקענט דאָ דער׳הרג׳ענען ווי

אַ ווילדע חיה. די הונגעריקע ראָבן דאָ באַדערן מיך טאָג און נאַכט. ביי־נאַכט קומען זיי פון די איינזאַמע פעלדער און זיי פּיקן און זיי דזשאָבן אין די פענצטער. אַנומלט האָבן זיי מיר אויסגעבראָכן די שויבן. זיי זיינען מורא׳דיק הונגעריק און דאָרשטיק!

זישע צערייסט עפּעס אַ ברודיקן העמד און ער פאַרבינדט און פאַר־באַנדאַזשירט זיין ברודער׳ס בלוטנדיקע באַקן. ווי לאַנג שוין האָבן זיך דיביידע ברידער נישט געזען זיך? צען, צוואַנציק צי דרייסיק יאָרן? דאַכט זיך: נאָך פון יענעם חול המועד פּסח אָן ווען זיי זיינען אַלע אַהיימגעקומען פון וואַרשע, פון קאָוונע, פון ראָוונע... און זיי האָבן זיך צעקושט מיט דער מאַמען און זיך געפרייט מיט די פּיצלעך קינדער אין הויז, וואָס די מאַמע האָט „לעצטנס" געהאַט און וואָס זיי האָבן נאָך גאָרנישט געקענט... (דער שרייבער פון די שורות איז אַוודאי געווען צווישן דעם קליינוואַרג — אייגענטלעך דער סאַמע יינגסטער, דער ווּיסקראַבעק, דאָס אויסקראַצעכץ...)

דורך דער גאַנצער נאַכט האָט מנחם געקרעכצט פון ווייטיקן פון דער וווּנד אין פּנים און פון ביטערן פאַרדרוס אין זיין האַרצן. ערשט אין באַגינען האָט ער קוים געקענט איינשלאָפן. גאָר די געשעענישן אין זיין לעבן זיי־נען אַזוי ווי אין מאָמענט פון שטאַרבן אויפגעגאַנגען אין זיין זכרון...

דערווייל איז זישע אויפגעשטאַנען פון זיין אייזערנעם געלעגער און ער האָט אויפגעקאָכט הייסע טיי. ער זעט ווי אַזוי זיין ברודער מנחם שלאָפט מיט אַן אויסגעקרימטן פּנים פון יסורים. יאָ, ער דערקענט אים. עס איז טאַקע זיין ברודער מנחם און ער דערקענט אין אים אַז ער טראָגט זייער מאַמע׳ס הייליקן און הערלעכן און הימלישן פּנים. עס איז גוט אַז ער טראָגט דער מאַמע׳ס אידעלן יסורימ׳דיקן און שטילן פּנים, — טראַכט זישע. וואָרים דעם טאַטן האָט ער נישט ליב און ער וואָלט נישט וועלן אין מנחם׳ען אָנקוקן דעם „צאַר ניקאָלאַי׳קען", ווי ער רופט דעם טאַטן... ער טראָגט דער מאַמע׳ס גאָלדענעם פּנים. דער מאַמע׳ס סענסיטיווע שטריכן, אַזוי ווי אויסגעשניצט אין פּערלמוטער... אָבער, עס איז טרויעריק וואָס זיין טאַטנ׳ס איינזאַמע נשמה זיצט אין זיין פליש ווי אַ פאַרשאָלטענער די־בוק... עס פלאַמט אין זיין בלוט דעם טאַטנ׳ס אומרואיקער גייסט... מנחם איז אַ פאַר׳כישופ׳טער און אַ פאַרשאָלטענער מענטש, פּונקט ווי דער טאַטע, צו וואַנדערן פון איין אָרט צום אַנדערן, כסדר צו טוישן היימען און געשעפטן... אייביק צו ציען זיך דאָרטן ווו עס דאַכט זיך אים אַז גאָט האָט פאַר אים צוגעגרייט זיין גליק...

אָבער דאָס גליק וויינט און וואַרט נישט פאַר אים אין ערגעץ...

זישע קוקט אָן זיין ברודער מנחמ׳ס פּנים, וואָס ער האָט בלוטיק פאַר־וווּנדעט... זישע וויינט...

---

אין הערבסט פון יאָר 1934 האָב איך געוווינט אין דעם אוניווערזיטעט־

שטעטל אַטען. מיין ברודער זישע האָט פאַר מיר געדונגען אַ צימער ביי אַ געוויסע מרס. מיטשעל, אַ זייער אַלטע פרוי, וואָס האָט געצויגן איר שטאַלצן יחוס אַזש פון פּרעזידענט וואַשינגטאָן. מרס. מיטשעל איז געווען אַ קליינע, דאַרע און זשוואַווע פרוי. זי האָט מיר דערציילט אַז אין זעלבן צימער ווו איך וווין איצט פאַר פינף טאַלער דירה־געלט אַ חודש, אויפן ערשטן גאָרן, האָט געוווינט נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה מיין ברודער שמחה־אייזיק. דער פאַקט אַז לאַנג נאָך פאַר מיר האָט דאָ געוווינט מיין ליבלעכער ברודער, איז פאַר מיר געווען מאָדנע און פאַנטאַסטיש און האָט אויף מיר אַנגעווייעט אומהיימלעכע שטימונגען און מחשבות. מרס. מיטשעל האָט מיר דערציילט אַז מיין ברודער, וואָס האָט געהאַט אַ שניידער־ווערקשטאַט, האָט דאָ געוווינט מיט אַן אינדיאַנערקע, וואָס איז געווען זיין געליבטע. די דאָזיקע אינדיאַנערקע, וועלכע מיר וועלן אָנרופן מיטן היס־טאָריש־לעגענדאַרישן נאָמען פּאָקאָהאָנטאַס, הגם זי איז נישט געווען קיין פּרינצעסין, האָט מיין ברודער אָנגעשטעקט מיט אַ געהיימנישפולע שלאָפקייט. פּאָקאָהאָנטאַס, ווי מען האָט מיר דערציילט, האָט דווקא ליב געהאַט מיין ברודער. שמחה אייזיק, נאָך גאָר אַ יינגער בחור, אָבער שוין אין הונגער נאָך פרוי, נאָך ליבע און נאָך ראָמאַנטיק אינם דעמאָלט נאָך כמעט פּרי־מיטיוון שטאָט אַריזאָנאַ, האָט זי געטראָפן אין איינע פון די פילע געמב־לינג־הייזער אין שטאָט. ווי ווייט דאָס אינדיאַנישע מיידל איז געווען פאַרזונקען אין זינד, איז מיר אומבאַקאַנט. איז פּאָקאָהאָנטאַס געווען אַ געוויינלעכע גאַסנמיידל אָדער האָט זי געהאַט העכערע אַמביציעס? זי איז געקומען פון אַן אינדיאַנער־רעזערוואַציע אין ניו־מעקסיקאָ. זי איז געווען אַ יינגע מיידל, מיט נאַכטיק־שוואַרצע האָר און מיט שטראַלנדיק־אָנגעצונדענע אויגן אַזוי ווי עמבער, ווען זי האָט באַגעגנט מיין יינגען ברו־דער. שמחה אייזיק האָט זיך אין איר פאַרליבט ווי יעדער ליבע־דאָרשטיקער יונגערמאַן פאַרליבט זיך אין דער ערשטער פרוי מיט עמבערישע אויגן וואָס ער באַגעגנט נאָר אויפן געהיימנישפולן וועג פון לעבן. שמחה־אייזיק האָט זיך צוליב איר געשלאָגן מיט בלאַטע יונגען, מיט געמבלערס און גענג־סטערס. שמחה אייזיק, וואָס איז גאָר קיין לייטישער שלעגער נישט געווען אַזוי ווי זיין ברודער, דער שרייבער פון די שורות, האָט נישט נאָר געקרוגן די פּעטש און די שלעק — נייערט אויך טיפע מעסער־ווונדן אין בויך צוליב דער מאָדנער פּאָקאָהאָנטאַס. שמחה אייזיק האָט אויסגעגעבן אויף דער „פּרינצעסין" זיין גאַנץ אויסגעהאָרעוועט פאַרמעגן. ער האָט זי געקליידט, געשפּייזט און געצירט אין גאָלד. דערנאָך איז ער קראַנק געוואָרן און ווען ער איז געשטאָרבן, איז ער אינגאַנצן אַלט געווען וועלכע נישטיקע צוויי און צוואַנציק יאָר... זיין קבר געפינט זיך אויפן בית החיים אין דער אידישער געגנט. מיין ברודער זישע האָט געלאָזט שטעלן אַ קליינעם שטיין, ווי פאַר אַ קינד... עס זיינען פון אים איבערגעבליבן אַ צאָל פאָ־

טאָגראַפיעס. עטלעכע פון זיי זײַנען אין מײַן באַזיץ און שטייען אויפן שרייב־טישל, אַרום מיר, בשעת איך שרייב וועגן אים... די בילדער פון אַ ברודער וואָס לעבט נישט מער, זײַנען זייער רירנדיק און תמיד כאַפּסטו אַוועק דעם בליק מיט ווייטיק פון זײַן אײדל פּנים... פאַרן פאָטאָגראַפיסט שטייט מען אין די שענסטע קליידער און אין דער בעסטער פּאָזע... אָבער אין סך הכול זעסטו פאַר זיך אַ דערשראָקן אינגעל...

אין שטעטל האָב איך זיך באַקאַנט מיט די אידישע פּראָפעסאָרן וואָס האָבן געלערנט אין דאָרטיקן אוניווערסיטעט. דאָס זײַנען געווען הויכע אינטעלעקטואַלן און אויך ליטעראַרישע מענטשן. זיי האָבן גערעדט פראַנצויזיש און איך האָב בײַ זיי געפונען אַן אינטערעסאַנטע סביבה. איך בין דעמאָלט ערשט געהאַט געקומען פון בעלגיע. איך האָב גערעדט פראַנצויזיש און געשמעקט מיט פּאַריז. איך האָב נאָך געאָטעמט מיט דער קולטור־לופט פון אייראָפּאַ. מיך האָט מורא׳דיק געצויגן צוריק צו דער גע־מיטלעכקייט פון אַנטווערפּן און ברוסעל. כאָטש מען האָט פון ליעזש אויס מיט שרעק געזען דײַטשע טעריטאָריע און אין די אָוונטן האָט אין די אידישע רעסטאָראַציעס ווי אַ צערײַצטע לײַבנשטימע געשראָקן היטלער׳ס קול אין ראַדיאָ. מען האָט אויך שוין געזען צעבראָכענע פּנימער און מידע לעבנס פון דײַטשע פּליכטלינגען.

איינמאָל האָב איך בײַ אַ פּראָפעסאָר אין דער היים געטראָפן זײַנס אַ היימישן פרײַנט, אַ דאָקטאָר. עס איז געווען דער דאָזיקער דאָקטאָר וואָס האָט מיט יאָרן צוריק געהײלט מײַן ברודער שמחה אייזיק. ווען שמחה אייזיק איז צום ערשטן מאָל צו אים געקומען, האָט דער דאָקטאָר מיר דערציילט, איז ער שוין קוים געווען אַ שאָטן פון אַ מענטש. אויסער זײַן מיסטעריעזע קראַנקהייט, האָט ער אויך געליטן אויף אָלסערס. ער איז געווען נערוועז און בלוט־אָרעם. דערזעלבער דאָקטאָר האָט אויך אָפּערירט מײַן ברודער. איך האָב געקוקט אין אָוונט אויפן דאָקטאָר׳ס הענט. די דאָזיקע הענט האָבן געשניטן מײַן ברודער׳ס טרויעריק פלייש. איך האָב זיי געוואָלט קושן און בײַסן. קושן פאַר די האָפנונגען וואָס זיי האָבן אין אים אַרויסגערופן. בײַסן פאַר די פיזישע יסורים וואָס זיי האָבן פאַרשאַפט מײַן ברודער. די דאָזיקע הענט האָבן געשניטן אַ סך מענטשלעכע אברים. אָבער מיך האָבן זיי אינטערעסירט צוליב מײַן ברודער׳ס צעריסענעם מאָגן.
די זון האָט אַרײַנגעלויכטן מיט גאָלדענע פלעקן דורך די גאַרדינען פון די פענצטער. פלושענער אָוונט איז צוגעפאַלן. די וואָלקנס אויפן האָריזאָנט האָבן אויפגעציטערט ווי דינע, זײַדענע פאָרהאַנגען פון אַ הימלישן טעאַטער. דער זון־פאַרגאַנג האָט פאַרבלוטיקט דעם דאָקטאָרס קאַלטע און ניכטערע הענט. איז עס מײַן ברודער׳ס בלוט וואָס איז נאָך נאָס אויף דעם דאָקטאָר׳ס טרויעריקע פינגער?...

איך דערמאָן זיך: אין שכנות פון מײַן צימער האָט זיך אַרײַנגעצויגן

אַן אומבאַקאַנטער און זייער הויכער מאַן. ער האָט געהאַט געוווינט בלויז עטלעכע טעג, ווען איינמאָל שפּעט אין דער נאַכט האָב איך דערהערט מורא׳דיקע קרעכצן פון אַן איינזאַמען מענטש אין דער אַנדערער זייט פון דעם דינעם ווענטל. עס איז אין דרויסן געגאַנגען אַ מאַנאַטאָנער שטויב־שטורעם, וואָס האָט מיך קראַנק געמאַכט. דער דרויסן איז געווען שרפה׳דיק־רויט פון דעם שטורעם. איך האָב געטראַכט: ווער איז דער פרעמדער און איינזאַמער מאַן וואָס קרעכצט ביינאַכט אין דעם שרעקלעכן שטורעם? איך האָב געהערט ווי ער האָט זיך קוים דערשלעפּט צו מיין צימער און ער האָט מיט שוואַכע פינגער אָנגעקלאַפּט אין מיין טיר. ער האָט געבעטן הילף. איך בין אַריינגעגאַנגען צו אים און איך בין שטיל געזעסן נעבן זיין אייזערנעם בעטל. איך האָב אים אָנגעקוקט מיט רחמנות און איך האָב גערעדט צו אים רייד וואָס ער האָט נישט געהערט. עס איז געווען אַ ביטערער קאַמף פון איינעם אַ מענטש מיט זיינע יסורים. ער איז דאָ געקומען כדי צו שטאַרבן ווי אַ גרויסער, טרויעריקער פויגל, וועמענס פליגל זיינען געווען צעביסן און צעבראָכן. צו וואָס אייגנטלעך איז ער דאָ אַהער אַנטלאָפן? האָט ער דען נאַאיוו געגלויבט אַז דאָ האָט דער מלאַך המות נישט קיין שליטה? אין ניו־יאָרק, פונוואַנען ער איז געקומען, זיינען די מאַסן מענטשן אַזוי געדיכט, אַז ווען נאָר דער מלאַך המות ציט אויס זיין לאַנגע שווערט און ער שטעכט זי אַריין, רינט באַלד געדיכטע און פינצטערע בלוט. אין ניו־יאָרק איז אַ גרויסע סכנה צו לעבן. ער איז אַנטלאָפן פון דער גע־וואַלטיקער שטאָט, כדי דאָ צו זוכן היילונג. און ווי מאָדנע ענלעך ער איז צו מיין ברודער. שטאַרבט איצט ווידער מיין איינזאַמער ברודער אין דאָזיקן הויז ווו ער האָט געוווינט? איז מיין אומבאַקאַנטער ברודער דאָ געקומען צו מיר אין דער נאַכט כדי אויפדאָסניי פאַר מיר אָפּצושפּילן זיין טויט? פאַר־וואָס דאַכט זיך מיר אַז עס איז מיין ברודער שמחה אייזיק? פאַרוואָס ווערט דער דאָזיקער פרעמדער מענטש צו מיר אַזוי מאָדנע נאָענט און ברידערלעך אין זיינע יסורים?

עס איז שפּעט ביינאַכט און איך באַשליס אויפצוּוועקן מרס. מיטשעל. איך קלאַפּ אָן אין איר טיר. מרס. מיטשעל דערשרעקט זיך שטאַרק. ענדלעך נעמט זי זיך צוזאַמען. זי טוט אָן דאָס קלייד און זי גייט טעלע־פאָנירן צוויי מענטשן: דעם דאָקטאָר און דעם גלח. דער קאָרידאָר אין הויז איז אַ לאַנגער און טונקעלער. דער שטורעם האָט אויסגעלאָשן דאָס לעמפּל. און בשעת מרס. מיטשעל באַוועגט זיך אַ וואַקלענדיקע ווי אַ שיכור׳ע פרוי אינם אומהיימלעכן קאָרידאָר, דאַכט זיך איר פּלוצלינג אַז דער מלאַך המות קומט איר אַנטקעגן. ער האַלט אין זיין ביינערדיקער האַנט אַ בלאַנקע, אייזערנע קאָסע, וואָס בליצט אויף אונטער זיין שטאָלער־נעם בליק. דער מלאַך המות האָט אויפגעזוכט אינם שטויביקן טעלעפאָן־בוך דעם אַדרעס און ער איז געקומען כדי צו נעמען די נשמה פון דעם פרעמדן

מאַן. דערין איז קיין שום צווייפל נישט. אָבער דאָך, דערזעענדיק דאָ אַזאַ איינזאַמע און גרייז־גרויע זקנה, קען ער חלילה זיך טועה זיין אָדער חשק האָבן זי מיטצוגעמען אויף זיין שקאַפּע, וואָס וואַרט אין דרויסן ביים הויז... מרס. מיטשעל עפנט אינסטינקטיוו אַ קאַמף מיטן מלאך המות. ער — מיט דער קאָסע אין דער האַנט. זי — מיט דער לאַפּעטע, וואָס זי געפינט אין אַ ווינקעל פון קאָרידאָר. זי פּאַכעט צאָרנדיק און אומגעלומפּערט מיט די הענט איבער זיין טונקעלן שאָרבן. זי טרייבט אים אָפּ פון זיך מיט דער לאַפּעטע, פונקט ווי זי וואָלט זיין נאָענט צו אים און ער וואָלט זי וועלן אַרומנעמען און קושן. עס איז אַ מאָדנער און מורא׳דיקער דועל צווישן אַן אַלטער פרוי און דעם טויט. עס איז אַ געשלעג פון לעבן מיטן שטאַרבן. עס איז פינצטערער געראַנגל צווישן אַ מכשפה און אַ סקעלעט... און דו הערסט ממש אירע געדאַנקען אויסשרייען הויך. די זקנה קריגט זיך מיטן מלאך המות:

— נישט צו מיר ביסטו געשיקט געוואָרן פון הימל, דו געמיינער געמבלער. איך ווייס אפילו נישט ווער ער איז, דער לאָקאַטאָר מיינער. אָבער דאָרטן איז זיין טיר. גיי דירעקט צו דעם מאַן צו וועמען מען האָט דיך געהייסן גיין, דו נידעריקער קנעכט! איך באַדאַרף נאָך חתונה מאַכן שאַרלעטן, מיין פאַרשטאָרבענעם ברודער׳ס קראַנקע טאָכטער. זי גייט חתונה האָבן מיטן באַגרעבער הוגאָ וואָס הינקט אויף אַ פוס, וואָס מען האָט אים דורכגעשאָסן אין ווערדון, בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה. איך מוז איר געבן נדן און אַן אויסשטאַטונג. איך וויל נאָך טאַנצן אויף שאַרלעט׳ס חתונה. פאַרשווינד אין גהינום, דו העס־לעכער הונט!

קוקנדיק אויף דער אַלטער מרס. מיטשעל, האָב איך זיך דערמאָנט אין די אומשולדיקע „מכשפות" פון סיילעם...

און בשעת מרס. מיטשעל האָט זיך געראַנגלט מיטן שאָטן פונם מלאך המות, איז ער געווען, דער טויט, גאַנץ לייטיש פאַרנומען מיט זיין טעטיקייט: וואָרים דער פרעמדער מאַן איז דערווייל אויסגעגאַנגען פון די יסורים אין מאָגן. ער האָט פריער אויסגעבראָכן מיט בלוט אויך. איך האָב מורא געהאַט אים אָנצוקוקן. מיר האָט זיך אַלץ אויס־געדאַכט אַז מיין ברודער איז געקומען צו מיר נאָכאַמאָל שטאַרבן אין דעם אומהיימלעכן, נאַכטיקן שטויב־שטורעם און אין דעם הויז ווו ער האָט געוווינט מיט פריילין פּאָקאַהאָנטאַס.

איידער איך האָב זיך געקליבן אַוועקצופאָרן פון אַריזאָנאַ, האָב איך געוואָלט באַזוכן מיין ברודער׳ס קבר. איך האָב געפרעגט:

— זישע, ווען וועסטו האָבן צייט מיט מיר צו פאָרן צום קבר פון אונדזער ברודער שמחה אייזיק?

זישע האָט פיינט געהאַט אַז מען פרעגט אים עפּעס. ער האָט אַלץ

אַליין געוואָלט טאָן, אָבער אָן אַ באַפעל. און יעדער פראַגע האָט צו אים געמיינט באַפעל. זישע זאָגט צו מיר אַן אויפגעצאָרנטער:

— שיע, נאַדיר די שליסעלעך פון דעם גאַראַזש. גיי און נעם דיר אַליין אַרויס די „קאַר" און פאָר מיט איר צו זיין קבר און צעברעך זי אויפן וועג... דאָרטן שטייט מיין „פּראָפּערטע" (הויז) וואָס איך האָב אויפגעבויט מיט מיין בלוט. אָט איז דער שליסל פון דער „פּראָפּערטע". צי דיך אַהין אַריין צוזאַמען מיט דיינע פראַנצויזישע פּראָפעסאָרן. און איך וועל אַוועקגיין אין דער מדבר, כדי צו וווינען מיט די אינדיאַנער... איך וועל שטודירן זייער לעבן און אָנשרייבן אַ ראָמאַן וועגן זיי. איך בין אויך אַ שרייבער... איך האָב נישט קיין געדולד צו אייך... איר גראָט אַלע אַריין אין „ביקאָליקען"... (מיינענדיק דעם טאַטן).

איך שווייג געדולדיק. מען טאָר זישען נישט אויפרעגן. ער איז נישט אַזאַ שלעכטער מענטש ווי מען מיינט. ווען ער באַרואיקט זיך אַביסל, נעמט ער אַרויס זיין גרינעם אויטאָמאָביל. מיט ווייסע פאַרב איז אָנגעשריבן אויפן זייט פון דעם אויטאָמאָביל זיין נאָמען אין לאַטיינישע אותיות: „זישע". עס איז אַ קלאָרער, דורכזיכטיקער טאָג אין חודש אָקטאָבער. דער וועג צום בית עולם פון פיאָנערן איז אינגאַנצן וועלכע אַכטצען מייל. פון ביידע זייטן וועג ציען זיך גרינע פעלדער און וועלדלעך. אין די הייזער וווינען מענטשן וואָס אַרבעטן ביי די אויל־ראַפינעריעס. אַלע מענטשן קענען זישען. אַלע לייט גריכן זיך צו זישען. מיר פאָרן צו שמחה אייזיק׳ס קבר מיט פינצטערע געמיטער. דורך דעם דאָזיקן וועג איז מיין ברודער שמחה אייזיק אָפט געפאָרן מיט זישען אין שטאָט אַריין. זישע פלעגט זיך דעמאָלט פונקט אַזוי בייזערן און אים שעלטן ווי ער שעלט מיך אַצינד. זישע קען ווערן אויפגערעגט אָן שום קענטיקער סיבה. דאָס איז דער וועג, די בוימער, דאָס גראָז, די בלומען און די שטערן ערגעץ אין הימל וואָס געדענקען שמחה אייזיקן. שמחה אייזיק איז דאָ אַהער געקומען אין יאָר 1912. ער איז געווען נאָך אַ יינגל כמעט. דער טאַטע האָט אַלע זיינע זין געצווונגען צו עמיגרירן קיין אַמעריקע. ער האָט נישט געוואָלט אַז זיי זאָלן גיין דינען אין סלוושבע ביי פאָניע גנב. דער טאַטע האָט אינסטינקטיוו געוווסט אַז עס איז נישט געזונט צו האָבן זיינע זין אויף דער פּוילישע ערד. דריי מאָל איז ער מיט זישען און מיט שמחה אייזיקן געפאָרן קיין אַמעריקע. אַלע דריי מאָל האָט מען זיי געכאַפּט און זיי צוריקגעשיקט מיטן עטאַפּ. זיי זיינען געזעסן אין קאָזע, אין פולאַווי. מיין מאַמע מיט מיינע שוועסטערן האָבן זיי איינמאָל, אין פסח, געטראָגן פעקלעך מצה מיט טעפּלעך רויטן קוואַס. דריי מענער זיינען אַהיימגעקומען פון קאָזע, פרעמדע און עלטער־געוואָרענע... דער טאַטע און די ברידער האָבן געוויגן אַ העלפט פון זייער געווייגלעכער וואָג. די מאַמע און די

שוועסטערן זיינען אַרויפגעפאַלן אויף די דריי „אַרעסטאַנטן" און גע־יאָמערט און זיי געקושט די הענט און די פיס. דער טאַטע האָט באַלד אָנגעהויבן צו שעלטן און צו קאָמאַנדעווען אין שטוב. ביידע ברידער זיינען געוועזן צוויי דינע אינגלעך. איצט פאַרט איינער פון די אינגלעך צום קבר פון דעם אַנדערן אינגעל. און איך בין דער יינגסטער ברודער, דער שרייבער...

ענדלעך קומען מיר אָן צום בית עולם. די פייגל זינגען נישט, נאָר זיי שרייען. עפּעס קוויטשן זיי מיט אויסטערלישע קולות. די לופט־טיקע שמעטערלינגען שפּרינגען און זיי שטעלן זיך אָפּ אויף אַ רגע כדי צו טראַכטן וועגן לעבן און טויט אויף יעדער איינציקן קבר באַ־זונדער... מיר גייען פאַרביי ענגע קברים און מצבות. זישע האָט אַלעמען געקענט. ער איז געקומען כמעט דער ערשטער דאָ אַהער, אין אַ סביבה פון רויע לייט, פון געמבלערס, גאָלד זוכערס, קורוועס און אַנט־לאָפענע אַרעסטאַנטן, און שוין ליגן דאָ אַלע זיינע פריינט, באַגראָבענע און אויסגעלעגטע ווי די גראָפּן. ער טוט אַ קוק אויף אַ מצבה און ער דערזעט יענעמ׳ס פּנים, יענעמ׳ס געשטאַלט, די סיגעס וואָס ער האָט געמאַכט און די מינעס. ער קען יעדן איינעמ׳ס משוגעת׳ן און כאַראַקטער. און אָט איז אויך מיין ברודער׳ס קבר. קוים אַ פּאָר מאָגערע גראָזן וואַקסן אויפן בערגל ערד. זישע טאַפּט דאָס „שטיינדל" אין דער האַנט — די מצבה. ער זאָגט:

— נו, יאָ, ברודער, עס זינקט איין... דאָס „שטיינדל" איז געווען פיל העכער, נאָר עס איז איינגעזונקען געוואָרן אין דר׳ערד... דו ווייסט דאָך, מיט דער צייט זינקט אַלץ איין...

דאָ, אין דער דאָזיקער טרוקענער ערד, ליגט מיינס אַ ברודער. די דאָזיקע ערד האָט אויפגעגעסן זיינע ביינער. ער האָט ליב געהאַט אָן אומבאַקאַנטע פרוי, פּאָקאַהאָנטאַס. ווו איז איצט די איינדיאַנערקע? אויב זי לעבט נאָך, איז זי שוין אַלט אויך. אירע קינדער זיינען שוין אַוודאַי אַזוי גרויס ווי איך. זיינען די דאָזיקע דאַרע קרענצלעך בלומען אַוועק־געלעגט געוואָרן דורך אירע דינע, צאַרטע הענט? דאָס ביסל מאָגערע גראָז און דערנער איז אויסגעקעמט, ציכטיק. די ערד איז גערייניקט. אָן אויג, זעט מען, טוט דאָ אַכטונג... עס קומט דאָ אַ מענטש אפשר וויינען אין אָוונט? איז עס די אינדיאַנערקע? איך וואָלט וועלן טרעפן מיין ברודער׳ס געליבטע... איך וואָלט וועלן איידל קושן אירע הענט וואָס לעגן זאָרגפעלטיק דאָ אַוועק די בלומען פון סאַמעט... ווו איז די פּרינצעסין פּאָקאַהאָנטאַס? איך וועל זי גיין זוכן אין ווינקעלער... טרינקט זי ווייַן אין דער קרעטשמע? טאַנצט זי אין קאַבאַרעט? פאַר־פירט זי נאָך אַלץ מענער מיט איר שיינקייט? איז זי דען נאָך אַזוי

פרויאיש־רייצנדיק? ווי אַלט קען זי זיין איצט? מיין ברודער ליגט שוין דאָ אַ היפּשע ביסל יאָרן...

אַ קליינער פויגל וויינט און קוויטשעט אויף אַ צווייג איבער מיין ברודער'ס קבר. עס איז אַ פּריינטלעכער פויגל, שוואַרץ ווי טינט. אַזאַ גוטער! קומט ער אין שליחות פון שמחה אייזיקן? מיר דאַכט זיך אַז דער ליבער פויגל רעדט מיט אַ געזונטן פּוילישן אידיש און איך דערקען אין זיין הימישן קול — מיין ברודערס שטימע. איך ציטער אויף. באַלד פליט אַוועק דער פויגל. עס באַפאַלט מיך אַן אומעט מיט אַ פּחד צוזאַמען.—

פלוצלינג זע איך ווי עס נידערט אַראָפּ פון הימל אַ קליינער מלאך איבערן קבר פון שמחה אייזיקן. דער מלאך ציטערט ווי אַ גאָלדענער פויגל. די לופט איז שאַרף און די פעדערן קענען אים נישט באַשיצן פון דער קעלט. דער מלאך שטייט אַ ציטערנדיקער איבער מיין ברודער'ס מצבה און ער זאָגט קדיש מיט אַ וויינענדיקע שטימע... באַלד פאַר־שווינדט דער איידעלער מלאך. באַלד גייט ער זיין וועג צוריק אין הימל אַריין...

זישע איז בייז און ער איילט זיך אַוועקצופאָרן צו זיינע חברים, צו כאַפּן אַ קערטל... דאָס שטיינדל זינקט ממש פאַר מיינע אויגן טיפער איין אין דר'ערד... די זון זעצט זיך שוין. מיר זעצן זיך אַריין אין אויטאָמאָביל און זישע נעמט פאַוואָליע פאָרן איבער די אַלייען און די שורות ווייסע מצבות... מיר פאָרן אָפּ אַ שטיקל וועגס און זישע עפנט דאָס טירל. ער לאָזט מיך אַרויס. ער פאָרט אַוועק מיט אַ קללה אויף די ליפּן. ווו געפין איך זיך? איך קען זייער ווייניק די דאָזיקע פרעמדע און אויסגעקרימטע שטאָט. אומבאַקאַנטע מענער און פרויען, מיט אָפּגעזוענקטע פּנימער פון די שרפות פון לעבן, שטראָמען דורך די גאַסן. אַ סך קאָלירטע ווייבער דאָ. פאַרשייטע פרויען. נע־גערטעס, אינדיאַנערקעס און ציגיינערקעס מיט טעשלעך קאָרטן. ווער פון אייך איז די פּרינצעסן פּאָקאַהאָנטאַס? קענט איר מיר זאָגן ווער פון אייך עס האָט געקענט מיין ברודער שמחה אייזיק? ווו טאַנצט און זינגט און טרינקט פּאָקאַהאָנטאַס, אַ קליינע אינדיאַנערקע מיט פּינצטע־רע האָר ווי נאַכט און מיט טרויעריקע אויגן? ווו, אין וועלכער קנייפּע, זאָל איך זי איצט זוכן? איך וויל קענען מיין ברודער'ס ווייב וואָס האָט אים געבראַכט דעם טויט. איך בין הונגעריק נאָך מיין ברודער. איך בין דאָרשטיק נאָך זיין נשמה. אפשר איז די פרוי אימשטאַנד פאַר מיר אים אויפצולעבן אויף אַ רגע, כדי איך זאָל אים ווידער זען און אָנקוקן... אויב מיין ברודער האָט איר נישט דערקוויקט פאַרן טויט, וויל איך זי פאַר אים דערקוויקן מיט זיינע קושן פאַרן פרייז פון וואַרעמע ווערטער און דערמאָנונגען פון זיין עקזיסטענץ...

דאָרטן, אַנטקעגנאיבער, איז פאַראַן אַ ווינקעלער. עס קלינגט פון די

אָפענע פענצטער און די טירן דזשאַז־מוזיק און געשריי פון שיכורע געמבלערס. איך וועל אַריינזינקען אין זומפּ אַריין. אפשר וועל איך דאָרט געפינען מיין ברודער׳ס טונקעלע ווייב...

ווען איך בין אין אַ וואָך אַרום אַוועקגעפאָרן פון אַריזאָנאַ, האָט זישע מיר געגעבן אַ טיקעט אויף צו פאָרן מיטן אָמניבוס קיין ניו־יאָרק און אַ פאָטאָגראַפיע וואָס ער האָט פון מיר אַראָפּגענומען ווען איך בין געשטאַנען ביים „שטיינדל״... דערביי האָט זישע צו מיר גערעדט מיט גרויס ערנסטקייט און, מען קען זאָגן, אַפילו מיט שטרענגקייט:

— שיע, נאַדיר אַ טיקעט און דו בעסער פאַרגעס אויף אייביקע צייטן אַז דו האָסט דאָ אַ ברודער וואָס הייסט זישע און וווינט אין זיין אייגענער „פּראָפּערטע״ אין אַריזאָנאַ. פאַרגעס דעם וועג אַהערצוצו, ווערסטו נישט טראַכטן קיינמאָל צוריק צו קומען, אַזוי ווי אַ קאַץ וואָס מען טראָגט ביינאַכט בלינדערהייט פאַרבונדן אין אַ פינצטערן זאַק...

איך האָב גענומען פון זישע׳ס האַנט דעם טיקעט און איך האָב טאַקע דעם וועג פאַרגעסן און איך בין קיינמאָל מער נישט צוריקגעפאָרן קיין אַריזאָנאַ צו מיין ברודער זישע... אָבער דורכן גאַנצן וועג האָב איך געקוקט אינם בילדל אויף מיין ברודער׳ס „שטיינדל״ און אויף זיך אַליין... איך האָב שרעקלעך שלעכט אויסגעזען. איך האָב געפירט מיט זיך איצט אַ גאַנצן קופערט מיט מאַנוסקריפּטן. איך בין געפאָרן צוריק צו מיינע עלטערן אין די בראָנקס און צו דער אומבאַקאַנטער שטאָט ניו־יאָרק... ביסלעכווייז איז די רויטע און ליימיקע ערד פון אַריזאָנאַ געוואָרן טונקעלער. כמעט דורכן גאַנצן וועג האָט גערעגנט מיט אַן אומעטיקן רעגן, ווי די נאַטור וואָלט געוויינט. אויף די שטעגן איבערן לאַנד אַמעריקע, אין די געסלעך פון די שטעטלעך וואָס מיר זיינען מיטן אָמניבוס פאַרבייגעפאָרן, זיינען געגאַנגען איינזאַמע פרויען... ווער פון די פרויען איז די פרוי וואָס האָט געוווינט מיט מיין ברודער אין דעם שטיבל ביי דער מרס. מיטשעל, וואָס האָט זיך אַזוי רעאַליסטיש געקריגט מיטן מלאך המות, כאָטש ער איז גאָר געקומען נאָך דער נשמה פון איינעם אַ פרעמדן מענטש...

---

דאָס לעצטע מאָל וואָס זישע איז געקומען אויף באַזוך קיין ניו־יאָרק, ווען מיין שוועסטער טעמעלע האָט נאָך געוווינט אין די בראָנקס און ווען מיין גאָטזעליקע מאַמע האָט נאָך געלעבט און זי פלעגט אָפט קומען צו איר טאָכטער טעמעלען, האָט ער שוין אויסגעזען היפּש אַלט. די יאָרן שטייען דאָך נישט פאַר קיין שום מענטש אויף דער ערד. אַפילו קעניגן און קייסערינעס ווערן אויך אַלט און מיט דער צייט אָפּגעבלאָקירט... און איך געדענק ווי עס איז עפּעס פאָרגעקומען אין איינעם אַ פאַרנאַכט. אויף די בראָנקסער האָריזאָנטן איז געשטאַנען אַ פלאַ־

מענדיק־טונקעלער הימל. רויכיק־זיידענע טונקלקייט האָט זיך ווײַן און אײדל געמישט מיט פלאַמיקן פלוש. ערגעץ אין דער טיפקייט פון אַן אָרון קודש האָט איינער אַ איד אַרײנגעשטעקט זײַן יאָמערנדיקן און ציטערנדיקן קאָפּ, האָט זיך געטוליעט צו די גאָלדן־אָנגעצונדענע ספר־תורות און זײַן גאַנצער גוף האָט זיך געצאַפּלט... דאָס, האָט זיך מיר געדאַכט, איז געווען מײַן אייגענער טאַטע, וואָס קען נעבעך נישט גענדולדיק איינליגן אין קבר... בפרט ווען זײַן ליבער זון זישע איז דאָ צו גאַסט אין ניו־יאָרק... פּלוצלינג, בשעת מיר זייגען אַזוי געזעסן אין טעמעלע׳ס וווינונג, האָט אַ האַנט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר... די גוטע מאַמע זאָל זיך מיען איז צוגעלאָפן צו דער טיר און דאָרטן, אינם טונקעלן קאָרידאָר, איז געשטאַנען מײַן ברודער זישע און נעבן אים — אַ ריזיקער קאַסטן... זישע איז געווען פאַרשוויצט. ער האָט מורא׳דיק געסאָפּעט און קוים געקענט אָפּכאַפּן דעם אָטעם. נישט פאַר זײַן עלטער האָט ער באַדאַרפט שלעפּן אַזאַ משא: אַ שווערן קאַסטן מיט עפּעס אומגעוויינלעך שווערס אינעווייניק. אַגב איז זישע געווען נישט קיין גיבור. מען האָט תמיד דערציילט אַז איינמאָל ווען זישע איז אַהיימגעקומען פון וואַרשע אויף חול המועד סוכות, האָט אים דער טאַטע מיט אַ האַמער אַזוי שטאַרק צעשלאָגן דעם קאָפּ, אַז ער האָט פון דעמאָלט אָן געליטן פון שרעקלעכע קאָפּווייטיקן. ער האָט דעמאָלט געמוזט אַלט זײַן אַ יאָר זעכצן און ער האָט דאָס קיינמאָל נישט געקענט מוחל זײַן דעם ברוטאַלן טאַטן...

— וואָס האָסטו דאָ אָנגעבראַכט, זישע? — האָבן אַלע אין איין קול געפרעגט, אויסער די מאַמע, וואָס פלעגט תמיד זײַן דיסקרעט מיט יעדער איינציקן מענטש אויף דר׳ערד...

— וואָס איז עס אײַער עסק? וואָס פרעגט איר אַזוי פיל? וואָס זענט איר תמיד אַזוי מורא׳דיק נײַגעריק? — פרעגט זישע מיט צאָרן.

מען האָט שוין אין דער משפּחה ווײַל געוווסט אַז זישען טאָר מען גאָרנישט פרעגן... פונקט ווי מען טאָר אים נישט שדכנ׳ען קיין כלה... פונקט ווי די מאַמע טאָר נעבעך קיינמאָל נישט זאָגן: — „זישעניו־קרוין, וואָס ווערט פאַרט זײַן דער תכלית? דו ווערסט טאַקע, מײַן גאָלדן קינד, קיינמאָל נישט חתונה האָבן? עס איז זייער ביטער צו זײַן אַליין! מען ווערט שוואַכער און די יאָרן שטייען נישט. פאָלג מיך און האָב חתונה!״

האָט מען טאַקע מער נישט געפרעגט וואָס עס געפינט זיך אינם קאַסטן. זישע האָט דעם קאַסטן אַרײַנגעדזשוויגעט אין צווייטן חדר און ער האָט אים געלאָזן שטיין אין דער אומהיימלעכער פינצטערניש, נעבן די בערג מיטן טאַטנ׳ס רוסישן געלט, און ער איז צוריק אַרײַנגעקומען אין שטוב אַרײַן. ביים טיש איז ער מיט אונדז געזעסן — אַן אַלטער,

מידער און אַ טרויעריקער מענטש... ער האָט אויסגעזען ווי אַן אינד־יאַנער. זינט איך בין געווען אַ קינד כמעט, האָט זישע אַהיימגעשיקט בילדער פון אינדיאַנער. ער אַליין האָט זיך תמיד פאָטאָגראַפירט אין אינדיאַנישער קליידונג, דעם קאָפּ זײַנעם אין אַ הוט מיט אַ סך פעדערן...
און אַזוי האָב איך אויך איצט דערזען מײַן ברודער — אַן אַלטן, ליימיק־געלן אינדיאַנער. ערגעץ־ווו אין אַריזאָנאַ ווױנען זײַנע ברידער־אינדיאַנער... און אַזוי ווי זיי, איז ער פאַרמשפט צו איינזאַמקייט און צו אונטערגאַנג... עס איז נישטאָ אויף דער וועלט קיין מער טרויע־ריקע זאַך ווי אַ פאָלק וואָס האָט נישט קיין צוקונפט, קיין נאָכשפּראָץ און וועמענס האָריזאָנטן זײַנען שוואַרצע, טויטע און האָפנונגסלאָזע האָ־ריזאָנטן...
אָבער דאָך, האָב איך באַמערקט ווי אַ מאָדנע, אַ געהיימנישפולע צעפרידנקייט באַהערשט זישע׳ס אינדיאַניש־קופּערנעם, פון דער הייסער זון אין אַריזאָנאַ שטאַרק אָפּגעברוינטן פּנים.
צומאָרגנס האָט מיך טעמעלע אַרײַנגעפירט אינם טונקעלן חדר. איך האָב דורך אַ שפּעלטל אין די ברעטלעך פונם קאַסטן אַרײַנגעקוקט אינע־ווייניק... דאָרטן איז געלעגן אַ ריזיקע וועגוס... אַ גרויסער ביוסט פון קאַלטן, טרויעריקן און איינזאַמען אײַזן, אַזוי ווי די פינצטערע נאַכט... די באַרימטע וועגוס פון מילאָס איז דאָרט געלעגן — די כלה פון מײַן ברודער זישע... איין איבערגעבליבענער, האַלבער אָרעם האָט דערציילט ווי שיין אירע בײדע אָרעמס זײַנען געוועזן... אָבער דער צווייטער אָרעם איז געווען אָפּגעבראָכן האַרט ביז צום אַקסל... איר האַרמאָניש־געפאָרמט פּנים האָט מיך פּשוט פאַר׳כישופ׳ט און גע־צויגן אויפצוברעכן די ברעטער און איר אַ צאַרטן קוש צו געבן. צו וואָס האָט זישע געקויפט די דאָזיקע גריכישע פּרוי? ווי אַזוי האָט ער זי אַהיימגעשלעפּט פון דער בויערי? וויפיל געלט האָט דער געווינ־לעך־קאַרגער זישע באַצאָלט פאַר דער אײַזערנער כלה?...
מײַן ברודער זישע האָט פּאַקטיש, אַזוי ווי אונדזער טאַטע, זײַן ווױנונג פאַרוואַנדלט אין אַ קלײנעם מוזעאום. ווען איך האָב אין פרילינג פון יאָר *1939*, אַדורכפאָרנדיק אַמעריקעס רויע לאַנדשאַפטן, אָפּגע־שטאַט אַ וויזיט ביי אים, בין איך אײַך נאַכט געשלאָפן אין זײַן הײם. דער שטויב האָט מיך אַ גאַנצע נאַכט שטאַרק געשטיקט, נישט ווייניקער ווי דער באַרימטער שטויב־שטורעם אין אַריזאָנאַ, וואָס האָט מיך קראַנק געמאַכט מיט עטלעכע יאָר צוריק, ווען איך בין נאָך געווען אַ פרישער גאַסט אין אַמעריקע. די איינזאַמע און גרויסע זייגערס, וואָס זײַנען דאָ געווען צעשטעלט אין אַלע ווינקלען, האָבן הייזעריק געקלונגען ווי אין אַ קירכע אָדער אין אַ פאַרצייטישן שלאָס. די דאָזיקע אַנטיטשנע זייגערס האָבן מיך ווייל דערמאָנט אין דעם טאַטנס זעלטענע קאָלעקציע מיט

זייגערס אין זיין וווינונג אין די בראָנקס. אַלערליי שטיינערנע פיגורן און פּאָמניקעס האָבן ווי שדים און גראָטעסקע גאַרגאָילעס אַראָפּגעשראָקן פון די ווענט און ארויסגעקוקט פון אַלע טונקעלע ווינקלען. די ברודיקע ווענט זיינען געווען באַהאָנגען מיט בילדער און מיט פאַרשידענע באַנק־נאָטן, וואָס האָבן מיך דערמאָנט אין אונדזער טאַטנ׳ס בערג מיטן רוסישן געלט... און אין זיידנ׳ס מאָדנע מעבל. אַזוי ווי אין אַ גוי׳אישער ביר־שענק, האָבן קעפּ פון פאַרשידענע וואַלד־חיות, אַ שטייגער: פון הירשן און סאַרנעס, פון קי און שעפּסן, פון פערד און פון הינט, און פון נאָך רוזשנע באַשעפענישן וואָס גאָט האָט געשאַפן, טרויעריק אַראָפּ־געהאָנגען פון די ווענט. מיר האָט זיך געדאַכט אַז די געקעפּטע חיה׳שע קעפּ ווייבען אַון אַז פון זייערע העלדזער טריפט עס מיט אַ רעגן פון וואַרעמע טראָפּנס בלוט... אַ שרעקלעכע אומהיימלעכקייט האָט גע־ווייעט אין זישע׳ס אַלט־בחור׳ישער שטוב, בשעת די טונקעל־פאַרפלעק־טער לבנה איז געגאַנגען אויפן הימל איבער די וואָלקנדיקע טרעפּ, ווי איבער געבליבענע שטיגן פון פּאַלאַצן, וואָס זיינען שוין לאַנג געווען פאַרשוווּנדן...׳ נאָר די איינזאַמע שטיגן זיינען שטומע שטיין געבליבן ווי צו דערמאָנען די מענטשן אינם פאַרצייטישן פּראַכט און לוקסוס. אין דעם רום פון די פאַרגאַנגענע דורות. ווען איך האָב אין קוים־אויפזשאַרנדיקן באַגינען, נאָך דער שלאָפלאָזער נאַכט, געזען אַז עס טאָגט שוין מיט אַ פרישן, מיט גאָט׳ס אין טרערן אויסגעוואַשענעם פרימאָרגן, האָב איך פרייער אָפּגעאָטעמט...

פאַרן דאָזיקן מוזעאום זיינעם האָט עס מיין ברודער זישע איצט איינגעקויפט די מאַסיווע און אייזערנע וועגנוס... און ער האָט זיך מיט איר גענומען שלאָגן און זיך מורא׳דיק ראַנגלען נאָך ערגער ווי מיטן לעבעדיקן ווייב, וועגן וועלכער דער קלוגער קייסער פון „משלי״ זאָגט אַז אויב זי איז אַ מ ר ש ע ת , איז זי ערגער ווי דער טויט. זי איז געווען אַ סך וואָגיקער און שווערער ווי אַ לעבעדיקע קסאַנטיפּע און אַפילו פון אַ טויט ווייב... זי האָט מיט איר ערדיקן געוויכט געצויגן מיין ברודער צו דר׳ערד... איר מעכטיקע פיזישע לאַסט, איר מאַטעריע פון מאַסיוון־אייזן־און־ערץ, איר טרויעריקע גראַוויטאַציע, האָט אים מורא׳דיק איינגעבויגן די פּלייצעס און אים געמאַכט זיך בוקן צום מלאך המות. דעם גאַנצן וועג, אין אָמניבוס, פאָרנדיק איבער אַ לאַנדשאַפט פון צוויי טויזנט מיילן איבערן אַמעריקאַנישן לאַנד, האָט ער געהאַט צו טאָן מיט דער אייזערנער וועגנוס. ער איז מיט איר געשלאָפן. ביינאַכט, אין דער אומהיימלעכער פינצטערניש פון וואַגאָן, ווען דער שווייגנדיקער שאָפער פירט דעם אָמניבוס דורך אומבאַקאַנטע שטרעקעס ערד, דורך ווילדע פעלדער און וועלדער, דורך לאַנדשאַפטן וואָס קענען נאָך שטאָלץ דערציילן די איינזאַמע און מורא׳דיקע פּראַכט פון מעשה בראשית —

האָט זישע אויף איר געקוקט און זי אָפּגעהיטן מיט זיינע צערטלעכע בליקן... ער האָט פּשוט מורא געהאַט זי אָפּצולאָזן פון זיין אויג. טאָמער וועלן גענגסטערס און אויסוואורפן זי צו׳גנב׳ענען... אויך טעמעלע, ווי שוין באַשריבן אינם דאָזיקן בוך, האָט אפשר דרייסיק יאָר צייט, פאַקטיש זינט איר חתונה, מורא אַרויסצוגיין פון איר וווינונג, טאָמער וועט מען חלילה צו׳גנב׳ענען איר צירונג, אָדער דעם טאַטנ׳ס געצנדינערישע סטאַטועטקעס, צי חיים שבת׳ס טעפּיך פון קאַמטשאַטקע, אָדער אפשר גאָר איר מאַן אַליין, וועמען מען קען אַרויסטראָגן דורך אַ פענצטער און אַראָפּגיין מיט די אייזערנע פייערטרעפּ...

ווען זישע איז ענדלעך מיט דער אייזערנער ווענוס אָנגעקומען קיין אַטען, איז ער געווען אַ אַלטער און אַ צו דר׳ערד־געבוקטער מאַן. די מאַמע אַליין וואָלט אים קוים דערקענט. באַלד נאָכדעם האָט ער טאַקע געקרוגן אַ שווערע האַרץ־אַטאַקע. ער איז געלעגן אַ חרוב־שלאָפער אין דעם שטאָטישן שפּיטאָל. און מיין ברודער מנחם, אַזש פון וויטן ניו־יאָרק, האָט געמוזט איבערלאָזן אויף אַ צייט אַלע זיינע געשעפטן און ער איז געקומען שטיין ביים בעט פון זיין קראַנקען ברודער זישע... די גאַנצע צייט פון זיין קראַנקהייט האָט זישע גערעדט פון היץ. און אַלע זיינע רייד זיינען געווען איין גרויסע תפילה צום רבונו של עולם אַז ער זאָל האָבן רחמנות און מיט רחמים באַשיצן פון אַ בייז אויג די אייזערנע ווענוס...

מיין ברודער מנחם האָט אונדז אַלץ אַרויסגעשריבן אין אַן אויספירלעכן בריוו. צווישן אַנדערעס האָט ער דערציילט: אַ סך אָרעמע סטודענטן, וואָס פלעגן זישען ליב האָבן, ווייל ער פלעגט זיי תמיד אַרויסווייזן פריינטשאַפט, זיי שטיצן מיט געלט און מיט הלוואות, וועלכע ער פלעגט אַגב קיינמאָל נישט אויפמאָנען, און ביי וועמען ער פלעגט אָפּקויפן זייערע בגדים און זיי שפּעטער צוריק שענקען צו זיי, פלעגן קומען באַזוכן זישען אין שפּיטאָל. זיי האָבן אים אַרויסגעוויזן אמת׳ע פריינטשאַפט און שעה׳נלאַנג פלעגן זיי שווייגנדיקע זיצן אַרום זיין בעט. די סטודענטקעס האָבן געקושט זיינע פיס און זיי געוואַשן מיט זייערע טרערן...

זישע האָט, צוזאַמען מיט אַנדערע זאַכן, אויך געזאַמלט גרויסע קרוגן מיט זילבערנע טאַלער־מטבעות. צען פולע קרוגן מיט מטבעות זיינען געשטאַנען אין זיין שלאָפצימער. זישע האָט געבעטן מנחם׳ן צו ברענגען אין שפּיטאָל אַריין די מטבעות און ער האָט זיי צעטיילט צו די אָרעמע סטודענטן, וואָס פלעגן באַלד אַוועקגיין אין אַ רעסטאָראַציע און פאַר די זילבערנע טאַלערס אָפּעסן, אפשר שוין נישט געגעסענע זינט טעג, אַ געשמאַקפולן, פליישיקן מאָלצייט... אַזוי אַרום האָט זישע ענדלעך אויסגעליידיקט זיינע צען אייזערנע קרוגן מיט מטבעות...

מיין ברודער זישע האָט פּיינט געהאַט, ווען ער פלעגט אָוועקפאָרן פון אונדז, זיך צו געזעגענען מיט דער שוועסטער, איבערהויפּט מיט דער אַלטער מאַמען. ביידע פּרויען פלעגן ביטער וויינען. עס איז געווען שווער זיך אָפּצורייסן פון דער יאָמערנדיקער מאַמען. דאָס געזעגענען זיך מיט אונדזער מאַמען איז עפּעס אַ שטיק געבורט און אַ שטיק שטאַרבן, אַ שטיק אָפּרייסן זיך פון דער מאַמע׳ס בלוטיקע אינגעווייידן. זי שטרעקט אויס אירע אַלטע און טרויעריקע אָרעמס און זי דריקט דיך פעסט, מיט אַלע אירע אברים און מיט אירע לעצטע מאַמעשע כוחות, צו איר האַרצן און צו איר ציטערנדיקן און שטערבלעכן גוף. דו ווילסט נישט אַדורכגיין דעם דאָזיקן אומהיימלעכן פּראָצעס, וואָס איז אפשר אַזוי יסורמדיק ווי אַן עקזעקוציע... און דעריבער קומט זישע אויף אַן אומגעריכטן אופן און ער פאָרט אויך צוריק אַוועק אומגעריכט. בייגאַכט, ווען די מאַמע דערפילט און דערוויסט זיך אַז זישע איז אַוועקגעפאָרן אַן אַ זייגעזונט, איז די מאַמע ממש משוגע פון שמערץ און ליבשאַפט. זי לויפט אַרויס אין דער אומהיימלעכער נאַכט אַ שטאַרק צעפלאַמטע. די קליינע מאַמע לויפט זוכן זישען, איר קינד, איבער די ביינאַכטיק־חושכ׳דיקע גאַסן פון די בראָנקס. אפשר וועט זי אים נאָך ערגעץ ווו געפינען. זי פרעגט זיך נאָך אויף איר היימישן אידיש ביי די פּאָרטאָרי־קאַנער און ביי די נעגערשע שיכורים: — האָבן זיי אפשר געזען איר זון זישע? האָבן זיי געזען איר „ייִנגעל" גיין צו דעם עלעוויטאָר פון דריטע עוועניו? אַזוי איז שולמית אַרויסגעלאָפן פון דעם ווונדערלעכן שיר השירים און זי האָט אַ באַגאַסענע מיט שוויס און מיט טרערן, גע־זוכט איבער די גאַסן איר געליבטן קייסער. האָט איר אים אפשר געזען, מיינע טייערע קינדער? ווער עס איז מיין זון זישע, פרעגט איר? מיין זון זישע איז דער שענסטער פון אַלע זישעס אויף דער גאַנצער וועלט. און ער האָט מיטגעשלעפּט מיט זיך אַן אייזערנע ווייב. אפשר האָט איר אים געזען גיין און מיטשלעפּן זיין אייזערנע נעגערטע?

די נעגערטעס לאַכן. ווער איז דען די דאָזיקע אַלטע, קליינטשיקע און שטאַרק־איינגעשרומפּענע פרוי, וואָס יאָמערט מיט אַזאַ מין געוואַל־טיקן, מענטשלעכן יאָמער?!

— ווער עס איז די דאָזיקע פרוי? — פרעגט איר. — איך קען אייך קוים דערציילן, מיינע ליבע מענטשן, פון איר גראַנדיעזער דערשיינונג. זי האָט געטראָגן אין איר איצטיקן קליינטשיקן און אויסגעטרוקנטן בויך גאַנצע פערצן לעבעדיקע זין און טעכטער. מיט צוויי האָט זי גע־מפּיל׳ט. איך אַליין בין איר ייִנגסטער, דער וויסקראַבעק אָדער אויס־קראַצעכץ פון איר טראַכט. מיר זיינען אַלע געזעסן אַזעלכע פּיטשינקע אין איר מוטערלייב ווי יונה הנביא אינם וואַלפיש׳ס געדערים. מיר האָבן דאָרט געוווינט, מיר ברידער און שוועסטער, ווען מיר זיינען נאָך געווען

זייער קליין... ווען מיר זיינען געוועזן עמבריאָנען. אַט די דאָזיקע קליינע מאַמע האָט אונדז אַלע געהאַט. און זי איז אַפילו נישט שטאָלץ. קוים זי געדענקט דאָס. זי האָט אונדז מיט אימה אַריינגעשטעלט אין דער וועלט... בלויז מיט בלוט און טרערן, אָבער אָן שום גאווה.

און שפּעט אין דער נאַכט קערט זיך אום שולמית די פאַרטרערטע — איך מיין מיין מוטער רחל לאה... זי האָט איבער די נאַכטיקע פינצטער־נישן פון די בראָנקס איר זון, איר געליבטן, מער נישט געקענט גע־פינען... און קיינער, אויסער גאָט, האָט אים מער נישט געזען... בלויז די בליציקע שטערן אויפן שוואַרצן סאַמעט פונם הימל זען אים אויפן וועג, ווי ער זיצט אָן איינזאַמער אין אָמניבוס, וואָס פירט אים צוריק קיין אַריזאָנאַ, אָן אַלטן בחור, וואָס פירט מיט זיך אָן אייזערנע בתולה... און אויף ווּעמען עס וואַרטן מיט גרויס געדולד פאַרטרערטע און פאַרשטויבטע אין זיין ווינונג די טרויעריקע קעפּ פון די הירשן, סאַרנעס, שעפּסן און ציגן...

און, ווען זישע ליגט איצט מסוכן־קראַנק, אינם סטאַטישן שפּיטאָל, טראַכט ער: אפשר האָב איך איצט זיך יאָ געדאַרפט געזעגענען מיט דער מאַמען... איצט, אפשר צום סאַמע לעצטן מאָל... ווען איך וועל שוין דער גוטער מאַמען מער אין איר הייליקן און פאַרטרערטן פּנים נישט אָנקוקן... סיידן אין הימל, אין גן־עדן... אָבער עס איז וויכטיקער צו קושן איר אַלט און צעשלאָגן לייב ווי איר נשמה אין הימל...

און איצט, ווען זישע איז געלעגן אַ קראַנקער אין שפּיטאָל אין אַריזאָנאַ אויף זיין שלאָפן הארצן, אין זיין גרויסער ליבשאַפט צו דער וועגוס פון אייזן, זיינען טעמעלע און איר מאַן חיים שבת געפאָרן קיין אַריזאָנאַ, כדי שוין אפשר דאָרטן צו בלייבן וווינען, אין זישע׳ס שטויביקן הויז. אפשר וועט טעמעלע פאַרוואַלטן מיט זיין איינזאַמען הויז... נישט קיין אַנדערע זאַכן, אָבער זיין הויז וואָלט זי געוואָלט ירש׳נען... טעמעלע האָט אייביק געחלומ׳ט פון אַן אייגן הויז, פון אַ שטילן גאָרטן מיט ערלעכע ביימער, מיט גראָז און מיט בלומען... די טויטע מעגן האָבן אַ ביסל גראָז און בלומען און פויגל וואָס זינגען צווישן די גרינע צווייגן — און די לעבעדיקע נישט?...

עס איז געווען אַ טאָג אינמיטן חודש יולי, אַ הייסער, אַ ברענענדי־קער און אַ שטינקנדיקער טאָג אין כרך ניו־יאָרק, ווען איך בין געפאָרן צום צענטראַלן באַנהויף כדי צו באַגלייטן און, ווער ווייסט, אפשר אויך אָנקוקן צום לעצטן מאָל מיין שוועסטער און מיין שוואָגער. איך טרעט אָפּ אויף דער צווייטער פּערציקסטער גאַס אין אַ געפּאַקטער בוכהאַנדלונג און איך קויף זיך איין אַ פּאַרצייטיש־קלוגן בוך: אַפּולעיוס׳ס „דער גאָלדענער אייזל״. איך זופּ אויפן וועג גייענדיק די ראַפינירטע פּראָזע

פון פלוטאַרך׳ס קרובֿ, דעם אַביסל צינישן אַפּולעיוס. עס שמעקט פון די מעשה׳לעך אינם אַמוזירנדיקן בוך מיט קעגנוווערטיקע טריוויאַליטעטן, מיט גאָלד פון אייביקייט פאַרשלאָסן און פאַרטריפט. איך דערמאָן זיך אין עפּעס אַן ענלעכן בוך וואָס איך האָב געלייענט אין דעם סאַמע־סאַמע אָנ־פאַנג פון מיין לאַנגען לעבנס־לייענען: דאָס איז געווען אַ דינטשיק ביכעלע אין אַ פּשוטן אידישן און היימישלעכן לשון. און עס האָט געהייסן „דער שאַך פּערסקי״. אין אים איז דערציילט געוואָרן ווי אַזוי דער פּערסישער שאַך ווערט פאַרשאָלטן צו ווערן פאַרוואַנדלט אין עפּעס אַן איינזאַמען פויגל, וואָס נעסטיקט און נעכטיקט אין פאַרשימלטע רואינען פון פאַר־צייטישע קעניגלעכע שלעסער. צום סוף און צו מיין גרויסער צו־פרידנקייט, ווערט דער שאַך פּערסקי צוריק אויסגעלייזט פון די פויגלשע פעדערן און ער קומט צוריק צו דער קייסערינע, צו זיין פּאַלאַץ, צו זיין מלוכה און צו זיין סצעפּטער...

די דאָזיקע דערציילונג האָט דעמאָלט אויף מיר געמאַכט אַ געוואַלטיקן איינדרוק. און זינט דעמאָלט לייען איך כסדר די דאָזיקע מעשה: צי עס דערציילט זיך וועגן נבוכדנצר׳ס פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ חיה אין וואַלד, וואָס עסט קרייטעכצער... צי עס רעדט זיך וועגן שלמה המלך, ווען דער געוואַלטיקער אַשמדאַי האָט אויסגעשפּיגן פיר הונדערט מייל אין דעם מדבר... צי איך לייען די געשיכטע וועגן גאָר די קיסרים פון דער ערד. עס איז פּאַקטיש דאָס אייביקע און דאָס אוניווערסאַלע מעשה׳לע, וואָס ווינקט אָן אויף דער נישטיקייט פון די פּאַריסענע מושלים און ווי אַזוי זיי אַלע זיינען אין די הענט און אין דער געוואַל־טיקער מאַכט פון רבונו של עולם, וואָס משפּט זייערע בלוטיקע פאַר־ברעכנס...

איך קום אָן אין צענטראַלן באַנהויף און איך דערזע באַלד ווי נעבן די שווערע פּעק מיט באַגאַזש שטייען צוויי איינזאַמע, צעבראָכענע און שטאַרק געפאַלענע מענטשן, צוויי מענטשן וואָס זיינען צו מיר אַזוי איינגעוואַקסן, איינגעהיימישט און שטיל איינגעקריצט אין האַרצן. איך קען זיי פּאַקטיש זינט מיין סאַמע געבורטסטאָג, זינט מיין פריער קינד־הייט, זינט זייער חתונה, ווען איך בין געווען קוים פיר יאָר אַלט און זינט דעם גאָלדענעם טיגער פון קאַמטשאַטקאַ...ביידע מענטשן זיינען איצט געווען מורא׳דיק מידע, אויסגעשעפּטע און דערשלאָגענע. און עפּעס זיינען זיי געוואָרן אומגעוויינלעך קליין. ממש זיי האָבן זיך איי־בערנאַכט פאַרוואַנדלט אין קאַרליקעס. איך זע: גאָט האָט זיי קליין געמאַכט. ציִיט, אַלמאַכטיקע ציִיט, האָט זיי איינגעשרומפּן פיזיש. יסורים ביטערע און וויסטע זאָרגן פון לעבן האָבן זייערעביינער אויסגעקרימט. האָבן זיי צעבראָכן און צו דער ערד זייערע קעפּ געבויקט... און איצט, אויף זייערע ביידענס עלטערע יאָרן גייען די דאָזיקע צוויי מענטשן זוכן

אַ נייע היים, אַ נייע שטאָט, אַ ניי לאַנד און אַ נייע סביבה. פֿון די קעשענעם פֿון חיים שבת׳ס צעקנייטשטע בגדים זען זיך אַרויס די געלע בלעטלעך, אַזוי ווי שטיקער בראָנדז, פֿון זיינע פֿילע, אייגנטלעך דער מאַמע׳ס קליינע, זיסע און באַטעמטע תהילים׳לעך, וואָס זיינען אַזוי מין קליין און דאָך אַנטהאַלטן זיי צו די אָרעמע און איינזאַמע אידן אַזוי פֿיל אומענדלעכן גאָט. ווען די באַן האָט גענומען פֿייפֿן און אָנצוזאָגן צו די כלערליי פּאַסאַזשירן איינצושטייגן אין די וואַגאָנען, האָבןביידע מענטשן גענומען גיין זייער פּאַוואָליע לענגאויס די וואַגאָנעס פֿון דער לאַנגער און פֿרעמדער באַן. זיי האָבן ביידע אויסגעזען אין דעם ריזיקן רוים פֿונם באַנהויף זייער, זייער קליין און נישטיק און פֿאַרגעגלעך ווי צוויי צעבראָכענע און צעריסענע פֿייגל. אין דער ריזיקייט פֿונם באַנהויף זיינען ביידע געגאַנגען ווי מיט זייערע לעצטע כוחות, אויסגעמאַטערטע פֿון איינפּאַקן די זאַכן, די אייביקע קלאָגעס, די בערג אומנוציקע שמאַטעס, וואָס די אָרעמעלייט, די קבצנים, וואַגן קיינמאָל נישט אַוועקצוּוואַרפֿן, טראַכטנדיק פֿון יענע שטונדע ווען זיי קענען זיי נויטיק האָבן... זיי זיינען געווען מידע פֿון אַ לאַנג לעבן מיט צרות און טריוויאַליטעטן. אפשר, האָב איך זיך געטראַכט, גייען אויך אַזוי געפֿאַלן און אָפּהענטיק און רעזיגנירנדיק די פֿאַר׳משפּט׳ע צום שטאַרבן. אפשר גייען אויך אַזוי געפֿאַלן און מיד די אָרעמע פֿאַראורטיילטע צו דער הויכער תליה, וואָס שטייט אַזוי מורא׳דיק שאַרף און פֿינצטער אויפֿן באַגינענדיק־ווייכן און בליענדיקן האָריזאָנט פֿאַר זייערע טרויעריקע און פֿאַרטרערטע אויגן. ביידע זיינען איצט געגאַנגען ווי מיט פֿלאַטע פֿיס, וועמענס טריט קלעפּן זיך צו דער ערד מיט עפּעס אַן אייזערנעם קלעפּעכץ. זיי האָבן כסדר אָנגערירט די ערד, די היימישע ערד, די ערד די אייביקע, וואָס שלינגט אונדז אַלע איין צום סוף פֿון אונדזער גאַנג, קוים אימשטאַנד זייענדיק אויפֿצוהויבן זייערע געבראָכענע פֿיס. מיין שוועסטער טעמעלע איז געווען אָנגעטאָן אין אַלטמאָדישע קליידער, אין פֿאַרצייטישע בגדים, נאָך פֿון אונגאַרן אָן, אַזוי ווי אַרויסגענומען פֿון דער גאַרדעראָבע פֿון אַ מוזעאום. ביי דער באַן, ערב דעם אָפּפֿאָרן אין מרחקים, זיינען די מענטשן דאָס רוב פֿאַרנומען יעדער איינציקער מיט זיך אַליין און פֿאַרטאָן מיט זיינע סאַמע נאָענטסטע. קיינער קוקט דאָך אַצינד קיינעם נישט נאָך ווי אַזוי מען איז אָנגעטאָן, און ווי אַזוי מען זעט אויס...

דאָך, כדי אַביסל זיך צו צעשטרייען, זאָגט טעמעלע צו חיים שבת:

— חיים, געדענקסט דעם מאָמענט, ווען איך בין אָנגעקומען קיין בודאַפּעשט, האָט אונדז באַגעגנט דער ראַבינער. ער האָט אונדז שאַרף און פֿאַרדעכטיקט אָנגעקוקט, ווי מיר גייען ביידע געאַרעמט און צוגעדריקט מיט גרויס ליבשאַפֿט איינער צום אַנדערן... ער האָט געזאָגט צו דיר מיט אַ שמייכל:

— הער מ.! איך וועל דערציילן צו אייער פרוי אַז איר האָט שפּאַ־צירט געאָרעמט מיט אַ געליבטער...

— דאָס איז מער ווי מיין געליבטע — עס איז מיין אייגן ווייב... זי איז ערשט געקומען צו מיר פון פּוילן... הער ראַבינער, באַקאַנט אייך מיט מיין פרוי...

און דער הער ראַבינער האָט באַשאָטן מיט קאָמפּלימענטן, ווי אַן אמת׳ער דזשענטעלמאַן, די חנ׳עוודיקע פרוי... ער האָט שטאַרק געלויבט איר שיינקייט און איר צירונג... דאָס איז געווען מיט אַריבער פערציק יאָר צוריק...

חיים שבת געדענקט ווייל די סצענע...

ענדלעך האָבן זיך ביידע מענטשן אַריינגעזעצט אינעווייניק אינם אייזערנעם וואַגאָן און זיי זיינען געבליבן זיצן אינגאַנצן דערשעפּטע און אומבאַוועגלעכע ביים פענצטערל, אַזוי ווי צוויי גרויסע און טרויעריקע פייגל — אָדער אַזוי ווי צוויי קליינע קינדער אין אַ ריזיקן וואָגן מיט מעבל און מיט אַ סך שטוב־זאַכן, בשעת׳ן ציען זיך. אינעווייניק, אינם וואַגאָן, נאָכדעם ווי חיים שבת איז קוים געגאַנגען און האָט זיך ענדלעך אָפּגערוט אַביסל און נאָך איידער ער האָט רעכט געקענט אָפּדעכן, האָט ער ווידער גענומען רעדן, אויף זיין שטענדיקן שטייגער, וועגן די מענטשן פון זיין היים און היימישע סביבה, אַלע יענע ברואים, די מאָדנע פיגורן און די איינזאַמע באַשעפענישן פון זיין דערפל גאָלאָמב און פון פולאַווי: ער האָט אויפדאָסניי גערעדט וועגן די קוימענקערערס, די לאָמ־טערן־אָנצינדערס, די לאַסט־טרעגערס, די דראָזשקאָזשעס, די פישער־לייט, די וואַסערטרעגערס, די פערד־און־קעשענע־גנבים, די קורוועס, די צאַרישע סטראַזשניקעס, די הענקערס און גאָר די משוגעים פון שטעטל...

הערנדיק ווי אַזוי חיים שבת רעדט וועגן די אידן פון זיין שטעטל, ציטער איך ממש אויפדאָסניי אויף פון דער געטלעכער גרויסקייט פון זיין זכרון און פון זיין דעמאָנישער מאַכט צו זען אַזוי קלאָר און פּלאַס־טיש־ בולט זאַכן און געשעענישן אין דער פאַרגאַנגענהייט. איך קוק אים אָן, חיים שבת׳ן, און איך באַוווּנדער די קראַפט און דעם גראַנדיעזן פאַר־נעם פון אַזאַ מוראַ׳דיקן געדעכעניש מענטשן, פאַסירונגען, ווינטן און ווע־טערן. דאָס געדענקען די פייערן אַלע פון דער נאַטורס שטורמדיקע לאַנדשאַפטן און פון מענטשלעכעליידנשאַפטן. איך דערזע פלוצלינג אויפדאָסניי אין זיין נשמה עפּעס אַ געוואַלטיקן פינצטערן אָפּגרונט אין וועמענס זכרון־קלישעען עס איז אַזוי שאַרף און מאַכטיק און אומפאַר־גענגלעך אַריינגעקריצט זיין צייט און זיין סביבה, זיין וועלט, זיין דור און זיין גאַנצער אוניווערס. און איך טראַכט אויך אַז ווען דער מוח פון דעם דאָזיקן, אויף זיין אייגענעם אופן פענאָמענאַלן מאַן, וואָלט נישט צו גרונט געגאַנגען, ווערנדיק אויפגעגעסן דורך די אייזערנע ציין פון

צייט — וואָלט אין אים אַליין און דורך זיין געדענקען אַ גאַנצע און גרויסע וועלט אויף תמיד און אויף אייביק געקענט בלייבן לעבן. פאַר־שטייט זיך: לעבן אין דער פאַרשטעלונג, לעבן אין עמעצנס וואַנזיניקן מוח...

יאָ, חיים שבת׳ס פיס זיינען טאַקע געליימטע. אָבער דער מוח ברענט, דער קאָפּ זיינער פלאַמט. אין זיינע משוגענע און צעבראָכענע געהירן וווינט אַ וועלט ממש, לעבט נאָך אַ גאַנצע וועלט מיט כלערליי קרוע־בלוע׳דיקע געשטאַלטן און הענדום־פּענדומדיקע באַשעפעניש...

חיים שבת שלאָגט זיך מיט די מיקן און טעמעלע זאָגט צו אים:

— דאָס זיינען נאָך די מיקן פון אונדזער שטוב. אונדזערע היימישע מיקן. אונדזער בלוט און אונדזער שווייס געפעלט זיי. מיר וועלן זיי נאָך חלילה מיטפירן צו זישען קיין אַריזאָנאַ. זע נאָר ווי זיי ווילן אונדז גאָרנישט אָפּלאָזן...

— זאָרג זיך נישט וועגן די מאָסקיטאָס! — זאָגט חיים שבת. הלוואי האָבן זיי טאַקע שכל און זיי פליען מיט אונדז מיט... היימישע מאָסקיטן זיינען פאָרט ליבער ווי פרעמדע... דו וועסט ערשט געוויר ווערן אין אַריזאָנאַ ווי אַזוי פרעמדע מאָסקיטן בייסן און לאָזן נישט צורו קיין פרישע פּאַסאַזשירן...

— חיים! דו דערמאָנסט זיך ווי אַזוי דוד איז צו אונדז אָנגעקומען קיין אונגאַרן?! — זאָגט טעמעלע. — עס איז אַוודאי געווען אין יאָר 1918. ער האָט געשפּיגן מיט בלוט... און דעם גאַנצן וועג, פון דער באַן אָן, וואָס ער איז געגאַנגען מיט אונדז, האָט ער געשפּיגן מיט בלוט. אויפן וועג איז געבליבן דעמאָלט שטיין אַ פינצטערער שליאַד מיט בלוט. אָבער שפּעטער איז ער געזונט געוואָרן. מיר האָבן אים געגעבן צו טרינקען שמאַלץ. און דאָס פרישע שמאַלץ האָט פאַרגאָסן די לעכער און די וווּנדן אין זיינע לונגען... אָ, ווי ער האָט אויסגעזען שרעקלעך! ער איז געווען אויסגעדאַרט ווי אַ שפּאָן.

— וואָס זי דערמאָנט זיך אַלץ איצט — זאָגט חיים שבת מיט אַ פאָרוואורף. אָבער ער אַליין דערמאָנט זיך אין נאָך עלטערע זאַכן, געשעענישן און מענטשן... און אויך איך דערמאָן זיך... בשעת מען רעדט וועגן מיין ברודער דוד, דערמאָן איך זיך אַזוי ווי דאָס וואָלט ערשט נעכטן געשען...

עס איז געווען אינם דערפל נאָוואָגוראַ (נייער באַרג). איך בין דעמאָלט קוים אַלט אַרום פיר יאָר. איינמאָל האָט מיין ברודער דוד מיר געבראַכט אַ קליינטשיק וועגעלע אַ מתנה. איך געדענק שוין נישט צי ער האָט עס אַליין געמאַכט אין שטאָט, זייענדיק ביי מיינע שוועסטערן צוגאַסט, אָדער ער האָט עס געקויפט פאַרטיקערהייט. איך געדענק די פערדלעך פון שאָקאָלאַדע־קאָליר. אָבער זייערע פיס זיינען רויטע.

אייגענטלעך זיינען די פערדלעך ענלעך צו קאָזעס. און די קאָזעס זיינען ענלעך צו האָזן. און די האָזן צו פייגל... דאָס וועגעלע האָט רויטע רעדער. איבעוויייניק אינם וועגעלע זיצן צוויי גרויסע מענטשן... עפּעס צוויי פרעמדע און איינזאַמע פּאַסאַזשירן זיצן אין מיין וועגעלע און זיי ווילן ערגעץ פאָרן. ווער זיינען די צוויי אומבאַקאַנטע פּאַסאַזשירן?

מיר דאַכט זיך צייטנווייז אַז איינער פון די צוויי פּאַסאַזשירן איז דער טאַטע. און דער צווייטער? ווער איז דער צווייטער עפּעס אַ מאָדנער און טונקעלער פּאַסאַזשיר? אפשר דעם טאַטנס שר?... דער טאַטע האָט תמיד ליב זיך צו ציען פון איין חורבה צו דער אַנדערער חורבה... דער טאַטע האָט ליב פערד. חיים שבת זאָגט אָפט צום טאַטן:

— פאַר פערד גייט איר ממש אויס... פאַר אַ ברוינעם צי אַ בלאָנדן זשרעבאַק זענט איר תמיד גרייט געוועזן אַוועקצוגעבן אייערע לעבעדיקע אָדער טויטע טאַטע־מאַמע און נאָך אפשר פאַר אַ צולאָג אַ פּאָר פון אייערע שוועסטערן, ספּעציעל די וואָס איר האָט פיינט... פאַר אַ בידנע פערדל, שווער, זענט איר שיעור נישט אויסגעגאַנגען, בשעת אייערע אייגענע ווייב און קינדער האָט איר געלאָזט אויסגיין פאַר הונגער...

תמיד אַז איך זע אין גאַס עפּעס אַן איינזאַם און פאַרוואָגלט פערדל־טשינע, דאַכט זיך מיר אַז דעם טאַטנ׳ס אומגליקלעכע נשמה ציטערט מיר אַנטקעגן, פאַרטרויערט און צעשלאָגן, אַנגעטאָן אין אַן אומעטיקן, פאַר־נאַכטיקן וואָלקן און פון זון־אונטערגאַנג פאַרבלוטיקט... און עס ווילט זיך מיר צופאַלן צום טרויעריקן פערד און עס אויסקושן די קראַנקע ביינער...

איך דערמאָן זיך עפּעס אין אַ פרימאָרגן אין סאָסנאָוו: דער טאַטע הייסט דודן נעמען אַ זאַק און אַריינלייגן אינעווייניק עטלעכע קעצלעך און זיי אַוועקטראָגן צום טייך... איך זע ווי דוד נעמט די קעצלעך, די פּיטשינקע און וואַרעמע און נאָך נאַסע פּיצלעך לעבן און ער לעגט זיי אַריין אין זאַק אַריין... די קאַץ וואָס האָט זיי געהאַט, וויינט און גראַטשעט די הענט פון דוד׳ן... ער גייט צו צום טייך. אין דרויסן שמעקט דאָס פייכטע גראָז, עס שמעקן די בוימער פון פעלד, עס שמעקט דער גאַנצער גאָט׳ס אוניווערס מיט וווּנדערלעכן פרילינג... דוד לאָזט זינקען דעם זאַק מיטן צאַפּלענדיקן, קעצישן לעבן אין טייך אַריין... דער זאַק ציטערט און צאַפּלט מיט לעבן אויפן גרונט פונם טייך... און מיליאָנען פייגל זינגען לוסטיק אין גרויסן און געוואַלטיקן דרויסן... איך קוק אויף דוד׳ס לײדיקע הענט, וואָס האָבן אומגעבראַכט לעבן... פשוט, איך קען דאָס קיינמאָל שוין נישט פאַרגעסן...

איך דערמאָן זיך איצט עפּעס אַ וויטן פרילינג פון מיין לעבן, גאָר אין אָנפאַנג פון מיינע טעג.

איך קוק אָן דעם וואַגאָן. איך זע אין פענצטערל ביידענס קעפּ, אַלט־

געוואָרענע, איינזאַמע און טרויעריקע... חיים שבת ווייגט... טע־מעלע׳ס פּנים איז פאַרגאָסן מיט טרערן... זיי פּלאָטערן מיט זייערע אַלטע און געלע און געשלאָגענע הענט...

ווען איך האָב זיך ענדלעך געזעגנט מיט זיי בײדע, בין איך שפּעטער אַ דערשלאָגענער און מורא׳דיק־איינזאַמער דורך לאַנגע שעה׳ן אין דער נאַכט ווי אַ שיכור׳ער שטומערהייט געגאַנגען און געגאַנגען דורך די אומהיימ־לעכע גאַסן פון ניו־יאָרק. און גייענדיק אַזוי מיט מיין שאָטן, האָב איך זיך אין נאָך עפּעס דערמאָנט: איך האָב זיך דערמאָנט ווי אַזוי אין דערפל סאָסנאָוו בין איך געווען אַ זייער קליינטשיק אינגעל. און אין אַ זייטיקן קאַמער, אייגנטלעך אין דער ספּירשאַרקע, ווי מען פלעגט עס רופן, זיינען געלעגן טעמעלע׳ס וואַליזעס מיט זאַכן, וואָס זי האָט תמיד ביי אונדז געהאַלטן. איך פלעג געהיימערהייט עפענען די וואַליזעס און אַ שרעקלעך נייגע־ריקער פלעג איך אָנקוקן אַלע יענע פאַטשטשוווקעס וואָס טעמעלע פלעגט דערהאַלטן פון חיים שבת, פון בודאַפּעשט און פון פּאַפּאַ. איך פלעג באַטראַכטן די פּילפּאַרביקע בודאַפּעשטער גאַסן. דעם בלויען־דאָניי־טייך, וואָס קרייצט אַ דורך די וועלט־באַרימטע שטאָט. די הערלעכע און ברייטע אַלייען, מיט גרינע בוימער, אַזוי ווי געשניצטע בוקעטן. און די רייכע, קייסערלעכע שלעסער. די מאַסיווע אָפּערא־געביידע. די בודאַ־פּעשטער גאַסן זיינען אויף אייביק איינגעקריצט געוואָרן אין מיין זכרון... און איצט, אַזויפיל יאָרן שפּעטער, גיי איך ביינאַכט איבער די ניו־יאָרקישע גאַסן און איך זע ווידער די גאַסן פון בודאַפּעשט... אָבער יענע גאַסן זיינען געווען פּילפּאַרביקע, פּאָעטישע, פרילינגדיקע... און די היגע גאַסן זיינען שטיינערנע, אייזערנע... און אויך איך בין ווי פון שטיין און אייזן. עס איז נישט מער יענץ אינגעל וואָס האָט אַזאַ פאַר׳כישוף׳טער געטרונקען די פּאָעזיע פון בודאַפּעשט... איך בין איצט כסדר געגאַנגען אַזאַ טרויעריק־פאַר׳שיכור׳טער, דעם צע־היצטן קאָפּ מיינעם איינגעטונקען אין אַ ים מיט זכרונות... אפשר וועל איך וועגן דעם אַלעם, האָב איך געטראַכט, אַמאָל אָנשרייבן אַ בוך. און אפשר וועט דאָס זיין דער שענסטער בוך פון מיינע ביכער...

איצט בין איך איבערגעבליבן אַליין אין ניו־יאָרק. איך וועל שוין מער נישט קענען פאָרן צו אַ שוועסטער ערגעץ אין די בראָנקס, און זען ווי אַזוי אירע הענט לויכטן אָנגעצונדענע איבער איר פּנים, בשעת זי צינדט אָן די חלב׳דיקע ליכטלעך ערב שבת, פונקט אַזוי ווי די מאַמע...

---

טעמעלע און חיים שבת זיינען בלויז אַ קורצע צייט געווען ביי מיין ברודער זישע. זיי האָבן דאָרט נישט געקענט הויזן אונטער איין דאַך. ווי עלנט, אומגליקלעך און טרויעריק עס זיינען די עלנטע, אומגליקלעכע

און טרויעריקע מענטשן, זיינען זיי דאָך קיינמאָל נישט אימשטאַנד צו לעבן צוזאַמען אין רו און פרידן...

ווידער זיינען זיי פון אַריזאָנאַ אַוועקגעפאָרן מיט זייער עלנט. טעמעלען האָט דאָך געפייניקט און געמאַניעט איין גרויסער חלום: אויסצוהיילן מיט אַ זאַלב די האַנט פון איר זון...

פינף יאָר צייט האָט נאָך חיים שבת געלעבט. אָבער ער איז געוואָרן אַלץ מידער און שוואַכער. אין די לעצטע צייטן פון זיין לעבן האָט ער אַפילו מער נישט געקענט פאַרלאָזן די שטוב, דאָס בעט און די מוטער־לעכע הענט פון זיין ווייב, וואָס האָבן אים תמיד אָפּגעראַטעוועט מיט איר מעכטיקן געוויין און געיאָמער, מיט אירע געשרייען וואָס האָבן דערשראָקן און פאַרטריבן דעם מלאך המות און מיט אַלקאָהאָל, מיט די ברענענדיקע טראָפּנס פון דער פלאַש „די קריסטלעכע ברידער״, מיט וועלכע זי האָט איינגעריבן זיין פנים, זיין פלייש און זיינע ביינער, בשעת ער פלעגט חלש׳ן. און חלש׳ן פלעגט ער שוין איצט נישט בלויז אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק, נייערט עטלעכע מאָל דורכן טאָג...

און, עס איז געקומען דער טאָג ווען חיים שבת איז געשטאָרבן. דאָס איז געווען געגנוי, ווי מיין שוועסטער האָט מיר געשריבן: מיטוואָך, פינף אַזייגער פאַרנאַכט אין טאָג פון זעקסטן יאַנואַר פון דעם יאָר 1960. גאָט האָט חיים שבת׳ן ענדלעך איינגעשלעפערט מיט שטיינערנע קלעפּ אויף אַ מיליאָן יאָר צייט. עס האָט דער רבונו של עולם, וואָס האָט באַשאַפן הימל און ערד און אויך אַלע מענטשן זעעלן און זייערע פאַר־גענגלעכע גופים, אים איצט צום סאַמע לעצטן מאָל זייער שטאַרק און מורא׳דיק געשלאָגן. אַפילו זיין געטרייע ווייב טעמעלע האָט מער אים נישט געקענט ראַטעווען מיט אירע געטלעך־הייליקנדיקע הענט... זי האָט געגאָסן בראָנפן אין זיין מויל אַריין. אָבער דער בראָנפן איז גערונען איבער זיינע געשטופלטע און ווי קאַלעך־בלייכע באַקן. זיינע געלע ציין זיינען שוין איצט געווען טויטלעך פאַרהאַקטע, מיט דער אייזערנער עקשנות פון טויט. און דער שנאַפּס האָט זיך איצט אויסגעמישט מיט זיינע טרערן פון טויט און מיטן ווייסן שוים איבער זיינע בלויע ליפּן. און טעמעלע האָט באַשיינפּערלעך געזען ווי ער גייט צוריק, ווי ער קערט זיך אום אַ טויטלעך־געראַניעטער פון דער שלאַכט פון לעבן צום אַל־מעכטיקן באַשעפער, צו דעם וואָס האָט פון ליים פון דער ערד אויסגעע־קנאָטן זיין גוף און געמאַכט זיינע ביינער. קיין שום באַנדאַזש וועט שוין איצט מער נישט זיין אימשטאַנד צו פאַרהאַלטן דאָס בלוט און צו פאַר־היילן די וווּנד... זיין טויטער גוף איז איצט אַלט געווען געגנוי זעקס און זיבעציק יאָרן. אַ גאַנץ סאָלידע און חשוב׳ע עלטער פאַר אַ שטערב־לעכן מאַן... אָבער נאָך אַלץ נישט גענוג אַלט פאַר דער פרוי וואָס האָט מיט אים חתונה געהאַט אין יאָר 1912...

טעמעלע איז דערנאָך נאָך לאַנג געבליבן ליגן אויפן בעט נעבן איר מאַן. פונקט אַזוי ווי עס איז איר מאַמע, ווי שוין באַשריבן אין מיין פאַריקן בוך, געבליבן ליגן נעבן דעם גוף פון דעם טויטן מאַן אירן, מיין פאָטער... זאַכן חזר'ן זיך אייביק איבער אין לעבן און אין טויט... טעמעלע איז געלעגן נעבן זיין קאַלטן און פינצטערן געביין. ניין, דאָס איז נישט מער דערזעלביקער מאַן וואָס האָט איר אין איין שוידערלעכער נאַכט פון זיין שרעקלעכער משוגעת געוואָלט שעכטן מיט אַ שאַרפער בריטווע, מיט וועלכער ער פלעגט גאָלן זיין מיאוסן און געשטופּעלטן פּנים. אַ גאַנץ לעבן כמעט האָט די פרוי געלעבט אין פּחד פאַר זיין געפערלעכער משוגעת, ספּעציעל אין די נעכט ווען זי פלעגט פאַרבלייבן אַליין מיט אים. איצט האָט זיך אפשר צום ערשטן מאָל איר פּחד אָפּגעטאָן פון איר... יאָ, דאָס איז דאָך איר אייגענער, לייבלעכער מאַן, מיט וועמען זי איז קנאַפּע פופציק יאָר צייט געשלאָפן אין איין בעט און געטיילט מיט אים תאווה, תענוג און טרערן. און איצט איז ער פאַרוואַנדלט געוואָרן צו שטיין און צו שאָטן. גאָט האָט אים געגעבן געבורט (דעם ניינצענטן סעפּטעמבער פון יאָר 1884) און גאָט האָט אים איצט ענדלעך צוריקגערופן און גאָט האָט אים איינגעזאַמלט צום אייביקן קעניגרייך פון די מתים וואָס לויבן אים נישט מער פון די אָפּגרונטיקע טיפענישן פון זייערע פינצטערע קברים. אויך חיים שבת וועט אים נישט קענען מער לויבן פון די געלע, דורך זיינע גאָט־הונגעריקע העגט צעריבענע בלעטלעך פון די קליינע און ליבע תהילימלעך... אָבער חיים שבת'ס נשמה איז איצט אָנגעטאָן אין שטראַלנדיקן גאָלד אַזוי ווי דער געטלעכער כהן גדול ערב יום־כיפור... היינט איז טאַקע זיין אייגענער לעצטער און שטראַלנדיקער ערב יום־כיפור... די האָריזאָנטן פון דער וועלט ברענען מיט אַ מיליאָן חלבנע ליכטלעך. חיים שבת באַגעגנט אין הימל זיין שר. דער שר נעמט אים פאָטערלעך אַרום. חיים שבת ברעכט אויס אין אַ גרויסן יאָמער. באַלד אָבער באַרואיקט ער זיך: וואָרעם ער וויל דעם שר זיינעם דערציילן פון אַלץ וואָס ער האָט געלייענט אין די אידישע גאַזעטן דורך זיין גאַנץ לעבן. ער וויל אים דערציילן אַלע מעשיות און מער־דערייען און „האָלדאָפּס” וואָס זיינען געשען אין ניו־יאָרק. ער וויל דעם שר זיינעם דערציילן אַלע היסטאָריעס פון דער משפּחה, אייגנטלעך פוןביידע משפּחות זיינע. יעדער איינציקער מענטש אויף דער ערד קומט דאָך פון צוויי גרויסע און אייביקע משפּחות, פון צוויי טיפע און ברייטע טייכן פון זיין אָפּשטאַם: פון דער מאַמע'ס און פון טאַטנ'ס אָבות. און דורך זיין ווייב באַהעפט ער זיך מיט נייע צוויי משפחות... סוף כל סוף ווערט ער באַהעפט מיטן גאַנצן און גרויסן וואַלד פון אידישן פאָלק און פון דער אידישער געשיכטע... חיים שבת סטאַרעט זיך

באַזונדערס דעם געדולדיקן שר זייַנעם צודערציילן פון דעם „ביעלאַוווסקע פּאָלק״, ווי אַזוי זיי זייַנען אַלע נעבעך אויסגעקאָסעט געוואָרן אין דער סאַמע ערשטער שלאַכט מיט די דייטשן און עסטרייכער און די מאַדיאַרן... חיים שבת פֿאַלט צו צו זייַן שר מיטן גאַנצן און אייביקן הונגער אין זייַן מויל, אויף זייַן צונג און אין זייַן לייב און נפש צו רעדן, צו רעדן און צו שמועסן אָן אַ סוף... ער האָט גאָר אינגאַנצן פֿאַרגעסן, חיים שבת, אַז ער איז שוין געשטאָרבן...

טעמעלע האָט שטאַרק געוויינט ביי איר מאַנס אָפֿענעם קבר. פּונקט אַזוי האָט איר מאַמע געוויינט און געבראָכן אירע הענט ביים טאַטנ׳ס קבר. די טאַכטער געניסט פּיזישע תאווה ביים „אַקט״ מיט איר מאַן ווי איר לייבלעכע מאַמע האָט פֿרומערהייט גענאָסן דעם „אַקט״ מיט איר מאַן, ווּעמען גאָט, צום גליק אָדער אומגליק, האָט איר באַשערט פֿון הימל אויס, כאָטש ער איז געווען באַרבאַר און דעספּאָט. חיים שבת איז קיין טיראַן קיינמאָל אין זייַן לעבן נישט געווען. נייערט ער איז יאָ געווען און אויף תמיד שוין פֿאַרבליבן אַ שלימזל, אַ דאָן קיכאָט, אַ ראָמאַנטיקער, אַ דיכטער, אַ וואָרער משוגענער און אַ קינד... כאָטש ער איז געווען אַלט מיט צייט און מיט יאָרן, איז ער געשטאָרבן — אַ קינד...

און, דאָס איז געווען טעמעלע׳ס לעצטער און גרויסער געוויין אויף איר מאַנ׳ס קבר. אַ געוויין — ממש אַ מאַכטיק מייסטערווערק. מער אין איר גאַנצן קומענדיקן לעבן וועט זי נישט קענען וויינען און יאָמערן מיט אַזאַ עלעמענטאַרן כוח. דאָס דאָזיקע מענטשלעכע, מוטערלעכע און ווייבלעכע געוויין האָט געוואַרט אין איר בלוט, אין איר גאַנצן לייב און נפש, דורך אַ לאַנגען לעבן כדי איצט אַרויסצוברעכן פֿון איר צעבראָכן פֿלייש ווי אַ פֿינצטערער נאַטור־עלעמענט, ווי אַ שוואַרצער און אַ מורא׳דיקער שטורעם. און ווען מען האָט די הילצערנע טרונע מיט חיים שבתן אַרונטערגעלאָזט אין קילן קבר אַריין און מען האָט איילנדיק אָנגעהויבן צו וואַרפֿן דערויף די אייזערנע לאָפּעטעס מיט שטיקלעך פֿאַרגליווערטע ערד, איז פֿאַר טעמעלע׳ס אויגן שוואַרץ געוואָרן די גאַנצע וועלט...

אָבער נישט בלויז טעמעלע און די סאַמע נאָענטסטע האָבן געוויינט. אין דרויסן האָט גערעגנט. און דער רעגן האָט אויך אַרייַנגעוויינט אין קבר אַריין. ערגעץ דורך אַ שפּאַרונג פֿון דער הילצערנער טרונע האָט אַ טראָפּן רעגן, ווי אַ טרער, אָנגערירט דאָס געשטופּלטע פּנים פֿון חיים שבת... און דער דאָזיקער טראָפּן רעגן, אַזוי ווי שאַמפּאַניער, איז געווען זיס צו זייַן גומען... וואָרים עס איז געווען דער סאַמע לעצטער אָנריר פֿון דער לעבעדיקער נאַטור אויף זייַנע טויטע ליפּן... און עס האָט זייַן קיל פּנים אַזוי ווי אויפֿגעשמייכלט אין זייַן לעצטן און זשעדנעם אָנריר מיט גאָט׳ס ערדיש־וווּנדערלעכן רעגן...

## „גאָט האָט אַלט געמאַכט מיין פליישׂ"

ביי די גוים איז דער משוגענער ירמיה באַטראַכט געוואָרן ווי אַ שטיקל הייליקער. אין זיין וויסטער מרה־שחורה, בשעת די הייסע טעג פון חודש תמוז, ווען דאָס געטלעכע משוגעת פלעגט אים ווילד און פיבעריש באַפאַלן, פלעגט דער משוגענער ירמיה זיך דווקא עפּעס אַרומדרייען אַרום דעם קאַטוילישן קאָשטשאָל, וואָס איז געשטאַנען נאָענט צו דער ווייכסל, אַוועקגעשטעלט אויף אַ באַרג, הויך אַריבער אַלע הייזער פונם שטעטל. אינעווייניק, אין דער קריסטלעכער טומאה, בין איך נאָך קיינמאָל נישט געוועזן. אַ אידיש אינגעל אין פוילן האָט מורא געהאַט אַהין אַריינצוגיין. דאָס האָט געשמעקט מיט טויטלעכער סכנה. נאָר אין דרויסן פלעג איך שטיין און באַטראַכטן די שיינע, מאַסיווע געביידע, וווּ עס וווינט אונדזער איינזאַמער ברודער יוסף פאַנדרע. דאָס איז געווען עפּעס אַ געהיימנישפולער טעמפּל פון אַ פרעמדן, נישט־צוטריטלעכן גאָט. אייגנטלעך צו אַ גאָט פון שנאה. ווייל ווי אַזוי אַנדערש האָט אַ אידיש קינד געקענט פילן צו דער קריסטלעכער רעליגיע, צו אירע גייסטיקע פאַרשטייער, צו די גלחים, וואָס האָבן געהעצט אויף אידן און זיי האָבן געהאָלפן דאָס פויערטום און די כוליגאַנעס פון שטעטל אַדורכצופירן בלוטיקע פּאָגראָמען אויף די קליינע, אָרעמע און צו דער ערד־געבויגענע שכנים וואָס האָבן טויזנט יאָר צייט געלעבט אויף פוילישער ערד. מיר איז אָבער געפעלן דאָס ריינע, זיידענע גראָז אויף די לאָנקעס אַרום דער קירכע וואָס פרומע און געטרייע הענט האָבן געפלעגט. מיר זיינען געפעלן די פוילישע דזשיאַדעס, די צעבראָכענע בעטלערס, די פאַרקריפּלטע עקסטאַטיקער, די קרומע היסטעריקער, די זינגערס און שפּילערס, די אַלע פילפאַרביקע געשטאַלטן, מיט גרויסע בערד, וואָס האָבן אויסגעזען ווי קריסטלעכע הייליקע, מאַרטירער און אַפּאָסטאָלן אויף די אין אויל־געפאַרבטע מאָלערייען, קאָפּירט פון רענעסאַנס־בילדער, אַזוי ווי זיי וואָלטן אַרויסגעגאַנגען פון די ראַמען, זינט יאָרהונדערטער אַרעסטירטע, און זיי וואָלטן אַן אַטעם געטאָן מיט פוילנ'ס פרישער לופט און פוילישן ווינט. איך האָב געשפּירט די נשמה פון פוילן אַרום דעם קאָשטשאָל. מיך האָט דאָך פון קליינערהייט אָן געצויגן צו קאָליר און צו מאָלעריי. דאָ איז געווען רייכער אויסגאָס פון נאַציאָנאַל־פוילישע קאָלירן. פוילישע קיסרים זיינען געווען צווישן די בעטלערס. פוילישע געשיכטע האָט דאָ בונט געווייעט. אין אַ חגא־טאָג פלעג איך שטיין אין געסל און אָבסערווירן די אָנקומענדיקע פויערים פון די אַרומיקע דערפער. זיי פלעגן פּאַראַדירן מיט זייערע אויסגעשלייערטע וויבער, טעכטער, באָבעס און זויג־קינדער. דער ברייטער המון פלעגט זיך באַלד אָנ'שיכור'ן. רעליגיעזער עקסטאַז גייט שטענדיק צוזאַמען מיט ווילדער אָרגיע, מיט פּאָגראָם און מאַסן־משוגעת. די וויינשענק, די ביר־שענק, די גוי'אישע קרעטשמעס זיינען פול געוואָרן מיטן גראָבן פאָלק פון וואַלד און פעלד. פויערים האָבן געזשלאָקעט קופלעס ביר,

פאַרביסן מיט קעלבאַס און סלאָנינע. הענט האָבן געפּליקט ווייכע שטיקער פון די בייכער פון ברויטן און פון בולקעס. פויער'ל האָט מיטגעבראַכט פוילישן וואַלד אויף די פּלייצעס. פויער און בוימער האָבן געטרונקען און געזשלאָקעט ווײַן צוזאַמען.

איך געדענק ביים ראָג פון אונדזער געסל אַזאַ ווינשענק. גויים פלעגן זיך צעשלאָגן און זיך צעשניידן דאָס לייב מיט מעסער. דער אייגנטימער איז געווען אַזאַ פעטער קעלבאַסניק, אַז ער האָט טאַקע יינגערהייט גע־פּלאַצט. ער איז געווען פעט ווי אַ חזיר און אָנגעבלאָזן ווי אַ באַלאָן. מיט אַלע פויערים פלעגט ער יעדעס מאָל אויסטרינקען אַ הויכע קופּלע ביר און פאַרשמירן די וואָנסעס מיט שנייאיקן שוים. מיט זיין גאַנצער אומגע־הויערער מאַסע פלייש האָט מען אים באַגראָבן אין דר'ערד פון גויאישן צעמענטאַזש.

די באַוועגונג פון דעם שיכור'ן פאָלק איז אַוודאי נישט געווען קיין אויסנאַם אין מיין שטעטל. שפּעטער האָב איך געזען דאָס זעלבע ערב־רב בשעת די קערמעסן אין פלאַנדריען. דאָס פלעמישע פאָלק איז געווען פאַרקאָכט אין תאווה'דיקע פאַרגעניגנס געגנוי ווי דאָס פוילישע פאָלק. ברויגלס און רובענס האָבן געקענט זייער פאָלק און עס גהינום'דיק פאַר־אייביקט אויף זייערע בילדער, און בונטע סצענעס פון תאווה, פון פרעס און זויף.

עס איז געווען אין פשוטן פויערטום קלאָר און כאַראַקטער. אָבער קיינמאָל נישט קיין פריינטשאַפט צו אידן. קיין שום וואַרעמקייט צום טויזנט יאָריקן אַלטן שכן. אַלץ איז געווען פרעמד און פיינטלעך צום איד, וואָס האָט געהאַנדלט מיטן גוי, אָבער האָט געהאַט זיין אייגענעם לאַנד און תנ"ך, זיין אייגענעם גאָט און אידישן הימל, זיינע אייגענע שטערן און זיינע אייגענע אבות און מלאכים.

דעם משוגענעם ירמיה, אין זיין צעהיצטער פאַנטאַזיע, האָט עס אפשר געצויגן צו די קלאָגעדיקע בעטלערס, צו די טרויעריקע און מולטי־קאָלירטע געשטאַלטן פון פוילישן פאָלקלאָר. צו די אָרעמעלייט, געהיימ־נישפולע וואַנדערער און פרינצן פון מעשה און לעגענדע. איז ער דאָך אַליין געווען אַ פילפאַרביקע געשטאַלט וואָס האָט אונטער דער מאַסקע פון משוגעת זיך דערוואָרבן אַ געוויסע פרייהייט און געפּרווט ברעכן די מאָנאָ־טאָניע פונם שטעטל. אַ איד איז געווען געפאַלן און קליין אין דער ראַם פון דער קריסטלעכער סביבה. אָבער אַ משוגענער האָט געהאַט זיין רעכט און זיין פרייהייט. ער פלעגט זיך דווקא קריגעריש אַוועקשטעלן ביים טויער פון קאָשטשאָל און אויפהייבן אין דער הויך זיינע אָקטיאָרישע הענט, וואָס זיינען געווען גרימירטע ווי פּנימער פון שוישפּילערס, און אויסשרייען מיט אַ הויכן קול, דאָס פּנים פאַריסן צום הימל:

— די גאַנצע ערד איז דאָס בלוט און פלייש פון גאָט. און אַלע פעל־

קער וואָס אויף דער ערד, זיינען הייליקע. גאָט האָט ליב אַלע פעלקער. ווער עס פאַרגיסט מענטשלעך בלוט, זאָל ווערן פאַרשאָלטן פון גאָט!

די פאַנאַטישע פויערים און פויערטעס, הונגעריקע נאָך קריסטלעכן נס און רעליגיעזער אַנטפּלעקונג, האָבן זיך גע׳צלמ׳ט און געקניט פאַרן דאָזיקן איד וואָס איז אַ ברודער צו זייער משיח און זעט טאַקע אויס ווי ער... קיינער פון זיי האָט נישט געוואַגט אָוועקצוטרייבן דעם באַזעסענעם איד פונם טויער. ווער טאַקע איז דען געווען מער ענלעך צום נאַזאַרענער ווי דער דאָזיקער אָנגעצונדענער איד, וואָס האָט מיט זיינע בלויע אויגן און פלאַמיקער באָרד פאָרגעשטעלט זייער פרינץ, דעם לעבעדיק־געוואָרענעם גאָט, מישטיינס געזאָגט, ווי ער האָט זיך אַרומגעדרייט אַן אָנגעצונדענער אויף די ברעגעס פון די טייכן אין ארץ־ישראל און ער האָט, מכלומרשט שפּייזנדיק דאָס ערב־רב מיט לאַכמעס ברויט און מיט טראָפּנס האָניק, פאַנאַנדערגעוואָרפן די הייסע קערנדלעך און צעבלאָזן די פלאַמען פון אַ נייער רעליגיע פון מכלומרשטער ליבשאַפט צו די אָרעמע מענטשן און רחמים צו דער מענטשהייט... און זינט דעמאָלט האַלט מען אין איין שעכטן און מען טייטעט און מען פירט אָן בלוטיקע מלחמות — אין נאָמען פון קריסטנטום...

איך געדענק ווי דער משוגענער ירמיה האָט איינמאָל באַגלייט אַ שיינע, פול־ברוסטיקע פרוי איבערן שאָסיי פון דער לובעלסקי גאַס, דורכן גאַנצן שטעטל. די פרוי איז געקומען פון דאָרף, איבער דער בריק. זי האָט עפּעס אַן איינזאַמע שפּאַצירט אונטער די געדיכטע ביימער פון ביידע זייטן שאָסיי. אַ צאַרטע און אַ שטראַלנדיקע פרוי, דעם קאָפּ אירן פאַרבונדן מיט פוילישע בלומען און מיט בעז. זי איז אַרויסגעגאַנגען ווי אַן איקאָנע כדי צו אָטעמען פרישע, פוילישע לופט און צו הערן פוילישע פייגל זינגען. איבערן לאַנד איז געשטאַנען אַ גאָלדענער טאָג — ממש אַ מייסטערווערק פון גאָט׳ס שפּייכלער פון טעג... און אַזוי ווי די בלייכע און שלאַנקע פרוי, אַזוי ווי פון אַ געהיימנישפולע, פּרעכטיקע נאָוועלע אַרויס, שפּאַצירט זיך איבער דער גאַס, קומט פּלוצלינג אָן דער משוגענער ירמיה. ער גייט די גאַנצע צייט מיליטעריש אויסגעשטרעקט און קאַוואַלעריש ביי איר זייט און ער רעדט אַריין אין אירע קליינע אויערן מיט זיין אָנגעצונדענעם לשון. ער לויבט איר ווייבלעכע שיינקייט. ער דערציילט איר אַז מיצקעוויטש האָט ליב געהאַט אידן. ער פרעגט איר צי זי ווייסט ווער יאַנקעל דער צימבאָליסט איז. און אַז צו די אידן געהערט דאָס פוילישע לאַנד פונקט אַזוי ווי צו די גויים. אַז אויב די פּאָלאַקן וועלן מאַכן פּאָגראָמען אויף אידן, וועט גאָט אויסגיסן זיין צאָרן ווי אַ קעסל מיט פייער אויף די קעפּ פון די פּאָלאַקן. די דאַמע איז נעבעך געוואָרן בלייך ווי שניי. די דאַמע איז דערשראָקן אין איר האַרץ. און ווען זיי קומען צו צו „אַלברעכט׳ס גאָרטן״, פאַרנויגט זיך פאַר איר גאַלאַנט דער משוגענער ירמיה, מעשה שלאַכטשיץ... די פרוי שמייכלט אַ דערלייזטע. נעבן איר זייט איז געגאַנגען אַ אידישע שרפה. אַ

איד ווי דער משוגענער ירמיה האָט געבענקט נאָך פּוילישן סאַלאָן. נאָך ראָמאַנטישע דאַמע. אין קאָסטיום פון וואַנזין קען ער זיך דערלויבן צו גיין ביי דער זייט פון אַ גרעפין. שפּאַצירנדיק מיט דער דאָזיקער פּוילישער פרוי האָט דער איד פון געטאָ, דער טרוימער פון שטעטל, אויסגעדריקט זיין אייגנטלעכע וועלט־בענקשאַפט און וועלט־טרוימעריי... משוגעת עפנט טיר און טויער פון דער וועלט. פאַרשאָלטן און פאַר׳משפט פון דער געזעלשאַפט ווי אַ קרעציקער, קען ער כאָטש זיין נאָענט צו ראָמאַנטיק, סענסאַציע, קאַרנאַוואַל און פּראָצעסיע.

איינמאָל אין אַ טאָג גייט אַ שטייפער, פּוילישער קאַפּיטאַן מיט זיין לאַנגע, מיטלאַלטערלעכע שווערט ביי דער זייט און מיט זיין דינעם ראַפּניק אין זיין רעכטער האַנט. די זון שלאָגט זיך גאָלדן אָן אין די מעטאַלענע קנעפּ פון זיין שטייפן מונדיר. פון קאָפּ ביז צו די פיס איז ער דעקאָרירט און באַהאָנגען מיט פּילקאָלירטע טאַשמעס און שמאָכטעס. ער טראָגט אויף די אַקסלען שטייפע עפּאָלעטן מיט מעשענע אותיות. ער איז אָנגעטאָן אין כלעריי מעטאַלענע שטייפקייטן. אידן אין שטעטל האָבן כל־ימיו געווייכט פון אַ מיליטער־מאַן, פון אַליאַדע סטראַזשניק. אידן האָבן תמיד געזוכט אויסצומיידן דאָס אָרגאַניזירטע שלעכטס, די רוצחישע און פאַריסענע מאַכט אינם פאַנצער פון קופּער און פון אייזן. גיי אַריין אין היסטאָרישן מוזעאום און קוק אָן די פּוסטע גאַווה פון די אַלע מצרישע, בבלישע, גריכישע און רוימישע קריגערס און מלחמה־העלדן. די אידן האָבן מיט זיי אַלע געהאַט צו טאָן אין פאַרלויף פון זייער אוראַלטער געשיכטע. אידן האָבן זיך מיט זיי געשלאָגן אין וואַלד פון געשיכטע. זיי אַלע האָבן פאַרגאָסן אומשולדיק אידיש בלוט. עס איז אַן אוראַלטער חשבון מיט גויאישע היסטאָריע, וואָס אידן האָבן אָנגערירט זינט די עלטסטע צייטן אָן. אידן האָבן אייביק געזוכט ווי ווייט מעגלעך נישט צו פּראָוואָצירן קיין גוי. תמיד אין פינצטערן און וויסטן פּחד, ווי איינגעבעטענע, ווי קוים־מיט־צרות טאָלערירטע, ווי אייביק לעבנדיק אין שאָטן, אין דער פינצטערער נאַכט פון געטאָ, אונטער פאַרשלאָסענע טויערן און ריגלען פון ענגע געסלעך, איינגעהויקערטע און געבוקטע, כדי נישט צו זיין גרויס אין די אויגן פון המון...

און בשעת עס גייט אַזוי דער דאָזיקער פאַריסענער און שטאָלצער קאַפּיטאַן מיט זיין אייזערנער שווערט וואָס באַמבלט זיך ביי זיינע פיס און אין דער האַנט דעם ראַפּניק מיטן מעטאַלענעם עק — ווער מיינט איר דערנענטערט זיך פּלוצלינג צום גרויסן אַדון? אַוודאי. דער משוגענער ירמיה. צוקומענדיק נאָענט צום קאַפּיטאַן טוט ער זיך אַ שטעל אַוועק אין אַ מיליטערישער פּאָזע אויף „באַטשנאָשטש״ און סאַלוטירנדיק פאַר אים מעשה אָפיציר, הויבט ער אָן אַזוי שטרענג צורעדן מיטן גדול, אַז ער האָט שיעור נישט געקרוגן די ניכפּה. ער מאַכט פון אים פּשוט חוזק. עס האָט אויסגעזען ווי אַנטקעגן דעם צאָרנדיקן צעזאַר מיט זיינע פון קאָפּ ביז צו

די פיס באַוואָפנטע לעגיאָנען שטייט עפּעס אַ פּראָסטער איד וואָס קרימט אים נאָך און לאַכט אויס זיין מיליטערישע שטייפקייט און פאַרוואַנדלט אים אין אַ נאַרישע קאַריקאַטור. עס קומט פאַקטיש פאַר אינם דאַזיקן צוזאַמענטרעף אַ מאָדנער געראַנגל צווישן צוויי סאָרטן וועלט־אַנשויאונגען, צווישן צוויי טיילן פון דער מענטשהייט... דאָס איז געווען אַן אַרויסרוף צום פּוסטן, רייך־מונדירטן סאָלדאַט, וואָס באַזיצט נישט מער ווי מכלומרשטע מאַכט, וואָס דויערט אַ מאָמענט בלויז אין דער וועלט־געשיכטע. דאָס האָט אַ „פאַרעכדיקער״ איד געוואָגט פרעך אַרויסצורופן אויף אַ דועל פון וואָרט, וויץ און פאָמפעזע פאָזע דעם אוראַלטן, מאַכט־גיריקן מושל. אונטער מאַסקע און מאַנטל פון משוגעת האָט עפּעס אַ נידעריקער איד זיך פאַרמאָסטן ציניש צו רעדן צום ערשט־אויפגעקומענעם אָפּיציר וואָס האָט ערשט נישט לאַנג צוריק פאַרטוישט זיין עסטרייכישן מונדיר אויף אַ ניי־פּוילישן. דאָס האָט געוואָגט איינער, אַן אין שמאַטעס געהילטער, וואַנזיניקער איד חוזק צו מאַכן פון דעם באַמבאַסטישן שפּיל אין מאַכט, אין פּאָליטיק, אין מלוכה, אין אָנשטעל און פּוסטע פּאָזע פון אַ ניי־אויפגעקומענע מאַכט וואָס גייט אין די אַלטע היסטאָרישע וועגן פון רויב, מאָרד און פּאָגראָם...

— איך, דער אייביקער איד, אָנגעטאָן אין צעפליקטע מלבושים, מיט ווונדן אויף מיין אידיש־צעשלאָגענעם לייב, איך בין אייביקער ווי דו, חוצפּה׳־דיקער און פאַריסענער קאַפּיטאַן, געצירט אין קעניגלעכע קליידער, אין גלאַנציקע קנעפּ און מיט אייזערנע וואָפן באַוואָפנט... מיין פאָלק האָט איבערגעלעבט אַלע אייערע אימפּעריעס און קעניגרייכן. אונדזערע נביאים האָבן געזען און געוויגן אייערע בלוטיקע מעשים און זיי האָבן אייך געפונען שולדיק און פעליק. און די האַנט פון הימל האָט אויף אייערע פּאַלאַצן־ווענט געשריבן דעם גזר און דעם סוף פון די קעניגן, פון די פירשטין און פעלקערשאַפטן וואָס פאַרגיסן אומשולדיק בלוט...

איינמאָל האָט געטראָפן אַז ווען אַ אידישע משפּחה איז געזעסן ביים טיש פּסח ביינאַכט, צום ערשטן סדר, און פול איז אָנגעגאָסן געוואָרן מיט זיסן וויין דער גאָלדענער בעכער לכבוד אליהו הנביא, דער אייביקער שטראַלנדיקער גאַסט אין מיליאָנען אידישע הייזער און היימען, און ווען מען האָט געעפנט די טיר, די טיר אין דער גרויסער, בלויער און פרילינגדיקער נאַכט אַריין, און דער פאַרבאָרגענער נביא האָט זיך געדאַרפט באַווייזן מיט זיין הערלעכער, אָבער אומזעבאַרער געשטאַלט, וואָס איז דורך אַזוי פיל דורות אַזוי געוואַלטיק באַליבט פון קינד־און־קייט, אין דעם דאַזיקן מאָמענט האָט פּלוצלינג אַריינגעשלייכט מיט אַן אַנטשלאָסענעם אויסדריק אויפן פּנים דער משוגענער ירמיה. אַלעמען איז באַפאַלן אַ שרעקלעכער פּחד. שטאָלצערהייט גייט מיט געלאָסענע טריט צו דעם יום־טובֿ׳דיק־געדעקטן טיש דער משוגענער ירמיה, וואָס איז ווי אויסגעוואַקסן צו אַ קעניגלעך געשטאַלט. ער גרייפט אין זיין געלער, צעשלאָגענער האַנט דעם

פולן, קעניגלעכן בעכער מיט ווייַן און ער טרינקט אים איינגאַנצן אויס, נישט איבערלאָזנדיק אויפן דנאָ אַפילו קיין איינציקן רויטן טראָפּן ווייַן... ער טרינקט ביזן לעצטן טראָפּן ווייַן אליהו הנביא'ס בעכער... שפּעטער קוקט ער זיך אַרום אין שטוב. קוקט אָן שטאָלץ אַלעמענס שטויגענדיקע פּנימער. ער בוקט זיך פּאַר זיי מיט אַ שמייכל און ער מאַרשירט אַרויס מאַיעסטעטיש אין דער נאַכט אַרייַן... אַלע מענטשן בלייַבן זיצן פאַר־ציטערטע...

דער משוגענער ירמיה האָט, אָן אַ שום צווייפל, ווייל געוווּסט פון זייַן ראָלע אין שטעטל. ער האָט זיך באַוווּסטזיניק געהאַלטן, אין זייַן כאַלוצי־נירטן צושטאַנד, ווי אַ נאַציאָנאַלער העלד, ווי אַ נביא און אַ שליח פון העכערע אינסטאַנצן. ער האָט אויסגעפעלט צום סדר, צו דער שלימות פונם שטעטל. ער האָט צעשמעטערט די מאָנאָטאָניע פון לעבן. און ווען אידן זיצן באַקוועם מיט זייערע גרויסע משפחות ביי זייערע סדרים, ווען אידן זייַנען געקרוינטע מלכים, ווען זייערע ווייבער זייַנען געקרוינטע קייסערינעס, ווען אידישע קינדער זייַנען פּרינצן און פּרינצעסינס — פאַרוואָס זאָל דווקא ער, דער געפּאַטשטער און געפּלאָגטער, דער פאַרשאָלטענער איד, אַרומוואַנדלען און אַרומלאָנדזשען אין דער פרי־לינגדיקער נאַכט פון פּסח, אָן אַ היים, אָן אַ יום־טוב'טיק געדעקטן טיש, אָן אַ קעניגין? איז ער דען נישט פּונקט אַזוי ראוי ווי דער הייליקער אליהו הנביא צו טרינקען דעם גאָלדענעם בעכער ווייַן? צי נייטיקט ער זיך נישט פּונקט אַזוי ווי דער נביא אין אידישער ליבשאַפט, נחת און יום־טוב?

ווען דער משוגענער ירמיה פלעגט צוריק מיושב ווערן, אין די הערבסט־טיקע חדשים, צו ראש השנה צו, איז ער געווען אַ געווייַנלעכער איד, אין אַ לאַנגע און פרומע קאַפּאָטע, מיטן קליינעם, רונדיקן היטעלע אויפן שפּיץ קעפּל, ווי די פּוילישע אידן פלעגן טראָגן. ער האָט איצט געהאַלטן פאַר־שלאָסן זייַנע ליפּן. ער האָט איצט מורא'דיק און פינצטער געשוויגן, אין שטאַרקן קאָנטראַסט צו זייַן פריערדיקער, שטורעמדיקער ראָלע און צום מבול מיט רייד וואָס האָט תמיד זיך געריסן פון זייַן וואַנזיניקער צונג. ער איז איצט געווען פאַרגראָבן און פאַרטיפט אין זיך. איינגאַנצן פאַרשטומט און צעלעכערט. פון יסורים, פון חרפה און פון איינזאַמקייט אַ פאַרשטיי־נערטער. ער פלעגט אַמאָל אַרבעטן ביים וועג. האָט געקלאַפּט שטיינער מיט אַ האַמער. האָט געטראָגן וואַסער אין ווינטערדיקע שנייען און פרעסט. האָט אָנגעהאַקט האָלץ פאַר אידישע היימען. האָט שווער געאַרבעט ביי כלערליי גראָבע און שוואַרצע אַרבעטן. דער שטעטלדיקער קברן פלעגט אים אָפט באַשעפטיקן ביים צורעכט מאַכן קברים און ביים איבערגראָבן די ערד און רייסן דערנער פונם גראָז. ער האָט געטריי מפרנס געווען זייַן אַלטע מוטער. אַרום הערבסטצייַט פלעגט ער פלייסיק אַרומבעטן די ווענט פון זייַן אָרעמער כאַטקע מיט געלע בלעטער, וואָס פלעגן פאַלן פון די אַרומיקע

ביימער. ער איז איצט געווען אַ שטילער איד, וואָס היט אָפּ יעדן טאָג דאָס דאַווענען מנחה און מעריב אין בית המדרש. ער האָט געטראָגן אַ טלית־קטן מיט לאַנגע ציצית. ער פלעגט אַרומגיין אין די זייטיקע געסלעך ווי אַ שאָטן. מיט אייביקן פּחד אין זיינע אויסגעלאָשענע אויגן...

דער משוגענער ירמיה איז איצט געווען אַן אַנדערער מענטש. אַ פאַרענדערטע געשטאַלט. איינמאָל אין אַ פאַרנאַכט איז ער אַריינגעקומען צו אונדז אין שטוב כדי צו בעטן אַ נדבה. איך בין געווען איבעראַשט פון זיין שרעק, פון זיין שטומקייט, פון זיין קאַלטער בלייכקייט און פון דער געפאַלנקייט פון זיין עקזיסטענץ. אויסגעלאָשענע זיינען איצט געווען זיינע אַמאָל ברענענדיקע אויגן. אויסגעלאָשן דאָס ווילדע פייער אין זיין האַרצן. צעבראָכן די העלדישע פּאָזע, דער צעזאַרישער זשעסט, דער טריאומפאַלער שטעל. די מאָנומענטאַלע פיגור איז איצט געווען צעקלאַפּט און צעשמעטערט ווי אַ מאָנומענט נאָך אַ מלחמה. עס איז איצט פאַר אונדז קוים געשטאַנען אויף זיינע ציטערנדיקע פיס אַ קליינער, שלאַבעריקער איד. אַ געפאַלענער און פאַרשעמטער מענטש. אין אַלע זיינע העלדישע געשטאַלטן און פּאָזעס איז דער איד נישט געווען אַזוי פּאַטעטיש ווי איצט. איז דאָס דער אַמאָליקער משוגענער ירמיה, וואָס האָט באַזעסן אומגעווייגלעכע כוחות פון אַ נאַטור־עלעמענט? איז דאָס יענער שטאָלצער און אָנגעצונדענער איד וואָס האָט דערקלערט מלחמה דער גאַנצער שטעטלדיקער געזעלשאַפט? וואָס האָט אין רעגן און ווינט, אין געבליץ און געדונער, זיך קיינמאָל נישט צוריקגעצויגן פון דער גאַס, פון אָפענעם פּלאַץ פון געפעכט, פון דער גרויסער אַרענאַ, פון דעם אמפיטעאַטער, ווו ער האָט געפאָכטן מיט אַ וועלט ממש און גלאַדיאַטאָריש פאַרבלוטיקט?

איך האָב זיך דערנענטערט צו אים, כדי אויפמערקזאַם אָנצוקוקן זיין פּנים. עס איז געווען אַזוי ווי אַן אַקטיאָר, וואָס האָט אין אָוונט פון זיין לעבן, נאָכן פאַלן פונם גאָלדיקן פאַרהאַנג, אויסגעטאָן אַלע זיינע קאָסטיומען, אַלע מאַסקעס און פנימער, אַלע זיינע פרימיטיווע און ראַפינירטע גרימאַסן, און אָן דעם פראַזשעקטאָרישן ליכט, אָן דעם טעאַטער־עקסטאַז, אָן דעם אַפּלאָז און ענטוזיאַזם פונם פובליקום, אָן דעם שפּיל פון פרעמדע, טראַגישע און שטורמישע לעבנס און שיקזאַלן אין אים און אַרום אים, איז ער געווען אַ פאַרלוירענער, אַן אויסגעלאָשענער ווולקאַן, אַ קראַטער וואָס חושכ׳ט. יענע מעכטיקע און אייזערנע האַנט, וואָס האָט זיך געהויבן אין דער הויך אַזוי ווי צעזאַר׳ס באַפעלנדיקע האַנט צו מיליאָנען, ווי די האַנט פון דעם פאַריסענעם הערשער פון אַן אימפּעריע, האָט זיך איצט בעטלעריש און שמאַטעדיק אויסגעשטרעקט נאָך אַ נישטיקער נדבה, נאָך אַ קופּערנער פּרוטה. דאָס איז שוין געווען די האַנט פון אַ צעשלאָגענעם בעטלער, אָן דעם שם המפורש אונטער דער צונג. ווען מען פלעגט אים שוין יאָ אַמאָל שענקען אַ זילבערנע מטבע, אַ גילדן, פלעגט ער שנעל אָוועקכאַפּן די האַנט און אַ

מורמל טאָן: „ווייס געלט נעם איך נישט". מיט „ווייס געלט" האָט ער געמיינט זילבערנע געלט. שווער צו זאָגן פאַרוואָס ער האָט זיך געשראָקן פאַרן „ווייסן געלט". גענומען האָט ער בלויז קופּערנע געלט, אַ גראָשן, אַ פּרוטה...

שוין אין יענע יאָרן, ווען עס האָט זיך אין מיר אָנגעצונדן די נייגעריקייט פון דעם שפּעטערדיקן שרייבער, האָב איך אַריינגענומען אין מיר זיין געשטאַלט, סיי פון די טעג פון זיין מכלומרשטער גדולה, פון זיין מי־שטיינס געזאָגטער דערהויבנקייט, סיי פון זיין געפאַלנקייט. בלויז אין זיין אָן־פּשרה'דיקן רעוואָלט האָט דער משוגענער ירמיה געקענט גלאַנצן און מאַכן שטעטלדיקע געשיכטע, פאַרוואַנדלען דאָס שטעטל אין אַ טעאַטער. אַלס געוויינלעכער בירגער, אויפן פּאָן פון דעם דלות און אָרעמקייט פון די צעבויגענע און אויסגעקרימטע געסלעך, איז זיין ראָלע געווען אַ נוצלאָזע, גלייך צו נול. ער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן צו אַ פינצטערן שאָטן. קליינשטעטלדיקע באַפּעלקערונג האָט אים איגנאָרירט, ווי אַ מת.

אין שטעטל איז געווען אַ פּאָפּולער פּאָרפּאָלק, אברהם און זיין טאָכטער חנה־פּעשע. חנה־פּעשע איז געווען אַן אָרעמע בעטלער־מויד, מיט צעפּלאָשעטע רויט־האָר, וואָס פלעגט אויסליגן מיט שקצים און מיט גנבים אין די הויכע קאָרנפעלדער, בשעת איר הויכער און געשטאַלטנער טאַטע פלעגט גיין איבער דער מדינה. ווען עס פלעגט רעגענען, פלעגט פון זיין רויטער באָרד טריפן און טראָפּיען מיט וואַקס ממש. מיט דער דאָזיקער חנה־פּעשע, אָדער פּעשע די רויטע, ווי מען פלעגט זי רופן, האָט מען אין איינעם אַ טאָג חתונה געמאַכט דעם משוגענעם ירמיה... דאָס שטעטל האָט געזאָרגט אַז עס זאָלן נישט זיין קיין פאַרזעסענע מיידן און קיין אַלטע בחורים...

ווי שוין דערציילט, איז ירמיה געווען אין די „שטילע צייטן" אַ געטרייער און אַ געהאָרכזאַמער מאַן, וואָס האָט שטילערהייט און מיט אַ פאַרשעמטער, געבראָכענער האַנט געבעטלט. זייענדיק פּאַסיוו און צוריקגעצויגן, קליין ווי אַ שאָטן, דער סאַמע לעצטער פּערסאָנאַזש אין דעם שטעטל'ס געזעלשאַפטלעכן לעבן — האָט ער אָבער ווויל צוגעזען מיט אַ שאַרפן און בליציקן אויג וואָס עס קומט פאָר אין שטעטל. ער האָט אַלעמענס פּנימער געהאַט פאַרקריצט אין זיין אייזערנעם זכרון און פאַרשריבן אין זיין פאַרמעטענעם ספר פון געוויסן. ער האָט געוווּיגן און געשאַצט לעבנס און מעשים אויף זיינע אייגענע וואָגשאָלן. עס איז געווען קענטיק אַז אין די „שטילע חדשים" האָט זיך אין אים אָנגעזאַמלט אַ מאַסע ענערגיע, באַהאַלטענע קריינקונג, פינצטערער צאָרן און נקמה־געפילן צו די פּוסטע גבירים און מזרח־וואַנט־אידן וואָס האָבן זיך צו אים באַצויגן מיט באַליידיקונג, פאַראַכטונג און עקל. אין די צייטן פון זיין איינזאַמקייט האָט ער געציילט נפשות און גע'משפט די מעשים פון די האַרטהאַר־

ציקע און פֿאַלשע לייט, פֿון די אויסנוצערס און די בעלי־גאווה׳ניקעס. ווען עס איז מיט מזל אויסגעבראָכן ווי אַ שׂרפֿה דער הייסער חודש תּמוז, איז ער שוין געווען צייטיק צום קאַמף... ער איז שוין געווען באַלאָדן מיט כּעס און הייליקן צאָרן ווי אַ נביא. דעמאָלט האָט ער אָנגעהויבן הייס צו שעלטן, אָפֿן און אַקטיוו צו שטראָפֿן און צו פֿאַראַכטן. טויזנט דעמאָנען האָבן אים געטראָגן איבער די גאַסן אויף זייערע ברענענדיקע פֿליגל. ער האָט איצט אָנגענומען די שטאָלצע פּאָזע פֿון אַ גענעראַל, אַ מלחמה־העלד, וואָס פֿירט די אַרמייען מיט אָפּגעריסענע און אָפּגעשליסענע יאַטלעך אין שלאַכט אַריין. ער באַגייסטערט זיי מיט זיין העלדישן וואָרט און זשעסט. ער טראָגט זיי פֿאָרויס צו רום און צו כּבוד...

די מענטשן פֿון שטעטל, אַפֿילו די סאַמע אָרעמסטע און נידעריקסטע, די שוואַכסטע און אָפּטמאָל אויך די קינדער, האָבן אים איצט אויך אָנגעהויבן צו פּייניקן, צו באַליידיקן. זיי האָבן אויף אים געשפּיגן ווי אויף אַ קרעציקן. זיי האָבן דעם אומגליקלעכן ירמיה געשלאָגן. זיי האָבן נויטיק געהאַט דעם גלאַדיאַטאָר, דעם געשלאָגענעם פּרינץ. זיי האָבן זיך לוסטיק געמאַכט ווען מען האָט אים מיט ציגל צעקלאַפּט די אַקסלען. ווען מען האָט מיט מערדערישע פֿויסטן געזעצט אין זיין האַרצן און אין די לונגען. ווען מען האָט אונטערגעהאַקט זיינע אויגן און צעבראָכן די קינבאַקן. מען האָט אים מיט די פֿיס געטופּעט אין בויך אַריין. די מענטשן האָבן דאָך ליב צו זען, אַפֿילו ווען זיי אַליין זיינען אונטערדריקטע און באַליידיקטע, ווי דער נאָך שוואַכערער פֿון זיי ווערט פֿאַרפֿאָלגט, ווערט דערנידעריקט און ווי ער קאָרטשעט זיך אין ביטערע ווייטיקן...

די אָרעמעלייט און די בעטלערס זיינען זינט הונדערטער יאָרן געווען פֿאַרהאַסט אויף די חשובֿע און רייכע בעלי־הבתּים פֿון שטעטל. דער משוגענער ירמיה האָט פּאַקטיש אויסגעדריקט די שׂנאה פֿון דעם פּעבל צו זיי. צוליב דער דאָזיקער שׂנאה פֿלעגט ער אין זיין משוגע׳נעם צושטאַנד רעדן וועגן זיי אין אַ ביטערן לשון. אָפֿט פֿלעגט ער זיי אָנטאָן גרויס שאָדן. ער פֿלעגט אויסהאַקן די שויבן אין זייערע געשעפֿטן און אונטערצינדן זייערע הייזער. ער פֿלעגט זיי זידלען און מאַכן מיט בלאָטע צוגלייך. ער פֿלעגט זיך אויך אַוועקשטעלן ביי דער שול, שבת אין דער פֿרי, ווען אידן גייען צום דאַווענען, אָדער אַפֿילו ערבֿ ראש השנה און יום־כּיפּור צו כּל־נדרי, ווען די אידן פֿלעגן פֿרומע און גאָטספֿאָרכטיקע אָנקומען צו דער שול און צום בית המדרש, כּדי מתפּלל צו זיין צום רבונו של עולם. ער פֿלעגט עפֿענען אַ גהינום׳דיקע לאַנדשאַפֿט פֿון אידישע זינד און חטאים. ער פֿלעגט אַ מיש טאָן מיט זיינע פֿינצטערע הענט אין אַ ברענענדיקן קעסל ווו עס קאָכן זיך מענטשלעכע נשמות און אויפֿהויבן און אָפּדעקן נאַקעט מענטשן און גייסטער. ער איז געווען דער מאַן וואָס האָט אין שלאָפֿלאָזע נעכט געזען און זיך דערמאָנט דאָס לעבן פֿון זיינע לאַנדסלייט און איצט

איז ער געווען זייער מאַנסטערהאַפּט געוויסן. מיט אויגן וואָס האָבן זינט צייטן פּייערדיק אַדורכגעדרונגען און אַדורכגעבליצט דורך לייבער און קנאָכנס פון די שוואַכינקע מענטשעלעך. מיט אויגן וואָס האָבן אַדורכ־געקוקט מענטשלעכע שיקזאַלן אַזוי ווי מלאכים. בעלי הבתים האָבן אויפ־געציטערט און אויפגעשוידערט ווען זיי פלעגן הערן פון זיין פינצטערן מויל מעכטיקע פראַזן, אַרויסגערעדט מיט אַן אונמענטשלעכן קול און ווי זיי וואָלטן קומען פון קראַטערס פון פייערשפּייענדיקע ווולקאַנען:

— דו, פּנחס׳ל באַקצאַן, דו האָסט דיינע אייגענע, קראַנקע שוועסטערן באַ־רויבט און באַ׳גזל׳ט, כדי אָנצוזאַמלען גאָלד און מענטשלעך בלוט אין דיין קאַסע. דו האָסט זיי אויסגעטאָן מוטערנאַקעטע און ווי הורן פאַרקויפט אויפן מאַרק צו אַלטע און רייכע לייט.

— דו, בערל פּאָמפּ, דו האָסט אָנגעזעצט נדנ׳ים פון פּאַר׳יתומ׳טע און צעבראָכענע כלות, וואָס זיינען צוליב דיין ברודיקער נשמה פאַרזעסן גע־וואָרן און אויסגערונען פון קריינקונג. דו האָסט צוגענומען גאָלדענע חתונה־רינגלעך פון אָרעמע אלמנות. דו האָסט ווי אַ שיכור געטרונקען בעכערס מיט בלוט פון דיינע אָרעמע ברידער און שוועסטער. נאָך דיר און נאָך דיין געדעכעניש וועלן יאָמערן צעבראָכענע ווייבער, אלמנות און עגונות. אין גהינום וועסטו זיך אַ נאַקעטער באָדן אין שרפה׳דיקע טאָלן. דו וועסט פלאַקערן ווי אַ שטורקאַץ, פון ווינט צעריסן...

— און, דו יאָקעלע הויקער, דיין האַרץ איז האַרט אַזוי ווי אַ קיזלשטיין. אַזוי שטייניק־האַרט ווי עס איז דיין מורא׳דיקער הויקער אויף די קרומע פּלייצעס. דו וואָלסט געקענט צוקוקן ווי אַזוי אַ איד שטאַרבט פאַר אַ שטיקל ברויט און דו וואָלסט אים אַפילו קיין צעבויגענע פּרוטה נישט געשאָנקען כדי צו דערכאַפּן זיין הונגעריק האַרץ. דו ביסט אַן אַכזר און אַ רוצח. איך האָב געזען דיינע מעשים און דיך געפונען שולדיק. גאָט האָט דיך געוואויגן און געאורטיילט... דיין שטראָף הענגט פינצטער איבער דיין מוח ווי אַ שווערט פון אייזן און פייער...

אין אַזעלכע מאָמענטן פלעגט דער משוגענער ירמיה זיין ענלעך צו אַ נביא פון די פייערדיקע בלעטער פון תנ״ך. עפּעס פון אַ רעוואָלוציאָנערן טריביון וואָס שטורעמט אומדערשראָקן אַנטקעגן הערשער און טיראַנען און ער שליידערט דעם ברוטאַלן אמת אין די אויגן פון די מאַכטגיריקע און שטאָלצע לייט. עס איז קלאָר אַז די אַרויפגעאַרבעטע פּאַרוועניוס, דער קלאַס פון גאווה׳דיקע בעלי הבתים, האָבן נישט געקענט פאַרטראָגן אַזאַ שניידנ־דיקע קריטיק, אפילו פון די ליפּן פון אַ משוגענעם איד, געשליידערט אויף זייערע קעפּ, געוואָרפן צו זייערע פיס און אָנגעצונדן ביי זייערע אייגענע שוועלן און באַלקאָנען. זיי האָבן נישט געליטן וואָס ער צעברעכט די פענצ־טער פון זייערע געשעפטן און ער ציינדט אָן די דעכער פון זייערע שלאָף־צימערן. זיי האָט פאַרדראָסן וואָס ער ווייסט געגנוי ביי וועלכן גביר און פון

וועמענס געווועלב אַרויסצו׳גנב׳ענען סחורה און צו באַהאַלטן אין קעלער פון זיין שטוב. זיי האָבן נישט פאַרטראַגן וואָס ער ווייסט פון וועמען צו פאָדערן אַ נדבה מיטן האַרבן שטעל, נישט אָפּצוטרעטן. די גבירים פלעגן דעריבער אונטערשיקן נידעריקע ברואים, אונטערוועלט־פאַרשוינען, כדי אים צו שלאָגן. צוליב דעם וואָס דער אומגליקלעכער איז געווען אין אַ צושטאַנד פון כסדר׳דיקן עקסטאַז, האָט נישט געקענט שלאָפן דורך די נעכט און האָט זעלטן געגעסן אַ לייטיש מאָלצייט, איז ער געווען פיזיש אָפּגעשוואַכט און אויסגעמאַטערט. ער האָט זיך נישט געקענט אַנטקעגנשטעלן די היי־מישע רוצחים און די חיה׳שע שלעגערס, וועמענס הענט האָבן באַזעסן גע־וואַלטיקע שלאָגקראַפט...

איינמאָל בין איך געשטאַנען, ווי געוויינלעך, נעבן דעם משוגע׳נעם ירמיה. דאָס איז געווען נעבן אונדזער הויז, ביים גאַנעק מיט די צווי בליי־ערנע לייבן. דער משוגע׳נער האָט זיך אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט און האָט זיך פאַרקלערט, קוקנדיק צום אָנגעצונדענעם האַריזאָנט. איך האָב געוואָגט נענטער צוצוגיין צו אים. איך האָב אָבסערווירט פון דער נאָענט זיין צע־שלאָגן פנים. איך האָב תמיד גע׳חלומ׳ט פון דער מעגלעכקייט צו קענען אים אַמאָל באַטראַכטן פון גאָר נאָענט. צו שטיין פיזיש נאָענט פון דער דאָזיקער וויסטער ערדציטערניש פון אַ מענטש, פונקט ווי פליניוס איז גע־שטאַנען נאָענט צום אויסברוך פונם ווולקאַן. ער איז געשטאַנען אַ פאַר־טראַכטער און אַנגעלענטער אויף די ריזיקע לייבן. אפשר איז עס אויך געווען אַ מאָמענט פון קלאָרן באַוווסטזיין. ער האָט אַנגערירט דאָס מע־טאַלענע לייב פון די חיות מיט זיינע איינזאַמע הענט. עפּעס אַ גרויס געפיל האָט אַרויסגעשטראַלט פון זיין נפש. מיר האָט זיך געדאַכט אַז די לייבן זיינען געוואָרן וואַרם און לעבעדיק פון זיין מענטשלעכן טרויער און ווייטיק. פון זיין וואַרעמען, מענטשלעכן באַריר האָבן זיי אויפגעלעבט. מיטן פול־סירנדיקן פייער פון זיין האַרצן האָבן די חיות ממש אויפגעשטראַלט און אויפגעציטערט.

פלוצלינג איז פון המון אַרויס איינער אַ מאַן מיט אַ ציגל אין זיין רעכ־טער האַנט און ער האָט ירמיה׳ן אָנגעהויבן ברוטאַל צו קאַטעווען. עס איז גע־וואָרן אַ טומל. אידן האָבן געשריגן. דער משוגענער האָט געפּרוווט זיך ווערן, שרייען און צו אַנטלויפן. דער שלעגער, אייזיק׳ל דער פערד־גנב, האָט אים מיטן רויטן ציגל געזעצט אין האַרצן, אין בויך אַריין, איבער זיין שוין פאַרבלוטיקטן מוח. ירמיה האָט זיך באַגאָסן מיט בלוט. ער האָט געזען, אַזוי ווי תמיד, אַז קיינער פונם המון נעמט זיך פאַר אים נישט אָן. אַז ער שטייט אַ פאַרלוירענער און אַן איינזאַמער אַנטקעגן דעם גראָבן געוואַלט פונם פעבל — אין דעם געשטאַלט פון אַ רוצח׳ישן גענגסטער, האָט ער פשוט אויסגעבראָכן אין אַ געוויין, אין אַ מענטשלעך־גרויסן געוויין. עס

האָט אין אים געווינט אַ שטיק באַליידיקטע און אומגליקלעכע מענטש־הייט . . .

עס איז געווען אַ רירנדיקער מאָמענט: אָנצוקוקן אַן עלטערן איד, משוגע און געפאַלן, מיט אַ קאָפּ רויטע האָר און אַ שרפה׳דיק־ברודיקע באָרד, ווי לויטערע פאַרבן געמישט מיט בלאָטע און קויט, ווי ער וויינט ביטער איבער זיין גורל. אַן אוראַלטער נביא איז דאָ געשטאַנען און געווינט. דאָ האָט זיך מענטש פאַרבלוטיקט אין געשלעג מיט זיין שיקזאַל און האָט געיאָמערט ווי אַ קינד. די נאַכט איז דערוואַיל צוגעפאַלן. די זון האָט אַ רויט־צעגליטע זיך געזעצט ביי דער ווייכסל, איבער די גרינע פעלדער, און האָט אָנגעצונדן די באָרד פון ירמיה׳ן. צו זיינע פיס האָבן אויפגעשפּראָצט רייך־געמאָלעוועטע בלומען, ווי אַרויסגעוואַקסענע פון זיינע פאַרגאָסענע טרערן און פון די טראָפּנס פייער פון זיין באָרד, און זייערע פלאַמיקע פּנימער האָבן זיך געטוליעט צו די טונקעלע, צו די צעקנייטשטע שמאַטעס פונם אומגליקלעכן איד. ער איז געווען ווי אַרומגענומען מיט אַ קראַנץ פון פייערדיקע, אין מענטשלעכע יסורים און אין טרערן געבאָדענע פלאַנצן און פאַקשיווע. די גאַנצע נאַטור האָט געהאַט מיטלייד מיטן דאָזיקן געפאַלענעם מאַן, מיטן פאַרבלוטיקט־טריפנדיקן, געשלאָגענעם מענטשנמלאך . . .

די קינדער זיינען אַוועקגעלאָפן צו זייטיקע הייזער און היימען. די מאַמעס האָבן אויף זיי דערשראָקענע געוואַרט. זיי האָבן געוווסט אַז עס ציט די קינדער צום דאָזיקן וווּלקאַן־אויסבראָך פון אַ מענטש. אַז דער גהינום׳דיקער כישוף פון זיין פאַרשאָלטענער פערזענלעכקייט האָלט זיי גע־פאַנגען און אַז צוזאַמען מיט אים שפּאַנען זיי אין אַ זינלאָזער מלחמה איבער אַלע וויסטע זומפּן און פּלעצער פון שטעטל . . .

בלויז איך אַליין, אַן איינגעריסטער אין די סאַזעס און פאַרפלעקט מיטן פינצטערן טינט פון אָוונט, בין נאָך אַלץ געשטאַנען נעבן ירמיה׳ן. איך האָב זיך גאָרנישט געקענט זעטיקן מיט מיין הונגער אייביק אָנצוקוקן די דאָזיקע מערקווירדיקע דערשיינונג פון אַ מענטש וועמען דאָס משוגעת האָט דערהויבן צו שיינקייט און צו גרויסקייט. ער האָט מיר קיין שום שלעכטס נישט געטאָן. ער האָט מיך בלויז אָנגעקוקט מיט זיינע גוטע און טרערנ־פאַרלאָפענע אויגן. ער האָט זיך אַוודאי שטאַרק געוווּנדערט וואָס איך וואַרף נישט אויף אים קיין שטיינער. פּלוצלינג איז אויפגעגאַנגען טיפע פאַר־שטענדניש צווישן צוויי מענטשן: צווישן מענטשלעכער משוגעת און קינד. צווישן פאַרשאָלטענעם וואַנזין און נאַאיוויטעט. און אויך די בלייערנע און לעבעדיק־געוואָרענע לייבן זיינען געווען אין אונדזער מיטן. זיי האָבן ממש אַראָפּגעוואָרפן מיט צאָרן די ראָלע פון אייביקע שטומע און פּאַסיווע דע־קאָראַציע פון שטעטל און האָבן אויפגעשטראַלט מיט אייגן לעבן, מיט איי־גענעם אָטעם, מיט אייגענער עקזיסטענץ. אין זייערע בלייערנע מוחות האָט ווי אויפגעפלאַמט שכל און באַנעם. און אויך פון די בוימער אַרום האָט גע־

אָטעמט מיט וואַרעמען געפיל. זיי האָבן זיך דערנענטערט צו אונדז און גע־נומען גיין מיט מענטשלעכע שריט. זייערע צווייגן זיינען געוואָרן הענט און אָרעמס...

עס איז געווען אַ מאָמענט אין מיין לעבן ווען איך בין געוואָרן באַוווסט־זיניק מיט ראַלע און באדייטונג פון מענטש אין דער נאַטור. איך האָב אין משוגענעם ירמיה'ן, ווייזט אויס, דערשנאַפּט לעגענדאַרן, היסטאָרישן, ליטע־ראַרישן און טעאַטראַלישן העלד. עס איז געבוירן געוואָרן אין מיר זין פאַר דראַמע. איך בין דאָ געשטאַנען פאַר דער מיסטעריע פון מענטשלעכן כאַראַקטער. ביז איצט בין איך נאָכגעלאָפן בלינדערהייט דעם משוגענעם ירמיה'ן, אַזוי ווי אַלע קינדער און פּענטאַקעס. איצט בין איך שטיין גע־בליבן אין דער נאַכט פאַרן דענקמאָל פון משוגענעם ירמיה'ן. עפּעס אַ טראָפּן באַשייד האָט גענעדיק אויפגעשטראַלט אין מיין נשמה. וואָס קומט דאָ פאָר? פאַרוואָס ווערט דער משוגענער געשלאָגן און פאַרפאָלגט פון אידיאָטן? וואָס מיינט אַזוינס פּעבל, מאַסע, המון? פאַרוואָס קעפּן זיי און פאַרוואָס קרוינען זיי? וועלכע סאָציאַלע כוחות טרייבן די דאָזיקע גולם'ס הפקר'דיקע אין דער גאַס צו געשלעג, צו רויב, צום לויב און צו פלוכן, צו בענטשן און צו שעלטן, אָנצוטאָן לאַרבערקראַנצן אויף די שטערנס פון העלדן און אויסצוטאָן נאַקעט ביזן ביין נביאים און אומגליקלעכע? וואָס האָב איך איצט דערזען פלוצלינג — עפּעס אַזוי ווי אַ געוויר ווערן פון דעם סוד פון וועלט־געשיכטע און אַן אויפשטראַל פון די גהינומדיקע געשעענישן אין דעם גאַנג פון צייט?...

שפּעט ביינאַכט האָב איך זיך דערשראָקן פאַרן בליץ פון די שטערן אין הימל. סאָוועס מיט פילאָסאָפישע פּנים'ער זיינען געשטאַנען צווישן די צווייגן פון די בוימער. די לבנה, ווי דער נאַקעטער שאַרבן פון אַ חכם, האָט באַלויכטן מיט שניי־קלאָרע געדאַנקען די ערדיקע לאַנדשאַפטן. צווישן ביידע לייבן אַ באַשיצטער האָט געדרימלט דער צעשלאָגענער ירמיה. ער האָט קוים געדרימלט. אָבער זיין נשמה האָט געוואַנדלט און געוואַגלט אי־בער דער גאַנצער ערד. ער איז געווען וואַך מיטן מורא'דיקן אויפגאַנג פון אַ ניי קאַפּיטל אין דער אידישער, און דער וועלט־געשיכטע... ער האָט געזען די קעפּ פון סקעלעטן און ער האָט געהערט דאָס טופּן פון די אייזערנע קאָפּיטעס פון פערד וואָס רייטן שוין אין דער צוקונפט און וועלן באַלד טראָגן חורבן און רציחה איבער דער פוילישער ערד... ער האָט באַנומען די עקזיסטענץ פון אַן אַרמיי פון מערדערס און פאַרניכטערס פון אידן, פון מענטשלעכן לעבן, פון אַ סך פעלקער...

דער שרייבער פון די שורות איז אַוועק פון שטעטל נאָך מיט קנאַפּע פערציק יאָר צוריק. ער האָט איבערגעלאָזן דעם משוגענעם ירמיה אַרומ־פּאַראַדירן איבער די גאַסן פון שטעטל צוזאַמען מיט זיין מחנה יאַטלעך און לאָבוסעס. דעם מחבר'ס ליבשאַפט צום משוגענעם ירמיה האָט אים באַ־

גלייט אויף זיינע וואַנדער־וועגן אין לעבן. אַ ליבשאַפט און אַפּילו אַ בענקשאַפט צום דאָזיקן שטראַלנדיקן געשטאַלט, וואָס האָט דעם קליינעם יינגעל שוין דעמאָלט אינספּירירט מיט דער מיסטעריע פונם טראַגישן מענטש. יאָרן שפּעטער האָבן מיר זיך באַגעגנט מיט אַ איד פונם שטעטל און ער האָט אונדז דערציילט אַז אונדזער העלד איז געשטאָרבן. מיר האָבן איינמאָל אָנגעשריבן אַ דערציילונג וועגן דעם משוגענעם ירמיה. מיר האָבן געענוי באַשריבן זיין טויט מיט וויטיק אין האַרצן...

מיר האָבן געשריבן: אין אַ טאָג איז דער משוגענער ירמיה אַוועקגע־גאַנגען צום אַלטן ברונעם אויפן מאַרק. ווייזט אויס אַז אין דעם ברענענ־דיקן טאָג האָט אים שטאַרק געדאַרשט. אָדער אפשר האָבן אים די קינדער אַריינגעשטופּט אינעם ברונעם. אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט מען אין דער טיפעניש פונם ברונעם געפונען זיין טויטן גוף. ער האָט פון דעם פינצטערן אָפּגרונט, ווהין מען פלעגט געווײנלעך וואַרפן אָפּפאַל, גע׳פּגר׳טע קעץ, טויטע הינט און ראַצן, מאָדנע געשמייכלט... איין אויג איז נאָך ביי אים געווען אָן אָפּנס און עס האָט פול מיט ביטול געקוקט צום בלויען, אויסגע־שפּרייטן הימל. ביידע בלויקייטן, גאָט׳ס און דעם מענטש׳נס, האָבן זיך באַגעגנט. דאָס צווייטע אויג איז געווען אויסגעשטאָכן, אויסגערונען, ווי אַ צעבראָכן איי, און פינצטער ווי דער ברונעם... עס האָט פון דער טיפעניש אַרויסגעפלאַמט זיין רויטע באָרד און געדראָט די וועלט צו פאַר־שרפה׳ן...

מען האָט פונם ברונעם אַרויסגעשלעפּט דעם משוגענעם ירמיה און מען האָט אים באַגראָבן ביים פּלויט פון דעם אַלטן בית עולם. מען האָט אָנ־געשאָטן אַ ליימיק בערגל מיט ערד איבער אים. באַלד האָט אַ צאַרטע גרינקייט זיך ווי זייד געצויגן איבערן בערגל. שפּעטער האָבן פלאַמיקע בלומען אַרויסגעשפּראָצט ווי פייערן פון זיין שרפה׳דיקן מוח, פון זיינע צע־בראָכענע ביינער און רויטע באָרד...

אין יאָרן אַרום, ווען איך האָב געוווינט אין אַ קליינעם דאַך־שטיבל, האָב איך געפונען צוגעקלעפּט אויף דער וואַנט דעם זעלבסטפּאָרטרעט פון דעם אומגליקלעכן מאָלער וואַן גאָג, דעם איינזאַמען זשעניע וואָס האָט אין פינצטערע יסורים געשאַפן זיינע אייביקע און אומרואיקע מאָלערייען. וואָס האָט געמאָלן מיט דער שרפה אין זיין וואַנזיניקן מוח. איך האָב אין פּנים פון וואַן גאָג מיט זיינע רויטע האָר, מיט די בלויע טרערנפאַרגאָסענע און טיפע מיטליידס־וועקענדיקע אויגן, די אויגן פון אַ פאַרפאָלגטער חיה, אַ געיאָגטע פונם מערדערלעכן יעגער אין וואַלד — דערקענט מיין אומגליק־לעכן לאַנדסמאַן ירמיה... וועלכע טראַגישע ענלעכקייט צווישן ביידע מענטשן. וועלכער געמיינזאַמער גורל פון יסורים. איך האָב דעמאָלט צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן געזען געהאַט וואַן גאָג׳ס פּנים מיטן אָפּגע־שניטענעם און בלוט־טריפנדיקן אויער. אָבער איך האָב געפילט אַז שוין

פיל פריער האָב איך עס געזען און אויף אייביק אַריינגענומען אין מיין האַרצן. איך האָב עס געזען אויפשטראַלן הייליק און דערהויבן אין דעם צעשלאָגענעם פנים פון ירמיה׳ן. און דעם צעבראָכענעם פנים פונם נביא ירמיהו, וואָס יאָמערט אַ פאַרשטיינערטער אַרונטער פון די בערג אַרום דעם חרוב־געוואָרענעם ירושלים...

און תמיד, ווען איך גיי ערגעץ אויף אַ גאַס און פון דעם פענצטער פון אַ קונסטגעוועלב, פון אַ צעלויכטענער וויסטאַווע, קוקט צו מיר אַרויס וואַן גאָג׳ס פינצטער און פאַרבאַנדאַזשירט פנים, טראָג איך עס אַהיים אין מיין האַרצן, אין מיין שטוב אַריין. און ביזן גרויען באַגינען וויינט עס אין מיין שטוב. עס איז דאָס פנים פונם נביא, פונם גלאַדיאַטאָר, וואָס אינמיטן לוקסוס און סעודה פון די מענטשן, קומט עס פלוצלינג צו גיין און עס שטעלט זיך אַוועק איבערן האָריזאָנט, ווי די לבנה, און עס מאַכט ציטערן און שווידערן די לייבער און דאָס געוויסן פון די מענטשן... און אַזאַ פנים האָט געהאַט דער משוגענער ירמיה...

---

אָט אַזוי האָב איך מיט עטלעכע יאָר צוריק געשריבן און פאַרענדיקט די דערציילונג וועגן דעם שטעטלדיקן משוגע׳נעם ירמיה. איך האָב אים געגעבן אַן אידילישן טויט, אינם פאַלקלאָרישן ברונעם און אויך אַ גרין קבר אויפן אַלטן און היימישן בית עולם. איך האָב אים געשאָנקען רויטע בלומען, ווי עס פאַסט פאַר אַ וויכטיקן כאַראַקטער אין דער שטעטלדיקער סביבה. דער נאָוועליסט הערשט אין זיין נאָוועלע ווי גאָט הערשט אין אוניווערס. דער נאָוועליסט, אַזוי ווי גאָט, וויל פאַרענדיקן און פאַרשליסן אַלע זאַכן און לעבנס אונטער דער זון. ער האָט אַ נייגונג אָפצושליסן אַלע זיינע קליינע דראַמעס. ער טויטעט צום סוף זיינע כאַראַקטערן, אַזוי ווי דער רבונו של עולם, כדי אין זיי צו פאַרגעסן און צו באַשאַפן נייע העלדן, טיפּן און גע־שטאַלטן. אָבער דער משוגענער ירמיה האָט זיין מחבר נישט געוואָלט פאָלגן. ער האָט זיך נישט געהאָרכזאַם געלעגט צום מחבר׳ס פיס, ווי דער גולם, וואָס האָט זיך צוריקגעקערט צו דער ערד, אַזוי ווי שטויב צו שטויב, פאָלגנדיק דעם מהר״ל׳ס באַפעל.

יאָ, דעם שרייבער׳ס כאַראַקטער זאָגט זיך פּשוט אָפּ אויסצופאָלגן דעם פאַרפאַסער פונם שטיק... דער כאַראַקטער האָט זיין אייגענע לאָגיק און גאַנג פונם לעבן. ער זאָגט אגב אַז ער איז נישט קיין ליטעראַטור און אויך נישט קיין געענדיקער קנעכט פונם מחבר. ניייערט ער איז לעבן, געשיכטע. ער רעוואָלטירט קעגן דעם שרייבער׳ס פּלאַן אַריינגעצ׳סדומ׳ט צו ווערן אין נאָוועלע. דער מחבר, ווי שוין געזאָגט, האָט ליב סוף, פינאַל. דאָס פאַלן פונם פאָרהאַנג איז אים נויטיק כדי זיך אָפּצוואַשן פון דער האַנדלונג און בויען אַ נייע דראַמע. אָבער נאָכדעם ווי דער מחבר טויטעט צוליב זיינע אייגענע אינטערעסן אַ כאַראַכטער, הויבט זיך דער לעצטער אויף פון דעם

בערגל מיט מתים, פון מיטן פון די צעשטאָכענע אַקטיאָרן, און ער גייט צוריק אַריין אין דעם קאַרנאַוואַל פון לעבן. ער האָט פּאַקטיש פּיינט זיין פּאַרפאַסער, וואָס איז סיי זיין פאָטער און סיי זיין מלאך המות...

...מיט אַ סך יאָרן שפּעטער, נאָכדעם ווי די נאַצישע מאָרד־רעגימענטן האָבן אַריינגעדרונגען קיין פּוילן און האָבן מערדעריש אויסגעשאָכטן אונדזערע אידן, אונדזערע ברידער און שוועסטער, זיץ איך איינמאָל אין אַ ניו־יאָרקער האָטעל, אין דער געזעלשאַפט פון אידן, אָפּגע׳שרפה׳טע לאַנדס־לייט, וואָס זיינען געווען צווישן די ווייניקע וואָס זיינען אַנטלאָפן פון דער מורא׳דיקער שרפה. און נאָכדעם ווי זיי דערציילן מיר פון דעם חורבן פון אונדזער שטעטל, און איך הער וועגן די טייערע אידן וואָס מען האָט אומ־געבראַכט אין מיידאַנעק, וועגן די יינגע פרויען און מיידלעך וואָס האָבן אַרויסגעבליט אַזוי ווי הערלעכע בלומען פון דער אָרעמקייט פון שטעטל, פרעג איך זיך עפּעס אינסטינקטיוו וועגן משוגע׳נעם ירמיה׳ן...

— דער משוגענער ירמיה? ער האָט געלעבט, נאָך לאַנג געלעבט. אין אַ פרייטיק באַגינען איז אָפּיציעל אויסגעבראָכן די מלחמה מיט דייטשלאַנד. די פּוילישע רעגירונג האָט שוין אין אַ וואָך שפּעטער זיך עוואַקואירט קיין רומעניע. דאָס שטעטל ווערט שוין באָמבאַרדירט. די נאַציס ווייסן שוין אַז אין גרויסן „האָטעל בריסטאָל" שטייט איין די פּוילישע רעגירונג. דער־מאָלט קומט אַ באַפעל אַז אַלע אידן זאָלן עוואַקואירן דאָס שטעטל. דאָס איז אַ שרעקלעכער מאָמענט: אידן מוזן איבערלאָזן זייערע הייזער, גע־שעפטן, פאַרמעגנס, דאָס מעבל און זייער גאַנץ האָב־און־גוטס, וואָס זיי האָבן אָנגעזאַמלט אין פאַרלויף פון דורות און צייטן. זיי מוזן נעמען דעם וואַנדערשטאַק אין דער האַנט. און ווען אַלע אידן פאַרלאָזן דאָס שטעטל, בלייבט איבער בלויז איין און איינציקער איד: דער משוגענע ירמיה... ער איז פון זיין שטעטל נישט אַנטלאָפן. ער האָט זיך באַהאַלטן אין די אונטער־ערדישע טונעלן פון היסטאָרישן פּאַרק. ער האָט ווי אַ שאָטן אַרומגעוואַנ־דערט אין די ריזיקע זאַלן פון די אַלטע פּאַלאַצן פון די טשאַרטאָריסקיס. ער האָט זיך פאַרבאָרגן אין די טיפע היילן. ער האָט נישט פאַרלאָזן דעם פּלאַץ וווּ ער איז געבוירן געוואָרן.

ביים סוף פון דער מלחמה, ווען די רוסישע אַרמייען האָבן פאַרנומען לובלין און די אַרומיקע שטעטלעך, זיינען די עטלעכע לעבנסגעבליבענע אידן צוריקגעקומען אין דעם חרוב געוואָרענעם שטעטל, מיט דער האָפענונג צו געפינען אַ קרוב, אַן אַלטן טאַטן און אַ מאַמען, אפשר אַ שוועסטער, אַ ברודער, אַ ווייב, אַ קינד... און וועמען טרעפן זיי, מיינט איר, אַרומגיין צווישן די אָפּגעברענטע רואינען פון הייזער און גאַסן, צווישן בערג מיט אַש און שטויב פון אַן אַלטן, אידיש־דורות׳דיקן לעבן? וועמען טרעפן זיי צווישן די פאַר׳שרפה׳טע ריפּן פון אידישע קאָמעניצעס און צווישן בערג מיט אָפּגעסמאַליעטע ציגל? אַן איינזאַמער פּאַרעט זיך אַרום, ווי דער פאַר־

ציטישער נביא ירמיהו, דער משוגענער ירמיה. דערזעענדיק זיינע לאַנדס־לייט, בלויז עטלעכע געציילטע, פאַרבליבענע פון די פילע טויזנטער אידן, ברעכט ער אַרויס אין אַ געוואַלטיקן יאָמער. און אַזוי יאָמערנדיק ווי אַ חיה אין וואַלד לויפט ער אַרום איבערן פינצטערן שטעטל, דער משוגענער ירמיה, וואָס האָט אַלץ געזען, אַלץ איבערגעלעבט, די שלאַכטן, די שחיטות, די קרעמאַטאָריע־פאַרברענונגען, די מלחמה קעגן די אידן, דאָס לעבן פון זיין שטאָט און זיין פאָלק...

דער משוגענער ירמיה איז שוין איצט אַן אַלטער גרייז־גרויער איד. אין דער צייט ווען די אידן זיינען פאַרטריבן געוואָרן, האָט ער אָנגעטראָגן אַ סך קעלערס מיט אידישן האָב־און־גוטס, נישט חלילה פאַר זיך אַליין צו ראַבעווען, נייערט צו באַהאַלטן עס פאַר די זיך אומקערנדיקע אידן. ביי־נאַכט פלעגט ער לויפן אין די אויפגעריסענע און צעראַבירטע געשעפטן און ער האָט נאָך געראַטעוועט וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט ראַטעווען. ער האָט אַרויסגעטראָגן פון שול און בית המדרש גאָט'ס הייליקע ספר תורות. אין זיין נאַיוויטעט האָט ער געגלויבט אַז די אידן וועלן זיך באַלד צוריק אומקערן און ער וועט זיי קענען צוריקגעבן כאָטש אַ קליינעם טייל פון זייערע אָנגערווירענע פאַרמעגנס. אָבער, צוריקגעקערט האָבן זיך בלויז געציילטע אידן, קראַנקע, צעבראָכענע, אָפּגעריסענע און אָפּגעשליסענע...
די דאָזיקע סקעלעטן פון אַמאָליקע ווילהאָבנדיקע אידן האָט ירמיה אַריינ־גענומען אין זיינע קעלערן און ער האָט זיי באַקליידט, באַשוכט, באַהעמדט און באַשפייזט... עקשנות'דיק האָבן איצט געשוויגן זיינע אייזערנע ליפּן.

זיין ווייב און זיינע קינדער האָבן געטיילט דעם גורל פונם גאַרן פוילישן אידענטום. די נאַצישע באַנדיטן האָבן זיי פאַרגאַזעוועט און פאַר־ברענט אין מיידאַנעק'ס קאָנצענטראַציע־לאַגער.

דער משוגענער ירמיה האָט פינצטער געשוויגן. זיין אַמאָליקע פלאַמיקע באָרד איז שוין איצט געווען ווייס ווי שניי. די פוילישע פויערים האָבן דערציילט אַז די נאַצים האָבן עטלעכע מאָל אויפגעהאָנגען דעם משוגענעם ירמיה און זיי האָבן אים עטלעכע מאָל אָפּגעשניטן פון דער תליה. ער האָט געזען פאַרן טויט אַ סך מאָל זיין אייגענעם טויט, דעם טויט פון זיין ווייב און קינדער, דעם טויט פון זיין פאָלק...

די פויערים האָבן דערציילט אַז איינמאָל איז געגאַנגען איבערן שאָסיי אַ דייטשער אָבאָז, וואָס האָט זיך אומגעקערט מיט פאַרוואונדעטע דייטשן פון דעם רוסישן פראָנט. דער משוגענער ירמיה איז פּלוצלינג אָנגעקומען און פאַר נחת און נקמה וואָס ער זעט פ אַ ר ב ל ו ט י ק ט ע דייטשן האָט ער געוואָרפן זיין פאַרפעצט אידיש היטעלע צו אַ גרופּע פאַרבאַנדאַזשירטע נאַצי־אָפיצירן. זיי האָבן אים געכאַפּט און געוואַלט דערשיסן ווי אַ הונט. אָבער אַ פּאָליאַק האָט אָנגעוויזן אויף זיין קאָפּ, אַז ער איז נישט ביי די קלאָרע געדאַנקען. זיין משוגעת האָט אים פאַרהיטן פון טויט. אָבער זיין

לעבן איז געווען טויזנט מאָל ערגער ווי דער טויט: זיין גורל איז געווען צו בלייבן לעבן ביזן לעצטן מאָמענט פון חורבן און צוצוזען דעם טויט פון אַלע זיינע לאַנדסלייט.

ניין. דער נאָוועליסט וועט מער אין זיין לעבן נישט וואַגן און נישט האָבן די חוצפה צו „פאַרענדיקן" זיינס אַ העלד, וואָס נישט ער האָט מיט זיין פאַנטאַזיע געשאַפן, נייערט דאָס שטעטל, די טראַדיציע, דער פאָלקלאָרישער געניוס, דער טויזנט־יאָריקער פאָלקסגייסט פון שטעטל, האָט אויסגעהאַקט אַ מאָנומענטאַלן געשטאַלט פון איינעם אַ ירמיה... דער דאָזיקער אָנגעצונדענער איד איז אַריינגעגאַנגען מיט זיינע ביידע פיס נישט נאָר אין מיינע אייגענע שריפטן, נייערט אויך אין די ווערק פון אַנדערע שרייבער און דיכטער פונם שטעטל.

דער גרויסער און אוראַלטער אידישער גאָט האָט שיעור נישט געלאָזט אומקומען און פאַרברענט ווערן זיין גאַנץ פאָלק פון פוילן אינם ריזיקן פייער־אויוון פון נאַצישן קרעמאַטאָריום. נאָר די השגחה האָט געלאָזט שטיין ירמיה'ן ווי אַ שטומען און אַ פינצטערן עדות, צופיסנס פון די שוואַרצע, פאַר'שרפה'טע ווענט, ביי די פינצטער־אָפּגעזענקטע ריפּן און רואינען פון אַ שטאָט, פון אַ לאַנד און פון אַ גאַנץ פאָלק. ווייזט אויס אַז דער רבונו של עולם לאָזט פאָרט איבער עפּעס אַן עדות, אַ באַשרייבער, אַ נביא... גאָט לאָזט תמיד איבער איינעם אַ שאָטן פון אַ מענטשנגעשטאַלט, כדי ביזן הימל הויך צו יאָמערן איבער דעם גרויסן פאָלקסבראַך, כדי אויסצושרייען און אַרויסצוברעכן אין אַ געוואַלטיקן געשריי צו די שטערן און שפּעטער צו בלייבן ליגן פעלזיק־שטום און פאַרגליווערט פון מורא'דיקן יאָמער און הייזעריק פון געוויין צווישן די פעלזן אין געבירג אַזוי ווי דער אומגליקלעכער נביא ירמיהו... ווי דער נביא האָט אפשר דער משוגענער ירמיה אויך געקענט זאָגן: „איך בין דער מאַן וואָס האָט געזען דאָס עלנט דורך דער רוט פון זיין גרימצאָרן. ער האָט מיך געפירט און געמאַכט גיין דורך דער פינצטערניש... ער האָט אַלט געמאַכט מיין פלייש און מיין הויט. ער האָט צעבראָכן מיינע ביינער. ער האָט קעגן מיר געבויט און ער האָט מיך אַרומגערינגלט מיט גאַל און מידיקייט. ער האָט מיך געזעצט אין פינצטערע ערטער אַזוי ווי די וואָס זיינען שוין לאַנג טויט... ער האָט מיך אויף שטיקער צעריסן. ער האָט מיך וויסט געמאַכט".

# רויזעלע די קייסערינע

איינמאָל, אין אַ זוניקן נאָכמיטאָג פון דעם זאַטן און שלימות'דיקן חודש אויגוסט, אין ווען גאָלדענער ראָם די מערסטע טעג שטייען אַזוי ווי געוואַלטיקע מייסטערווערק פון באַגינען אָן ביזן זעצן זיך פון

דער טונקל־רויטער און אויסגעריבענער זון, האָב איך געזען ווי אויף אַ פויערישן, דראַבינאַסטן וואָגן ליגט אַן אומגעהויער־שווערע, פעלזיקע מצבה מיט טיף־אויסגעקריצטע אידישע אותיות. דער בעל־עגלה און די היימישע טרעגערס פון שטעטל, צוזאַמען מיט די באַגרעבערס, זיצן אויף דער ערד, ביים וואָגן, און זיי פאַרטרינקען היימיש מיט פלעשער אָקעוויט. זיי עסן וווּרשט און זיי רייסן שטיקער ווייכע ברויט פון אַ גרויסן, אויס־געהוילטן, סאָלדאַטסקן לאַבן ברויט. זיי רויכערן אייגן־פאַרצויגענע פאַפּיראָסן פון אַ מין קופּערנעם טיטון מיט צייטונגס־פּאַפּיר. זיי חוזק׳ן מיט שמוציקע רייד. זיי שפּאַסן פון דעם שטעטלדיקן דאָזאָרס וויב, רויזעלע די קייסערינע, וואָס איז מיט אַן ערך אַ יאָר צוריק געשטאָרבן אין קימפּעט מיטן ערשטן קינד. די דאָזיקע פרוי איז אגב געווען אַ היפּשע גביר׳טע אין שטעטל. זי האָט אויך געטאָן אַ סך צדקה. איך גע־דענק אפילו ווי אַזוי מען האָט אַריינגעשטעלט אין דער גרויסער שול די ריזיקע קאַנדעלאַברע. די קאַנדעלאַברע האָט היימלעך באַלויכטן די שול מיט זוניקע פלאַמען. זי האָט באַלויכטן אידישע פּנים׳ער און אידישע געמיטער. דעם גרעסטן טייל פון די הוצאות האָט געצאָלט די גביר׳טע, אין הייליקן אָנדענק פון איר׳ס אַ נאָענטער קרובה. ווי העל און העליש די דאָזיקע קעניגלעכע קאַנדעלאַברע האָט געלויכטן, האָבן אָבער פון איר אויך אַרויסגעטונקלט פינצטערע געמיטער און שוואַרצע כאַראַקטערן. מחמת די מחלוקת אַרום דער קאַנדעלאַברע איז געווען זייער גרויס. מען האָט זיך ממש געשלאָגן און זיך פאַרבלוטיקט צוליב איר. איך בין דעמאָלט געווען אַ קליין אינגעל און נישט געוווּסט גענוי אין וואָס עס האַנדלט זיך. קריגעריי האָט אגב אין שטעטל קיינמאָל נישט אויסגעפּעלט.

איצט, ווען די חברה טרעגערס און קברים־גרעבערס פירן אַ מצבה צו דער דאָזאָרקע׳ס קבר, דערמאָן איך זיך אין דער קאַנדעלאַברע וואָס איז אַמאָל, ווי מען האָט גערעדט אין שטעטל, געהאָנגען אין פּאַלאַץ פון אַ כראַביע. וואַרשיינלעך איז אויך געווען שווינדל און פאַרשווענדונג אַרום דער שול־קאַנדעלאַברע. אירע רערן מיט אָנגעצונדענע לאָמפּן און ליכט ברענען אין מיין דמיון, בשעת פון די פעטע מיילער פון דער בלאַטער חברה גנבים, טרעגערס און קברנים, פאַרגאָסענע מיטן פעטס פון ביר און פון אַלערליי וווּרשטן, גייען ציניִשע רייד, גייט נבול פּה וועגן געשלעכט־לעכע פּערווערזיטעטן און באַליידיקונגען אויפן אַדרעס פון דער טויטער גביר׳טע, וועמענס צונאָמען האָט דערציילט אַז זי איז געווען שיין ווי אַ קעניגין און האָט געהאַט דאָס שטאָלצע געשטאַלט פון אַ קייסערינע. אַלערליי פאַרקרימטע אויסדריקן פון חוזק האָבן זיך געגליטשט אַזוי ווי פינצטערע ווערם, פון זייערע נאַסע, גלאַנציקע און זולל־וסובא׳דיקע ליפּן און אַלץ אויפן אַדרעס פון דער רייכער דאָזאָרקע, וואָס איז שוין נעבעך געלעגן אין דר׳ערד איבער אַ יאָר צייט און וועמענס סקעלעט איז שוין

אודאי געווען אויסגעטאָן פון דער שיינקייט פון איר אַמאָל לוסטפולן און רייצנדיקן פלייש.

מיין נייגעריקייט איז שוין דעמאָלט געווען גרויס. די פּאַנאָראַמע פון מענטשן און פון ליידנשאַפטן האָט מיך שוין געהאַלטן געוואַלטיק געשפּאַנט. איך האָב דעריבער פון אַ ווינקל פון אונדזער גרויסן הויף געקוקט און אָבסערווירט די פּרעכע און לוסטיקע כאַלאַסטרע. איך האָב נישט געקענט פאַרשטיין פאַרוואָס די מענטשן אַזוי ווי גראַניטענע כאַראַקטערן זיינען נישט טרויעריק און דערשלאָגן ביי אַזאַ געבוג אומעטיקער סיטואַציע. זיי פירן דאָך אַ ריזיקע מצבה צו דעם קבר פון אַ יינגער פרוי, וואָס האָט געטאָן אַ סך גוטס פאַר די אָרעמעלייט און האָט אויך געשענקט אין שול אַריין אַ גאָלדענע קאַנדעלאַברע... אַ פרוי וואָס האָט געוואָלט זיין אַ מאַמע און געבן געבורט צו ערלעכע קינדער און דערציען זיי אַלס אידן פאַרן פאָלק און פאַר דער אידישער געשיכטע. צום ערשטן מאָל אפשר אין מיין צאַרטן עלטער האָט זיך צו מיר אַנטפּלעקט דער ביטערער קאָנטראַסט פון בונטן לעבן, וואָס עפנט אויף פון איין זייט די לאַנדשאַפט פון טרויער, פון שטאַרבן, פון דער פיזישער פאַרניכטונג פון מענטשן. און פון דער צווייטער זייט ווערט ברוטאַל דעמאַסקירט די סצענע פון רויען לעבן, פון חוזק און ציניזם, פון די פרימיטיווע מענטשלעכע אַפּעטיטן, פון געמיינ־קייט, שיכרות און אויסגעלאַסנקייט.

די פאַרשווינען פון דער דאָזיקער אייגנטלעך שעקספּירישער סצענע, כאָטש אָן אַ פּרינץ וואָס זאָל מעדיטירן איבער יאָריק׳ס מעכטיקער פּער־זענלעכקייט וואָס האָט אַמאָל אַמוזירט מיט וויץ און מיט געלעכטער דאָס פּובליקום, בשעת ער האָלט אין זיין דינער האַנט יענעמס שטינקענדיקן און מיט ליים און בלאָטע באַקלעפּטן שאַרבן, זיינען באַשטאַנען פון מאַסיווע און מעכטיק־געבויטע מענער, ווי די זיילן פון פּאַרצייטישע טעמפּ־לען און פּאַלאַצן, מיט שוואַרץ־געדיכטע טשופּרינעס ווי פון דראַטן, מיט פּנים׳ער ווי די רויע פעלזנשטיינער וואָס האָבן געלויכטן אין דער אויגוסט־שרפה׳דיקער זון, וואָס האָט זיך אַזוי ווי אַ פלאַמיקער זייגער געדרייט אויפן בלויען און הימלישן ציפערבלאַט. זייערע גרויסע אויגן האָבן אָפּ־געשפּיגלט די שטראַלן פון דער זון און האָבן רייך געפינקעלט מיט פיזישע אַפּעטיטן און מיט דער תאווה פונם פלייש. זייערע וואָנסעס זיינען געווען שפּיציקע און פאַרשוימטע מיטן הייסן פייער פון בראָנפן, פון ביר און פון וויין. און זייערע ליפּן זיינען געווען רויטע און פלאַמיקע, ווי ביי פּעטע און ליידנשאַפטלעכע מענער און פרויען, וואָס איך האָב אין יאָרן שפּעטער געזען אויף מאַלערייען. יעדער רגע, טרינקענדיק די שטאַרקע געטראַנקען, פרעסנדיק דעם פולבלוטיקן וווּרשט און קייענדיק מיט זייערע געזונטע ציין דאָס פינצטערע און ראַזאָוואַנע ברויט, גראָב ווי שוואַרצערד, האָבן זיי אויסגעבראָכן אין פּרעכע, לוסטיקע און ליידנשאַפטלעכע גע־

לעכטערן. און די גאַנצע צייט פון זייער באַקכאַנטישער שמחה, אין דער געזעלשאַפט פונם מיט פייערדיקע ווינטרויבן באַקרויגטן גאָט באַקכוס און אַנדערע שדים און רוחות, איז שווער אויפן ברייטן וואָגן געלעגן די גראַניטענע מצבה, וואָס האָט מיט אַ ממש מיליאָנעניאָריקער שטומקייט פון איר מעכטיקן חומר געבענקט צו דער רו פון דער קילער ערד פון בית עולם. די מצבה וועט באַלד אָנהויבן צו זינקען מיט איר פינצטערער און שטיינערנער שווערקייט אין דער טיפעניש פון אַ קבר. זי וועט צעברעכן און צעקוועטשן דאָס האַלץ פון אַ טרומנע און די גלידער פון אַ יינגע פרוי. מיר האָט זיך געדאַכט אַז די מצבה בענקט צו דער טיפער שטילקייט פון הינטערן שטעטל, וואָס לעגט זיך אַזוי ווי דער פלוש פון אייביקייט און דעם שטויב פון שטערבלעכער צייט אויף דעם מאַרמאָר און גראַניט פון די אַלטע מאָנומענטן און באַצווינגט זיי מיט מענטשלעכן שיקזאַל. און איך האָב אויך געטראַכט פון די דינע און איידעלע בלומען אויפן בית עולם, קינדערישע, צאַרטע און לופטיקע קווייטן און פלאַנצן, וואָס וואַקסן אַרויס נאַאיווע צוזאַמען מיט די גראָזן און מיט דער פּאָקשיווע פון די דערשלאָגענע און צעפוילטע מענטשלעכע גופים, וואָס רוען אין די טיפע און פיר־איילן־אויסגעמאָסטענע קברים; וואָס וואַקסן אַרויס פון דעם מאַרך און פון די קנאָכנס פון די מתים; שפּראָצן אַרויס פון די דערשלאָגענע און צע׳ניזוק׳טע לעבנס זייערע. וואָרים וועלכער מענטש אויף דער גאַנצער גרויסער ערד אפילו האָט דען פול און גאַנץ אויסגעלעבט זיין לעבן? אפילו הונדערט יאָריקע זקנים גייען דען, בשעת זייער לעצטן גאַנג צו דער טונקעלער אייביקייט, זאַטע און צעפרידענע אין זייערע פינצ־טערע קברים? פאַר די פּראָפעסיאָנעלע סטאַטיסטיקער איז די פאַרמערונג פון דער מענטשהייט אַ פראַגע פון טרוקענע צאָלן. אָבער פאַרן דיכטער, פאַרן דענקער און פאַרן מיסטיקער איז יעדעס איינציקע מענטשן־פּנים ממש אַ געטלעכע אַנטפּלעקונג. אַ הערלעכע שניצונג און אַ וואַרעמע לאַנדשאַפט. אָט באַטראַכסטו מיליאָנען מענטשנמאַסקעס אין דער וועלט. דו שטייסט תמיד אין שטוינונג פאַן אַן אומגעהויערער וויזיע פון לעבן. און ווי אַזוי עס ענדיקט זיך גאָר קיינמאָל ־נישט דער ים פון מענטשלעכע פּנים׳ער און געשטאַלטן, אַזוי ווי עס ענדיקט זיך קיינמאָל נישט דער פרישער אויפגאַנג פון די אומענדלעכע בלעטער־כוואַליעס אין דעם שטורעמ־דיקן ים־ספר.

איך בין געווען טרויעריק און אומגעהויער־נייגעריק זיך אויפמערקזאַם איינצוהערן אין דעם שמועס פון די צינישע טרעגערס, אין די גראָבע און עקלהאַפטע רייד פון די גראָטעסקע פאַרשוינען וואָס זיינען געווען באַ־גרעבערס פון מענטשן און אין דעם נבול פה פון דעם געלן בעל־עגלה מיט די רויטע, צעפוילטע ציין. איך בין געווען נייגעריק צו זען ווי אַזוי עס פינקלען פייערן אין זייערע לוסטיקע און חוזק׳דיקע אויגן, בשעת

זיי שנייצן אויס די פעטע און די פליישיקע נעז אויף דער היימיש־גרין־באַגראָזטער ערד און זיי ווישן אָפּ זייערע פייכטע פינגער אין זייערע אייגענע צעבראָכענע און ווי מעטאַל גלאַנציקע בגדים.

די מאַנספאַרשוינען האָבן צווישן זיך אינטים דערציילט פון זייערע תאווה׳דיקע ווייבער און פון גלאַט אַזוי בלאַטע מיידן און היימישע לייטישע זונות. די זון איז שוין איצט אַ שווערע און אַ מאַטע געזונקען אין מערב־זייט, אַזוי ווי אַ באַטרונקענע און אַ באַזויפענע ווייב מיט פעסער ווייַן, שלעפנדיק איר מידן גוף הינטער זיך צום נאַכטיקן בעט ביים זאַטן און אומהיימלעכן וואַלד. די וועלט איז עלטער געוואָרן מיט אַ גרויסן טאָג און יעדער איינציקער טאָג איז אַ פרישער ברונעם מיט דערפאַרונג פאַר די פעלקער. די ערד ווערט אַלץ מער באַלאָדן מיט נייע, געדיכט־באַשריבענע בלעטער געשיכטע. די מענטשהייט ווערט יעדער שעה שווערער מיט פראַקטיק. יעדער איינציקער דור מאַכט עלטער די וועלט מיט אומגעהויערע אוצרות יסורים און חכמה און מאַכט וואַגיקער דעם טרויער פון גאָט׳ס ערד. אפילו די קנאָכנס אין די קברים ווערן עלטער און רייפער צום צעפאַלן ווערן; די טויטע גופים ווערן באַלאָדן מיט געוואַלטיקער שווערקייט פון צייט. די מענטשלעכע פנימער אין די טיפע־נישן וואָלטן קענען דערציילן עפּישע מעשיות און מעשים פון טויט.

ענדלעך האָבן די פאַרשוינען, דאַכט זיך, זיך דערוואַרט אויף עמעצן. אַ נידעריקער און אַ בייכלדיקער איד איז פלוצלינג אָנגעקומען, כדי אָנ־ווענדיקן צו זיין ביים אַריינשטעלן די מצבה אין דער ערד אַריין. די חברה בגילופינ׳דיקע לייט זיינען שוין איצט, מידע און מאַטע פון זויפן, שיכור׳ן און פרעסן און פון די עראָטיש־פרעכע רייד, קוים אַרויף אויפן הויכן וואָגן און זיך אוועקגעזעצט אויף דער מצבה מיט זייערע שווערע גופים. די מצבה האָט ווי אויפגעקרעכצט פון יסורים און פון שענדונג. דער געלער בעל־עגלה האָט אַ טרייב געטאָן מיט דער בייטש די קאַשטאַנאָווע און פעסט־געבויטע פערד, וואָס האָבן געלאָזן שטיין אויפן וועג אַ טייך מיט השתנה, אין וועלכן עס האָבן זיך געראָיעט ווונדערלעך־פילפאַרביקע פליגן, אינסעקטן און מאָסקיטאָס. דער וואָגן האָט זיך שווער געלאָזט איבערן קרומען און זאַמדיקן וועג, האָט זיך געדרייט און זיך היפּש צע־קרעכצט אויף זיינע הילצערנע און צעפּאָרענע רעדער, ווי זייענדיק אויך שיכור. די מצבה איז געווען אַ מורא׳דיק־שווערע ווי אַ באַרג און צו־זאַמען מיט דער פליישיקער חברה האָט דער וואָגן געסקריפּעט און קוים געדזשוויגעט די שווערע פודן מיט משא. די פור האָט זיך פאַמעלעך דערווייטערט אויפן האָריזאָנט. די זון, ווי געזאָגט, איז שוין פלאַמיק גע־זונקען, פאַרבלוטיקנדיק דעם גאַנצן וואַלד. אויפן טונקעלן, היימלישן ליינוואַנט האָט איצט אויפגעשטראַלט די לבנה מיט אַן אָפּגעפרוירענער נאָז און מיט געלע, קרומע ציין אין איר צעבויגענעם מויל... און ווען

דער וואָגן מיט די איבערגעוואָקסענע פערד און די שיכור׳ע פאַרשוינען זיינען שוין געווען זייער ווייט. האָב איך נאָך אין דמיון אַלץ געהערט דאָס וווּלגאַרע געלעכטער זייערס, וואָס האָט נישט געקענט בלייבן שטיל אפילו אין דער אנוועזנקייט פון דעם נייעם פּאַסאַזשיר, וואָס איז אוודאי געווען דער מאַן פון דער פאַרשטאָרבענער רויזעלע די קייסערינע, וועמען זיי האָבן געגנוג קרעפּטיק און נאַטוראַליסטיש געשילדערט און מיט איר מזנה געווען אפילו נאָך איר שטאַרבן.

איך בין געבליבן זיצן אַן אומעטיקער און אַן איינזאַמער אויף דער שוועל פונם הויז. איך האָב נישט געקענט באַנעמען ווי אַזוי די דאָזיקע הפקרדיק־צעהוליעטע פאַרשוינען קענען אַזוי ציניש חוזק׳ן אין אַזאַ ערענסטן מאָמענט. ווארים אין מיר האָבן נאָך געהויערט די עכאָס פון מורא׳דיקע געוויינען און אויפטרייסלענדיקע לאַמענטן בשעת די קליינ־שטעטלדיקע לוויות. עס איז פלוצלינג צוגעפאַלן די פלושיק־בלויע נאַכט. עס האָט פון דער פינצטערניש אויפגעשטראַלט דאָס געשטאַלט פון איינער אַ פרוי. אפשר איז עס געווען די רייכע דאָזאַרקע וואָס איז געבליבן שטיין אין דעם מעכטיקן פינקעל פון די קאַנדעלאַברישע פייער־רערן, און אויף וועמענס ביינער מען שטעלט איצט אַוועק אַן אייזערנע מצבה. זי האָט ווי פון דער ערד אַרויסגעשטעקט איר הערלעכן קאָפּ און האָט אויף אייביק אַרונטערגעלאָזט אין מיין האַרצן, אין מיין אינגלישער און סענסיטיווער פערזענלעכקייט, אַ שטילן און אַ תאווה׳דיקן קוש. און זי האָט ווי צו מיר גערעדט:

— דאָס שטעלן זיי אַוועק אַ שטומע מצבה איבער מיינע ערדיקע גלי־דער און קנאָכנס. אָבער איך לעב. מען קען נישט דערשטיקן מיין תאווה. איך בין די פרוי וואָס לעבט אייביק. דער נביא הושע האָט מיך ליב געהאַט און געקושט. איך האָב געלעבט מיט מענער און איך האָב גע־טרונקען בעכערס מיט וויין. ביינאַכט גיי איך אין ווינשענק און איך וואַרף אַראָפּ פון מיין לייב די תכריכים. איך האָב פיינט דעם טויט. מיין גוף שטראַלט מיט זיינע אַנגעצונדענע גלידער. איך וועל אפילו שלאָפן מיט די באַגרעבערס וואָס האָבן מיך באַגראָבן. איך וועל זיך ליבן מיט די מצבה־שטעלערס. איך בין דער אייביק־ברענענדיקער גייסט פון דער תאווה׳דיקער פרוי. ווען דו וועסט אויסוואַקסן, וועסטו מיך ליב האָבן. פון גהינום וועל איך קומען צו דיר און דיך באַגעגענען ביי די האָפּנס פון די ימים און ביי די זינדיקע פּאַרטן פון דער וועלט. דו וועסט מיך נאָך באַגעגענען אין קרעטשמעס, אין וויינקעלערס און אין קנייפּעס. מיך האָבן שוין באַשריבן אַ טויזנט פּאָעטן... איך בין די לעבעדיקע אייביקייט! מען קען מיך נישט צעשטערן. איך בין די פרוי וואָס לעבט אייביק. דו וועסט מיר נאָך האַלדזן און קושן מיינע גלידער...

דער גייסט פון דער פרוי האָט גערעדט. איך האָב זיך איינגעהערט אין

איר קול. מיך האָט געפרייט וואָס זי לעבט ווידער דאָס אומגעלומפּערטע, ערדיקע לעבן און וואָס זי וואַקסט אַריבער טויזנט מצבות אַזוי ווי אַ הויכער זייל וואָס רירט אָן אין הימל די שטערן. זי טריאומפירט מיטן אייביקן פייער פון לעבן.

---

# איך לייען די ערשטע ביכער

נעבן אונדזער הויז, אין שטעטעלע פּולאַווו, האָט געוווינט אַן אָרעמער שניידער מיט אַ געלן בערדל. זיין נאָמען געדענק איך שוין נישט און עס ווילט זיך נישט געבן אַ פאַלשן און אַ פיקטיוון נאָמען צו איינעם אַ לעבעדיקן און אַ רעאַליסטישן מענטש פון מיין לעבנסגעשיכטע. (אפילו אין דערציילונגען גלוסט זיך מיר נישט תמיד צו שענקען אויסגעטראַכטע נעמען צו מיינע אמת׳ע כאַראַקטערן). דער שניידער האָט געהאַט אַ ווייב וואָס מען קען נישט זאָגן, אַז זי איז געווען אַן אויסערגעוויינלעך שוינקייט. זיי האָבן געהאַט אַן איינציקע, טייערע טעכטערל.

איך פלעג אָפט אַריינקומען צום שניידער. און איינמאָל אין אַ טאָג האָט געטראָפן אַז איך האָב ביי אים געבאָרגט אַ אידיש בוך. דאָס איז בכלל געווען דאָס ערשטע בוך וואָס איך האָב אין מיין לעבן געבאָרגט ביי מענטשן אָדער אין אַ ביבליאָטעק. עס איז געווען אַ מאַסיוו בוך פון זשול ווערן און עס האָט געהייסן: „אַ רייזע אַרום דער וועלט אין אַכטציק טעג". איך האָב דאָס בוך אַדורכגעלייענט אין ממש געציילטע טעג מיט אַ געוואַלטיקן אינטערעס. איך האָב זיך אויך געמוזט איילן מיטן לייענען, מחמת דער אָרעמער שניידער האָט מיר פאַרטרויט אַ סוד אַז אייגנטלעך האָט ער דאָס בוך געבאָרגט און אַז ער מוז עס אומקערן צום אייגנטימער אַזוי שנעל ווי עס איז נאָר מעגלעך. איך האָב ממש בליצשנעל געשלונגען די פאַנטאַסטישע פאַסירונגען. עס האָבן זיך פאַר מיין דמיון פלוצלינג אויפגעעפנט ווייטע, פרעמדע און נאָך קיינמאָל נישט געהערטע לענדער. איך האָב דערזען פון דער נאָענט די פּנים׳ער פון פאַרשידענע מענטשן, שבטים און פעלקער. עס האָבן זיך פאַר מיר אַנטפּלעקט אַלערליי רעליגיעס, מנהגים, קולטן און גלויבנס. איך האָב געשטוינט איבער דער בונטער באַשרייבונג פון לאַנדשאַפטן, שטעט און מדינות. איך האָב אויך באַוווּנדערט די רייכע פאַנטאַזיע און די געוואַל־טיקע קענטענישן פונם מחבר אין געשיכטע, רעליגיע, געאָגראַפיע, פּאָ־ליטיק, ליטעראַטור און פאָלקלאָר. דאָס איז געווען דאָס סאַמע ערשטע בוך פון אַ וועלטלעכן שריפטשטעלער, וואָס איך האָב אין מיין לעבן געלייענט מיט אַזאַ געוואַלטיקן ענטוזיאַזם. איך בין געווען ממש שיכור פונם דאָזיקן רייזע־בוך און שטילערהייט דאַנקבאַר צו דעם געהיימנישפולן מחבר זשול ווערן, וואָס האָט, זיצנדיק אין זיין שרייב־קאַבינעט, זיך באַנוצט מיט אַ שלל מיט וויסן און ידיעות, כדי מיט זייער הילף אויסצוּוועבן אַ פיל־

פאַרביקע, רייכע און אומבאַקאַנטע וועלט. איך האָב דעמאָלט נישט געקענט וויסן אַז דער שרייבער זשול ווערן איז טאַקע אַליין אויך אַ געהיימנישפולער מענטש. און וואָס נאָר עס איז מיר אויסגעקומען אין די שפּעטערדיקע יאָרן צו לייענען וועגן אים, האָט מיך געוואַלטיק פאַראינ־טערעסירט. אויך צו מיינע עלטערן האָב איך גערעדט וועגן „מיין" פאַנ־טאַסטישער רייזע. איך האָב פאַר דער מאַמען, בשעת זי האָט געשיילט די פאַרפרוירענע קאַרטאָפל פאַרן אָרעמען און פאָסנעם מאָלצייט, געמאָלן לענדער, פעלקער און פאַנטאַסטישע לאַנדשאַפטן.

ווען איך האָב אומגעקערט דאָס טייערע בוך צום שניידער מיטן געלן בערדל, ווען איך האָב זייער האַרציק געדאַנקט פאַר זיין פריינטלעכקייט, האָט מיך זיין פרוי גענענדל, אָדער אפשר ער אַליין, איך געדענק שוין נישט געניי, געפרעגט וואָס אַזוינס איך וויל זיין אין מיין לעבן. (איך בין דעמאָלט אַלט געווען אַרום דרייצן אָדער פערצן יאָר).

— אַ שרייבער! — האָב איך אָן שום קווענקלעניש געענטפערט.

ביידע מענטשן, דער מאַן און די פרוי, האָבן מיך עפּעס מאָדנע אָנגע־קוקט, פונקט ווי איך וואָלט זיין אַ משוגענער. נאָך אפילו איצט, אוודאי קנאַפּע פערציק יאָר שפּעטער, בשעת איך שרייב די שורות, קען איך אַבסאָלוט נישט באַגרייפן ווי אַזוי עס קומט צו מיר, אַ דרייצן־פערצן יאָריקן אינגעל, אַזאַ מין גאַנץ אַנטשלאָסענער ענטפער. ווי קומט צו מיר אַזאַ מין פעסטער באַשלוס אין אַ צייט ווען איך האָב נאָך פון דעם מין שרייבן אפילו נישט גע'חלומ'ט. נישט נאָר האָב איך נאָך דעמאָלט, און אויך קיינמאָל נישט פריער, נישט געהאַט איינגעטונקען די פעדער אינם טינט צום שרייבן, נייערט די געוואַגטע אידעע צו זיין אַמאָל אַ שריפט־שטעלער וואָלט אויסגעזען צו מיר העכסט־פאַנטאַסטיש. אָבער, דאָס איז פּאָרט געווען דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן וואָס איך האָב וועגן דעם צו עמעצן גערעדט און אויסגעדריקט אינסטינקטיוו מיין לעבנס־באַשלוס. עס איז אוודאי קיין שום צווייפל נישט אַז דאָס וווּנדערשיינע בוך פון זשול ווערן, וואָס עס איז ערשט אין אונדזערע צייטן פאַרפילמירט געוואָרן, האָט מיך אומבאַוווסטזיניק באַגייסטערט און צום ערשטן מאָל אָנגעקלאַפּט אין מיר דעם שפּעטערדיקן שרייבער, אויב מען קען זיך אַזוי אויסדריקן. אין יענעם מאָמענט, ווען איך האָב מיט אַזאַ מין אַנטציקונג געלייענט די רייכע און בונטע שילדערונגען פון טעאַטערן, צירקוסן, פּאַגאָדאַס, אָקסן־קאַמפן, חתונות און לוויה'ס, איז אין מיר אוודאי פאָרגעקומען אַ גייסטיקע איבערקערעניש: עס איז אין מיין האַרץ איינגעפלאַנצט געוואָרן די גרויסע ליבשאַפט צו שרייבעריי. און ביז אויף דעם היינטיקן טאָג ווייס איך נישט פון קיין מער געטרייען קנעכט צו דער פּענע, ווי עס איז די פּערזאָן וואָס שרייבט די דאָזיקע שורות.

אַרום יענער צייט, (1923), בין איך מיט מיין טאַטן געפאָרן קיין וואַר־

שע. אין אַ וואַרשעווער לעטשניצאַ (הייל־אַנשטאַלט) האָט איינער, אַ גע־וויסער דאָקטאָר קעניגשטיין, דורכגעפירט איבער מיר אַ פּאָליפּ־אָפּע־ראַציע. די אָפּעראַציע איז אגב געווען אַ גאַנץ קאָמפּליצירטע און שווערע. מיט אַ סך ווייטיק און מיט היפּשע נאָכוויי־עניש. אָפּזייענדיק אַרום אַ וואָך צייט אין דער גרויסער אידישער שטאָט וואַרשע און זיך אויפהאַלטנדיק ביי מיין טאַטנ׳ס אַ שוועסטער, וואָס האָט געהייסן פעליציאַ האָניגספעלד, וועלכע האָט נאָך דער מלחמה פאַרוואַנדלט איר אַמאָליקע רייכע וווינונג אויף די רוישיקע נאַלעווקעס אין אַ מין האָטעל, אָדער אַ היימישער אכסניה, זיינען מיר אַהיימגעפאָרן. געדענק איך אַז פון דער פולאַווער באַן־סטאַנציע איז מיט אונדז אין דער דראָשקע, שפּעט ביינאַכט און אין אַ געדיכטן פוילישן שניי, מיטגעפאָרן דער מורה־הוראה פון שטעטל, וואָס האָט גע־הייסן ר׳ הירש לייב ראָזענצווייג. דער דאָזיקער מורה־הוראה, צו וועמענס פעטלעכן גוף איך בין געווען צוגעקוועטשט און צוגעטוליעט אין דער ווינטערדיק־קאַלטער דראָשקע, האָט מיך פריינטלעך אויסגעפרעגט וועגן מיין געזונט־צושטאַנד און אויך וואָס און ווי איך לערן זיך. שפּעטער האָב איך געהערט רעדן אין שטעטל אַז דערזעלביקער מורה־הוראה האַלט אין שרייבן אַ ספר... דאָס איז פאַר מיר געווען אַ גרויסער וווּנדער... פון איצט אָן האָב איך אים שוין שטאַרק אָבסערווירט און געפאָרשט דאָס איינזאַמע געשטאַלט פונם מורה־הוראה, וואָס פלעגט זיך אַמאָל, אין אַ שבת פאַרנאַכט, באַווייזן צוזאַמען מיט זיין שמש, וואָס האָט אויסגעזען ווי צו זיין אַ טונקעלער און דאַרער שאָטן, איבער סאַמעטנפלושענע לאָנקעס אונטערן היימישן שטעטלע. אַ מאַן וואָס שרייבט מיט זיין שטערבלעכער האַנט אַן אומשטערבלעך ספר איז פאַר מיר געווען אַן אויסטערלישע מיסטעריע. איך קען זיך איצט ווויל דערמאָנען אַז דער דאָזיקער איידעלער מורה הוראה האָט אויסגעזען גענוי ווי איינער פון די ביזאַרע געשטאַלטן פונם לעגענדאַרן מייסטער על גרעקאָ, וועמענס אָנגעצונדענע פאָרטרעטן פון הייליקע איך האָב ערשט מיט יאָרן שפּעטער געזען אין די מוזעאומס און קונסט־סאַלאָנען פון צענטראַל־איראָפּאַ... דעם מורה־הוראה׳ס גוף האָט טאַקע געוואַנדערט אויף דער היימישער, קליינשטעטלדיקער לאַנדשאַפט צוזאַמען מיט זיין נאַאיוון שמש... אָבער זיין פלאַמיקער קאָפּ האָט הויך געטורעמט אין די אָנגעצונדענע וואָלקנס אויף די מוצאי־שבת׳דיקע האָריזאָנטן.

---

אַן אַנדערש מאָל האָב איך אויך אין אַ שבת׳דיקן נאָכמיטאָג נאָכן געוויינלעכן עסן טשאָלנט, געהערט ווי איינער אַ איד מיט אַ געשוואָלענער באַק, אַ שכן פון אונדזער הויף, האָט עפּעס דערציילט פאַר אַ רעדל מיט נייגעריקע אידן וועגן אַ זעלטענעם סאָרט בוך וואָס געפינט זיך אין זיין באַזיץ. דאָס בוך הייסט „ראָבינזאָן קרוזאָ״. ער האָט געמיינט דאָס באַ־

רימטע בוך פאַר קינדער פון ענגלישן שריפטשטעלער דאַניעל דעפאָ. דער איד האָט צו מיר אויסגעזען ווי נישט צו זיין קיין פּאָסאַזשיר פון דער דאָזיקער וועלט... בשעת זיין רעכטע זייט פּנים איז ביי אים געווען גאַנץ מילד און מענטשלעך, איז עפּעס די לינקע זייט געווען טייוולישאון אַכזריות׳דיק. איין האַלבע באָרד איז ביים איד געווען טונקל אַזוי ווי רויע ערד. בשעת די צווייטע האַלבע באָרד איז געווען ווייס ווי ערשטגעפאַלענער שניי אין אַ קאַלטער ווינטער־נאַכט... עס איז ביי מיר נישט געווען קיין שום צווייפל אַז דער דאָזיקער מאָדנער איד געהערט זיך גאָר אָן מיט די שדים, וואָס וווינען אין די סאַמע איינזאַמסטע און חרוב׳דיקע חורבות פונם שטעטל און זיי פראַוועןן ביינאַכט הערלעכע הוליאַנקעס און מולטיפאַרביקע מאַסקנבעלער... אַ סך מאָל האָב איך זיך ביים דאָזיקן איד שטאַרק געבעטן צו זיין אַזוי גוטהאַרציק און מיר אויסצובאָרגן, כאָטש בלויז אויף איין און איינציקן טאָג, דאָס זעלטענע בוך וועגן ראָבינזאָן קרוזאָ, וועגן וועלכן ער האָט אפשר אַ גאַנץ לעבן לאַנג באַגייסטערט גערעדט און פון זיינע בלעטער געשעפּט אַלערליי פאַנטאַסטישע מעשיות... אָבער דער איד האָט זיך אָפּגעזאָגט מיר אויסצולייען דאָס בוך... אַ בוך אין שטעטל האָט געהאַט אַ הויכן ווערט און עס איז געווען טייערער פון זילבער און פון גאָלד מיט ברילִיאַנטן.

שפּעטער אַביסל, ווען איך האָב שוין עפּעס פאַרדינט פון מיין אַרבעט אַלס האַנט־זעצער אין דער דרוקעריי פון דעם באַוווסטן איבערזעצער שלמה שיינבערג, האָב איך איינמאָל געקויפט אין דער בוכהאַנדלונג פון אַ געוויסן רובינשטיין גאַנצע צען בענדער פון ראָמען ראָלאַנ׳ס באַרימטן ווערק „זשאַן קרישטאָף״, אין אַ פּוילישער איבערזעצונג. אויך האָב איך זיך איינגעקויפט האָמער׳ס אומשטערבלעכע עפּאָפּעען די „איליאַדע״ און די „אָדיסייע״. מיט אַ געוואַלטיקן אינטערעס האָב איך געלייענט די דאָזיקע, און אויך אַנדערע, הויך־קינסטלערישע ווערק, הגם פּויליש איז מיר ווייט נישט געווען אַזוי נאָענט ווי מאַמע־לשון אידיש... אין די דאָזיקע מאַכטיקע ווערק, פאַרצייטישע און אויך מאָדערנע, האָט דער מין מענטש אַרויסגעלויכטן מיט זיינע סאַמע טיפּישסטע אייגנשאַפטן ווי גרויסע פייערן. די מענטשן זיינען געווען אומגעהויערע אין זייערע עמאָציעס, דראַנגען און פאַרמעסטונגען. ווי פּשוט און ווי גרויס איך אינהאַלט, אין סטיל און אין שפּראַך עס איז געווען האָמער׳ס געוואַלטיקע דיכטונג. אין דער רעאַליסטישער לעבעדיקייט פון די כאַראַקטערן און אין דער אייביקער מענטשלעכקייט. דאָס ווערק פון דער פּענע פון אַ גרויסן שעפער צייכנט זיך תמיד אויס מיט פּשטות און קלאָרקייט, ווי גאָט׳ס אַ זוניק־הערלעכער טאָג... יאָ, מיט אָדיסייאושן האָב איך איבערגעלעבט פאַנטאַסטישע נסיעות, פון וועלכע ביידע — דער כאַראַקטער פונם בוך און דער מחבר — און מען קען אויך צוגעבן: דער לייענער — ווערן היפּש עלטער און גרויער...

און פון דעם גרויס־פאַרנעמיקן זשאַן קרישטאָף בין איך געוויר געוואָרן צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן, פון מענטשלעכער גרויסקייט: איך האָב זיך אינטים באַקאַנט מיט אַ גיבור פון גרויסע גרעאַנגלען און פאַרמעסטונגען מיט זיין שיקזאַל און מיט זיינע אומגעהויערע יסורים.

אויף דער שפּיטאָלנע גאַס, וואָס פירט צום היסטאָרישן פּאַרק פון דעם פירשט אַדאַם טשאַרטאָריסקי, איז געווען אַ בוכהאַנדלונג פון דער פאַמיליע קליינבערג. האָב איך דאָרטן אויסגעגעבן מיינע שווער־פאַרדינ־טע זלאָטעס אויף וויליאַם שעקספּיר׳ס ווערק. דאָס זיינען געווען בראָ־שירטע ביכלעך, אין ווייסע טאָוולען לויז געבונדענע, ווי אין שניי גע־הילטע. אָדער ווען איך האָב זיך גענומען לייענען שעקספּירן, זיינען אַרויסגעאַנגען פלאַמען, הויכע ווי די בערג, פון די דאָזיקע מאָגערע ביכלעך. איך בין ממש אַרומגענומען געוואָרן פון מענטשלעכע שרפות. איך האָב צום ערשטן מאָל אין מיין געמיט אַריינגענומען די פינצטערע מרה־שחורה פון פרינץ האַמלעט. די געטלעכע משוגעת פון דער זייער צאַרטער, בלייכער און טראַגישער אָפעליאַ. דאָס ביטערע איוב־געשריי פון דעם באַליידיקטן און וועלט־געשלאָגענעם איד שיילאָק, פון וועמענס טרויעריקע ביינער ער ברעכט זיך אַרויס נאַציאָנאַלער וויטיק און פּראָ־טעסט. מיר איז געפעלן ווי אַזוי באַרג און ים און שטורעם און בייז געוויטער און צאַרנדיק וועטער אילוסטרירן ביי שעקספּיר׳ן געוואַלטיקע מענטשלעכע געפילן. ווי אַזוי אָטעלאָ איז פּאַקטיש אַ פייער־שפּייענדי־קער ווולקאַן פון מענטשלעכע עמאָציעס. שעקספּיר׳ס כאַראַקטערן זיינען אפשר גאָרנישט קיין מענטשן — נייערט בערגער, ווולקאַנען, שטורעמס, אָצעאַנען און אָנגעצונדענע וועלדער. זיי שפּילן אין די טרויער־שפּילן ווי זיי וואָלטן זיין הימלישע געטער און געצן. נישט ווי קיין שטאַרבלעכע פאַרשווינען פון בלוט און פלייש... זיי שיינען איבער־צושטייגן מיט זייער מאַכטיקן פאַרנעם און אַמביציע גאָר די הויכן און די טיפן פון מענטשלעכע געפילן. זיי דריקן אויס אויף אַ טיטאַנישן אופן אַלע גאַמעס און גראַדן פון מענטשלעכע איבערלעבנישן, עקסטאַזן און אויסבראָכן פון ליבע, אייפערזוכט, צאָרן, פאַראַט און העלדישקייט.

אויף דערזעלבער שפּיטאָלנע גאַס איז געווען נאָך אַ בוכהאַנדלונג. דאָרטן האָב איך זיך איינמאָל אין אַ טאָג באַקאַנט מיט איינע אַן עלטערע פרוי, וואָס איז געווען די באַבע פון דעם אייגנטימער פון דער בוכהאַנד־לונג. די דאָזיקע פרוי האָט געלייענט אידישע ליטעראַטור. אין איר פריוואַטער ביבליאָטעק האָב איך שפּעטער געפונען און אויך געליגן די ווערק פון פּיליפּ קראַנץ, ב. פייגענבוים, ד. הערמאַלין, אברהם שמ״ר און אבנר טאַננענבוים. די דאָזיקע דינע איידעלע פרוי, וואָס האָט טראָץ איר טיפן עלטער געטראָגן אַ נאָבעלן און גליקזעליקן שמייכל אויף איר פאַר־וויאַנעטן פנים, אַזוי ווי די פנימ׳ער פון דאַ ווינטשי׳ס פרויען, האָט

זיך געהאַט היפּש אָנגעלייענט אין איר לאַנגן לעבן מיט ממש טויזנטער אידישע ראָמאַנען, איבערהויפּט מיט די שונדיסטישע נאָוועלעס פון די אידיש־אַמעריקאַנישע שריפטשטעלער, און אויך מיט אַ גרויסער צאָל רייזע־באַשרייבונגען. איך האָב די דאָזיקע ביכער געשלונגען מיט אַ געוואַלטיקן ענטוזיאַזם און אַ גרויסן הונגער נאָך וויסן. איך האָב, מעג איך זאָגן, געהאַט אַ געוואַלטיקן אינטערעס צו אַלע זשאַנרן פון ליטעראַטור־שאַפונג: צו קולטור־געשיכטע, וועלט־געשיכטע, ביאָגראַפיעס פון באַרימטע מענטשן, היסטאָריע פון פעלקער, פירשטן און קיסרים, דער־ציילונג און פּאָעזיע, מיטאָלאָגיע און פאָלקלאָר, ווי אויך צו דער שוין דערמאָנטער שפּאַנענדיקער רייזע־באַשרייבונג. מיט דער דאָזיקער פּריינט־לעכער און שטאַרק־באַלעזענער פרוי פלעג איך אַ סך שמועסן וועגן די איבערגעלייענטע ביכער. נאָך איצט, בשעת איך שרייב די דאָזיקע רע־מיניסענסן, פיל איך טיף אין מיין האַרצן אַ נאָבעלע דאַנקבאַרקייט און אַ גרויסן דרך־ארץ צו דער דאָזיקער חנ'עוודיקער דאַמע, וואָס האָט אין די שפּעטערדיקע יאָרן פון איר לעבן ממש טאָג און נאַכט געלייענט די מאַ־סיווע בענדער אין דעם ווונדערלעכן און היימישן אידיש־לשון... זי איז געווען, ווי געזאָגט, שוין אַ זייער אַלטע פרוי. זי האָט מיך דערמאָנט אין ראָדענס סקולפּטור פון דער אַלטער פרוי, וועמענס דאַרע און פינצ־טערע בריסטן הענגען טרויעריקע נאָך אַזוי ווי פּרוכטן אָן שום זאַפט און עסענץ. די נאַטור האָט אין משך פון אירע פרוכטבאַרע יאָרן אויסגע־קוועטשט איר אומעטיקן גוף וואָס האָט אַמאָל זוניק געשטראַלט ווי אַ בוים מיט גאָלדענע פּירות. זי האָט געשאָנקען לעבן און מענטשלעכע דורות צו דער וועלט און צו דער געשיכטע פון איר פאָלק. און איצט האָט די נאַטור זי ברוטאַל אַוועקגעשליידערט. זי קוקט אָן איר אייגן יאָמערנדיק פלייש און זי וויינט איבער דעם איינזאַמען טויט פון אירע גלידער בשעת זי לעבט נאָך.

אָבער, די דאָזיקע אידישע דאַמע האָט מנצח געווען איר עלטער. ווען זי פלעגט פאַר מיר איבערדערציילן דעם אינהאַלט, דעם סיפור המעשה פון אַ באַלזאַקישן ראָמאַן, אָדער פון וויקטאָר הוגאָ'ס „דער גיבור אין קייטן", האָבן אירע אויגן אויפגעלויכטן מיט אַ ראָמאַנטישן פייער... די הויט פון איר פּנים איז געוואָרן העל און זוניק... דאָס ליכט פון די גרויסע גייסטער האָט צוריק אָנגעצונדן און באַלעבט איר אייגענעם גייסט.

צוריקקומענדיק צו אונדזער היימישן שניידער מיטן געלן בערדל, וויל איך איצט עפּעס דערציילן פון זייער לעבן. דעם שניידער'ס מיידעלע, אַ קינד פון איבער דריי יאָר אַלט, איז געווען אַ ווונדערשיין אידיש קינד מיט היימלעך־אָנגעצונדענע אייגלעך און מיט אַ קעפּל מיט טינט־פינצטערע האָר וואָס האָבן דערגרייכט ביז צו איר דינער און איידעלער טאַליע. דאָס דאָזיקע איינציקע טעכטערל פון דעם אָרעמען פּאָרפאָלק איז עפּעס פלוצ־

לינג קראַנק געוואָרן און עס איז געשטאָרבן. עס איז אינגאַנצן נעבעך שלאַף געווען אפשר אַ וואָך צייט. איך בין איצט נישט מער אימשטאַנד צו געדענקען די סיבה פון דעם קינד'ס טויט. צו יענער צייט איז דאָך נישט געווען קיין באַווינע די שטערבלעכקייט פון קינדער סיי ביי דער אידישער און סיי ביי דער גוי'אישער באַפעלקערונג. קיין איבעריקס־היגיענישע באַדינגונגען האָבן דאָך נישט געקענט הערשן אין אַ פּראָסטן געוועלב, אָן אַ שום פענצטער, דורך וועלכע עס זאָל קענען אַריינשטראָמען אַביסל פרישע לופט, סיידן דורך די לעכער אין דאַך, דורך וועלכע עס האָט אָפט אַריינגערעגנט און אויך ווינטערצייט אַריינגעשנייעט... און סיידן דורך די ווילגאָטנע ווענט, וואָס זיינען געווען ברודיקע לאַנדשאַפטן מיט משוגענע שוואָמען... אין דעם דאָזיקן קבצנישן געוועלבל, ווו מען האָט אַ גאַנצע וואָך געבייט קליידער, געריייניקט און געפּרעסט אַלטע מלבושים, איז אין אַ טונקעלן ווינקעלע, אונטער אַ פּאָרהענגעל, געשטאַנען דאָס הילצערנע וויגעלע מיטן בלויען, אויסגעמאָגערטן, אידישן מלאכ'ל, וואָס איז נאָך דערצו קאָרג דערנערט געוואָרן, וואָרים די אָרעמע מאַמע האָט קוים געהאַט אין אירע אויסגעדאַרטע בריסטן דאָס ביסל בויטיקע מילך פאַר איר קינדעלע... אויסערדעם האָבן אין דעם געוועלבל נאָך געוווינט די אייביק־הונגעריקע פליגן, די בלוטדאָרשטיקע מיקן, די וואַנצן וואָס טרינקען אָן שום רחמנות דאָס בלוט פון די אָרעמע מענטשן און נאָך אַלערליי ווערם און פּאַראַזיטן, וואָס האָבן פיינט די פּאַלאַצן פון די גבירים. מיר איז דעריבער נישט קיין איבעריקער ווונדער וואָס דאָס אָרעמע מיידעלע איז נעבעך גיך אויסגעגאַנגען אין דער אומהיימלעכער און שטויביקער טונקעלקייט פונם שמאָלן און ענגען געוועלבל, ווו עס איז איבעריקנס נאָך תמיד געשטאַנען אַ דיקער און גרויער רויך, וואָס פלעגט זיך אָן אַן אויפהער ציען פונם אייזערנעם אויוועלע, אין די ביטער־קאַלטע, ווינטערדיקע פרעסט, מיט וואָס פוילן איז באַשענקט.

איך געדענק אַז דער קליינשטעטלדיקער קברן, דער הויכער און אויסגעדאַרטער איד, אַליין אַן אָרעמער סקעלעט וואָס האָט נישט געהאַט קיין פיצל לייטיש פלייש און פעטס אויף זיינע נאַקעטע ביינער; אייזיק דער באַגרעבער, ווי מען האָט אים גערופן, וואָס האָט תמיד זיך אַדורכ־געשלייכט דורך די געסלעך פונם שטעטל מיט אַ ווינטיקן געאייל, אַזוי ווי ער וואָלט געווען אַ שד, אַ מין טייוואָליש געשפּענסט, איז פּלוצלינג דער־שינען ביים שניידער אין געוועלבל און ער האָט איינגעוויקלט דאָס טויטע מיידעלע אין עפּעס אַ קאָלירנלאָזע קאָלדרע און ער האָט דאָס דאָזיקע טרויעריקע קערפּערל, וועמען דער רבונו־ש־לעולם האָט נישט באַוויליקט צו לאָזן אויסוואַקסן, (ווער ווייסט צוליב וועמענס טרויעריקער שולדי־קייט?...), ווי עפּעס אַ נישטיקן פּעקל מיט שמאַטעס גענומען אונטער זיין דאַרן אָרעם. שנעל האָט ער זיך ווי אַ וויכער אַרויסגעריסן פון גע־

**וועלב און גענומען גיך שפּאַנען איבערן קרומען, פּוילישן וועג, פאַרביי דעם** חזיר־קיילערס פאַרבלוטיקטן גאָרטן. די אומגליקלעכע מאַמע איז אַ מורא׳דיק־פאַרצווייפלטע נאָכגעלאָפן נאָך דעם באַרבאַרישן קברן. זי האָט געבראָכן אירע שטומע הענט ווי טרוקענע צווייגן אין ווינט. זי האָט געהעשעט מיט אַ מורא׳דיק געוויין, וואָס איז געגאַנגען אַזוי ווי אַ משוגענער שטורעמווינט פון אירע מאַמעשע און בלוטנדיקע איינגעווייד. צוזאַמען מיטן יאָמער פון דער געשלאָגענער מוטער האָבן זיך געהערט די געשרייען פון דעם חזיר־קיילערס פעטע חזירים, אין ווענענס קאַרקן דער ברוטאַלער חזיר־קיילער האָט ווילד געשטאָכן מיט זיין שאַרפן קינזשאַל... דער קברן, רב אייזיק, האָט אָבער בליצשנעל געשפּאַנט מיט זיינע הויכע און דינע פיס, אַזוי ווי אַ פאַרשאָלטענער און ווּסטער באָטשאַן, לאָזנדיק ווייט אונטער זיך די אויסגעמאַטערטע און צעבראָכענע מוטער, לאָזנדיק שטענדיק שטיין אונטער זיך געוויין און מענטשלעכן לאָמענט און פינצטערן יאָמער. ער האָט מורא׳דיק שנעל געשפּאַנט און געשפּרייזט אַזוי ווי אַ רויבער, וואָס האָט נאָרוואָס אַדורכגעפירט אַ גרויזאַמע אָפּעראַציע אין איינעם אַ ליבן און אַ היימישן הויז און ער וואָלט פון דאָרט אַרויסטראָגן עפּעס אַזוינס וואָס איז פיל טייערער פון גאָלד און זילבער און בריליאַנטן... אייזיק׳ס פּנים איז געווען קאַלט ווי קיזלשטיין און פּונקט אַזוי רוי ווי דאָס פּנים פונם פעלז... ער האָט ווי אַ דינער און אַ זייער איינזאַמער שד, ווי עפּעס אַ מין באַרבאַרישער מעפיסטאָפל, קאַלט און גרויזאַם־האַרצלאָז צו גאָר די בלוטיקע, מענטשלעכע יסורים, געשפּרייזט איבערן וועג, ווענענס רעכטע זייט איז געווען באַלויכטן פון דער אונטערגייענדיקער זון און די לינקע זייט האָט שוין געטונקלט מיט די שאָטנס פון הייזער, דעכער, קוימענעס און ביימער. ער האָט זיך דערנענטערט צום געלן און פוסטן זאַמד־קוואַרטאַל פון שטעטל, וואָס האָט געשמעקט מיטן פוסטן ליים. זיין גראָטעסקע פיגור האָט געטונקלט אויפן האָריזאָנט פון דער ווייטנס, מיטן טרויעריקן און איינגעשרומפּענעם פּעקל אונטערן דאַרן אָרעם. די אומגליקלעכע פרוי, נישט אימשטאַנד זייענדיק ביי קיין שום אופן נאָכצויאָגן דעם ווינטיקן קברן וואָס האָט געטראָגן צו דער נאָקעטיקער מאַמע־ערד איר נאַקעטן און דורך גאָט׳ס גרויזאַמע שווערד איר דערשלאָגענעם קינד, איז איצט פּלוצלינג שטיין געבליבן ביי איינעם אַ בוים. עס האָט זיך געדאַכט אַז ווען נישט דער דאָזיקער בוים דאָ, וואָלט זי אומגעפאַלן פינצטער צו דער ערד. וואָרים איר מאַמעשער יאָמער איז געווען שווערער נאָך ווי די גאַנצע גאָטס־ערד. יאָ, דער בוים איז ווי דורך אַ נס אַזוי ווי פּלוצלינג אויסגעוואַקסן פון די פינצטערע טיפענישן פון דער ערד און זי האָט דעם בוים אַרומגעכאַפּט ווי איר מאַמען, ווי איר באָבען, ווי גאָר אירע ווייטע און טיפע און מאַכטיקע דורות אידן. און זי איז געוואָרן אַזוי ווי איין גוף צונויפגעקניפּט און צונויפגעוואַקסן משׂשׂת

ימי בראשית מיטן דאָזיקן גאָט׳ס בוים... שפּעטער אַ ווײַלע איז די פרוי מיט אַ געבראָכענעם גאַנג, אַזוי ווי אירע פיס וואָלטן געווען צע־בראָכן פון שטיינער און שפּיציקע פעלזן, צוריק אַרײַנגעפאַלן אין איר אַלקערל, אין דער טיפעניש פונם געוועלבל, כדי אויפדאָסניי צו יאָמערן הויך צום רבונו־של־עולם. זי איז אַרויפגעפאַלן אויפן ליידיקן קינד׳ס וויגל. זי איז אײַנגעשרומפּן געוואָרן אין דער קורצער צײַט פון דער לוויה צו דער מאָס פון איר טויט קינד, און זי איז געוואָרן צוריק אַ קינד אין וויג... און עמעץ, אַ גאָלדענע האַנט פון איינעם אַ שיכור׳ן מלאך מיט אַ מענטשלעך האַרץ אין זײַן הימלישער ברוסט, האָט געוויגט, געוויגט דאָס וויגעלע מיט דעם אַלט־געוואָרענעם קינד... און דערזעלבער מלאך האָט אויך געזאָגט קדיש איבערן וויגעלע, ווי איבער אַ קבר.

איבעוויײַניק איז געשטאַנען דער שנײַדער, איר מאַן, ביים ניימאַשין. די סחורה וואָס ער האָט געהאַט צוגעשניטן פאַר אַ מענטשלעך מלבוש איז געלעגן אײַנזאַם אויפן טיש מיט דער רויער פאָרם פון אַ מענטש. דער שנײַדער איז איצט געווען קאַלט, פרעמד און פאַרגליווערט. זײַן תמיד געלע בערדל איז אַצינד געווען ווײַס ווי אַ שטיק שניי וואָס איז לאַנגע טעג און נעכט געלעגן אײַנדרויסן אויפן ווינט. דער שנײַדער האָט זײַן ווײַב נישט דערקענט אַח זײַן ווײַב האָט ניט דערקענט איר מאַן. דער געמיינזאַמער טרויער, אַנשטאָט זיי צו דערנענטערן, האָט זיי גאָר פרעמד געמאַכט איינער צום אַנדערן. און ווען אייגנטלעך זײַנען זיי דען נאָענט געווען? בלויז אין די אומהיימלעכע נעכט ווען אין דרויסן בליצט פינצ־טער און מורא׳דיק און פאַרשאָלטן לייב טוליעט פאַרשאָלטן לייב אין גאָט׳ס פיזישער דערנענטערונג, כדי אַרויסצושלאָגן לעבן, וואָס איז פרישע שפּייז פאַר דער אייביקער סעודה פונם מלאך המות.

אין אַ ווינקל פונעם אַלקערל האָט אַן אײַנגעבויגן ליכטל געטריפט מיט טראָפּנס גרויזן און קראַנקע חלב. דאָס ליכטל איז געשטאַנען אין אַ מעשענעם חנוכה־לאָמפּ, וואָס האָט גרין געשימלט. אַן אַלט און אָפּגעבלאַקירט סידור׳ל, מיט חלב־פאַרטריפטע, געלע און צעבראָכענע בלעטלעך, איז גע־לעגן אָפן. וועלכער שיכור׳ער מלאך, איבערגעפרעסן מיטן ליכט און שוואָלטאָג פון גן־עדן, האָט דאָ אַראָפּגענידערט פרייוויליק פון די הימלען און האָט דאָ אויסגעקלאָגט אַ קדיש, נאָכן קינדעלע? דער איינזאַמער תהילים פונם קייסער דוד איז דאָ געשטאַנען אָפן פאַר גאָט. אפשר האָט דער גע־וואַלטיקער מחבר געזאָגט דאָ ביינאַכט אַ קאַפּיטל תהילים פאַר דעם קינד׳ס נשמה.

דער דאָזיקער עפּיזאָד האָט אויף מיר געמאַכט אַ געוואַלטיקן אײַנדרוק. די אײַזערנע פענע ציטערט ווי אַ דינע גענדזענע פעדער ביים באַשרײַבן די סצענע. די אַנדערע זײַט פון לעבן, דער פינצטערער סוף פונם מענטש, די גרויזאַמע און קאַלטע טעטיקייט פונם מלאך המות, האָט זיך דאָ פלוצלינג

געטאָן צו מיר אַ מורא׳דיקן אַנטפּלעק. אויף אַ גאַנץ פינצטערן און אומפּריינט־לעכן אופן. איך בין ביז איצט נישט אימשטאַנד צו פאַרגעסן ווי קאַלט און גלייכגילטיק דער מעטאַלענער קברן, וואָס האָט מיך מאַדנע דערמאָנט די פאַרשאָלטענע קעניגלעכע הויכקייט פונם מלך שאול, מיט זיין ביינערדיק־הויק־ערדיקער נאָז, מיט די טונקעלע גריבער אין זיינע באַקן, מיט די אויסגעלאָ־שענע אויגן, ווי ביי אַ טויטער קראָ, האָט געטראָגן אונטער זיין דינעם און דראָטענעם אָרעם אַ ווונדערשיין, אידיש מיידעלע. ווי פאַרשטיינערט ער איז געווען אַנטקעגן דער יינגער פרוי׳ס רירנדיק געוויין, וואָס האָט זיך געטראָגן איבערן שטומען רוים אַזוי ווי אַ פליצנדיקער טייך און האָט געמאַכט, ווייניקסטנס אַזוי האָט זיך מיר מענטשלעך אויסגעדאַכט, ציטערן און וויינען די וואָלקנס. און דאָס קינדעלע וואָס דער קברן ר׳ אייזיק דער באַגרעבער האָט געטראָגן, איז שוין מער נישט געווען אַ י ר ק י נ ד. עס איז געווען ז י י נ ס, דעם באַגרעבער׳ס. עס איז שוין געווען זיין אייגנס, דאָס ווערק פונם מלאך המוות, און כדי באַגראָבן צו ווערן אין דער ריינער ליימיקער ערד, צו ווערן אַ טייל פון אייזיק דעם קברנ׳ס קעניג־רייך און זיך צו דרייען אויף דער אַקס פון דער ערד, אין דער אָרביטע אַרום דער זון און אין אייביקן גאַנג אַרום די שטערן, נאָענט צו גאָט.

# דער אַפּטייקער

די איינציגע אַפּטייק וואָס עס איז געווען אויף דער פּולאַווער הויפּט־גאַס, די אוליצאַ לובעלסקאַ, איז צו מיר געווען עפּעס אַ מין גוי׳אישע אינ־סטיטוציע. די פּאַליצעס זיינען געווען געדיכט אָנגעשטעלט מיט פילפאַרבי־קע און פאַנטאַסטישע פלעשלעך און שאַכטלעך מיט געהיימנישפולע מעדי־ציניש עליקסירן און שטאָפן. איך געדענק די דורכזיכטיקייט פון די פליסיקייטן, די ריינקייט פון די קאָלירן, די פאַנטאַסטיק פון די אַלערליי מאָדנע וואַסערן. די אַפּטייק האָט געשמעקט מיט קאַרבאָל און מיטן טייוול, מיטן שטודירצימער פונם מיטל־אַלטערלעכן דאָקטאָר יאָהאַן פאַאוסט, מיט אַלכעמישע פאָרמולעס און ביזאַרע פלענער ווי אַזוי צו פאַרוואַנדלען ליים, בליי, ערד און שטויב אין ריינעם גאָלד. אין שטעטל פלעגט מען רעדן אַז דער אַפּטייקער שטייט אין נאָענטע באַציאונגען מיטן קעניג פון די שדים; אַז ער איז שטיין־רייך און אַז אָנשטאָט זיינע מעדיצינען זאָלן געבן גע־נעזונג, טרעפט אַז זיי פאַר׳שיכור׳ן פּריצים און פירשטן.

פונדעסטוועגן פלעגן פרומע גוי׳עס מיט שוואַרצע פאַטשערקעס אויף די געל־ליימיקע הענט און קראַנקע אידענעס תמיד ציען צום ביזאַרן אַפּטייק נאָך כל־ערליי רפואות. אין די טעג פון היימישע, שטעטלדיקע יאַרידים פלעגט מען זען ביי דער וויסטאַווע פונם אַפּטייק אַ סך פויערים, אַ טייל פון זיי מיט געשוואָלענע און פאַרבונדענע באַקן און אָפטמאָל אויך מיט געליימטע הענט און פיס, מיט פאַרדרייטע, מייל׳ער און פאַרקרימטע פנימער.

מען האָט דאָ אויך געזען אַלערליי היסטעריקער, קאַלעקעס און מאָדנע פאַרזעענישן. דאָס פּנים פון פאָלק איז זעלטן שיין און עסטעטיש. דאָס זיינען זיכער נישט קיין מאָדעלן אויף צו מאָלן פון זיי קעניגלעכע פּאָרטרעטן.

אָבער דער מאַסיווער און מיטלגעוווקסיקער גדליה אייבעשיטץ דער אַפּטייקער, פלעגט תמיד באַמיען זיך אַרויסצוכאַפּן פון זיין אַפּטייק און גיין אַ פאַרטראַכטער און אַ זעעליש־באַרואיקטער צום אַלטן און צום היימישן בית המדרש. עס פלעגט מיך שטאַרק וווּנדערן צו וואָס דער היפּשלעך פאַר׳גוי׳אישטער אַפּטייקער, דער קייסער פון אַ פאַנטאַסטישער מלוכה פון כעמישע פאָרמולעס און טייוולישע עליקסירן, גדליה אייבעשיטץ, גייט אין בית המדרש אַריין. וואָס ע׳לטער ער איז געוואָרן, אַלץ אָפטער איז ער געגאַנגען אין בית המדרש און ער האָט זיך געטוליעט צו די דעמבענע טישן אויף וועלכע עס פלעגן ליגן אַלטע, פאַרגעלבטע ספרים, וואָס אַלערליי היימישע אידן האָבן אין זיי געלערנט און געלאָזט ליגן מיט ברייט־צעעפנטע בלעטער, אַזוי ווי שטראַלנדיקע לאַנדשאַפטן פול מיט גאָט׳ס כבוד און גרויסקייט. נאָך ערב דעם זעקס מיליאָניקן אידנמאָרד.

ערשט אין יאָרן אַרום האָב איך פאַרשטאַנען אַז דעם איינזאַמען איד גדליה אייבעשיטץ האָט געצויגן צום שורש. אַז אין בית המדרש האָט ער זיך דווקא וווּיל געפילט. איבערהויפּט נאָכדעם ווי זיין אייציקער זון יעווגעניוש איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד צוליב עפּעס אַ ראָמאַנטישע ליבע. אַ טיפע מרה־שחורה האָט דעמאָלט באַהערשט דעם אַפּטייקערס געמיט. אויך איז זיין פרוי נאָך פריער משוגע געוואָרן און מען האָט זי געגומען קיין וואַרשע און די באַניפראַטן. דעם אַביסל פאַר׳גוי׳אישטן אַפּטייקער האָט איצט מאָדנע געצויגן צו אידן און צו אידישקייט. אַ ברענענדיקער הונגער האָט אים געטריבן צו די אוראַלטע ספרים און צו די געלע, פאַרגאָלדיקטע שמות. עס האָט דאָ, צווישן די ווענט פון בית המדרש, געשמעקט מיט בטחון און מיט גלויבן. די נשמות פון אַ סך דורות האָבן דאָ געלעבט און געשמועסט צווישן זיך. מעשה און וואָר זיינען דאָ געווען געקנופּט און געבונדן. ווער ווייסט, אפשר האָט דעם אַפּטייקער׳ס טרויעריקער גייסט אָנגערירט זיין זונ׳ס נשמה. דער פריערדיקער אַטעאיסט האָט איצט אַ טרויעריקער געזוכט און געבענקט צו גאָט.

איך געדענק דעם אַפּטייקער׳ס געלע פינגער צאַרט אָנרירנדיק די פאַרגעלטע בלעטער פון די אָפענע ספרים, אַזוי ווי אַ הייס־פאַרליבטער מאַן רירט אָן זיין טייערע געליבטעס הייסן לייב. ערשט איצט, אַזוי פיל יאָרן שפּעטער, פאַרשטיי איך טיפער דעם אַפּטייקער׳ס געמיט און שטימונג. ערשט איצט, ווען מיר אַליין בענקט זיך אַזוי שטאַרק אַריינצוגיין אין דער טיפער שטילקייט פון אַ היימישן, שטילן בית־המדרש און שטילערהייט צו זיצן אין דעם מרה־שחורה׳דיקן זון־אונטערגאַנג, וואָס פאַרוואַנדלט שטויביקע ויילן אין קאָלומנעס פון שימערירנדיקן גאָלד. צו זיצן ביי די גרויסע, געלע

און דורותדיק־אוראַלטע ספרים און צו טרינקען טרייסט און חכמה פון די ריינע קוואַלן פון אונדזערע לויטערע און פאַרצייטישע חכמים. צו פילן ממש די פיזישע אַנוועזנקייט פון מיליאָנען פוילישע אידן.

ערשט אַצינד פאַרשטיי איך ווייל דעם שטעטלדיקן פאַר׳גוי׳אישטן אַפּ־טייקער וואָס איז אַזאַ שטילער און רעזיגנירטער געקומען זיצן אין בית המדרש אפילו דעמאָלט ווען קיינער איז שוין דאָרטן כמעט נישט געווען. ער פלעגט אין די נעכט געווייינלעך איינדרימלען, פאַרוואָרפנדיק אין אַ זייט זיין שיינעם קאָפּ און דערזעענדיק אין חלום דעם אַנגעצונדענעם גייסט פון זיין איינציקן זון, יעווגעניוש, שמייכלנדיק אַזאַ אויפגעריכטער צו אים, צום געשלאָגענעם טאַטן.

יום־כיפּור צו כל־נדרי פלעגט מען זען אַ טיף־געפאַלענעם גדליה אייבעשיטץ אין בית המדרש. אַ שטיל געוויין פלעגט זיך טראָגן פון זיין יסורים׳דיקן האַרצן. אַ איד האָט געוויינט פאַרן אוראַלטן, אידישן און מורא׳דיק־אומגליקלעכן רבונו־של־עולם. ווער ווייסט צו דער דאָזיקער אַפּטייקער האָט מיט זיין געהיימנישפולער נשמה און טראַגעדיע אין האַרצן נישט פאַרגעשטעלט מיט זיך אַ געשטאַלט וואָס וואָלט געפּאַסט פאַר אַ גרויסער נאָוועלע...

---

# דאָס בידנע באַשעפעניש

יעדער פאַר וואָכן פלעגט צו אונדז אין שטוב אַריינקומען אַ קליינע, בלייכע פרוי, אַ בידנע באַשעפעניש אַזאַ, אַ בעטלערקע. איר פּנים, געדענק איך, איז געווען שאַ־שטיל ווי דאָס שטילסטע גראָז אין אייביקן שאָטן, ביי די ווענט פון אַ חורבה. שוין דעמאָלט, אין מיינע סאַמע פריעסטע יאָרן, האָב איך ווייל דערקענט אַ געפייניקטן און אַ פאַרשעמטן מענטש, וועגן וועלכן עס איז קיין שום ספק נישט געווען צו מיר אַז דאָס לעבן האָט איר אַבסאָלוט גאָרנישט געגעבן, אפילו נישט דאָס מינדעסטע פּיצל פריייד אָדער גליק. עס איז ביי מיר קיין שום צווייפל נישט געווען אַז די דאָזיקע פרוי, וואָס איז אוודאי געווען אַן אָרעמע יתומה, אפשר פון איר קינדהייט אָן, האָט פון קיין שום מענטשנס ליבע און פון גאָט׳ס ליבשאַפט קיינמאָל נישט געוואָסן. קיין באַשעפעניש אויף דער ערד האָט איר קיינ־מאָל קיין וואָרעמען וואָרט נישט געזאָגט. קיין שום מאַן האָט איר קיינ־מאָל קיין קאָמפּלימענט נישט געמאַכט און עס האָט קיין מענטשלעך פּנים צו איר נישט געשמייכלט. זי איז אויך נישט געווען קיין געצערטלט קינד, ווי מען קען זיך דאָס ווייל פאַרשטעלן. דאָס דאָזיקע אָרעמע באַשעפעניש איז פון איר סאַמע געבורט אָן נישט געווען דאָס וואָס מען רופט: אַ ייִנגע פרוי. אַ פרוי וואָס זאָל צינדן אַ האַרץ און וועקן ליבע און וויאַסנע און אַ באַגער איר צו שענקען אַ בלום פון גרויסן בלומען־וואַלד פון דער וועלט.

פון איינער אַן אָרעמער פּרוי׳ס טראַכט איז זי אין אַ פינצטערער נאַכט באַלד אַרויסגעפאַלן אַ פּאַרטיקער אַלטער מענטש. שווער באַלאָדן מיט צייט און מיט פינצטערניש. עס האָט קיין שום לייטישער מלאך איר נישט באַשיצט פון שניי, פון האָגל, פון ווינט, פון רעגן, פון מענטשלעכן ציניזם. פון שטורעם, פון שטיינער און פון חוזק. קיין שר, וואָס באַגלייט אפילו אַ פאַר׳משפט׳ן צו דער תליה, האָט איר נישט געלערנט צו געניסן אַביסעלע נחת אין איר בידנע לעבן, צו קענען הנאה האָבן פון דער ליבע פון אַ מאַן, פון דעם היימלעכן ליכט פון דער זון און פון דער הערלעכער שיינקייט פון גאָט׳ס לאַנדשאַפט. ווער שמועסט נאָך די הנאה פון זיין אַ מאַמע פון קינדער... איך געדענק ווי דאָס דאָזיקע בידנע באַשעפעניש פלעגט אויס־שטרעקן ביי אונדז אין שטוב אַ קליינטשיק, אויסגעדאַרט און טרויעריק הענטל, ווי אַ דינטשיק צווייגעלע פון אַ נישט אויסגעוואַקסענעם בוימל, וואָס שטייט פאַרשעמט און פאַר׳משפט אין פעלד, ווי אַ פאַרשאָלטענער מענטש. איך פלעג שנעל כאַפּן ביי דער מאַמען דאָס שטיקל שניי־קלאָרע צוקער און עס איר אַנטקעגנטראָגן. דאָס שטיקל צוקער האָט אוודאי נישט זיס געמאַכט די ביטערניש פון איר לעבן. דאָך, אַ טיף־דאַנקבאַרע האָבן אירע בלוטלאָזע ליפּן עפּעס אַ ציטער און אַ מורמל געטאָן און זי פלעגט שטילערהייט אַראָפּגיין איבער די קרומע טרעפּ, ווי אַ שאָטן, און קריכן פינצטער איבער די צעבראָכענע שטיגן ווי צו איר קבר.

אָט דאָס שטומע, מענטשלעכע באַשעפעניש איז אין איינעם אַ ווינטער־דיק נאַכט פלוצלינג געשטאָרבן. עס איז דאָך אין יענע אימה׳דיקע נאָך־מלחמה־יאָרן, אין די ביטערע צייטן פון הונגער, דאָרשט, קעלט, טיפוס און מאָזלען נישט געווען קיין גרויס נייעס פאַר דער אָרעמער באַפעלקערונג צו שטאַרבן. איז אָט דאָס דאָזיקע פאַרלויזיקטע און פאַר׳חושכ׳טע געשטאַלט פון אַ מענטש, מישטיינסגעזאָגט, וועמענס גרויע און לויזע מלבושים, צו איר געשענקטע פון אַנדערע פאַרשטאָרבענע מענטשן, האָבן תמיד אויף איר אויסגעזען ווי תכריכים, אויך מיטגעשטאָרבן מיט אַלע דורות פון די מענטשן. ווייניקסטנס האָט זי געהאַט אַ רעכט צום שטאַרבן... זי האָט אַלזאָ צום רבונו של עולם, וועמענס עקזיסטענץ און וועמענס סאַמעראָדנע טראָן דער געוואַלטיקער איוב האָט מיט אַזאַ פייערדיק־פילאָסאָפישן הונגער געזוכט און געבענקט, כדי מיט אים צו עפענען די גראַנדיעזע דיסקוסיע אין תנ״ך — אָן שום קאַמף צוריק אָפּגעגעבן דאָס שטיקל מיזערנע און איינזאַמע נשמה, וואָס ער האָט איר געהאַט אויסגעבאָרגט אויף די אפשר עטלעכע און צוואַנציק יאָר פון איר ווערמדיקן לעבן, די נשמה וואָס האָט שלאַבעריק געציטערט צווישן אירע דאַרע ביינער אַזוי ווי דאָס לעצטע בידנע בלעטל ציטערט אין הערבסטיקן ווינט אויף אַ נאַקעטן בוים. זי האָט צום רבונו־של־עולם אויך צוריק אָפּגעגעבן דאָס שטיק לײדיקע רוים וואָס זי האָט דורך דער צייט אויסגעפּילט מיט איר מיזעראַבעלער און פאַרשאָלטענער

עקזיסטענץ. זי האָט אויך נישט פאַרגעסן אָפּצוגעבן צוריק צו דער מאַמע ערד דעם נישטיקן חוב אירן — דאָס ביסל ערד און ליים פון וואָס זי איז געקנאָטן געוואָרן דורך דער שעפערישער האַנט נישט פון גאָט אַליין, נייערט אוודאי דורך עפּעס איינעם פון גאָט׳ס טאַלאַנטלאָזע משרתים, אַ מין פאַר־טאַטשנעם מלאך־טשינע, אַ גראַפאָמאַן. און צום גריבל דעם נאָסן און ליימיקן אויף אייזיק דעם באַגראַבערס בית עולם, ביים צעבראָכענעם פּלויט, נעבן די גופים פון די געהאָנגענע און די דערטרונקענע, האָט זי צוריק געגעבן אירע טרויעריקע ביינדלעך און צו די אייביק הונגעריקע ווערם און פאַראַזיטן פון דער ערד האָט זי געשאָנקען איר ביסל מאָגערע און פאַרשאָלטענע פלייש.

אין דרויסן איז געשטאַנען אַ גרויסער שניי, וואָס איז דורך דער פינצ־טערער נאַכט אָנגעפאַלן קאַלט און איינזאַם אויף דער ערד. איך האָב געזען ווי מען שטעלט אַוועק אינם שכנות׳דיקן הויף די הילצערנע עגלה. צוויי פינצטערע אידן, ווי זיי וואָלטן זיין די שאָטנס פון צוויי אַנדערע, שוין לאַנג פאַרשטאָרבענע אידן, טראָגן אַרויס פון אַ שכנות׳דיקן הויז אַ דינע באַשעפעניש, אַזוי ווי אַ גע׳הרג׳עטע סאַרנע, איינגעוויקלט אין עפּעס אַ קאָלירלאָזן טוך. מען לייגט זי אַוועק אויף דער אויסגעקרימטער עגלה. קיין שום לייטיש מענטשלעך נפש קומט נישט אַרויס פון דער אָפענער טיר איר צו באַגלייטן, איר צוצוואַרפן אַ שטיקל בידנע געוויין, צו פאַרברעכן אַ פּאָר הענט איבער דער אומגליקלעכערס בינטעלע ביינדלעך. דורכן דינעם ליינוואַנט פון אירע תכריכים זען זיך אָן צוויי שאַרפע שפּיצן, וואָס צייכענען זיך קאַנטיק אָפּ: דער שפּיץ פון איר דינער נאָז און די שפּיצן פון איר שטייפע פיס־פינגער מיט די נאָך קיינמאָל נישט פאַרשניטענע נעגל. אַרום דער מיטה שטייען מיאוסע וואַראָנעס און זיי פּיקן דעם שניי אַזוי ווי זאַלץ.

דאָס דאָזיקע טויטע שטיקל באַשעפעניש האָט מען בליץ־שנעל אַוועקגע־טראָגן צום בית עולם. צוויי אידן האָבן געטראָגן די מיטה איבערן שווער־פאַרשנייטען וועג, באַרג־אַרויף און באַרג־אַראָפּצו. דער שניי איז געווען בלוי ווי מילך. אַ קאַלטע און אַ פרעמדע זון האָט גלייכגילטיק באַלויכטן דעם שניי. די בוימער זיינען געשטאַנען שטייפע און פאַרגליווערטע. הויך אין דער לופט, איבער דעם בלייערנעם הימל, זיינען געפלויגן ווי מיט שטאָלערנע פליגל, גרויסע און טונקעל־בלויע וואַראָנעס, פוילן׳ס נאַציאָ־נאַלע פייגל, און זיי האָבן ווי באַגלייט דעם אָרעמען מת׳טשינע צו זיין לעצ־טער רו... און דאָרט ווו עס איז מיט אַ ווײַלע צוריק געשטאַנען די מיטה מיטן טויטן גוף, האָט עפּעס אַ מיידל זיך איילנדיק משתין געווען און געלאָזן אין שניי אַ גרינעם גריבל, פון וועלכן עס איז אויפגעגאַנגען אַ דינע פּאַרע. דאָס מיידל האָט געכאַפּט מיט דער האַנט אַ שטיק שניי און זיך אויסגעוואַשן.

דאָס געבורט און די פּאָר יאָר פונם דאָזיקן מישטיינס געזאָגט לעבן פון אַ מענטש און דער דאָזיקער טויט דאָ פון אַזאַ פּיצל אָרעמען און מענטש־לעכן באַשעפעניש, ווי עס איז געווען די דאָזיקע שטילע ווי גראָז און שלאָפּע בעטלעריין, וועמענס גאַליק־ביטערן לעבן, ווי געזאָגט, מיין מאַמע'ס שטיקל צוקער האָט זיכער נישט קיין כוח געהאַט צו פאַרזיסן — איז גענוג טרויעריק און באַרבאַריש אויף צו פאַרשעמען דעם רבונו־של־עולם און זיין גאַנצע געוואַלטיקע וועלט־באַשאַפונג, ווען אפילו דאָס זאָל זיין בלויז זיין איינציק פאַרברעכן.

עס איז שווער צו פאַרשטיין די לאָגיק, דעם זין און די גערעכטיקייט פון גאָט'ס משפּט איבער מענטשן און פעלקער. סיידן בלינדערהייט אָנ־צונעמען די ווערטער פונם ספר שמואל: „דער האַר טויטעט און ער מאַכט לעבעדיק; ער מאַכט אַראָפּנידערן אינם שאול און ער ברענגט אַרויף; דער האַר מאַכט אָרעם און ער מאַכט רייך; ער מאַכט אַראָפּנידערן און דערהויכט הויך; ער שטעלט אויף דעם אָרעמען פון דעם שטויב און ער דערהויכט דעם באַדערפטיקן פון דעם מיסטהויפן, כדי אים צו זעצן צווישן די פירשטן, און ער מאַכט זיי ירש'נען דעם שטול פון כבוד. וואָרים צום האַרן געהערן די גרונדפעסטן פון דער ערד, און אויף זיי האָט ער געטאָן די וועלט".

---

## דאָס לייענען פון דער מגילה

איך געדענק דאָס לייענען פון דער מגילה ביי אונדז אין שטעטל. עס קומט פאָר אינם זעלביקן הויז וווּ מיר וווינען, אויף קאַסע גאַס נומער פונפצן. עפּעס האָט דער טאַטע פונקט אינם טאָג פון יום־טוב פּורים ערגעץ ווו געדאַרפט אַוועקגיין. זיינען מיר, איך און די מאַמע, אַראָפּגע־גאַנגען אינם קעלער, אויפן גרויסן הויף, צום אַלטן עקיבא דעם שענקער. עקיבא דער שענקער איז שוין געווען זייער אַלט, ווי מען פלעגט דערציילן. אפשר שוין איבער הונדערט יאָר אַלט. ער האָט ווויל געדענקט ביידע פּאָווסטאַניעס, פון די יאָרן 1831 און 1863. אין די טיפע קנייטשן פון זיין געלן און ליימיקן פּנים האָט מען געקענט לייענען דורות'דיקע חכמה און די געשיכטע פון דעם לעבן פון פאַרצייטישע און אוראַלטע פעלקער.

מיט עקיבא'ס אוראייניקלעך פלעג איך זיך אַרומשפּילן אויפן גרויסן הויף. אין דרויסן האָט שוין געשמעקט מיט ריינע און דורכזיכטיקע וויאָסנע־טעג. עס איז אויפגעגאַנגען דער שמעקנדיקער ריח פון ווייכע און פריש־ערדישע פעלדער, אויפגעאַקערטע און אויפגעמישטע ווי אַ גרויס בוך. אַ ליימיקער פויער האָט געפירט אַ ריזיקן וואָגן מיט פערדישן מיסט איבערן וועג. פענעצן פייכטע גנאַי, ווי שטיקער זון־פאַרנאַכטיקע גאָלד, פאַלט אַראָפּ פונם וואָגן. עס בלייבט ליגן אויף דער ערד ווי מעשענער און קופּערנער בראָכוואַרג. די זון שפּרייט וואַרעמען פייער־און־פלאַם איבער

גאָט׳ס פשוט׳ער און גוטער ערד. עס שפּראָצט שוין אויך דאָ און דאָרטן מיט פּיצלעך ווייכע, וואַסערדיקע־גרינע גרעזלעך און בלעטלעך. איך זע ווי שקצים האָבן צעבראָכן אַ טונקעלן צווייג פון אַ בוים. פון דער ווונד לויכט אַרויס דאָס קלאָרע, מילכדיקע ליכט פון דעם בוים׳ס יינגען און ריינעם ליים. ווען איך וואָלט זיין אימשטאַנד מיט מיינע אינגלערישע קושן צוריק צו פאַרלייטן די ווונד, אַז עס זאָלן זיך ווידער צוזאַמענציען און צוזאַמענוואַקסן הויט און פלייש און בוימערשע אָדערן און אַרטעריעס. אָ, האַרציקע פרילינגס־זון! העלף מיר מיט דיין געטלעכן פייער פון ליבשאַפט צוריק צו פאַרלייטן דעם קלאָרן צין, דאָס מילכדיקע זילבער פונם בוים׳ס צעבראָכענעם און באַליידיקטן לייב, אויף וועמען עס הענגט נאָך דער שטאַרבנדיקער צווייג ווי אַ פויגל׳ס אָפּגעריסענער פליגל.

אין קעלער איז אַ ביסל פינצטערלעך. נאָר די זון דרינגט אַדורך און זי שפּרייט היימישלעך ליכטיקע פלעקן, וואָס טאַנצן אַרום ווי צאַפּלענדיקע שרעטעלעך. ר׳ עקיבא דער שענקער זיצט ביים טיש און ער לייענט די אויפגעוויקלטע מגילה. דאָס ריינע פאַרמעט דערמאָנט ווויל אין אסתר המלכה׳ס קלאָרן און פרישן לייב. יעדער איינציק אות שמעקט ממש און עס איז טונקעל געשריבן ווי מיט סמאָלע. דער שטילער סופר האָט די אותיות געצייכנט מיט אַ האַנט פול מיט ליבשאַפט און אַ האַרץ פול מיט פרומקייט און מיט הונגער צום רבונו־של־עולם. דער טונקעלער טינט לויכט אַרויס פון די אותיות אַזוי ווי עקיבא׳ס שוואַרצע אויגן. דער היימישער ניגון דרינגט אַריין מיט וואַרעמקייט אין דער נשמה. עס דער־ציילט זיך אַ הערלעכער ראָמאַנס פון אַ פאָלק וואָס איז פאַרוואָגלט געוואָרן ערגעץ, אין דעם פאַנטאַסטישן און לעגענדאַרן פּערסיע. איך אָטעם איין ווי פּערפיום, איך זאַפּ אַריין אין זיך די גרויסע ראָמאַנטיק פון אַן אוראַלטן און אייביק־פרילינגדיקן פאָלק. אסתר׳קע, די אידישע קייסערינע, שמעקט ווויל מיט זאַפראַן און מיט היימישן צימערינג און מיט זיסע צימעס. איר קאָפּ טונקל־האָר איז פייכט פון פּערפיום. אירע ברוינע, אָריענטאַלישע מאַנדל־אויגן זיינען פאַרגאָסן מיט טרערן. איר טאַליע איז זייער אַ דינע אַזוי ווי מיין שוועסטער טעמעלע׳ס טאַליע און עס שמעקט ווויל מיט זיס־וויין פון אירע פולע בריסטן, וועמענס נאָפּלען זען אויס ווי קופּערנע בלומען. אין דער אָרעמער קעלער־שטוב לויכט אויף דאָס ספרדישע גע־שטאַלט פון דער קייסערינע אסתר, וואָס סוף כל סוף האָט זי זיך דאָך מקריב געווען פאַרן ווויליין פון איר פאָלק. וואָרים עס איז דאָך אַ סוד פאַר גאַנץ בראָד, עס הייסט פאַר גאַנץ שושן הבירה, אַז זי האָט נישט איבעריקס ליב געהאַט דעם טיפּש פון אַ קייסער, זיין מאַיעסטעט אַחשורוש׳ן. און וואָס, מישטיינס געזאָגט, איז דען אינגאַנצן ווערט זיין שווערע קעניג־לעכע קרוין און זיין מאַסיווער סצעפּטער, ווען דאָס יינגע, מיידלשע האַרץ פון אסתר׳קען גייט אויס נאָך ליבשאַפט צום פלינקען שוסטער־יינג ברוך־

חנינה׳ן, ווען זי קען נאָך פון קליינערהייט אָן, פון יענער צייט נאָך ווען זי פלעגט טראָגן צו זיין טאַטן דעם שוסטער צום פאַרעכטן איר מאַמע׳ס אויסגעטרוקנטע כאַדאַקעס. נאָר, צוריקגעשמועסט ווידער, וואָס טוט מען אַלץ דען נישט פאַרן אייגענעם פאָלק ישראל און פאַרן טייערן פעטער מרדכי הצדיק וואָס באַדאַרף נעבעך אויף אייביקע צייטן אַריינגיין אין דער מגילה, בשכנות פון די קעניגן און די אבות?!...

און איך באַשליס אַז ווען איך וועל אויסוואַקסן און ווערן אַ „גרויסער״, וועל איך פאָרן קיין שושן הבירה, איך וועל גיין אין די טריט פון מרדכי הצדיק. און דערווייל דערזע איך שוין אויך ר׳ עקיבא׳ס אַלטע הענט, טונ־קעלע ווי די ערד, מיט בלויע, שטריקענע אָדערן פאַרצויגן. ר׳ עקיבא האָט אויסגעזען ווי ער וואָלט זיין אַ באַלזאַמירטער. אין יאָרן אַרום האָב איך אַזעלכע באַלזאַמירטע מומיעס געזען אין די וועלט־מוזעאומס. מיר פאַלט פלוצלינג איין: דער דאָזיקער אַלטער איד, ר׳ עקיבא דער שענקער, האָט אוודאי געמוזט פערזענלעך קענען ר׳ מרדכי הצדיק און אסתר׳קען די קייסערינע. און אויך דעם סאַמעראָדנעם קייסער אחשורוש. ר׳ עקיבא האָט אַליין געזען, מיט זיינע אייגענע אויגן, די קיסרים פון ירושלים. ער איז דאָך אייביק און געוואַלטיק ווי די געשיכטע פון אידישן פאָלק. ר׳ עקיבא האָט אין זיין שענק זיי אַלע געגעבן צו טרינקען וויין אין ריזיקע בעכערס.

איך וועל שוין קיינמאָל נישט פאַרגעסן דאָס דאָזיקע לייענען פון דער מגילה אינם פינצטערן קעלער. די מגילה האָט געלויכטן ווי די זון און האָט היימלעך באַלויכטן די פנימער און די געשטאַלטן פון די אָרעמע מענטשן וואָס זיינען געזעסן אַרום דעם הילצערנעם טיש און זיי האָבן ווי זיסן מעד געטרונקען יעדעס איינציקע וואָרט פון דער מגילה.

## גאָט׳ס טרויעריק ברויט

איינמאָל אין אַ טאָג האָט די מאַמע געגרייט דעם טאַטן צום טיש דאָס אָרעמע און בידנע מאָלצייט. אָבער עס איז געשען אַז פריער האָט זי אָפּ־געשניטן פאַר אַ קינד אַ פּענעץ ברויט, צי אפשר גאָר פאַר זיך אַליין, הגם פאַר זיך איז זי תמיד אָפּגעקומען מיט שהי־פהי. פאַר זיך פלעגט זי אַוועקשטעלן אויף דער פּליטע אַ קליינעם אייזערנעם טעפּעלע אין וועלכן עס האָבן זיך געקאָכט די שאָלן פון קאַרטאָפל.

דאָס מעסער איז וואַרשיינלעך געווען שאַרף און עס האָט עפּעס ווי מיטן אייגענעם אימפּעט זיך טיף איינגעשניטן אינם פרישן, שמעקנדיקן און, ווי מיר געדענקט זיך נאָך איצט, וואַרעמען און געבייטלטן ברויט. די מאַמע האָט אָבער אינמיטן שניידן אוודאי חרטה געקראָגן וואָס זי שניידט אָפּ אַזאַ מין היפּשע לאַכמע ברויט. דער טאַטע וועט דערקענען וויפל ברויט זי האָט שוין פאַרשניטן. אויב ער וועט דאָס איצטיקע מאָל נישט אויסדריקן אָפענערהייט זיין פאַרדרוס דורך טויטלעכע קללות, וועט ער אָבער אומ־

הימלעך שווייגן. דער אָרעמער מאַמען איז דעריבער באַפאַלן אַ פּחד און אינמיטן שניידן האָט זי שנעל צוריק אַרויסגעצויגן דאָס גאָרנישט קלוגע מעסער און זי האָט אָנגעהויבן צו שניידן אַ דינערן פּענעץ ברויט, איבער־לאָזנדיק אָבער דעם פריער־אָנגעהויבענעם שניט אומבאַמערקט אינם הייסן לאַבן ברויט.

ווען דער טאַטע האָט, ווי געווייגלעך, גענומען אָפּשניידן פאַר זיך אַ דין פּענעצל ברויט, האָט ער מיט זיין מעסער גלייך פאַרבלאָנדזשעט אין דער מאַמע'ס שוין געמאַכטן איינשניט. דעם טאַטנ'ס מעסער איז אַרויסגעשפּרונגען פונם איינשניט און האָט זיך אים, פונם ראָזמאַך, איינגעשניטן אין האַלדז אַריין, בשעת ער האָט געהאַלטן דאָס ברויט צוגעדריקט צום האַרצן.

ווי שוין דערמאָנט, דאָס מעסער האָט געמוזט זיין זייער שאַרף און דעם טאַטנ'ס ווונד אין האַלדז איז געווען אַ טיפע. ער האָט אָנגעהויבן צו בלוטיקן אַזוי ווי עמעץ וואָלט אים חלילה געשאָכטן מיט אַ חלף. דער טאַטע האָט באַלד פאַרדעכטיקט אַז די מאַמע האָט געהאַט איינגעשניטן דאָס לאַבן ברויט. ער איז אַריינגעפאַלן, ווי עס איז געווען זיין טבע, אין אַ שרעקלעכן כעס. ער האָט איצט ברייט גענומען שעלטן דער מאַמען און די קינדער. נישט נאָר איז זיין האַלדז געווען צעבלוטיקט. נייערט די טראָפּנס בלוט האָבן נאָס געמאַכט דאָס ברויט און דעם טאַטנ'ס העמד און בגדים און אפילו דאָס רייגע און ווייסע טישטוך. דער טאַטע האָט זיך צוגעהאַלטן זיין פאַרבלוטיקטן האַלדז און זיינע ביידע קלאָרע הענט זיינען אויך געווען אויסגעשמירטע אין בלוט.

עס איז געווען אַן אומהיימלעך בילד: דו קוקסט פּלוצלינג אַן ווי דער טאַטע בלוטיקט. דו זעסט דיין אייגענעם טאַטנ'ס רויטע בלוט. דו זעסט דיין וואַנזיניק־צאָרנדיקן טאַטן מיט אַ כמעט צעשניטענעם האַלדז. אָבער, נאָך טיפער פונם טאַטן האָט די אומגליקלעכע מאַמע געבלוטיקט אין האַרצן. זי האָט אין איר האַרצן געטראָגן אַ פּיל מער שרעקלעכע ווונד ווי דער טאַטע. איר ווונד איז געווען פּיל יסורימדיקער און טיפער. עס איז גאָרנישט מעגלעך מיט קיין שרייבערס פּענע, אַפילו נישט מיט קיין שעקס־פּירישער פּעדער, אימשטאַנד צו זיין צו שילדערן די דאָזיקע סצענע.

ענדלעך האָט זיך דעם טאַטנ'ס ווונד פאַרטרוקנט און איינגעשטילט. אָבער זיין ווולקאַנישער צאָרן־אויסבראָך האָט נאָך לאַנג, לאַנג געדויערט און האָט געשטורעמט מיט אַ מבול פון באַליידיקנדיקע רייד. די מאַמע האָט אַ שטילע און פאַרשולדיקטע געשוויגן, אַזוי ווי תמיד, און זי האָט אים צוגעלעגט טיכער און קאָמפּרעסן צום האַלדז. מיט וואַרעמע וואַסער און מיט אירע טרערן האָט זי שפּעטער שטילערהייט אָפּגעוואַשן דעם טיש, די פּאַדלאָגע, דאָס טישטוך און — דאָס ברויט... זי איז געלעגן אויף דער ערד און זי האָט געווישט דעם פוס־באָדן און זי איז געווען אַ בערגל מיט טרויער, מיט אומגליק און געפאַלנקייט. און מיר, די קליינע דערשראָקענע

אינגלעך אין שטוב, האָבן אומעטיקע געשווינגן. דאָס מעסער וואָס האָט דעמאָלט אומפּאַרזיכטיק איינגעשניטן גאָט׳ס וואָרם ברויט, ווייל די מאַמע האָט זיך בשעת׳ן שניידן דערשראָקן טאָמער וועט דער פּענעץ ברויט פאַרן קינד זיין צו דיק, דאָסזעלבע מעסער האָט זיך איינגעשניטן אין מיין ייִנג האַרץ אויף אייביק. דאָס איז געווען דאָס חלף־שאַרפע מעסער פון אונדזער אָרעמקייט.

## די קופּערנע שעפּ און דאָס ליד פון ליבע

אין אַ ווינקל פון אונדזער שטוב, נאָענט צו דעם אויוון צו, שטייט תמיד אויף אַ הילצערנער טאַבורעטקע דער גרויסער קובעל מיט וואַסער. מיט דער מאַסיווער קופּערנער שעפּ, אַרומגעלייגט מיט צינענע לאַטעס און מיט טראָפּנס צין וואָס שטאַרטשן אַרויס פון די פּאַרגאָסענע לעכער. איך וואָלט געגעבן וויפל פון מיין לעבן אַז איך זאָל איצט קענען אָנשעפּן מיט דער דאָזיקער שעפּ, אָדער ווי מען פלעגט זי היימיש רופן ביי אונדז אין שטוב „די קוואָרט״, אַן אייזיק־קאַלטן טרונק וואַסער פונם גרויסן און בלעכענעם קובעל מיט וואַסער. די שעפּ פון געשמידטן קופּער און דער קובעל — (אָדער די „וויאַדרע״ אויף פּויליש און „עמער״ אויף דייטש) — זיי דער־מאָנען מיך ווייל ווי אומגעהויער־שווער עס האָט געדאַרפט האָרעוון דער אָרעמאַן אויף אַריינצוקריגן דאָס גאָט־געבענטשטע וואַסער אין זיין נעבעך אָרעמער שטוב אַריין. וואַסער איז דאָך געווען אַן אייביקע נויטווענדיקייט פאַרן הויז־געזינט. אונדזערע הערלעכע און הייליקע מאַמעס האָבן דאָך נעבעך געדאַרפט קאַרגן יעדער איינציקן זילבערנעם, אויב נישט גאָלדענעם, טראָפּן וואַסער. מים חיים איז געווען אַ גרויס לוקסוס נישט נאָר אין די תנ״כ׳ישע צייטן, אין דעם הייליקן און פאַרצייטישן לאַנד פון די אבות.

פלעגט אַמאָל טרעפן אַ נס: אַז דער רבונו־של־עולם פלעגט צושיקן אַ שמעקנדיקן רעגן פונם ברכה׳דיקן הימל, פלעגט מען מאַסנווייז אונטער־שטעלן אונטער די רינענדיקע רינוועס הילצערנע וויאַדרעס און בלעכענע קובלעס און אפילו טשייניקעס, קרוגן, טעפּ און שעפּלעך אויף אָנצוזאַמלען דאָס וואַסער פונם רבונו־של־עולם׳ס רייכע און טיפע ברונימער. תמיד האָבן איבער די קרומע, געדרייטע און אָרעמע אידישע געסלעך געצויגן וואַ־סער־טרעגערס מיט שווערע, הילצערנע נאַסעס, מיט וויאַדרעס פולע מיט גע־בענטשטע וואַסער, אויף זייערע אויסגעמאַטערטע און אָפּגעמאָגערטע אַקסלען, צו דר׳ערד איינגעזונקענע דורך דער שווערער און דער פינצטערער לאַסט פונם לעבן. וואַסער איז געווען אַ הייליק געטראַנק, אָפּטמאָל אפילו טייערער, איידעלער און קאָסטבאַרער ווי וויין. דער ברונעם, דער היימישער קוואַל און דער פלומפּ זיינען טאַקע אַריין אין אידישן פאָלקלאָר, אין היימישן פאָלקס־ליד, אין דער קלאַסישער אידישער ליטעראַטור.

ווי אין די צייטן פון תנ״ך, הויבט זיך אָפּט אָן דאָס נאַאיווע ליבע־

ליד ביים פאָלקסטימלעך־היימישן ברונעם אָדער ביים אייזערנעם פּלומפּ. די שבועה פון „אייביקער טרייהייט״ אין דער אידישער באַלאַדע ווערט אָפּט זיך קעגנזייטיק געגעבן ביים לעגענדאַרישן ברונעם, ווען די לבנה, די שטערן און די קאַץ ווערן איינגעלאַדן אַלס אייביקע עדות...

## פּאַן פּאַסוויע

דאָס איז געווען אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. איך בין נאָך דעמאָלט געווען אַ גאָר קליינטשיק אינגעלע. מיין גרויסע ליבשאַפט איז געווען די נאַטור, גאָט׳ס תהילים׳דיקע לאַנדשאַפט, וואָס איז געווען אויסגעשפּרייט אויף די פעלדער אַרום דעם דערפל סאָסנאָווו, ווו מיר האָבן געוווינט. איך האָב זיך צוגעקוקט צו דער בלוטיקער אָרגיע פון פעלקער־אויסשלאַכטעריי. איך האָב געזען די טויטע גופים פון די דייטשע, עס־טרייכישע און רוסישע אַרמייען, וואָס זיינען געלעגן אויף די פּוילישע פעלדער, בלויז צוגעדעקט מיט אַ ביסל מאָגערע ערד און בלעטער. אומעטום זיינען געווען שטיקלעך בית עולם׳ס פון קוים עטלעכע קברים. פון הימל האָבן גענידערט די פּוילישע וואָראָנעס מיט די קורצע שנאָבלען. די הינט און די ראַצן האָבן גענישטערט אין מענטשלעכע בייכער און געגריזשעט די געדערים. מייז און אינסעקטן האָבן זיך געמערט אויפן לאַנד און אין די וועלדער אויפן בלוט און מאַרך, אויף די אברים פון די געפאַלענע „העלדן״. די פּויערים האָבן נאָכן פאַרזייען זייער ערד דערוואַרט אַ גרויס גערעטעניש. די פעטע תבואה איז רייך און שפּעדיק געוואַקסן אויפן פעלד פון חורבן און טויט. די וועלדער האָבן געבליט און די סעדער האָבן געפלאַמט מיט שרפה׳דיקע פּירות, ווי זיי וואָלטן אַרויסגעשפּראָצט פון דעם פלייש און די חלומות פון די טויטע. מענטש איז געגאַנגען אין אַ בלוטיקן געפעכט מיט מענטש וואָס טראָגט מכלומרשט, ווי עס שטייט געשריבן אינם ליד פון פּאָעט, די שטאָלצע קרוין פון דער ערד. אָבער געזיגט האָבן די ווערם אין גרויסן פרילינג פון דער טרויעריקער וועלט.

צו יענער צייט פלעגט אין די אָווענטן אַריינקומען צו אונדז צו גאַסט אַ פּוילישער מאַן וואָס האָט געהייסן פּאַסוויע. מען פלעגט אים רופן „פּאַן פּאַסוויע״, אַקצענטירנדיק אויף דער צווייטער זילבע, ווי אין פּראָווינציזיש. איך געדענק אים ווי אַ הויכן און דאַרן מאַנספּאַרשוין, מיט אַ ברוינלעכן פּנים, וואָס איז געווען אָפּגעצויגן מיט אַ זיידענע הויט. ער האָט באַזעסן קלוגע, סקעפּטישע און טרויעריקע אויגן. אויף וויפיל איך קען זיך קלאָר דערמאָנען זיין געשטאַלט, האָט ער אויסגעזען צו זיין ענלעך צו פּאַגאַניני, צו דעם מיסטעריעזן און שווייגנדיקן פּאַגאַניני, ווי דער מאָלער ענגער האָט אים פאַרגעשטעלט אין זיין צייכנונג. דער באַרימטער וויאָלין־כישוף׳מאַכער זעט דערין אויס ווי אַ טונקעלער שאַרלאַטאַן, קאָרטנשפּילער און געהיימנישפולער מייסטער.

אין די נעכט, ביים ליכט פון דעם אַביסל פאַרקאָפּטשעטן דרייערלעמפּל, וואָס פלעגט שטיין איבער אונדז, פלעגט פאַן פאַסוויע זיצן ביים טיש און אויף זיין אינטעליגענטן, רייך־פּאָעטישן, פּוילישן לשון, כאָטש נאָך אַלץ ציענדיק די ווערטער מיט דעם אַקצענט פון אַ פראַנצויזישן אַריסטאָקראַט, פלעגט ער דערציילן מאָדנע און פאַנטאַסטישע מעשיות. פאַן פאַסוויע האָט באַזעסן אַ רייכע פאַנטאַזיע, גרונטאָוונעם וויסן און מעלאָדישקייט פון שפּראַך און קול. ער האָט, קענטיק, אין זיין לעבן זייער אַ סך געלייענט. מען האָט לייכט געקענט משפּט'ן אַז דעם דאָזיקן נישט־געוויינלעכן פּאָלאַק האָט געצויגן צו ליטעראַטור, באַזונדערס צו פאָלקלאָר, צו די טיפזיניקע מעשה'לעך פונם פאָלק. מחמת ער פלעגט אָפן איבערדערציילן גאַנצע קאַפּיטלעך פונם תנ"ך, פלעגט מיין מאַמע אים פּשוט באַוווּנדערן. פאַר מיין נאַאיווער מאַמען איז געווען אַ נייעס און אַ וווּנדער וואָס אַ גוי ווייסט אַזוי פיל פון אונדזערע אבות און פון די מלכים. פאַן פאַסוויע פלעגט טאַקע איבעראַשן מיין מאַמען מיט זיינע קענטנישן אין תנ"ך און אין אידישע געשיכטע, וואָס ער האָט ממש געקענט פון אויסנווייניק.

פאַן פאַסוויע פלעגט ביי אונדז אָפט זיצן ביז שפּעט אין דער נאַכט, אָפטמאָל ביז צו די שעה'ן פונם בלייכן באַגינען, ווען דער טאָג פלעגט זיך עפענען מיט גרויסע פלאַמען פון זון־אויפגאַנג, אַזוי ווי אומגעהויערע טויערן פון גן־עדן. כאָטש פאַר די מערסטע מענטשן און ברואים איז די וועלט געווען אַ בלוטיק גהינום און די נאַכט — אַ מורא'דיקער קאָשמאַר. פאַן פאַסוויע פלעגט אויסטרינקען אפשר אַ צען גלעזער טיי מיט סאַכאַרינע פאַרזיסט און דורך דער גאַנצער צייט אַלץ דערציילן אַלערליי געשיכטן און געשעענישן פון מענטשן און פעלקער. איך פלעג זיך צוהערן פון בעט אויס מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם און קעמפענדיק אַ העלדישן קאַמף מיטן מלאך פון שלאָף. נישט אַלץ וואָס פאַן פאַסוויע האָט דערציילט, האָב איך געקענט פאַרשטאַנען. ווייל זיין ווירטואָזיש לשון האָט ווייט איבערגעשטיגן מיין אַנעמישע קענטניש. אָבער דער כישוף פון זיינע אימפּראָוויזאַציעס פלעגט ווי אַ גאָלדענע מעלאָדיע אַריינדרינגען אין מיין האַרץ. זיינע רייד פלעגן צינדן מיין פאַנטאַזיע, וועקן אין מיר דעם „שריפטשטעלערישן גייסט" און אינספּירירן מיין נשמה. פאַן פאַסוויע'ס קול, וואָס איז געווען איידל און הייזעריק, האָט צו מיר געקלונגען ווי אַ מעלאָדיע וואָס אַ ווירטואָז שפּילט אויס אויף אַ פידל. ער פלעגט רעדן מיט שטילקייט ווי אַן אָריענטאַלישער הייליקער. ער האָט באַזעסן איינגעהאַלטענעם עקסטאַז און עפּעס אַ מעכטיקן גלויבן אין דעם וואָס ער האָט דערציילט, הגם זיין פּערזענלעכקייט האָט צייטנווייז פאַראַטן חכמה, סקעפּטיציזם און פּעסימיזם, וואָס איז געווען אַ רעזולטאַט פון ראַפינירטקייט און קולטור־זאַטקייט. אַזוי ווי ער האָט געשאָנקען מעלאָדיע און סטיל צו זיינע מעשה'לעך, זיינע ווערטער אָפטמאָל

באַגלייטנדיק מיט פּאָזעס פון שטיל־שוויגן און אָפּרו, פלעגט מען אויך הערן דעם אומהיימלעכן געוואָי פונם ווינט אין דער נאַכט, וואָס פלעגט ווי אַקאָמפּאַנירן פּאַן פּאַסוויע׳ס רייכע און קינסטלערישע אימפּראָוויזאַציע.

איינמאָל האָט פּאַן פּאַסוויע דערציילט אַ מעשה׳לע ווי אַזוי אַ נישט־פאַרגינערישער מענטש האָט געשאָנקען צו אַ בעטלער אויפן וועג אַ זאַק פול מיט גאָלדענע רענדלעך. ווען דער בעטלער איז אַהיימגעקומען, האָט ער געפונען ווערם אין זיין זאַק מיט גאָלד. פינצטערע און עקלהאַפטע ווערם האָבן פאַרפלייצט זיין אָרעם הויז. דאָס דאָזיקע מעשה׳לע האָט אויף מיר מורא׳דיק געווירקט. מיין גאַנץ לעבן האָב איך געדענקט די דערציילונג, ווי עפּעס אַ טיפזיניקן מוסר השכל. גאָלד ווערט פאַרוואַנדלט אין ווערם דורך מענטשן וואָס גיבן, אָבער פאַרגינען נישט. אָט איז דאָך טאַקע די גאַנצע ערד ממש פאַרפלייצט מיט ווערם, וואָס פלאָדיען זיך אויפן פלייש, מאַרך און בלוט פון מאַסן אומגעבראַכטע מענטשן. וויפיל דערציילונגען און מיניאַטורן האָב איך שוין ביז איצט אָנגעשריבן, אין וועמענס טונקל־טראַגישע שורות עס הויערט די דאָזיקע אומהיימלעכע און מאַרבידע שטימונג. איך בין ממש אויף אייביק געפאַנגען געוואָרן אין דעם טונקעלן כישוף. וואָסאַראַ אומהיימלעכער סימבאָל איז דאָס אויף גאָר די אַמביציעס און די אַקטיוויטעטן פון די מענטשן. דאָס שענסטע, דאָס הערלעכסטע רייכטום ווערט פאַרוואַנדלט צו ווערם דורך דער קללה, די אייפערזוכט, די קנאה און די שנאה פון די מענטשן. און עפּעס האָב איך דאָס דאָזיקע מעשה׳לע, ווי אַ לייטמאָטיוו, שפּעטער באַגעגנט אין דער גאַנצער וועלט־ליטעראַטור. עס האָט, מיר דאַכט זיך, מורא׳דיק און גראַנדיעז אויפגעשטראַלט אין לעאָניד אַנדרעעוו׳ס געשטאַלט פון לאַזאַרוס, דעם כאַראַקטער פון דער עוואַנגעליע, וואָס שטייט אויף פון דער טיפעניש און פינצטערניש פונם קבר כדי אַדורכצוגיין מיט ווערם אויפן לייב דורך דער פאַריסענער און גראַנדיעזער רוימישער אימפּעריע, ווי אַ מורא׳דיקער אָנזאָג פון איר אומפאַרמיידלעכן טראַגישן סוף. בשעת דער פּאַן פּאַסוויע פלעגט רעדן וועגן פּאַסירונגען פון דער וועלט־געשיכטע, וועגן די פּאַרצייטישע שטאָלצע אימפּעריעס בבל, אשור, מצרים, גריכנלאַנד און רוים, פלעג איך זען אויפגיין נמרוד און נבוכדנצר. ווי זיי פאַרלאָזן די קעניגלעכע טראָנען און נידערן אין דער טיפעניש און אין דער נאַכט פון די וועלדער, צו עסן גראָז ווי די חיות און צו ווערן פאַרווערמט און פאַרוואָרלאָזט. פּאַן פּאַסוויע פלעגט רעדן וועגן דעם סוף פון גאָר די לענדער און קעניגרייכן, וועמענס פעלקער און קיסרים האָבן געזינדיקט און דורך די זינד צעגריזשעט און פאַרניכטעט געוואָרן — אַזוי ווי אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך, ממש אַ געזעץ וואָס נידערט פון די הימלען און גייט פון גאָט אויף די הערשער און די מענטשן. דער רבונו־של־עולם, וואָס האָט באַשאַפן הימל און ערד, קנעט אויס אַזוי ווי טייג און ליים פון דער ערד מיט זיינע אייגענע געוואַלטיקע הענט,

די גרויסמאַכטן און ער פירט זיי אַלע און אייגנהענטיק צו זייער צייטיקן אונטערגאַנג, פונקט אַזוי ווי דער נביא ירמיהו זאָגט אָן מיט אַ געוואַלטיקער שטימע:

„איך האָב געמאַכט די ערד, די מענטשן און די בהמות וואָס אויפן געזיכט פון דער ערד, מיט מיין גרויס שטאַרקייט, און מיט מיין אויסגע־שטרעקטן אָרעם; און איך גיב עס צו דעם וואָס איז ווילגעפעלן אין מיינע אויגן. און אַצינד האָב איך געגעבן אַלע די דאָזיקע לענדער אין דער האַנט פון נבוכדנצר דעם מלך פון בבל, מיין קנעכט, און אויך די חיה פון פעלד האָב איך אים געגעבן צו דינען. און אַלע פעלקער וועלן דינען אים, און זיין זון, און זיין זונ׳ס זון, ביז עס קומט די צייט אויך פון זיין לאַנד, און פיל פעלקער און גרויסע מלכים וועלן אים פאַרקנעכטן. און עס וועט זיין, דאָס פאָלק און דאָס קעניגרייך וואָס וועט אים, נבוכדנצר דעם מלך פון בבל, ניט דינען, און וואָס וועט ניט אַריינטאָן זיין האַלדז אין דעם יאָך פון דעם מלך פון בבל, וועל איך מיט שווערד און מיט הונגער און מיט פעסט זיך אָפּרעכנען מיט יענעם פאָלק, זאָגט גאָט, ביז איך טו זיי פאַרלענדן דורך מיין האַנט". (ירמיהו, כ״ז, יהואָש)

דאָ איז נישט פאַראַן קיין שום אינדיווידועלער אויסוואַל. גאָט פירט אָן פערזענלעך מיט זיין אייזערנער האַנט מיטן שיקזאַל און דעם גאַנג פון די פעלקער. און אויך די איצטיקע מלחמה, האָב איך געטראַכט, איז דאָס ווערק פון זיינע הענט. פאַקטיש זיינען מיר, גרויס און קליין, דער איינצלנער מענטש און גאָר די פעלקער, געבונדן אין די געזעצן פון הימל ווי אין אייזערנע קייטן. קוים מיר קענען אָטעמען אין דעם יאָך פון די געזעצן. און דער דאָזיקער סאָרט באַוווסטזיין, וואָס איז צו מיר געקומען נאָך ווען איך בין געווען אַ קליין אינגעל, האַלט מיך נאָך איצט געפאַנגען און איז פאַקטיש דער אני מאמין פון דעם מאַן וואָס האָט שוין אַריבערגעשפּאַנט דעם ערשטן האַלבן יאָרהונדערט פון זיין לעבן.

פאַן פאַסוויע האָט פיינט געהאַט אידן. ער פלעגט רעדן ווי אַ סאָרט קולטורעלער אַנטיסעמיט. ער פלעגט מכלומרשט אײדל צוגעבן אַז די אידן זיינען „די ערשטע מענטשן אויף דער וועלט". אַמאָל פלעגט ער זיך באַנוצן מיטן וואָרט „זשידי", אָן צערעמאָניעס. און אַמאָל פלעגט ער אונדז אָנרופן „סטאַרי זאַקאָנניקי". אָבער גאַנץ אָפט פלעגט ער זיך פשוט פאַרגעסן און זיך אויסדריקן ביי אַ געלעגנהייט: „ער איז נאָך ערגער ווי אַ איד". זאָגנדיק אומבאַרעכנטערהייט אַזאַ מין חנ׳עוודיקע פראַזע, פלעגט ער זיך פאַר חרטה שיעור נישט אָפּבייסן די גיפטיקע צונג. מיט אַ כוואַליע זיסע ריידעלעך פלעגט ער איצט אָנהויבן צו לויבן מיין טאַטן ווי אָן „אויסנאַם־מענטש צווישן אידן". ער פלעגט זיך אפילו אונדז דערקלערן אין ליבע. צו אַזעלכע שיינע אידן ווי מיין טאַטע פילט ער מכלומרשט נישט קיין שום שנאה... פאַרקערט גאָר! און אדרבה! פיינט

האָט ער בלויז „יענע אידן"... די וואָס שווינדלען און שאַכער־מאַכערן א. אַ. וו.

דער פּאַן פּאַסוויע האָט פונדעסטוועגן אַליין מיט זיין גאַנצער פּאַמיליע געוווינט אין אַ פּאָלאַזענער קאָלאָניע פון אַ דייטש, וואָס האָט געהייסן שטראָבל. אין דער צייט פון דער מלחמה זיינען די פּרייסישע קאָלאָניסטן צוזאַמען מיט דער רוסישער אַרמיי אָפּגעטראָטן פון דעם פּוילישן דערפל סאָסנאָוו. די רוסישע אַרמיי האָט די קאָלאָניסטן מיטגענומען אַלס „זאַק־לאַדניקעס". די הייזער, די סטאַדאַלעס און די שטאַלן זיינען געווען שטאַרק פּאַרוואָרלאָזט. דער ווינט און רעגן, דער שניי און האָגל, די פּויליש־שטרענגע זאַווערוכעס פלעגן אָפּרייסן גאַנצע שטיקער פון די געביידעס. ברעטער און דרענגער, שטרויענע דעכער און ריפּן פון די ווענט פלעגן פּאַרשווינדן ווערן. די אַנגעלאָפענע און פרעמדע איינוווינער, אָפּטמאָל פון טיף־רוסלאַנד, ווי די קאַצאַפּן, פלעגן אין די ווינטערדיקע פרעסט און שנייען רייסן שטיקער ווענט אויף געהילץ, כדי אָנצוואַרעמען די קאַלטע שטיבער, ווו דערוואַקסענע און קינדער זיינען געלעגן שלאָפע אויף טיפוס און אויף אַלערליי אַנדערע שלאָפקייטן. ווויגענדיק אומזיסט אין אַ דייטשער קאָלאָניע האָט פּאַן פּאַסוויע גערעדט מיט גאַל און גיפט אויף די דייטשן.

פּאַן פּאַסוויע האָט געהאַט אַ פרוי מיט צוויי זין און צוויי טעכטער. די טעכטער האָבן אויסגעזען דינע און קראַנקהאַפט־בלייכע, ווי די צוויי לירישע שוועסטערן אין סלאָוואַצקי'ס דראַמע „באַלאַדינאַ". אַזוי ווי דער טאַטע זייערער, האָבן זיי ליב געהאַט צו לייענען פּוילישע און וועלט־ליטע־ראַטור, איבערהויפּט פּאָעזיע און באַזונדערס די אידעלע דיכטונג פון דעם ראָמאַנטישן און אָנגעצונדענעם פּאָעט יוליוש סלאָוואַצקי. אויך פון דעם פּוילישן פּאַטריאָט און מיסטישן דיכטער ציפּריאַן נאָרוויד, וואָס האָט אַמאָל געלעבט אין פּאַריז און איז געווען אַ פריינט פון שאָפּען. דיביידע טעכטער זיינען געווען ראָמאַנטיש־דעליקאַטע באַשעפענישן ווי די שוואַנען און זיי פלעגן שטענדיק אַנטקעגנטראָגן מענטשן ליבלעכע שמייכלען אויף זייערע נישט־ערדישע פּנימער. פּאַן פּאַסוויעס זין זיינען אויך נישט געווען קיין איבעריקס־נאָרמאַלע מענטשן. אוודאי נישט קיין פיזישע גיבורים. זיי האָבן אַביסל צוגעהאָלפן זייער פּאָטער אין זיין טישלערײַ־װערקשטאַט. זיין ספּעציאַליטעט פלעגט זיין אידעלע מעבל־ווערק, אין וועלכע די אַרומיקע גראָבע פּויערים האָבן זיך ווייניק געגוטיקט...

אין סאָסנאָוו פלעגן פּאָרקומען אָפטער אָנפאַלן פון די באַנדיטן אויף די פּויערים. איבעהויפּט אויף די עטלעכע אידישע איינוווינער. די באַנ־דיטן פלעגן באַפאַלן די היימישע סאָדאָווניקעס אין די סעדער. די עסטרײַ־כישע אַרמיי, וואָס איז געשטאַנען אין אונדזער געגנט, פלעגט אַביסל קעמפן מיט די באַנדיטן. זי פלעגט זיי כאַפּן און אויפהענגען אינמיטן מאַרק פון שטעטל. קיין נאַכט איז כמעט נישט אַדורך אָן אַ בלוטיקע רויבערײַ אויף

אַ אידישע משפּחה אין די אַרומיקע דערפער. פאַן פאַסוויע האָט געהאַט געוואַר אין הויז. אָפטמאָל פלעגט ער קומען צו אונדז און פאָרלעגן מיין פאָטער צום פאַרקויפן אַ טונקעלן, גלאַנציק־נייעם ברויניגג. מיין טאַטע האָט מורא געהאַט צו קויפן ביי אים געוואַר, טאָמער וועט ער אונדז פאַר־מסר׳ן צו דער עסטרייכישער זשאַנדאַמעריע. מען פלעגט אפילו שמועסן אין די פויערישע קרייזן אַז דער פאַן פאַסוויע פלעגט ליפערן געוואַר צו די באַנדיטן אין די אַרומיקע געדיכטע וועלדער. דעם אמת וועגן דעם איז גע־ווען שווער צו דערגיין.

איינמאָל, אין אַן אָנהויב־פרילינגדיקן פרייטיק צונאַכטס, געדענק איך, זיינען געקומען אַ גרופּע פון אַרום פונפציק עסטרייכישע זשאַנדאַרן כדי צו זוכן רויבער אין וואַלד. די שלאַנקע, אויסלענדישע מענער האָבן געפּליר־טעוועט מיט מיין פרומער מאַמען, איר שענקענדיק קאָמפּלימענטן, בשעת זי האָט צוגעגרייט דעם שבת און האָט אָנגעצונדן ליכט אין די זילבערנע לייכטער. די מאַמע האָט זיי מכבד געווען מיט די שבת׳דיקע פיש, פון וועלכע זיי האָבן געהאַט גרויס הנאה און געלויבט איר קאָך־קונסט און דעם זיסן ווישניאַק... די זשאַנדאַרן זיינען אויך געווען פריינטלעך צו מיר. דאָך האָט עפּעס געוויעט מיט שרעק פון זייערע מונדירן און פנים׳ער. עס האָט געהויכט פון זיי מיט פחד און מיט אימה׳דיק געפעכט וואָס שטייט זיי פאָר אין די טיפענישן פון די נאַכטיקע וועלדער. עפּעס אַ רעגנדל האָט דין געגומען טריפן, אַ דין רעגנדל געמישט מיט אַ פוכיקן און בלייך־פערלדיקן שניי איז געפאַלן פון הימל און האָט פייכט געמאַכט דעם לופטיקן דרויסן, וואָס האָט שוין געשמעקט מיט דער צאַרטקייט פון פרילינג. איינציק־ווייז און שטאַרק פאַרזיכטיק זיינען זיי שטילע אַריין אין דער טיפעניש פון וואַלד. עס האָט פון זיי געהויערט דער פחד פון טויט. וואָרים ווער ווייסט צי זיי וועלן נישט אומקומען היינטיקע נאַכט אין בלוטיקע שלאַכטן מיט די אומבאַקאַנטע רוצחים וואָס ליגן פאַרטייעט אין די בוימער, צווישן די קרזשאַקעס און הויכע גראָזן...

וואָכן שפּעטער האָבן די פויערים דערציילט אַז די שלאַכטן אין די וועלדער זיינען געווען מורא׳דיקע. עס זיינען געפאַלן קרבנות פון ביידע זייטן. אָבער צום סוף האָבן זיך די באַנדיטן אונטערגעגעבן. מען האָט זיי שנעל פּראָצעסירט און אויפגעהאָנגען אויפן מאַרק...

ביי אונדז אין שטוב איז געבליבן אַ פאָטאָגראַפיע פון יענער צייט: ווי אַזוי זיבן באַנדיטן הענגען אויף איין גרויסע הילצערנע תליה. עס איז אַ קאַלטער ווינטער־פרימאָרגן אין יאָר 1917. אויף די תליות הענגען אויך די פיגורן פון צוויי פרויען: איינע אַן עלטערע און די אַנדערע נאָך גאָר אַ יינג שיקסל. דער געליבטער פון דער יינגער מיידל הענגט צווישן די פינף געהאָנגענע מערדער, אַליין אויך נאָך אַ יינגער שגץ. פון הימל פאַלט אַ מאָנאָטאָנער און דיקער שניי. אין הינטערגרונט פון די געהאָנגענע, וואָס

הענגען אין דער לופט ווי ליאַלקעס, זעט מען די עסטרייכישע אַרמיי־לייט, מיט אויפגעשטעלטע באַגנעטן. אַ טייל פון די אָפּיצירן האַלטן איבער זייערע קעפּ פּאַראַסאָלן. אַ גרויסער עולם קוקט זיך צו פלעגמאַטיש צו דער עקזעקוציע. עס זיינען אפילו פאַראַן קינדער צווישן דעם עולם. אויף דער צווייטער זייט פונם בילד דערקען איך מיין אייגן כתב: „ווי אַזוי מען האָט אין שטעטל אויפגעהאָנגען זיבן באַנדיטן וואָס האָבן געהרג׳עט אידן: פינף מאַנסבילן און צוויי פרויען. דער טויט פייערט זיין אָרגיע אויף דער פוילישער ערד”. די לעצטע שורה קלינגט שוין אפילו גאַנץ ליטעראַריש. און האָט שוין עפּעס פון מיינע פעלערן אויך. פונדעסטוועגן קען איך איצט מער נישט זיין זיכער צו די געהאָנגענע זיינען טאַקע געווען באַנדיטן, אָדער גלאַט אַזוי רעוואָלוציאָנערן וואָס זיינען אַרויסגעטראָטן קעגן דער אָקופּאַציע־אַרמיי...

פאַן פאַסוויע איז געווען אַן אמת׳ער ליריקער. און שוין אַלס קליין אינגעל פלעג איך אָפּשאַצן אין אים די דאָזיקע אייגנשאַפט. איך האָב אים, דערלויב איך זיך צו זאָגן, שטאַרק באַוואונדערט אין מיין אינגלערישער פאַנטאַזיע. איך האָב אים אפשר אויך האָלד געהאַט. איך געדענק פאַן פאַסוויע׳ס געלבלעך פנים, געל ווי אַ הערבסטיקע, גאָלדענע בלאַט, וואָס די איידעלע גראַווירער־האַנט פון דער נאַטור ציזעלירט אויס מיט דינינקע פעדים פון גאָלד. עס איז געווען אין זיין כאַראַקטער פאַנטאַזיע און שטימונג. עפּעס וואָס שמעקט מיט ליטעראַטור... אויפן פאַן פון גרויער, מאָנאָטאָנער און אכזריות׳דיקער מלחמה פון צעשטערונג און טויט, האָט פאַן פאַסוויע צו אונדז אין שטוב אַריינגעבראַכט אַן עלעמענט פון פּאָעזיע און דערציילונג, טראָץ די נעגאַטיווע און אַנטיסעמיטישע שטריכן אין זיין כאַראַקטער. ער האָט גערעדט צו מיין יינגער און פּאָעטישער נשמה מיט די געלייטערטע רייד פון קלאַסישע ליטעראַטור. מיטן לשון פון די נביאים. מיט די סענטענצן פון די פאַרצייטישע חכמים. מיט פּערל פון פּאָלקלאָר און מיט ציטאַטן פון דער פוילישער ליטעראַטור.

איך געדענק אַז איינמאָל, אַרום הערבסטצייט, ווען בלויז אַ טייל פון די פּרייסישע קאָלאָניסטן האָבן זיך ווי די שאָטנס אומגעקערט פון רוסלאַנד, איז פאַן פאַסוויע׳ס ווייב געשטאָרבן. דעמאָלט איז פאַן פאַסוויע געקומען צו אונדז אין הויז אַריין. אין מאָמענט פון צער און טרויער האָט פאַן פאַסוויע נישט געהאַט קיין שום אַנדערע פריינט, פאַר וועמען זיך אויסצוויינען דאָס האַרץ, אויסער פאַר אונדז, אידישע מענטשן. ער איז געזעסן אין אונדזער שטוב, ביים גרויסן דעמבענעם טיש מיט דער טינט־פאַרשמירטער צעראַטע. ער האָט פּאַוואָליע געזופּט די טיי און ער האָט זיך קוים געלאָזט טרייסטן. צייטנווייז פלעגט ער אַריינקוקן מיט פאַר־טרערטע אויגן אין עפּעס אַ קליינטשיקן ספר׳ל, מיט פאַרגילדעטע בלע־טער. עס איז אַוודאי געווען איינס פון יענע געהיימנישפולע ביכלעך

פון וועלכע ער האָט געוויינלעך געשעפּט פולע זשמעניעס מיט חכמה, שפּריכוואָרט, מעשה און היסטאָריע... און, ווער ווייסט, אפשר אויך רעליגיעזן טרייסט, אין איצטיקן מאָמענט פון מענטשלעכע געפאַלנקייט און טראַגישע הילפלאָזיקייט...

אין דעם דאָזיקן אָוונט האָט דער פּאַן פּאַסוויע קיין שום מעשה'לעך נישט דערציילט. ער האָט בלויז אַ סך געריכערט מיט זיין קופּער־רויטע ליולקע, און אַרויסלאָזנדיק שטיקלעך זיידענעם רויך, האָבן זיינע פייכטע אויגן נאָכגעקוקט די דינינקע פעדים פונם רויך, וואָס האָבן זיך געדרייט אין קרייזן און זיך ביסלעכוויז אויפגעלייזט אין דער הויך. דאָרטן, אינם רויך־נעפּל, האָט אפשר פּאַן פּאַסוויע געזען דאָס פּנים פון זיין ווייב, ווען זי איז געשטאַנען מיט אים ביים „שליוב" און איצט האָט בלויז זילבערנדיק אויפגעשטראַלט איר גייסט... און בשעת ער האָט שטיל געריכערט און געזיפצט, האָט אין דרויסן דער ווינט אומהיימלעך גערוישט, צוטראָגנדיק מחנות געלע בלעטער צו די פענצטער און צו די טירן. דער הונט האָט געהאַוועקעט אויפן הויף, אַניאַגנדיק אויף אונדז, אַזוי ווי תמיד אויף די פּאָר איינזאַמע אידן אין אַ פּוילישן דאָרף, אין מלחמה־צייט, אָן אימה. אויף אייביק געדענק איך יענע נאַכט און אַ סך אַנדערע אומעטיקע נעכט, פול מיט פּחד און אומהיימלעכקייט. די מאַמע איז געשטאַנען נעבן פּאַן פּאַסוויען און גערעדט מיט ווערטער פון טרייסט...

יענע נאַכט זיינען דערשינען אין אונדזער הויז פּאַן פּאַסוויעסביידע טעכטער, צוויי שאָטנדיקע און געבראָכענע געשטאַלטן, וועמען עס האָט שטאַרק געפּאַסט דער טרויער. זיי האָבן שווייגנדיקע אַהיימגעפירט אין דער נאַכט זייער פון עגמת־נפש צעבראָכענעם פאָטער. ווי אַ שעקספּיר'ישע בינע איז געווען דער מיסטעריעזער דרויסן. און מורא'דיק די סצענע ווי אַזוי צוויי שלאַנקע און מרה־שחורה'דיקע פּרינצעסינס פירן דורך דער נאַכט אָן אַלטן און איינזאַמען קייסער...

אין דאָרף האָבן די פּויערים געשמועסט אַז פּאַן פּאַסוויע'ס ביידע טעכטער זיינען צופיל אינטעליגענט. און די פּויערישע שקצים פאַרליבן זיך געוויינלעך אין פּראָסטע און געזונטע שיקסעס. די צוויי מיידלעך זיינען טאַקע מיט צייט און יאָרן געוואָרן עלטער און עלנטער, ביז זיי האָבן אַריינגעוויאַנעט אַזש אין שפּעטן הערבסט פון זייערע לעבנס. זיי זיינען געוואָרן נאָך דינער און דאַרער. אָבער פון זייערע אַזוי ווי באַלזאַמירטע פּנימ'ער האָט זיך קיינמאָל נישט אָפּגעטאָן זייער גייסטערהאַפטער שמייכל...

איינמאָל אין אַ טאָג איז קיין סאָסנאָווו געקומען צופאָרן אין אַ טונקעלער קאַרעטע עפּעס אַ פאַראָרעמטער שלאַכטשיץ, אַ הויקערדיקער גראַף, אַ שטאַרק פאַרעלטערטער און ער האָט מיט זיך אַוועקגעפירט, אין זיין אומהיימלעכער קאַרעטע, די פּאַננאַ יאַדוויגאָ, די עלטערע פון די שוועסטערן.

מען האָט געקענט דערקענען אַז די פּאַננאַ יאַדוויגאַ איז געווען דערשלאָגן, ווי די העלדינע פון עפּעס אַ טראַגישע דערציילונג. בלייכערהייט, אַן איינגעהילטע אין אַ זיידענעם שלייער און אָנגעטאָן אין עפּעס אַ פּעלצל פון וועלכן עס האָט זיך ווי שניי געשאָטן דער גלאַנציקער נאַפּטאַלין, איז זי אַריינגעגאַנגען אין דער טונקעלער קאַרעטע, ווי צו אַן עקזעקוציע, און זי האָט זיך געזעצט נעבן דעם הויקערדיקן גראַף, דעם אַריסטאָקראַט פון דייטשער אָפּשטאַמונג, ווי מען האָט געשמועסט אין דאָרף... צוויי געשפּענסטערדיקע פערדלעך, ווי געוועבטע פון רויך און שאָטן, האָבן גענומען גיין פּאַוואָליע איבערן פּוילישן וועג, טראַגנדיק אונטער זיך די שפּינוועבסטיקע קאַרעטע. דער קוטשער האָט מיט אַ דינער בייטש געטריבן די פערדלעך. ער אַליין, דער קוטשער, איז געווען ווי אַ שאָטן. עס האָט זיך געדאַכט אַז די ביינער פאַלן זיך פאַנאַנדער אין זיין סקעלעט, וואָס איז געווען איינגעהילט אין אַ נאַכטיק־שוואַרצן מאַנטל... אין דער אמת׳ן איז ער אפשר געווען דער פאַרשטעלטער מלאך המוות...

די ייִנגערע שוועסטער, פּאַננאַ האַלינאַ, האָט געשפּילט אויף דעם פּאַרטעפּיאַן און האָט געזונגען טרויעריקע פּוילישע ראָמאַנסן. זי פלעגט מיך אָפט אַהיימפירן צו זיך און שפּילן און זינגען פאַר מיר. איך בין געווען איר פּובליקום. און דעמאָלט האָב איך געלערנט אָפּצושאַצן די הערלעכע טענער פון קלאַסישער מוזיק. שוין אין יענע יאָרן האָב איך געהערט שפּילן דעם מעלאַנכאָליש־אידעלן שאָפּען. דעם גוואַלטיקן גאון בעטאָווען. די ראַפינירטע מוזיק פון דעביוסי. און דעם אומשטערבלעכן מאָצאַרט. האַלינאַ איז געווען דער גייסט פון מוזיק. איר געליבטער איז געווען — די טונקעלע פּאַרטעפּיאַנאָ... זי האָט איינגעדאַרט שפּילנדיק די גרויסע מייסטער...

אין עטלעכע יאָר אַרום איז דער שוין דעמאָלט פאַרביטערטער און דערשלאָגענער פּאַן פּאַסוויע געשטאָרבן פון אַ ראַק. זיינע צוויי זין און דאָס וואָס עס איז נאָך איבערגעבליבן פון זיין טאָכטער האַלינאַ האָבן זיך איבערגעצויגן אין שטעטל אַריין. איך האָב אפילו געהערט אַז פּאַננאַ האַלינאַ איז געוואָרן אַ פּראָפעסיאָנעלע זינגערין און זי איז אויסגעטראָטן אין פּאַריז, אין דער אָפּעראַ...

איינמאָל אין אַ טאָג האָב איך אויפן דאָרפישן צעמענטאַריש באַזוכט דאָס קבר פון פּאַן פּאַסוויע. די אייזערנע שטאַכעטן וואָס האָבן אַרומגערינגלט דאָס בערגל, זיינען געווען פאַרזשאַווערט. די בלעטער פון די רייך־צעגרינטע ביימער האָבן אין אַ מיסטעריעזן כאָר שטיל געמורמלט. עפּעס ווי דורך זיי וואָלט דער אַריסטאָקראַטישער פּאַן פּאַסוויע מיר דערציילט אַ פאַנטאַסטישע מעשה אינם גרויסן נאָכמיטאָג. איך האָב גערעדט צום גייסט פון פּאַן פּאַסוויע און אים האַרציק געדאַנקט פאַר דער פּאָעזיע וואָס ער האָט אין די שפּעטע נעכט אַריינגעכישופ׳ט אין מיין נשמה מיט זיין

פּאָטעטישער אימאַזשעריע. ווען נישט דאָס וואָס ער האָט פיינט געהאַט אידן, וואָלט איך אים אפילו ליב געהאַט. זיין שנאה צו אידן איז נישט געווען קיין אַקטיווע, נייערט אַ טראַדיציאָנעלע. ער האָט די דאָזיקע בלינדע שנאה איינגעזאַפּט אין זיך נאָך פון דער קינדהייט. ווי מען זאָגט: מיטן טריף פון דער מאַמעס מילך...

און בשעת אויף דער ערד פון צעמענטאַרזש זיינען אַרומגעקראָכן אַלער־ליי אינסעקטן און מיט כוואַליעס גאָלד האָט די זון געגאָלדיקט די דאָרפישע לאַנדשאַפט, האָב איך זיך דערמאָנט אין פּאַן פּאַסוויעס מעשה׳לע ווי אַזוי עס קומט אַהיים פון נאַכטיקן וועג דער בעטלער און פון זיין טאָרבע פול מיט גאָלדענע רענדלעך הויבן אָן אַרויסצוקריכן מחנות מיט ווערם... דער שלעכטער מענטש מיטן בייזן בלוט וואָס האָט געשאָנקען דאָס גאָלד, האָט פאַרשאָלטן דעם בעטלער אַז אַלץ זאָל פאַרוואַנדלט ווערן צו ווערם... און אַזוי עסן אויך די ווערם דאָס פליש און די קנאָכנס פון פּאַן פּאַסוויע און פון אַלע די וואָס ליגן דאָ באַגראָבן און פון גאָר די מענטשן וואָס וועלן שטאַרבן...

און אָפּט, ווען איך דערמאָן זיך אין דעם פּאַן פּאַסוויע, ווערט מיר היימלעך אויפן האַרצן... אין שטילע לבנה־נעכט, ווען דער שניי פינקלט אין דרויסן ווי זאַלץ, אין וועלכן עס פּיקן די שטערן ווי הימלישע טויבן, פלעגט פּאַן פּאַסוויע קומען צו אונדז און אָנצינדן אונדזערע געמיטער מיט זיינע הערלעכע אימפּראָוויזאַציעס און זעלטענע מעשיות. איך וועל אין מיין האַרצן טראָגן צום פּאַן פּאַסוויע אַן אייביקע דאַנקבאַרקייט, ווייל ער האָט אויסגעשפּילט פאַר אונז דאָס לעבן פון די מענטשן אויף עפּעס אַ געהיימנישפולער און שטראַלנדיקער פידל...

יענע מענטשן וואָס רעדן און נעמען אָנטייל אין אונדזער צאַרטער קינדהייט און וועלכע שפּילן אַ סימפּאַטישע ראָלע אין אונדזער פריער יוגענט, די דאָזיקע פּערסאָנאַזשן פון אונדזער לעבנס־דראַמע, קענען מיר שוין קיינמאָל מער נישט פאַרגעסן. דאָס וואָס מענטשן רעדן בשעת מיר זיינען קליין און מיר הערן זיך צו צו זייערע רייד, קריגט שפּעטער אַ טיפע באַדייטונג אין אונדזער לעבן...

---

## אַ איד פון דוד המלך׳ס גוואַרדיע

אין דעם געדעכעניש פון עלטערע קליינשטעטלדיקע תושבים איז געבליבן שטיין דאָס געשטאַלט פון איינעם אַ איד, אַ קצב, וואָס האָט געהייסן לייזער הויקער. דאָס איז געווען אַ גיבור, וואָס איז, אַזוי ווי אַ שטאַרקער דעמב, אַרויסגעוואַקסן פון דער געדיכטער אידישער אָרעמקייט און האָט אין זיין גוף אַריינגענומען דאָס פעטס און דעם כוח פון געשאָכטענע אָקסן און קעלבער. וועגן אים ווערט אין דער שטעטלדיקער כראָניק דערציילט אַ מעשה אַז בשעת עס האָט זיך איינמאָל געגרייט אַ שטיקל פּאָגראָם אויף אידן

אין שטעטל, ווען די ייִנגע רעקרוטן האָבן זיך אַנגע׳שיכור׳ט פֿאַרן אַוועקגיין אויף „סלוזשבע״ ביי פּאָניען, און האָבן צוזאַמען מיט די צעהיצטע פּויערים פֿונם יאַריד געפּרוּווט, ווי געוויינלעך, שלאָגן אידן און צעראַבירן אידיש האָב־און־גוטס, האָט ער, לייזער הויקער, געכאַפּט איינעם אַ צעיושעטן רעקרוט און האָט אים מיט אַ קצבים־מעסער איבערגעשניטן דעם גאָרגל. שפּעטער האָט ער דעם רעקרוט׳ס בלוטיק־טריפנדיקן קאָפּ אַרויפגעשטעקט אויפן שפּיץ פֿון אַן אייזערנעם שטאַכעט. די איבעריקע שיכורע כוליגאַנעס און פּויערים זיינען זיך צעלאָפֿן פֿאַר שרעק. דאָס שטעטל איז דעמאָלט אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פֿון אַ פּאָגראָם אויף אידן.

מער ווייס איך גאָרנישט צו דערציילן וועגן לייזער הויקער. אָבער מיט ליבשאַפֿט פֿאַרשרייב איך זיין נאָמען אין אידישע אותיות. די העלדישע טאַט זיינע לויכט אַרויס ווי אַ פֿינקלענדיקער שטערן אין אַ פֿינצטערער נאַכט. לייזער הויקער איז מיר טייער געוואָרן. עפּעס ווייעט עס פֿון זיין געשטאַלט מיט אַלט־היסטאָריטשנע, מיט אידיש־תנ״כ׳ישע גבורה. פֿאַרצייטנס, אין די גרויסע טעג פֿון תנ״ך, וואָלט אַזאַ איד אוודאי געווען איינער פֿון די רויט־האָריקע און גאָלד־בערדיקע לייב־גוואַרדיע פֿון דוד המלך. ער וואָלט צו דעם גאַנץ־רעאַליסטישן געשטאַלט פֿון אַ פּולבלוטיקן קייסער געבראַכט צו טראָגן אייז־קאַלטע וואַסער דורך ברענענדיקע שלאַכט־פֿעלדער, כדי צו שטילן דעם דאַרשט־און־דאָס־פֿייער פֿונם קעניג. אַזאַ מין לייזער הויקער וואָלט אפשר אין די צייטן פֿון די חשמונאים געקעמפֿט אַנטקעגן סירישע אַרמייען. ער וואָלט מיט אַ שאַרפֿן האַקמעסער געהאַקט ביינער און שאַרבנס פֿון דעם שונא׳ס חייל.

— טייערער לאַנדסמאַן לייזער הויקער פֿון מיין אָרעמען שטעטל, איך נעם דיך ברידערלעך אַרום. איך געדענק דיך אויף תמיד און איך פֿאַרשרייב דיך אויף אייביקע צייטן אין זכרון פֿון אונדזער פֿאָלק.

---

## מיין מאַמעס אידישע אַרמיי

שיילנדיק מיטן אויסגעריבענעם קיך־מעסער די קאַרטאָפּל פֿאַר אונדזער היימישן און אָרעמען מאָלצייט, האָט די גוטע מאַמע ליב געהאַט מיר צו דערציילן פֿאַרשידענע מעשה׳לעך. עס האָט פֿון די דאָזיקע טייערע מעשה׳לען געשמעקט מיט שטיקלעך תהילים, מיט די שמעקענדיקע פּסוקים פֿון תנ״ך, מיטן אוראַלטן אידישן גלויבן און היסטאָרישן בטחון פֿון אונדזערע גראַנדיעזע זיידעס און העלדישע באָבעס.

אין אונדזערע יוגנטלעכע יאָרן זיינען מיר אין אַ צושטאַנד פֿון רע־וואָלט. מיר ווערן באַהערשט פֿון די געזעצן פֿון אונדזער בלוט. מיר זיינען מורא׳דיק בלינד צום פֿאָלק, צו טראַדיציע. אָבער וואָס עלטער מיר ווערן, אַלץ נאָענטער קומען מיר צום אייגענעם פֿאָלק און צו די קוואַלן פֿון אונדזער חכמה און העלדישקייט. מיר הויבן דעמאָלט אָן צו פֿאַרשטיין די

שיינקייט פון היסטאָרישע טראַדיציע און פון אָנגעזאַמלטע גייסטיקע אוצרות, צו וועלכע אַ סך פאַרגאַנגענע דורות האָבן בייגעטראָגן. מיר וועלן היסטאָריש־באַוווסטזיניק. מיר זוכן מיט גענויאַלטיקן הונגער די שפּורן פון אונדזערע אורעלטערן, וואָס האָבן פאַר אונדז געבלוטיקט און אויסגעפּרוווט אויף זייערע גומענס, אַזוי צו זאָגן, דאָס קאָסמישע געקעכטץ. מיר גייען אַליין אויך אויף די וועגן פון דער אידישער געשיכטע, אַזוי ווי אונדזערע פאַר־צייטישע אורעלטערן זיינען געגאַנגען. מיר פאַרייניקן זיך מיט זיי, מיט אונדזערע גרויסע קדושים, אויפן געמיינזאַמען גאַנג אין דער אייביקייט אַריין.

דורך די אַלע יאָרן איז אין קעמערל פון מיין זכרון פאַרקריצט געוואָרן איינע פון דער מאַמע׳ס גאַלדענע מעשה׳לעך וועגן דער אידישער אַרמיי. יאָ, וועגן דער געהיימנישפולער אידישער אַרמיי... עס איז איינמאָל אויס־געבראָכן, אין אַ חגא־טאָג, אַ פּאָגראָם אויף אידן אין שטעטעלע מאַרקושאָוו, ווו די מאַמע האָט איר יוגנט פאַרבראַכט... מען האָט, ווי געוויינלעך, געשלאָגן זקנים, קליינע קינדער און פרויען. די היצלעס האָבן אויסגעוויבט אידישע קראָמען און זיי האָבן ווילד גע׳גזל׳ט אידיש האָב און גוטס. דאָס גאַנצע שטעטעלע איז שוין געווען פול מיט אידישע הרוגים.

אָבער פלוצלינג איז געשען אַ נס: די רוצחים האָבן דערהערט טריט פון אַ אידישער אַרמיי, וואָס האָט מורא׳דיק און מעכטיק מאַרשירט אונטער די מויערן פון שטעטל. מען האָט געהערט אַ העלדיש געזאַנג פון מיליי־טערישע, העבראייאישע סאָלדאַטן־לידער. מרים הנביאה׳ס טריומף־ליד איבער די בלוטיקע סיריער האָט אויך און העלדיש געקלונגען אין דער לופט. און מען האָט דערהערט דאָס קלאַפּן פון אייזערנע, פון פערדישע פּאַדקאָוועס איבער די אויסגעקרימטע און שלעכטע פּוילישע וועגן. די קלאַנגען פון מעשענע מלחמה־טראָמפּעטן, פון פליילטן און פון טאַצן האָבן שטורמיש אָפּגעהילכט. די אידישע אַרמיי קומט שנעל אָן אַזוי ווי אַ מורא׳דיקער שטורעם. די אידישע אַרמיי איז שוין באַלד ביי די טויערן פון דער שטאָט... באַלד ברעכט זיך אַריין אַ שטאַרקע און אַ קריגערישע אידישע אַרמיי, כדי נקמה צו נעמען אין די רוצח׳ישע גוים פאַרן אומשולדיק פאַרגאָסענעם אידישן בלוט פון אַלע דורות און פון אַלע צייטן.

די מאַמע פאַרמאַכט אירע אויגן און זי זעט די זעלנער. עס זיינען האַרציקע אידן מיט גרויסע בערד וואָס האָבן געדינט אין אַלע פרעמדע און גוי׳אישע אַרמייען פון די מלוכות. איצט זיינען זיי, צו דאַנקען גאָט, פאַר־אייניקט אין איין אידיש חייל פון גענוואַלטיקער קראַפט. די מאַמע דערקענט אין זיי אַלע דורות, זינט די צייטן פון אדם הראשון אָן... זי זעט אפילו צווישן זיי אירע ווייטע זיידעס, מיט אַ יאָרטויזנט צוריק... זי זעט די נביאים. זי זעט די הייליקע און הערלעכע אבות...

די מאַמע פאַרטראַכט זיך אַ ווײַלע. ענדלעך זאָגט זי:

— עס זיינען אין דער אַרמיי אויך געווען ווייבער. מיר דאַכט זיך: איך זע דאָרט מיין יינג־פאַרשטאָרבענע מוטער. און אויך די הערלעכע מאַמע רחל מאַרשירט צווישן זיי... אונדזער געטלעכע מוטער רחל פון חומש... און דאָס פּנים פון מרים הנביאה לויכט ווי די זון. זי קלאַפּט אין די אָפּ־געפּוצטע מעשענע טאַצן, און זי זינגט שטורמיש דאָס גרויסע ליד פון טריאומף.

די טייערע מאַמע שיילט אָפּ פון די קאַרטאָפל די זייער דינע שאָלן. געוויינלעך זיינען דאָס געפּרוירענע קאַרטאָפל, וועלכע האָבן אַ זייער זיס־לעכן טעם, אַזוי ווי היימישע פּרוכטן פון סאָד, און זיי קאָסטן אַ סך וואָל־וועלער ווי געוויינלעכע קאַרטאָפל. אָבער, אין אונדזער גרויסן הונגער, אין די ביטערע יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, עסן מיר גערן אפילו די זיסלעך־געפּרוירענע קאַרטאָפל. בפרט נאָך ווען מען פאַרוואַנדלט זיי אין געשמאַקפולע לאַטקעס. דער מאַמע'ס הענט זיינען יסורים'דיקע. ווייל זיליידט נעבעך פון אַ שווערן רעוומאַטיזם. יעדן טאָג שיילט זי די נאַסע קאַרטאָפל... אָבער איצט דערקען איך עפּעס מער נישט מיין גוטע מאַמען. איר איידל פּנים שטראַלט אויף גאָלדיק מיטן אָפּשיין פון אַ געוואַלטיקן בטחון. מיט עפּעס אַ גליקזעלישן שמייכל פון גרויס דער־לייכטערונג און האָפענונג.

— און די גוי'אישע העלדן, מישטיינס געזאָגט, האָבן איבערגעלאָזט זייער אָנגעריבט און אָנגעגזל'ט אידישע האָב־און־גוטס. און זיי האָבן זיך געלאָזט, ווי די משוגענע הינט, לויפן הענדום־פּענדום איבער די וועגן און דאָפישע פעלדער אין פינצטערן וואַלד אַריין.

— „זשידאָווסקאַ אַרמיאַ! — האָבן זיי אין זייער פינצטערן פּחד און אין ביטערער פאַרצווייפלונג געשריגן, גאַרנישט מעשה העלדן... די אידיש אַרמיי דערנענטערט זיך. יאָ, ענדלעך קומען זיי פון הימל כדי נקמה צו נעמען פאַרן פאַרגאָסענעם אידישן בלוט! פאַר געשענדעטע כלה־מייד־לעך און פאַר געשאָכטענע זקנים און פּיצעלעך קינדער. ציטערט אַלע אויף, איר געמיינע פּחדנים, איר פינצטערע מערדערס און נידעריקע רוצחים! עס גייט איבער אייערע צעהיצטע און שיכור'ע קעפּ די היסטאָרישע אי־דישע שווערט! עס וועט איצט שטראָמענווייז פאַרגאָסן ווערן אייער פינצ־טער בלוט! וואָרים עס איז פאַראַן אַ אידיש אַרמיי. בר־כוכבא'ס שטאָלצע אַרמיי לעבט. זי גייט שטורמיש אַרויס פון די פייערדיקע בלעטער פון תנ"ך. דער רבונו־של־עולם האָט איר מעכטיק באַוואָפנט מיט זיינע אייזערנע כלי־זין. און ווער, מיינט איר, איז דען איר שטאָלצער גענעראַל? — בר־כוכבא אַליין, דער העלד אין דער העלדישער מלחמה קעגן דער רוימישער אימפּעריע און אַנטקעגן אַלע אידישע שונאים.

איך בין דעמאָלט געווען אַ קליין אינגעלע. און פון דער מאַמע'ס ליבע און גאָלדענע ליפּן גייען, זע איך, הערלעכע, גרויסע און פּשוטע רייד.

און פון יעדער אײנציקן װאָרט אירן שטראַלן אַרויס די פּנימער פון פײער־דיקע מחנות מיט אידן. איך דערקען זײ װױל. די העלדישע און רויטבער־דיקע קריגערס פון דוד המלך, דעם אומשטאַרבלעכן מחבר פון די געװאַלטיקע לידער פון ספר תהילים. און די עקשנות׳דיקע שטרײטערס, אין אײזערנע פּאַנצערס פון גלױבן, פון יהודה המכבי׳ס אַרמײ. און יענע מעכטיקע און פאַנטאַסטישע קעמפערס פון דעם פּרינץ דוד הראובני׳ס געהײמנישפולער אידישע מלוכה אַזש פון יענער זײט סמבטיון. זײ אַלע לעבן און זײ שטײען בראַװע און שטאָלצע אויף דער װאַך, די אײביקע אידישע פּאַרטײדיקער פונם פּאָלק׳ס כבוד. דאָס זײנען אויך די העלדן פון „מסדה״ און פון די ברענענדיקע מויערן פונם װאַרשעװער געטאָ־אויפשטאַנד. אויך פון די גע־װאַלטיקע אידן װעלכע האָבן זיך געשלאָגן פאַר דער באַפרײאונג פונם הײ־ליקן לאַנד ישראל. איך קען זײ גוט. איך דערקען זײ אַלע: די אײביקע און די מוטיקע אידן פון גרעץ׳ס און פון דובנאָװ׳ס שטאָלצע, היסטאָרישע בלעטער... איך גיי זיי אַנטקעגן מיטן ענטוזיאַסטישן גרוס. זײט גע־בענטשט, אידן פון מײן מאַמע׳ס אײביקער, לעבעדיקער אידישער אַרמײ... די געװאַלטיקע אַרמײ פונם רבונו־של־עולם, װאָס שטײגט פאַרויס װי אַ פײער, אין אַלע מלחמות פאַרן אידישן כבוד... די דאָזיקע אַרמײ װעט לעבן אין אַלע דורות. דאָרט װוּ עס װעט בויטיק זײן צו נעמען נקמה פאַרן אומשולדיק פאַרגאָסענעם, אידישן בלוט, זאָלן זײ נעמען אומ׳ברחמנות׳דיק נקמה. זאָלן זײ אין יעדן דור אויסזוכן מערדער און רוצחים פון אידן און זײ באַשטראָפן אַזױ גרויזאַם װי עס איז גרויזאַם דאָס פאַרברעכן קעגן די אידן. װי לאַנג אידן װעלן לעבן אויף דער װעלט, זאָלן זײ שלאָגן זײערע שונאים מיט אומגעהויערע קראַפט און אַנטשלאָסנקײט. ביזן מאָמענט װען די שונאים װעלן פאַרשטײן אַז שלום מיט די אידן איז דער אײנציקער אויסװעג. און שלום װעט זיך לוינען פאַר אַלע פעלקער.

---

## מײן טאַטע אין קוני אײלאַנד

איך בין געװען בײם בלויען און װוּנדערלעכן לאַנד אין קוני אײלאַנד. עס זײנען דאָרטן געװען פאַרזאַמלט שיעור נישט מיליאָנען און מיליאָסן מענטשן. אפשר פון אַלע פעלקער פון גאָר דער מאַמע ערד זײנען זײ אָנגעקומען און זײ האָבן װי אַ געדיכטע ערב־רב־מאַסע פאַרפלײצט דעם זאַמדיקן ברעג און דעם אָנהויב פונם שטורעמדיקן ים. איך האָב געמײנט אַז פּלוצלינג זײנען אַרויסגעגאַנגען פון די בלעטער פון דעם אומגעהויערן תנ״ך די אוראַלטע פעלקער און די פאַרצײטיקע שטאַמען און שבטים און זײ האָבן זיך דאָ רחבות׳דיק אויסגעלעגט װי בײם הימלישן טאַטן אינם שמע־קעװדיקן װײנגאָרטן, פון װעמענס טויערן אָדם און חוה זײנען אַרויסגעטריבן געװאָרן מיטן מלאך׳ס פײערדיקע שװערד. די היץ בײם ים איז געװען ממש הײסער און שװערער װי די היץ פון די לעבעדיקע ראָסן און טונקל־הויטיקע

שטאַמען. די נאַקעטיקע מענטשן־מחנות האָבן מיך דערמאָנט אין דאַנטעס גהינום־זעאונגען. אַזוי מוזן אוודאי אויסזען די פּינצטערע און די פייערדיקע טאָלן און זודיקע טייכן אין גהינום, ווו די נשמות באָדן און בראָטן זיך אין ביטערע יסורים! — האָב איך געטראַכט, גייענדיק און בלאָנזשנדיק אין אַ מורא׳דיקן וועלט־וואַלד פון ווילדן, בונטן און גראָטעסקן לעבן.

אָבער איך שטעל זיך באַלד אָפּ ביי דער היימלעכער קאַרוזעלע. די פּשוטע מעלאָדיע ציט מיך צו און פאַר׳כישופ׳ט מיך. איך שטיי פאַרגאַפּט און איך קוק מיר אַזוי אָן דעם גוטן און דעם היימישן לייב, ווי מיר וואָלטן זיין לייטישע חברים נאָך פון חדר אָן, צי פון בית המדרש, ווען ער האָט צו מיר אַראָפּגעשמייכלט פון דעם סאַמעטענעם מענטעלע פון דער הייליקער ספר תורה... דער ריזיקער און „צאָרנדיקער" לייב, נאַאיוו געמאָלן מיט שטיקער ליימיק־געלע און גימגאָלדענע פאַרבן, איז באמת פריינטלעך צו די קינדער. מיר דאַכט זיך אַז דאָס האָט גאָר מיין גאָטזעליקער טאַטע אָפּגעפאַרבט מיט זיינע אייגענע פּראָסטע קאָלירן דעם צעהיצטן לייב׳ס צעפלאָשעטער גריווע און אַריינגעטאָן טראָפּנס פייער און בורשטין אין זיינע גרויסע און אומגעלומפּערטע אויגענעס. דאָס איז דאָך גאָר עפּעס אַ מין אידישלעך־וואַרעמער לייב. אפשר, פאַלט מיר איין, איז ער גאָר אַרויסגעלאָפן פון אַ ברענענדיקער שול אין אַ שטעטל אין פוילן, ווען דאָס אָרון קודש האָט זיך שוין געהאַט אָנגעצונדן. עס איז גאָרנישט קיין לייב, נייערט אַ היימישער איד פון קוראָוו צי פון קאָנסקע־וואָליע אָדער גאַרוואָלין. ער איז אַ פאַרשרפה׳טער אַזאַ אַראָפּגעלאָפן פון אַ פלושענעם פרוכת פון אַ ספר תורה... ער האָט צאַרט און רירנדיק געקושט די תורה און ער האָט זיך געלאָזט לויפן הענדום־פענדום איבער גאָט׳ס פאַרשאָלטענע און הײדעמאַקישע וועלט.

די פערדלעך פון דער קאַרוזעלע זיינען עפּעס אַלע מאָדנע יינג ווי אין יענע גרינע יאָרן פון מיין קינדהייט. אַלמעכטיקע צייט מיט גאָר איר צעשטערערישער קראַפט, וואָס צעברעכט גראַניטענע פעסטונגען און גריזשעט אויס לעכער אין די אייזערנע מאָנומענטן פון קיסרים, האָט עפּעס גאָרנישט קיין שום לייטישע שליטה אויף די דאָזיקע היימישע פערדלעך. איך שטיי מיר אַזוי מיט טרערן אין די אויגן נעבן די פלינקע „אַראַבישע" סוסים צוגעדעקטע מיט פילקאָלירטע דערעס אויף זייערע ברוינע פלייצקעס. און די מולטיפאַרביקע עקיפּאַזשן לויפן שנעלע פאַרביי מיינע אויגן. עקיפּאַזשן וואָס ווערן געפירט פון די קלוגע און ווי באַפליגלטע זשרעבאָקלעך און אויך פון אַ פּאָר באמת ווילדע און צערייצטע טיגערס. אָבער די בלוט־דאָרשטיקע לעמפּערטן און לייבן און, מען מעג אויך צוגעבן, די גראַציעזע יאַגואַרס מיט ברילי־אַנטענע אויגן און צאַרט־געפלעקטע און פון גאָט אַליין געפלעגטע פעלעכלעך — טשעפּן אויך נישט חלילה קיין קליינטשיקע קינדער. די יאַגואַרס, די טיגערס און די לעמפּערטן האָט דער טאַטע אויך

גאַנץ לייטיש צוגעשמירט די עקלעך מיט אַ היפּש ביסל איבערגעבליבענעם טונקל־גאָלד אויפן פּייכטינקן פּענדזעלע... איין גאָט׳ס טיגערל איז אַ קאַפּעטשקע שוין צו פיל צוגעמאַליעוועט, ווי דעם מחבר׳ס אַ שטיקל פּראָזע. דער דאָזיקער טיגער, זאָל ער מיר מוחל זיין, זעט שוין גאָר אויס ווי אַ טערק אינם ליבן גאָלדפאַדן־שפּיל. ווייזט אויס אַז מיין טאַטע, אויב ער וויל, זאָל ער זיך מיען פאַר אונדז אין גן־עדן, האָט אויך באַזעסן נישט קיין קאַרגע פּאָרציע הומאָר.

איך קוק מיר אַצינד אָן דאָס געשטאַלטעניש פונם הער קוטשער אַליין. דער קוטשער איז דאָך דער סאַמעראָדנער שר אָדער שיקזאַל. ער טיילט דאָך אויס, ווי מען זאָגט, די געטלעכע מזלות פון די קינדערלעך וואָס וועלן מיטן אויבערשטנס הילף היפּש פּעליק ווערן ווען זיי וועלן אַביסל לייטיש אונטערוואַקסן. און עפּעס איינע אַ נקבה מיט אַן אונטער־געבעטן בוזם וואָס זאָל מיט איר אָסאָבע פאָרשטעלן די שיינע געציין ווענוס, שטייט זיך אַזוי צווישן די זשרעבאָקעס, די טיגערן, די לייבן און די מורא׳דיקע לעמפּערטן און זי נעמט צו די קופּערנע גראָשנס ביי די פּיצ־לעך קינדער־טשינע. זי האָט אַ זיסן און לאַכנדיקן פּנים און פינקלענדיקע אויגן ווי סאָלדאַטסקע קנעפּ. אויף אירע ראָזלעכע און ווייך־טייגענע פינגער טראָגט זי רינגלעך פון גאָלד מיט איינגעפאַסטע ברילליאַנטן גרויסע ווי די פּעלזנשטיינער. מיין טאַטע האָט חלילה נישט פאַרגעסן אויך איר פּויעריש־זיידענער בלוזקע צוצושמירן מיט אַ ביסל רעכטע גאָלד און מיט דיקע טראָפּנס פון אַנדערע גלאַנציקע קאָלירן. ער האָט פאַקטיש היפּש־פאַרטאַטשנע און ווי אַן אייביקער אָנפאַנגער נעבעך צוגעפּאַטשקעט מיט זיין ביסל גראַפאָמאַנישע פאַרבן דאָס גאַנצע פּענעץ אוניוועסל דאָ. איך דער־קען ממש זיינע קינסטלערישע הענט, כאָטש אויך אומבאַהאָלפענע און אומ־געשולטע, אומעטום ווו נאָר איך שטעל דאָ מיינע טריט. מיין טאַטע האָט דאָך אַזוי וואַשנע ליב געהאַט די דאָזיקע וואַרעמע און קיינמאָל נישט לייטיש אויסגעוואַקסענע זשעבאָקלעך. אָט זיץ איך דאָך טאַקע נאָך אפשר פון מיין סאַמע קינדהייט אָן אויפן געזעס פון איינעם אַזאַ מין פורימדיקן פּערדעלע וואָס דער גוטער רוח טרייבט עס אָן ווי אַ וויכער. קוים וואָס איך דערקען זיך איצט... מיין גאָט! איך האָב זיך אוודאי געמוזט זייער שטאַרק און טאַקע מורא׳דיק זיך ענדערן און עלטערן זיך זינט דער דאָזיקער לאַנגער צייט אָן. אפשר בין איך שוין לייטיש גרוי געוואָרן אויך. די געציין ווענוס האָט גאָר אינגאַנצן פאַרגעסן אין מיין ווייניקייט, ווי מען שרייבט עס ליטעראַריש... אַ ראיה: זי נעמט אפילו נישט קיין קופּערנע פּרוטה פון מיר. און צווישן די מיליאָנען מענטשן פון גאָר די פעלקער פון דער ערד דערזע איך פלוצלינג מיין אייגענעם טאַטן. ער בלאָנדזשעט דאָ אַרום מיט זיין קופּערנער באָרד. עס איז אוודאי היפּשלעך הייס, נישט אויסצוהאַלטן ממש, אין זיין ברוקלינער קבר, נעבן דעם דאָרן סקעלעט

פון מיין קליינטשיקע מאַמען, ווען עס טיילט אָפּ פון טאַטנ׳ס גוף אַ דינע ווענטל מיט ליימיקע ערד... ער איז געקומען קיין קוני איילאַנד אינמיטן העלן טאָג כדי זיך אַביסל אָפּצוקילן די אומעטיקע קנאָכנס זיינע...

עס איז שוין פלושיק פאַרנאַכטלעך־צו... דער הימל גיסט זיך פּי־לאַזאַפיש צוזאַמען מיטן בלויען, אידילישן און טראַכטנדיקן ים, ווי אין שעלי׳ס אַ ליד, וואָס איך האָב געלייענט מיט אַ היפּש ביסל יאָרן צוריק און וואָס איך קען אַלץ נישט פאַרגעסן דעם ראָמאַנטישן אַראָמאַט דערפון. דאָס רויטע און ריזיקע ראָד פון אַ ווייטער קאַרוזעלע אויפן האָריזאָנט דראָט מיט פייער און מיט אמת׳ן גהינום אַלע נאַקעטע נשמות וואָס זשיפּיען נאָך אויף דער ערד... און די מעלאָדיע פון דער קאַרוזעלע נעבן וועלכער איך שטיי אַלץ פאַר׳כישופ׳ט און פאַרשאַלטן, אָן איינגעהילטער אין דער נאַכטס פּירשטלעך־סאַמעטענער פעלערינע, קריכט מיר אַלץ אַריין אין די ביינער מיט איר שאָקאָלאַדנער זיסקייט. איך רייט נאָך אַלץ אויפן פערדל׳ס רוקן ווי איבער דעם ראָד פון דער זון. די פאַרנאַכטלעכע־פאַרגייענדיקע זון צינדט אָן ריזיקע קאָלומנעס אויף די ווענט פונם היימישן צירק. דער גע־טרייער לייב וואָס האָט געקושט דאָס ברענענדיקע מענטעלע פון דער ספר תורה און האָט געלאָזן שטיין אויף הפקר אין די פלאַמען דאָס אָרון קודש, קוקט מיך אָן עפּעס אַזוי מאָדנע היימישלעך און זיינע אויגן טראָפּיען מיט הייסע טראָפּנס טרערן ווי מיט צעשמאָלצענע פאַרבן, אָנגעהיצטע פון דער זון. און ווידער זוך איך עפּעס אַרום מיט די אויגן מיין טאַטן, אין וועלכן איך געראָט סוף־כל־סוף אַריין מיט מיין גאַנץ געביין און מיטן פּאַטעטישן וואַנזין און מיט גאָר די ראָמאַנטישע פעלערינע און דעם קלאַפּער־געצייג פון מיין לשון... דאָס נעגערישע און דאָס פאַרטאָריקאַנישע ערב־רב האָט שוין איצט אינגאַנצן פאַרפלייצט דעם ברייטן ברעג פון ים ווי די מחנות פאַרצייטיקע היישעריקן אין תנ״ך... און נאָך פון דער פריער קינדהייט אָן, מיר דאַכט זיך, זיץ איך מיר דאָ... איך האָב פּראָסט־און־פּשוט פאַרגעסן אַראָפּצוגיין פונם פערדישן זאָטל, פּונקט ווי איך וואָלט געווען צוגעלייט אָדער צוגעוואַקסן צום פערדל... איך בין דער סענטימענטאַלער חלומות־גענעראַל. איך האָב גאָר פאַרגעסן אַהיימצוגיין. ווייזט אויס אַז איך וועל שוין אַזוי ביזן סאַמע לעצטן טאָג פון מיין לעבן דאָ רייטן אויפן דאָזיקן פאַרטאָטשנעם פעגאַז אַזש ביז איך וועל דערזען גאָר, גאָר נאָענט נעבן מיר גאָט׳ס פינקלענדיקע שטערן און איך וועל אויסציען מיינע הענט כדי זיי אָנצוטאַפּן, ווי דעמאָלט, ווען איך האָב זיך מיט זיי געזעגנט אין מאָמענט ווען איך בין געבוירן געוואָרן.

---

## דער קוש

מיר האָבן דעמאָלט געוווינט אין אַ שטילן, טונקעלן געסעלע. אונדזער וווינונג איז געווען איין גרויסע שטוב. אַזוי ווי די מערסטע הייזער אינם

שטעטל פלעגן זיין אָפּגעברענט פון דער מלחמה, האָבן מיר קיין בעסערע וווינונג נישט געקענט קריגן. איך בין שוין געווען אַ דערוואַקסן ייִנגל. איך האָב נאָכגעקוקט שיינע מיידלעך. אָבער איך האָב נישט געוווּסט גענוי פּאַרוואָס. אין הויז וווּ מיר האָבן געוווינט, זיינען אויך געווען אַנדערע אָרעמע מענטשן. וועגן איין משפּחה וויל איך טאַקע איצט דערציילן.

עס איז געווען אַ פאַמיליע וואָס האָט געוווינט אין אַ חדר׳ל אָן פענצטער. עס איז דאָרט תמיד געווען פינצטער ווי די נאַכט. און פינצטער איז אויך געווען אין די לעבנס פון די דאָזיקע מענטשן. די עלטערע פרוי, זייער מאַמע, האָט פאַרקויפט ווינטערעפּעלעך אין גאַס. זי פלעגט ווינטער־צייט זיצן נעבן אַ פייער וואָס האָט געטליעט אין אַ גרויסן אייזערנעם טאָפּ. צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע אַלטע אידענעס אַזוי ווי זי, האָט זי זיך געריבן די הענט ביים פייערטאָפּ. עס האָט אויסגעזען ווי אַ גרופּע פאַרפאָלגטע חיות אין וואַלד וואָלטן דאָ זיצן, איינזאַמע, פאַראומערטע און פאַרשאָלטענע חיות. אין דעם רויכערנדיקן פייערל האָט ווי געברענט דער ברודיקער שניי פון דער גאַס, דער גרויסע עלנט און אָרעמקייט פון די דערשלאָגענע מענטשן. עס האָט זיך געדאַכט אַז דאָס פייער וועט מיט דער צייט אויך פאַרברענען און קרעמירן די ביינער און קנאָכנס פון די אַלטע אידענעס וואָס זיצן דאָ אַדורכגעפרוירענע. די אַלטע פרוי האָט געהאַט אַ טיפּישן נאָמען אין שטעטל וועלכן איך וועל דאָ נישט אָנרופן. אגב, דער בעסטער נאָוועליסט קען אַ סך מאָל נישט קאָנקורירן מיט די נעמען וואָס דאָס לעבן אַליין גיט צו אירע כאַראַקטערן. זעלטן מאַכט די אַרומיקע סביבה אַ טעות וועגן דעם כאַראַקטער פון אירע העלדן. אין אַ נאָמען וואָס דאָס שטעטל פלעגט געבן צו עמעצן, איז אָפטמאָל פאַרצייכנט און אָפּגעשלאָסן מיט אַן אייזערנער קראַפט אַ טיפּ, אַ געשטאַלט.

איז, די אַלטע פרוי, וועלכע מיר וועלן אָנרופן די „עפּל־פאַרקויפערין״, האָט צו זיך אַליין גערעדט און זיך אַליין געשאָלטן מיט פינצטערע קללות. ווען אַ קונה פלעגט ענדלעך אַמאָל צוקומען, האָט זי אַרויסגענומען פון פעסל אַן עפּעלע מיט די טרויעריקסטע הענט אין דער וועלט. פּשוט, אירע הענט זיינען געווען קרעציקע.

די פרוי האָט געהאַט אַן איינציקן זון. ער האָט געהייסן וולאַדעק. ער איז געוואָרן אַ געהיים־אַגענט ביי דער עסטרייכישער זשאַנדאַמעריע. איך ווייס נישט גענוי צי ער האָט אויך שפּיאָנירט קעגן אידן. צי ער האָט אָנגעטאָן צרות צו היימישע, קליינשטעטלדיקע הענדלער. אָבער מען האָט אויף אים פיינטלעך געקוקט. איך געדענק זיין שלאַנקע, הויכע פיגור. דאָס טרויעריקע פּנים פון איינעם וואָס טוט אפשר אַלץ אָפּ אויס נויט און אָרעמקייט. איך געדענק זיינע סאַמעטענע גאַליפע־הויזן. די גלאַנציקע שטיוועלעך. מען האָט געשמועסט אַז ער טראָגט אַ רעוואָלווער אין דער הויזן־קעשענע. ער איז געווען פרעמד און אומהיימלעך. אַ שווייגנדיקער

פאַרשוין אין דער דראַמע פון שטעטל. אַן אומסימפּאַטישע בלום אין זומפּ פון אָרעמקייט.

אין דעם דאָזיקן אייביק־טונקעלן חדר איז אויך געווען אַ טאָכטער פון אַ יאָר זיבעצן אָדער אַכטצן. ווי אַזוי זאָל איך פּרובירן שילדערן דאָס דאָזיקע באַשעפעניש אַזוי אַז זי זאָל אַרויסקומען און אַרויסשטראַלן צוריק פון דעם פינצטערן תהום פון צייט מיט יענער צאַרטער און ריינער מיידלשער שיינקייט ווי איך האָב זי דעמאָלט געזען? איך האָב אָפּט מורא פאַרן ליטעראַט, פאַרן שרייבער אין מיר, ווייל ער מאַכט מיר אַ סך מאָל קאַליע מענטשן און סיטואַציעס וואָס איך וויל באַשרייבן אַזוי ווי דאָס לעבן אַליין האָט זיי אָנגעשריבן...

מען האָט זי אין שטעטל גערופן „די משוגענע כלה״. דער דאָזיקער צונאָמען האָט אַוודאי געהאַט זיין זין. די מאַמע האָט די משוגענע כלה אַ סך מאָל געשאָלטן און איר נישט געגעבן צו עסן. זי איז פשוט אויסגע־גאַנגען פון הונגער. דער ברוטאַלער ברודער האָט זי אָפטמאָל געשלאָגן און געקאַטעוועט מיט זיין נאַגייקע. דער גייסט פון איר געהאָנגענעם פאָטער פלעגט קומען צו איר אין די נעכט, ווען זי פלעגט ליגן אַ נאַקעטע אויפן אייזערנעם בעטל, און איר פייניקן די נשמה. שדים פלעגן קנייפּן איר הייס לייב. אין שטעטל פלעגן די היימישע לאַבוזעס איר נאָכוואַרפן שטיינער און זי זידלען. דאָס שטעטל האָט אגב תמיד געמוזט האָבן זיין קרבן. און דאָך האָט גאָט איר אָנגעטאָן אין ווייבלעכער שיינקייט און רייץ. זי האָט געהאַט אַ פּאָר אויגן וואָס האָבן דיך אָנגעקוקט מיט גאָלד און האָבן דיך באַלויכטן און אָנגעטאָן אין גאָלד. זי האָט טאָקע נישט געהאַט וואָס צו עסן, אָבער יוגענט דערנערט זיך אפילו מיט שטויב און מיט לופט. זי איז פון דעם זומפּ אַרויסגעוואַקסן מיט אַ פרישקייט ווי שוואָמען וואַקסן אין וואַלד נאָך אַ רעגן. עס איז באַנאַל זי צו פאַרגלייכן צו ראַפּאַעלס אַ ייִנגע פרוי. אָבער זי האָט פּאָרט באַזעסן די רונדקייט, די ווייכקייט און די גלי־ענדיקע איידלקייט פון אַ ראַפאַעלישע פרוי. זי האָט געהאַט אַ בלייך פּנים ווי קרייד און אַ שלימות׳דיקע פיגור. זי האָט תמיד געטראָגן דאָס אייגענע וואָלענע לייבל, וואָס איז געווען רויט. די בריסטן זיינען רונד און בולט אָפּגעשטאַנען אין זייער פולער רייפקייט און שפּיציקייט. ווייִ טוענדיק דאָס תאווה׳דיקע אויג פונם מאַנספּאַרשוין. זי פלעגט אַרומלויפן אין שטעטל ווי אַ ווילדע מויד. אַן אומרו האָט געשרפה׳ט אין איר לייב. איר ווייבלעך פלייש האָט געהונגערט און געליטן.

אין ראָג פון דער גאַס וווּ מיר האָבן געוווינט, איז געווען אַ קריסטלעכע בוכהאַנדלונג. כ׳בין געשטאַנען פאַרגאַפט ביי דער גערוימער און פילפאַרביקער וויטרינע. איך האָב צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן אָנגעקוקט דאָס פּנים פון דער וועלט־ליטעראַטור. דאָ זיינען געווען אויסגעשטעלט בילדער און ביכער אין פּויליש. איבערזעצונגען פון אייראָפּייאישע מייסטער־נאָווע־

ליסטן. מיט אַן אומפאַרשטענדלעכן הונגער האָב איך אָנגעקוקט דעם מיט פיבער געמאָלענעם פאָרטרעט פון יוליוש סלאָוואַצקי. זיין מרה־שחורה איז מיר אַריין אין האַרצן ווי די שטראַלן פון זון־אונטערגאַנג. איך בין געשטאַנען זייער נאָענט ביים פלאַמיקן פאָרטרעט פון אַדאַם מיצקעוויטש. איך האָב אין זיין פּנים געלייענט די טראַגעדיע פון דער גרויסער פערזענלעכקייט. זיין אידיש בלוט האָט צו מיר גערעדט מיט אַן אומצווייפלהאַפטן, נביא׳ישן לשון. דאָ האָב איך געזען רעפּראָדוקציעס פון די מאָלערס פון רענעסאַנס. איך האָב דאָ אויך ממש אָנגערירט די הערלעכע אידישע געשטאַלטן אין מאוריצי גאָטליב׳ס מאָלערייען, אָנגעטוענע אין קייסערלעכע מלבושים און גאָלדענער פּראַכט.

איינמאָל, בשעת איך בין אַזוי געשטאַנען אַ פאַר׳כישוף׳טער ביי דער פאַנטאַסטישער וויסטאַווע, איז אָנגעלאָפן די „משוגענע כלה". זי האָט זיך איינגעבויגן איבער מיר, האָט מיר אַ קוש געטאָן אין די ליפּן און איז מיט אַ ווילד געלעכטער שנעל אַנטלאָפן.

דער מאָדנער און משוגענער קוש איז געווען דער ערשטער קוש פון אַ פרוי אין מיין לעבן, נישט צו רעכענען די קושן פון דער מאַמען און פון מיינע שוועסטערן. דער אומגעריכטער קוש האָט באַלד געהאַט זיין ווירקונג: איך האָב ליב געקרוגן די „משוגענע כלה". אַ געפיל פון ליבשאַפט און צערטלעכקייט האָט זיך אין מיר אָנגעצונדן פאַרן דאָזיקן נאָך ליבע און פריינטשאפט הונגעריקן מיידל. עס איז מעגלעך אַז זי האָט דעם קוש באַלד פאַרגעסן. אָבער איך בין שוין אַרומגעגאַנגען אַ פאַרליבטער אין איר. דער קוש האָט זיך אין מיר צעבליט און צע׳שרפה׳ט ווי אַ משוגענע בלום.

דער לייענער דערוואַרט דאָך נישט קיין שום האַנדלונג פון מיין זייט. איך בין געווען געגוג נאַאיוו אַרומצוגיין אַן אָפּגעבריטער מיט אַ מיידל׳ס קוש אין האַרצן. אָבער גאַנץ אומבאַהאָלפן עפּעס צו טאָן. די „משוגענע כלה" האָט זיך מער נישט אומגעקוקט אויף מיר. זי האָט פּשוט פאַרגעסן וועמען זי האָט געקושט. אָבער איך האָב פון איצט אָן פאַרזיכטיק נאָכגעפאָלגט אַלע אירע בלאָנדזשענישן און מעשים.

אין שטעטל איז געווען אַ קינאָ־טעאַטער. ביינאַכט פלעגן אַ סך מענטשן שטיין אין דרויסן, אַרום דער געביידע, און שמועסן. די עלעקטרישע לאָמפּן האָבן באַלויכטן אַ גרויס שטיק שטח אַרום. דאָ פלעגט מען זיך אויך אָפּט קריגן, הייס דיספּוטירן און אַרומשפּאַצירן. איינמאָל האָט געטראָפן אַז מיין יינגלערישע ליבע איז דאָ מיאוס באַליידיקט געוואָרן.

עס איז געווען אַ זומערדיקער אָוונט. אין אָפּשיין פון די עלעקטרישע לאָמפּן האָבן אַרומגעקרייזט אַ וועלט מיט אינזעקטן, שמעטערלינגען, כלערליי זשוקלעך און פיצלעך לעבנס. איך בין געשטאַנען אין דער טונקלקייט פון די ביימער, ביי אַ פעלד מיט קאָרן, אַביסל אָפּגערוקט פונם קינאָ־טע־

אַטער. איך האָב צווישן די בוימער דערזען די „משוגענע כלה״. זי איז געשטאַנען אַרומגערינגלט פון אַ גרופּע שקצים. צוויי שקצים האָבן זיך באַזונדערס געטשעפּעט צו איר. זיי האָבן, כדי איר אויפצורייצן, אַריינגעשושקעט אין אירע קליינע אויערן מיאוסע, פּרעכע רייד. זיי האָבן איר מיט זייערע טרייפענע, קעלבאַסיש־פּייכטע ליפּן געקושט איבערן גאָלדענעם פּנים. זיי האָבן איר געצערטלט, געטאַפּט און פּשוט געריסן און געביסן איר לייב. די „משוגענע כלה״ האָט זיך מכלומרשט געווערט און פּראָטעסטירט... אָבער זי האָט זיך פונם פּלאַץ נישט גערירט. זי איז פון די שקצים נישט אַנטלאָפן. דאָ איז געשטאַנען אַ רייפע, צעבליטע פּרוי צווישן אויפגערייצטע און ראַפינירטע מאַנספּאַרשוינען, ווי אַ גאַזעל צווישן ווילדע חיות. די שקצים האָבן געגנוי געוווסט זייער מענלעכע קראַפט און נצחון איבער דער וווּנדערלעך־רייצנדיקער „זשידוווקאַ״, וועמענס לייב זיי האָבן ליב און וועמענס פאָלק זיי האָבן פיינט. זיי האָבן מיט יעדער רגע אַלץ שטאַרקער געוווּנען איבער דער צעמישטער, דערשראָקענער און תאווה׳דיקער „כלה״. ענדלעך האָט זי זיך ווי אַ היפּנאָטיזירטע געלאָזט אַריינפירן אַלץ טיפער אין דעם טונקעלן פעלד מיט הויכן קאָרן. דאָרטן האָבן זיי זי ברוטאַל אומגעשליידערט און אַרויפגעפאַלן אויף איר יינג לייב.

איך האָב די סצענע געגנוי צוגעזען און אָבסערווירט. איך האָב אפילו צוגעוואַרט און געזען ווי פון פעלד קומט אַרויס אַ וויינענדיקע און אַ צעקנייטשטע די „משוגענע כלה״. וויזט אויס אַז די שקצים האָבן זי געשלאָגן אויך. זי איז אַרויסגעקומען אַ פאַרבלוטיקטע, אַ פאַרטרערטע, אַ באַליידיקטע קינד. איך בין געווען באַהערשט מיט אַ מורא׳דיקע אייפערזוכט און אויך מיט רחמנות צום דאָזיקן געטלעכן באַשעפעניש, וואָס האָט זיך געלאָזט אַזוי נידעריק באַהאַנדלען. דורך די נאַכטיקע געסלעך האָט זיך קוים מיט צרות אַהיימגעשלעפּט אַ צעשלאָגענער מענטש...

ווי אַ שאָטן האָב איך איר נאָכגעפאָלגט צוזאַמען מיט דער קילער לבנה, וואָס האָט באַלויכטן איר וועג און האָט ווי געשפּרייט זיידענע ליליעס צו אירע באָרפוסע פיס. זי האָט זיך שטילערהייט אַריינגע׳גנב׳עט אַהיים. אויפן אייזערנעם בעטל איז אַ נאַקעטע אַוועקגעפאַלן אַ באַליידיקטער און אַ צעבראָכענער מענטש. איך האָב אַ גאַנצע נאַכט נישט צוגעטאָן קיין אויג. איך בין געווען באַליידיקט. ליבשאַפט און אייפערזוכט האָבן מיר שלעכטס געטאָן.

די דאָזיקע דערציילונג פון די טעג פון מיין פריע יוגענט וואָלט דאָ געקענט אָפּגעשטעלט ווערן מיט אַ מאַסיוון פונקט. אָבער דאָס לעבן, איך חזר איבער אַ באַקאַנטן טרואיזם, איז רייכער ווי ליטעראַטור און האָט אַזוי אָפט אויך עלעמענטן פון שונד און מעלאָדראַמע.

אין יאָרן אַרום האָב איך געוווינט אין אַנטווערפּן. דאָרטן פלעג איך אָפט גיין מיט חברים ביים האַפן, אין די שמאָלע, מיטלאַלטערלעכע געס־

לעך, ווו באָרדעל און קאַסטשאַל שטייען אַפּט בשכנות און ווו זינדיקע פּרויען פלעגן רופן די שיכור׳ע מאַטראָזן אין זייערע שטיבלעך אַריין. איינמאָל אין אַ נאַכט האָט געטראָפן אַזוינס וואָס קומט פאָר אַמאָל אין אַ שונדישער פּיעסע: גייענדיק אַזוי צווישן די טונקעלע געסלעך און באַטראַכטנדיק די אַנגעשמינקטע פּרויען וואָס האָבן אָנגעבאָטן פאַרגעניגן צו די מענער פון אַלע פעלקער פון דער וועלט, וואָס האָבן דאָ אַרומגעבלאָנדזשעט אין דעם וואַלד פון זינד און תאווה, האָב איך אין איינעם פון די פענצטערלעך פון די „הייזלעך" דערזען אַן אײדל, רונדיק און שטראַלנדיק פּנים. זי האָט מיך אָנגעקוקט מיט יענע מאָדנע אויגן פון דער „משוגענער כלה". אַוודאַי איז עס איצט נישט מער געווען דאָס פּנים וואָס האָט געלויכטן מיטן טוי פון יוגענט, פון מיידלשער פרישקייט באַגילדעט. עס איז שוין געווען אַ פרי־פאַרעלטערט פּנים, צעשלאָגן פון די קלעפּ פון צייט, אָפּגענוצט פון אַ סך מענער. דאָס גאָלד פון יוגענט, די מילכדיק־בלייכע פרישקייט איז געווען אַראָפּגעקושט, אַראָפּגעגריזשעט פון די ליפּן און ציין פון מאַנספּאַר־שוינען. אָבער נאָך אַלץ שיין גענוג אויף צו מאַכן ציטערן הערצער. דאָס דאָזיקע זעלטענע פּנים האָט מיך געמאַכט אויפציטערן און אויפשוידערן מיט אַ שטראָם פון געמישטע געפילן און געדאַנקען. די פּיס זיינען מיר אָנגע־גאָסן געוואָרן מיט בליי. דאָס האַרץ האָט נישט געהאַט קיין אָטעם. עס איז מיר פּשוט נישט גוט געוואָרן. דער דאָזיקער מאָמענט האָט מיר גע־קענט קאָסטן דאָס טייערסטע — מיין לעבן. עס איז געווען אַ קריטישער, אַן אומהיימלעכער מאָמענט.

די „משוגענע כלה" האָט מיך אויך דערקענט און אָנגעקוקט. אַ רגע האָט זיך מיר געדאַכט אַז איר פּנים צעפאַלט און צערינט אין די גרימאַסן פון געוויין. אָט ווערן אירע אויגן פאַרגאָסן מיט אַ שטראָם הייסע טרערן.

איך ווייס נישט וואָס עס וואָלט ווייטער פאָרגעקומען, ווען פּלוצלינג האָבן אַ פּאָר שטאַרקע מאַטראָזישע הענט אַ כאַפּ געטאָן די „משוגענע כלה" און זי אַוועקגעשלײדערט פון פענצטערל. מיינע חברים האָבן מיך מיט געשרייען און געלעכטער אַ שלעפּ געטאָן און געפירט איבער די נאַכטיק־טומלדיקע געסלעך. איך בין ווי אַ בלינדער און אַ פאַר׳כישופ׳טער גע־גאַנגען דורכן תאווה׳דיקן דזשאָנגל. איך בין דורך גהינום׳דיקע אָפּגרונטן געגאַנגען אַ צעשטראַלטער און אַ פאַרבלוטיקטער אין האַרצן. עס האָט עמעץ, דער כוליגאַן פון לעבן, מיט אַ שאַרפן באַגנעט מיך צעשטאָכן. און אַזאַ מורא׳דיק־צעשטאָכענער בין איך געגאַנגען דורך דער וועלט פון נאַכט און זינד.

ווען איך בין אין פערלדיק־אויפשטראַלנדיקן באַגינען אַהיימגעקומען אין מיין דאַך־שטיבעלע, בין איך געווען אַ חורבה פון אַ מענטש. איך בין איצט געווען אַ סך איינזאַמער ווי פריער אין מיין לעבן. אויף מיין לענגלעכן טישל מיטן רויטן טישטוך איז געלעגן אַ גרויסער תנך און עס איז אויך

געשטאַנען דאָס שדל פון אַ מענטש. די ערשט־אויפגייענדיקע זון האָט זיך געצונדן אויפן שטח פונם נאַקעטן שאַרבן, האָט מיט די ערשטע שטראַלן צאַרט און גאָלדיק אַנגערירט זיינע (אָדער אירע) ציין, דאָרטן ווו עס זיינען אַמאָל געווען וואַרעמע, לעבעדיקע ליפּן וואָס האָבן אפשר גע־קושט מיט ליבשאַפט און געוואָרן געקושט מיט ליבשאַפט. די דאָזיקע ליפּן האָבן געשעפּטשעט שטילע און אײדעלע ווערטער... איך האָב זיך שטיל צוגעבויגן צום דאָזיקן טויטן מויל און איך האָב זיי, מיר דאַכט זיך, ווידער געהערט... איך האָב געמישט די זיידענע בלעטער פון תנ״ך און עס זיינען מיר טרויעריק און װוּנדערלעך אַנטקעגן געגאַנגען מיט גאָר זייער שיינקייט און זייער אומעטיקער פּראַכט די באַלזאַמיש־זיסע ווערטער פון שיר השירים. איך האָב געטראַכט: וואָסאַרא גרויסע און שטאַרקע ליבע, אַזוי שטאַרק ווי דער טויט, יענער הערלעכער מחבר פון שיר השירים האָט געמוזט איבער־לעבן, כדי צו זיין אימשטאַנד אַנצושרייבן אין איינער אַ שפּעטער אָוונט־שעה די דאָזיקע שענסטע פון אַלע ליבע־לידער...

איך האָב געלייענט און געלייענט און געלייענט און אָפּגעוואַשן די בלעטלעך פון שיר השירים מיט אַ שטראָם הייסע טרערן.

---

## איך בין אַלט

איך בין אַלט מיט מיין טאַטן.

איך בין אַלט מיט מיין קליינטשיקע מאַמען.

איך בין אַלט מיט מיינע עלטערע ברידער.

איך בין אַלט מיט מיין גאַנצער משפּחה.

איך בין אַלט מיט מיין גרייז־גרויען פאָלק און איינגעהילטס אינם הימל און אין קלייד פון בלוטיקע געשיכטע.

איך בין אַלט מיט די גופים פון אַלע דורות.

איך בין מורא׳דיק אַלט מיט דער גאַנצער ערד.

איך בין אַלט מיט גאָט, מיט די חיות און עופות.

איך בין אַלט מיט די גרויע וואָלקנס און מיטן שוועבנדיקן אוניווערס.

איך בין אומענדלעך אַלט מיט גרויער און אַלטער צייט.

איך בין אַלט מיטן ים פון דער אייביקייט אַליין.

איך בין טרויעריק און פינצטער אַלט מיטן מענטשלעכן טרויער.

איך בין אַלט מיטן וויסטן יאָמער פון מין מענטש אין מיין פלייש.

איך בין אַלט מיט די גרויזאַמע טרערן פון מענטשן ערב זייער טונקעלן שטאַרבן.

איך בין אַלט מיט געליבטע, מיט ווייב, מיט געשלעכט און מיט ליבע.

איך בין אַלט מיט מיינע אייזערנע ביינער וואָס בענקען צו נאַכט און רו און אייביקייט.

איך בין מורא׳דיק אַלט מיט דער געוואַלטיקער עלטער פון אַלע זאַכן אין אוניווערס...

## די תיבה מיט נשמות

אין מיין איצטיקן בוך נעם איך אַריין די בעטלערס און די משוגעים, די מענטשן מיט איינזאַמע נשמות און מיט אָפּגעמעקטע פּנימער, די צע־בראָכענע פּאַסאַזשירן פון גאָר דער טרויעריקער לעבנס־שיף אין גרויסן און פינצטערן ים־שטורעם, און אויך אַלע קרוע־בלועדיקע געשטאַלטן פונם שטעטל, ווייל אויך זיי, פּונקט אַזוי ווי דיינע אייגענע ברידער און שוועס־טער, זיינען לייבלעכע שטיקער לעבנס־גלידער פון דיין אייגן לייב־און־לעבן. וואָרים אַזוי ווי געוואַלטיקע זיילן פון ריינעם און לויכטנדיקן גאָלד זיינען זיי שטיין געבליבן אין דעם שעפערישן זכרון פון דיין סאַמע פריִעסטער קינדהייט אָן. זיי האָבן געשפּילט אַן אומהיימלעכע ראָלע אין דיין לעבן. זיי האָבן באַווירקט און אָנגעצונדן די זיילן מיט פייערן פון דיין שרייבן... מען קען פּאַקטיש נישט שרייבן קיין בוך בלויז וועגן זיך אַליין. וואָרים אַלע יענע כאַראַקטערן, געשטאַלטן, העלדן און טיפּן, וואָס האָבן געלעבט אין דיין שטאָט, אין דיין גאַס, אין דיין צייט און דור, מישן זיך אַריין, שלעפּן זיך מיט און ווילן געפינען אַ טיר, אַ טויער און אַ תיקון אין דיין טונקעלער לעבנסבאַשרייבונג. זיי אַלע ווילן אַריינגיין אין דיין בוך, אויב נישט דווקא דורך דער סאַמע פּאַראַדנער טיר. זיי ווילן זיך אָנוואַרעמען די געפרוירענע הענט ביים פייער און ביים גלי פון דיין לעבן. עס איז זיי, די ווייענדיקע און ציטערנדיקע שאָטנס, מורא׳דיק קאַלט אין דעם איינ־זאַמען און אומגליקלעכן גאָט׳ס דרויסן, אין דער אייזיק־קאַלטער נאַכט פון צייט. זיי בענקען, פּונקט אַזוי ווי דו, נאָך אָנזען און נאָך אייביקייט אין זייער וויסטער שטערבלעכקייט. דו ביסט געצוווּנגען זיי אַריינצונעמען אין דער תיבה פון דיין בוך. דו האָסט זיי געזען, אָנגעקוקט און פאַרנומען זייער יאָמער און זייערע קראַנקע לעבנס. דו האָסט מיט זיי מיטגעלעבט און מיטגעליטן. לאָז זיי נישט שטיין אויף אייביק אין דרויסן, בשעת דער בייזער שטורם פּאַנעוועט ווילד און ער פאַרצערט די גופים און די קנאָכנס פון דורות. פאַרהאַק נישט פאַר זיי די טיר פון דיין לעבנס־באַשרייבונג. זיי אויך געהערן זיך אַריין מיט זייערע וויסטע קעפּ אין דער היים פון דיין ווערק. ביינאַכט, אין דיין שלאָפלאָזיקייט, הערסטו ווי זיי קלאַפּן אָן זייערע יאָמערנדיקע קעפּ ווי שטיינער אין די ווענט פון דיין געוויסן, ווי אין נח׳ס תיבה, און זיי בעטן זיך אַריינצוקומען אינעווייניק... דו קענסט נישט זיין צו זיי אַכזריות׳דיק און זיי לאָזן אומקומען און פאַרגעסן ווערן אין דעם שטורמישן אָפּגרונט פון צייט... נח האָט זיי אויך נישט פאַרלאָזן בשעת׳ן מבול. ער האָט אַפילו די חיות און די ווערם אַריינגענומען אין דער תיבה.

דער אידישער שרייבער געפינט זיך איצט אין נח׳ס ראָלע... אימה׳דיקע און בעטנדיקע הענט פון אידן שטרעקן זיך אויס צו אים פון אַלע זייטן פון זיין צעבראָכענער וועלט־און־היים...

אויסצוזאָגן אַ סוד דעם געשעצטן לייענער: דער מחבר האָט זיך געזעצט צום שרייבטישל מיט דער כוונה אָנצושרייבן אַן אַנדערן בוך ווי ער האָט אָנגעשריבן. אין פּראָצעס פון שרייבן איז דעם שרייבער עפּעס ווי אָפּגעטאָן געוואָרן אַ כישוף. די אַלע אומעטיקע פאַרשוינען האָבן זיך פּראָסט־און־פּשוט אָנגעזעצט אויף מיר און אויף דער פּענע. זיי האָבן, קען מען זיך אויסדריקן, פאַרכאַפּט דאָס בוך. זיי האָבן געפּאַנגען דעם מחבר אין זייער שליטה. איך בין פּשוט געווען געצוווּנגען, בשעת׳ן שרייבן, דעם גרעסטן טייל פונם דאָזיקן בוך צו ווידמען צו זיי, די נשמות און די שאָטנס פון פּוילן.



# אינהאַלט: